ביבליאטעק
פראלעטאר. שע
שרייבער

קאַרל גרינבערג

# רור אין פלאַמען

פאַרלאַג „עמעס“, מאָסקווע 1931

י גרינבערג

# דור אין פלאמען

## ראָמאן פון קאפ-פוטש

יידיש — ש. קאָשעוואָניק

פאַרלאַג „דער עמעס“, מאָסקווע, 1931

דעם אָנדענקען פון די גאָמענלאָזע העלדן פון
דער מילכאָמע אין רור, 1920.

## 1 קאפיטל

די טאָרמאָזן האָבן אַ סקריפּע געטאָן, דער צוג איז ווידער גע בליבן שטיין אין פרייען פעלד.

דאָ און דאָרטן זיינען מיט געוואלט אופגעריסן געוואָרן די אָנ-געקוואָלענע פענצטער. פאַרצאָרנטע פעגימער האָבן אויסגעקוקט די סיבע פונעם אומגעריכטן אָפּשטעל אין פעלד. אַן אוראגאַנ-פייער זידלערייען איז דורכגעלאָפן דורכן גאַנצן צוג.

„וואָס איז דאָרטן ווידער געשען?"

„אַ כאַזעריי!"

„פון עסען אָן איז דאָס שוין די זעקסטע סטאַנציע אין מיטן פעלד, און דאָס הייסט נאָך אַ שנעל-צוג!"

די קאָנדוקטאָרן, וואס האבן זיך געטאָפּטשעט אין שניי, האָבן גלייכגילטיק געקוועטשט מיט די פלייצעס. דער צוג מיט דער מאַשין, וואָס האט שווער געאָטעמט, האט ווידער אויסגעזעען אי-נעם ווינטערדיקן פאַרנאַכט ווי א טויטער. אויסער דעם טאַקט-מעסיקן אָטעמען פונעם לאָקאָמאָטיוו און די געשרייען פון אַ קראָ האט מען נאָר געהערט דאָס טאָפּטשען פון די צעפרוירענע פיס אין די וואַגאָנעס. די הייצונג איז שוין בא דאָרטמונד פאַרפראָרן געוואָרן:

די מענטשן, וואָס זיינען געזאָרן צוזאַמען זעקס שאָ נאָכאנאנד, ניט אויסריידנדיק אַ וואָרט איינער מיטן אנדערן, זיינען, ווי אַלע-מאָל אין אַזעלכע פאַלן, געוואָרן נעענטער צווישן זיך. אין אַ קופּע פון דריטן קלאַס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לעבעדיקע דיסקוסיע.

„עס איז שוין באלד פיר, דער צוג האָט שוין געזאָלט זיין אין דויסבורג, און מיר זיינען נאָך אלץ ביז מילהיים ניט דערפאָרן״ האָט זיך אַ גוט געקליידעטער דיקלעכער הער אָראָפּגערעדט פון האַרצן.

„עס מוז דאָ ווידער ליגן אין וועג אַ קראַנקער לאָקאָמאָטיוו״, האט אים אונטערגעהאלטן זיין שאָכנטע, וועלכע האָט אזוי טיף געהאלטן אריינגעצויגן איר קאָפּ אין פוטערנעם זשאַקעט, אז צווישן דעם אופגעשטעלטן קראַגן און דעם בערעט האָבן זיך גע־זעען נאָר אַ פּאָר בלאָנדע לאָקן, אַ פּאַריסן נעזל און אַ פּאָר טיף בלויע פינקלענדיקע אויגן.

„דאָ ברענט באַ זיי אַ אַקס, דאָ פּלאַצט אַ רער, אמאָל צע־ברעכט זיך א טאָרמאז, אמאָל א ראָד; אלעמאָל ווען איך פאָר — און איך פאָר גאַנץ אָפט — מוז עפּעס פּאַסירן. צוגן, וואָס זאָלן גיין פּינקטלעך, זיינען שוין היינט גאָר ארויס פון דער מאָדע דאָס זיינען די באַרימטע נייע צייטן!״

גלעטנדיק זיינע גרוילעכע הינדענבורג־וואָנצעס, האָט דער דיק לעכער זיך ארומגעקוקט, זוכנדיק צושטימונג. אָבער נאָר זיין שיינע שאָכנטע האט געשמייכלט מיט מיטגעפיל. דער בלאַסער יונגערמאַן אין דעם אָפּגעטראָגענעם מילימער־שינעל, וואָס א געזעסן לעם דער דאַמע, האט פאַרלעגן צוגעהוסט און פון צווייט ווינקל, ווו עס האָבן זיך געטראָגן געדיכטע טאבאק־וואָלקנס, האָט מען דערהערט אַ טיפן ברומען. קיינער האט ניט געפונען דעם פּאַסיקן אויסדרוק און דער דיקער האט דאָס אָנגענומען ווי אַ שטילע האַסקאָמע, ווייל ער האט פאָרגעזעצט מיט דעמזעלביקן טאָן

„דאָ זעט מען ווידער וואָס פאַר אַ צאָרעס האָט אָנגעמאַכט דידאָזיקע רעוואָליוציע. איך וואָלט נאָר וועלן וויסן, ווי לאַנג וועט דער דייטשישער מיכל דולדן אזא באַלעבאטישקייט. אזוי קען דאָך ווייטער ניט גיין״.

„ניין, אזוי קען דאָס בעעמעס ווייטער ניט גיין״, האט זיך דער־הערט אַ ווידערקאָל פון פוטערנעם זשאקעט.

„ניין, מיר שטייען נאָך אלץ אַפן פרייען פעלד״, האט זיך גע־ויצלט דער וואַיאושאַר, וואָס איז געזעסן אנטקעגן.

„אונדזערווירטשאפט ניט נאָר זי שטייט, נאָר זי גייט קעסיי-דער צוריק", האט אונטערגעשטראָכן דער דיקלעכער.

„נו, אויב אזוי לאָמיר שנעל צוריקברענגען אונדזער טייערן ווילהעלם. אויב ער קאָן האַקן האָלץ, קאָן ער אויך געוויס פּאַ-ריכטן לאָקאָמאָטיוון", איז געקומען אַ טיפע שטימע פונעם רויך־וואָלקן אינעם צווייטן ווינקל.

אין דעם טאָן האט זיך געפילט אַ דראָענדיקער ארויסרוף, צו וועלכן דער אנדערער איז ווייזט אויס ניט געווען צוגעגרייט בעייס אלע אין וואגאָן האָבן זיך צעלאַכט, האט ער אומזיסט גע זוכט ווערטער. די יונגע דאַמע, וועלכע האט איצט אָפּגעלייגט דעם פוטערנעם קראַגן, האט געפּרווט מאַכן שאָלעם:

„מאָנאַרכיע אָדער רעפּובליק, וועגן דעם רעדט מען איצטער ניט. די הויפּט-זאַך איז מע זאָל ארבעטן, עס זאָל זיין רו און אָרדענונג, עס זאָל גיין דער האַנדל, עס זאָל זיין ווי עס איז געווען אמאָל".

„יע, יע, די אַלטע גוטע צייט, ווען פוטער האט געקאָסט איין מארק 10", האט זיך יענער, אַ גרייטער צום קאַמף, ארויסגערוקט זיינע פּארטנערן האָבן אים איצט געקאָנט אָנקוקן. די ברייטע אראָפּגעבויגענע אַקסלען, דער איינגעבויגענער קאָפּ, די אויסגע האָרעוועטע שוואַרצע הענט האָבן איידעס געזאָגט וועגן שווערער ארבעט אין די קוילן-גרובן. באַרגארבעטער ווערן פרי אַלט, דער באַרגאַרבעטער האט געקאָנט אַלט זיין פערציק און אויך זעכציק יאָר.

„אן אויסגעפּוצטער קוילן-גרעבער", האט מיט פאַראַכטונג אַ טראַכט געטאָן דער דיקלעכער.

„לאָמיר גאָרניט ריידן קעגן די אַלטע צייטן, אמווייניקסטן האָבן מיר דאַן געהאט וואָס צו עסן",— האָט זיך באַשלאָסן צו באַמערקן דער קליינער וואיאושאר, וועלכער האָט די גאַנצע צייט געבלעטערט אַ פּרייזקוראַנט.

דער ארבעטער האט געלאסן אָנגעשטאָפּט זיין ליולקע פון אַ שמוציק-גרויען לייוונטענעם בייטל.

„די אַלטע צייטן! לאָמיר אָנעמען, אז זיי זיינען געווען אזעלכע

גאָלדענע, ווי אייניקע מענטשן וואָלטן זיי איצט געוואָלט פאַר-שטעלן. וואָס האָט אונדז אָבער געבראַכט צום דאלעס? ברויט-קאַרטן, קוילנקארטן, פעטסקארטן, פאַפיר-געלט, סוראָגאטן און נאָך און נאָך. ווער האָט אונדז געבענטשט מיט דעם אלעמען? די רעפובליק, וואָס שטייט אייך אזוי אין האַלדז, אָדער די באַ-רימטע אַלטע גוטע צייטן?"

„עס איז דאָך געווען אַ מילכאָמע", האט געענטפערט די יונגע דאַמע, אַפטרייבנדיק מיט איר נאָזטיכל די רויכוואָלקן.

„יע, דאָס פאַרגעסט מען זייער לייכט", האט געזאָגט דער בארג-ארבעטער, לאָזנדיק דעם רויך אין אן אנדער זייט.

„פיר יאָר מילכאָמע! און עס זיינען פאראן מענטשן, וואָס רע-כענען, אז מע האט געקענט דעם 9-טן נאָיאבער אָנהויבן דאָרטן, וו מע האט זיך אָפגעשטעלט דעם 4-טן אווגוסט. קיינער וויל ניט וויסן, אז מיר האבן פיר יאר קיין שום נוצלעכע ארבעט ניט געטאָן און נאָר געיאגט דעם גאַנצן „נאציאנאלן הוילשטאנד" דורך די לעכער פון די הארמאטן. זיי וווּנדערן זיך נאך וואס מיר זיינען ארעם, דאלעסדיק געווארן!"

„באקוועמער ווי אַלץ איז צו זידלען די רעוואליוציע און די רעפובליק", האט אריינגעווארפן דער בלאסער יונגער מאן.

„די אייזנבאן", האט פארגעזעצט רויק דער בארגארבעטער, „בעיס דער מילכאמע האט מען ארויסגענומען אלע קופערנע טיילן און פארביטן זיי מיט שטאלענע, ווייל מע האט געדאַרפט קופער צו גראנאטן. פרעגט בא די אייזנבאנער, ווי אפט שטעלן זיך צוליב דעם אפ די צוגן אין וועג!"

„און אין דעם איז אויך די רעפובליק שולדיק", האט געלאַכט דער יונגער רעפובליקאנער.

„אבער אמווייניקסטן די רעוואליוציע! ווען מע וואלט ניט אריינגעשטאכן אַ מעסער אונדזער פראנט אין רוקן, וואלטן מיר ניט געווען געניט אונטערצושרייבן דעם צוואנג-שאלעם. צי ווייסט איר, וויפל לאקאמאטיוון האבן מיר געמוזט אוועקגעבן? און די רעפאַראַציעס? קוילן אליין מוזן מיר יעדער מאנאט אפ-געבן איין מיליאן 600 טויזנט טאן! די הערן פראנצויזן זיינען

גרויסמוטיק! זיי ווילן אונדז פאַרקויפן אונדזערע אַלטע צעבראָ-כענע לאַקאמאָטיוון, סויזנט פינפהונדערט שטיק. אונדזערע איי-גענע לאַקאַמאָטיוון זאָלן מיר קויפן, מיינע הערן! מע האָלט אונדז דייטשן, פעיק צו דעם! און איך זע פאַר, אַז אונדזערע פּירער וועלן אויך דעם ביכן אַראָפּעלינגען"!—האָט גיכטיק געזאָגט דער הער.

דער באַרגאַרבעטער האָט אים איראָניש באַטראַכט פון אויבן ביז אַראָפּ און געענטפערט.

„איך האָב דאָס שוין פריער געהאַט איז זינען און איך האָב דעריבער אין 1914 ניט אַזוי ברייט געעפנט מיין פּיסק, ווי דאָס האָבן געוויסע מענטשן געטאָן — וועגן די אַנוועזנדיקע רייד איך ניט. — אויך אין 1918, ווען באַם בריסק-ליטאָווסקער שאָלעם האָט געזאָלט אַ האַלבע וועלט „באַפרייט" ווערן: פינלאַנד, פּוילן, ליטע, באַלטיק, אוקראַינע, האָב איך צו זיך געזאָגט: „וואָס דו ווילסט ניט מע זאָל דיר טאָן, טו עס ניט דעם צווייטן!" דעם לעצטן בייסן די הינט, — און מיר זיינען געווען די לעצטע, — איך ווייס, איך ווייס, ווייל מע האָט אונדז פון הינטן געפּיקט", האָט ער אָפּ-געהאַלטן דעם הער, וועלכער האָט אים געוואָלט איבעררייסן. „וועגן דעם וועל איך נאָך אויך עפּעס זאָגן. איך ווייס, אַז דער שטאָך מיטן מעסער איז געקומען פון הינטן,—פון די עטאַפּן! ניט געקוקט אַף מיינע 49 יאָר, האָט מען מיך אין לעצטן יאָר גענומען צו גראָבן שוץ-גראָבנס אַפן פראָנט. ווייל מיר האָבן צוליבן הונגער אָנגעהויבן אַ שטרייק. אַפן עטאַפּ פלעגן די הערן אָפיצערן צו-זאַמען מיט זייערע „דאַמען" פאַרשיקערן דאָס, וואָס פלעגט זיין באַשטימט פאַרן פראָנט. און אין לאַנד האָט מען ספּעקולירט און געשמוגלט. איצט איז דיזעלביקע מייסע מיט די אייזנבאַנען: זיי וווּנדערן זיך, פאַרוואָס איז דער וואָגן געבליבן שטיין,—און מאַכן אַנדערע פאַר דעם פאַראַנטוואָרטלעך".

די פּאַסאַזשירן האָבן זיך צוגערוקט נעענטער צום קוילן-גרעבער, וועלכער האָט, ווייזט אויס, איצטער זיך אַף אַן עמעסן צעלאָזן. דעם „בעסערן הער" איז אָבער די דיסקוסיע אומאַנגענעם געוואָרן. ער האָט זיך אומרויִק געדרייט אַף זיין אָרט לעם פענצטער.

„עס זיינען טאַקע פאַרגעקומען", האט ער סאָפּקאָלסאָף געזאָגט מיט אַ שטימע, וואָס האט געציטערט פון אינערלעכן קאעס. „עס זיינען פאָרגעקומען פאַרשיידענע מיסברויכן. מע טאָר דאס אָבער ניט פאַראַלגעמיינערן. יע, וועגן דעם שטאָך מיטן מעסער: איר האט אליין געזאָגט, אז איר האט געשטרייקט בעיים דער מילכאָמע, צי ווייסט איר, וואָס דאס איז אזוינס? — דאָס איז פאָטערלאנד־פאַראַט, מיין ליבער מענטש, און די איינציקע זאַך, וואָס קען מילדער מאכן אייער שולד איז דאס, וואָס מע האט אייך אופגעהעצט! זעט איר", האט ער מיט אַ הויכער טריומפירנדיקער שטימע פאָרגעזעצט, „דידאָזיקע שטרייקן האבן געבראָכן דעם רוקן פונעם פראָנט! אָדער עפשער קאָנט איר שיסן אָן אמוניציע?"

„צי קאָנט איר צוועלף שאָ נאכאנאנד פיקן קוילן, ווען איר קריגט צום פרעסן נאָר ברוקווע מיט מארמעלאד?" האט ארויסגעשאָסן דער בארגארבעטער דעם פאַטריאָט אין פּאָנעם אריין. „יע, זעט איר, מיין ליבער מענטש, דידאָזיקע פראַגע וועט איר ניט קאָנען פאַרענטפערן און די איינציקע זאַך, וואָס קאָן מילדערן אייער שולד איז דאָס, אז איר האט דאָס נאָך קיינמאָל ניט געפרווט. אָדער עפשער", האט דער בארגארבעטער אומדערבארעמדיק פאָרגעזעצט אונטער אַ געלעכטער פון די איבעריקע פּאסאזשירן. „אויב איר האט יע אמאָל געארבעט אין די קוילן־גרובן מוז דאס זיין שוין זייער לאנג, יעדנפאַלס זייט איר ניט שלעכט דורכגעקומען די מילכאָמע!"

די ראָזע אראָפּהענגנדיקע באקן און די פליישיקע געכאָליעטע הענט פון דעם הער האָבן באוויזן, אז ווענן שווערע פיזישע ארבעט האט ער נאָר געהערט. ווייזט אויס, ער האט זיך איצט ארומגעזען, אז ער האט דאָ שוין ניט וואָס צו פאַרלירן, ער האט זיך דעמאָנסטראטיוו אָפּגעדרייט פונעם אָנגרייפער און זיך געווענדעט צו זיין שיינער שאָכנטע. דער צוג האט גראָד אָנגעהויבן לאַנגזאַם זיך צו באוועגן.

„ענדלעך פאָרן מיר ווייטער! אייך צוליב בין איך געפאָרן מיטן דריטן קלאַס. איצט זעט איר, וואס פון דעם קומט ארויס. מיט אייערע אידייען וואָלט איר גערדאַרפט לעבן צווישן די אָנגע־

שטעלטע און ענלעכע צו זיי. הויבט איר נאָר אָן מיט דעמדאָזיקן האמוין, וועט איר גלייך באַקומען געזידלט. זיי זיינען דאָך אַלע ספּאַרטאַקיסטן, און דאָ קען נאָר העלפן...״

כאָטש ער האט גערעדט גאָר שטיל דאָך האט ער ניט געוואַגט צו פאַרענדיקן די לעצטע פראַזע.

„איך האב אן אנדער מיינונג, הער דירעקטער. מיר מוזן זיך אַראָפּלאָזן צו די אַרבעטער, קעדיי צו געווינען זייער נעשאָמע. אָן דעם וועלן מיר קיינמאָל דעם ציל ניט דערגרייכן״, האט גע-ענטפערט די יונגע מיידל און קעדיי צו איבעררייסן דעם שמועס, האט זי זיך געווענדעט צו איר יונגן שאָכן.

צווישן דעם לעצטן און דעם בארגארבעטער האט זיך פאנאנ-דערגעוויקלט אַ נייע דיסקוסיע. דער יונגערמאן האט ענערגיש באַטאָנט, אז איצט מוז מען צוריק אופבויען. און צו דעם מוז מען האבן קוילן, די גרונט-שפּייז פון דער אינדוסטריע.

„נאָר די ארבעט קאָן אונדז נאָך ראטעווען״, האט ער פאטע-טיש אויסגערופן, און אלע פאסאזשירן, אויסער דעם בארגארבע-טער, האבן עס ווארעם אונטערגעכאפּט.

„זעט איר״, האט ער ווייטער מיט היץ פאָרגעזעצט, ווען ער האט באַמערקט דעם איראָנישן שמייכל פון דעם בארגארבעטער. „איך האב דאָ דעם „פאָרווערטס״ פון 19-טן פעווראל 1920. דאָ שרייבט אַ גוטבאַזיצער אַ בריוו וועגן דעם קוילן-מאנגל. ווילט איר, מיינע הערן, אויסהערן?״

„אלס אבאָנענט פון „פאָרווערטס״ האב איך נאר דאס איבער-געלייענט דעם ארטיקל פון ערווין בארט: „די נויט אין ערצ-געבירגע״. די געשילדערטע לאגע איז שרעקלעך. אין נאמען פון די דייטשישע לאנדווירטן ווענד איך זיך צו אייך אין דער לעצטער שא: נוצט אויס אייער גאַנצע ווירקונג אין די מאַס-געבנדיקע קרייזן און זעט, אז די לאנדווירטשאפט זאל קריגן קוילן, קוילן און נאכאמאל קוילן. מיר קאנען ניט דרעשן, דאס ברויט פוילט אין די סטויגן, די מייז פרעסן דאס אויף. עס איז דא גענוג ברויט. מע קאן זיך אָן אייצע געבן מיט דער שווערער לאַגע״.

דער אונטערנעמער און זיין באגלייטערן האבן קוים איינגע-

האַלטן זייער צופרידנקייט. נאר אַ̄ן גערונצלטן שטערן פונעם אַרבעטער האט זיך באַוויזן אַ צארנדיקער קנייטש.

„הם, אזוי גאר... און וואס שרייבט וועגן דעם דער „פארווערטס“?“

„דער אבאנענט שרייבט נאך, אז די לאנדווירטשאפט, דעם טראַנספארט און די קוילן-גרובן דאַרף מען אפהיטן פון שטרייקן, ווייל די שטרייקן רייסן ארונטער די ברויט-פאַרגרייטונג“.

„און דער „פאַרווערטס“ שרייבט וועגן דעם קיין ווארט ניט?“

„וואס זאל ער שרייבן? ווייס איך מיט דעם ניט איינשטימיק? איך מיין, אז דאס איז דאך קלאר ווי דער טאג“.

דער קוילן-גרעבער, ניט געקוקט אף די פרעגנדיקע און צוגלייך אפלאַכנדיקע בליקן פון די ארומיקע, האט זיך געגריבלט אין זיין ליולקע.

„טערקווירדיק איז אבער דאס, וואס איצט אבאנירן שוין די פריצים דעם „פארווערטס“. דאס איז געוויס אַ צייכן פון דער צייט, וואס אונדזער איינער, וועלכער איז פינפונצוואנציק יאר אין דער באוועגונג, קאן שוין מער ניט באנעמען“.

„אבער דאס מאַכט דאך ניט אויס“, האט זיך געכידעשט דער יונגערמאן.

„איך האב אן אַנדער מיינונג וועגן דעם. דידאזיקע פריצים האבן בעיס דער מילכאמע געפירט קעגן דעם ארעמען פאלק אַסאַך אַן ערגערע הונגער-בלאקאדע, ווי די ענגלענדער“.

„דאס איז אַ גראבער ליגן, די יידישע שמוגלער און ספעקוליאנטן זיינען אין אלץ שולדיק, דאס איז דאך אַ באַוווסטע זאַך“. האט זיך ניט איינגעהאלטן דער דירעקטער. אבער ער האט דאס באלד באַדויערט, באַמערקנדיק אין די קאלט-איראנישע אויגן פון זיין קעגנער, אז עס גייט אַ בייסיקער ענטפער.

„זייט אזוי גוט און זאגט מיר, פון וואנען האבן אט די ספעקוליאנטן גענומען לעבנסמיטלען? די, וועלכע די פריצים האבן דאך געדאַרפט אפגעבן? און פארוואס איז דאס ניט צושטעלן קיין לעבנסמיטלען, וועלכע זיינען דאַך פאַר דער מילכאַמע אזוי וויכטיק ווי גראַנאַטן, אויך אַ קאפּעלע מעלוכע-פאַראַט?“

„איך האב אייך דאָך געזאָגט, אַז עס האט ניט קיין זין צו ריידן מיט זיי", האט דער דירעקטער קוועטשנדיק מיט די אַקסלען אַ שעפּטשע געטאָן צו זיין באַגלייטערן און האָט זיך אָפּגעקערט צום פענצטער.

די יונגע דאַמע האט מיט אַ שמייכל אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און האט זיך איבערגעבויגן, קעדיי בעסער צו הערן דעם שמועס.

דער באַרגארבעטער האט זיך ווידער געווענדעט צום יונגן מאַן, וועמעס בלאס און פאַרהונגערט פּאָנעם האט זיך פון אופרעגונג צעפלאַמט.

„דאָס אַלץ באשטייט נאָר אין איין זאַך: ארבעטער, אַרבעט פלייסיק איבערשאָען און האלט ס'מויל! איך פּאָר איצט פון אַ קאָנפערענץ פון די נידער-ריינישע שאַכטן-ראַטן, וואָס איז פאָר-געקומען אין עסען. מיר האָבן זיך דאָרטן אַ האַלבן טאָג באַשעפ-טיקט מיטן רעגירונגס-פאָרשלאָג וועגן איבערשאָען. יעדער וואָך זאָלן מיר צוויי מאָל איבעריקע צוויי האַלבע שיכטן מאַכן".

„איז דאָס אָנגענומען געוואָרן?"

דער באַרגאַרבעטער האט זיך ביטער צעלאַכט: „דער פאַרבאַנד פון די שאַכט-איינגעטימער האט דאס נאַטירלעך גלייך אָנגענומען. דידאָזיקע הערן וועלן דאָך באַקומען נייע פּראָפיטן".

„די באַרגארבעטער וועלן אָבער אויך פאַרדינען מער און וועלן באַקומען מער לעבנסמיטלען", האָט זיך ארייינגעמישט די דאַמע.

„הונדערט פּראָצענט פּאַר די איבערשאָען, דערצו 3125 גראַם ברויט אַ וואָך און אַ פונט כאַזער-שמאַלץ. מיט כאַזער-שמאַלץ כאַפּט מען מייז!" ער האט זיך איראָניש פאַנאַנדערגעלאַכט, אויס-קלאַפּנדיק זיין ליולקע אָן באַנק.

„איך האַלט אָפּער דאס פּאַר גאַנץ ריכטיק, וואס מע ארבעט איבערשאָען. זיבן שאַ ארבעטן, ווען עס פילט זיך אַזאַ מאנגל אין קוילן, האַלט איך, — איר וועט קיין פאַריבל ניט האבן אַף מיין אויסדרוק, — פאַר אַ דירעקטן פאַרברעכן קעגן פאָלק", האט אויס-גערופן דער יונגער מאן מיט איבערצייגונג.

דער באַרגאַרבעטער האט אויסגעגליכן זיין איינגעבויגענע פּלייצע.

„יונגער מאַן, אייער אורטייל באַווייזט, אַז איר האָט גאָר אַ קנאַפּן באַגריף וועגן דעמאָקראַטיע; פּרוּווט נאָר אַמאָל אַרבעטן אין גרוב! האַלב נאַקעט, באַדעקט מיט שווייס, פאַרגאָסן מיט וואַסער, ליגנדיק אויפן בויך, האַלב בלינד פון קוילן-שטויב, בײַ 35 גראַד היץ, בײַם טונקעלן שײַן! נאָר איינמאָל, איין טאָג, און דאַן קומט און זאָגט, צי זײַן שאָ איז צופיל צו אַרבעטן אָדער צו ווייניק".

„יאָ, איך וואָלט דאָס טאַקע טאָן", האָט געענטפערט דער צווייטער מיט אַ געוויסן שטאָלץ. „האַגאַם איך בין ניט פון קיין אַרבעטער, איך בין אַ סטודענט, נאָר איך שרעק מיך ניט פאַר קיין שום אַרבעט. און איך וויל זיך טאַקע באַקענען מיט דער אַרבעט אין שאַכטעס, ווײַל עס פעלט אויס באַרגאַרבעטער. איך פאַרשטיי, אַז דאָס איז ניט קיין קינדער-שפּיל. זומער האָב איך אויך געאַרבעט בײַם שניט. דאָס איז אויך ניט קיין גרינגע זאַך, פון פיר אַ זייגער אינדערפרי ביז אַכט אַ זייגער אין אָוונט צו אַרבעטן אונטער די גליענדיקע זונען-שטראַלן, איר מעגט מיר גלויבן!"

„געזונטערהייט, אין אַ מאָזלדיקער שאָ, הער קאָלעגע!" האָט דער צווייטער איראָניש געענטפערט, באַטראַכטנדיק די שוואַכע פיגור פון דעם באָכער. „איך וואָלט געוועזן נייגעריק צו וויסן, ווי וועט איר דאָס אָנהויבן?"

דער סטודענט האָט די איראָניע פאַרבײַ געלאָזן און געזאָגט:

„איך האָב געוואָלט פאָרן ביז דויסבורג, דאָרט איז פאַראַן אַ סאַך שאַכטעס. קיין באַשטימטן אָרט האָב איך נאָך ניט, נאָר אויב איר זייט אַ מיטגליד פון אַ שאַכטע-ראַט — מײַן פאַמיליע איז זוקראָוו, סטודענט-כימיק, — עפּשער קאָנט איר מיט אייער דערפאַרונג, אַ גוטע אייצע"...

דער אַרבעטער האָט זיך ברייט פאַנאַנדערגעלאַכט. „רוקערס"... — האָט ער זיך פאַרגעשטעלט. „מיט אַ גוטער אייצע איז אַלעמאָל אַזוי: אַ קלוגער דאַרף זי ניט, אַ נאַר פאָלגט זי ניט. איך וואָלט אײַך געקאָנט געבן נאָר איין אייצע: קערט זיך אום, וואָס גיכער, צוריק אַהיים צו אייערע ביכער. פון מײַנעטוועגן קאָנט איר אויך

פאָרן אין דאָרף. נאָר לאָזט איבער די ארבעט אין די שאַכטעס פאַר די שאַכטיאָרן. איר וועט זיך דאָ פאַרשטעכן די פינגער".

„וועל איך שוין מיין וועג אַליין געפינען", האט געענטפערט דער באָכער בארויגעז. „איך האלט, אַז פּרובירן איז בעסער, ווי שטודירן".

„איר זייט טאַקע גערעכט", האט זיך אָפּגערופן דער שאַכטיאָר. ער האט שוין אביסל כאראָטע געהאט אף זיינע שאַרפע ווערטער. „אָבער אזוי איינפאך, ווי איר מיינט, איז דאָס ניט. איר זאָלט זיך נאָר ניט איינשמועסן, אַז מע וואַרט אף אייך. אָבער אויב איר ווילט דורכויס פּרובירן, קאָנט איר דאס טאָן בא אונדז אין סוועטרופּ. איך פאָר ביז אָבערהאוזען".

ערנסט זוקראָווס האָפענונגפולע פּערספּעקטיוון זיינען פּלוצלינג דורכגעריסן געוואָרן. ער איז דאָך געווען אַזוי זיכער, אַז ער וועט גלייך קאָנען אָנהויבן צו לערנען זיך פאַר אַ קוילנהאַקער! וואס וועט איצט זיין, אויב דער דערפאַרענער שאכטיאָר איז גערעכט? זיין געלט וועט אים ניט קלעקן אפילע אף אַ באַן-בילעט אף צוריק.

„אין דער גאַנצער פּרעסע האט מען דאָך געשריבן וועגן דעם, אַז מע וועט צונעמען צו דער ארבעט נייע הונדערט טויזנט בארג-אַרבעטער. די רעגירונג האט שוין אפילע באטראכט די פראַגע וועגן בויען נייע אַרבעטער-קאָלאָניעס. עס קאָן דאָך ניט זיין, אַז דאס זאָל זיין אַ שווינדל", האט ער זיך אָפּגערופן שוין ניט אַזוי זיכער.

דער אַרבעטער האָט אַ קוועטש געטאָן מיט די אַקסלען: „פּאַפּיר איז געדולדיק, מיר האָבן נאָך גאָרניט געהערט וועגן אָנשטעלן נייע ארבעטער".

דער יונגער מאַן האָט אים אָנגעהויבן צו אינטערעסירן. די אַלע, וואָס האָבן אַזוי ליב די פראַזע: „נאָר די אַרבעט קאָן אונדז ראַטעווען", באַמיען זיך קוידעמקאָל ראַטעווען זיך אליין פון אַרבעט, אָט ווי יענער אויסגעפּאַשעטער בורזשוי באַם פענצטער. אָבער דער יונגער מענטש מיינט די זאַך אופריכטיק. ער האָט אים אָנגעהויבן גאַנץ פאָרזיכטיק אויספרעגן און באַלד האָט

זיך באַשטעטיקט זיין האַשאַרע. ניט אזוי די איבערצייגונגען האָבן געטריבן דעם יונגן מאַן, ווי די נויט. אַ פרייוויליקער אַף דער מילכאָמע, אַ קאַנדידאַט פאַר אַן אָפיצער, שפּעטער אַ נאַיאַבער-סאָציאַליסט און אַ הונגעריקער סטודענט—פּונקט ווי טויזנטער נאָך אַנדערע האָבן דאָס דורכגעמאַכט. הינטער זיין רעפּובליקאַנישער באַגייסטערונג האָט זיך קוים באַהאַלטן די נויט פון אַ פאַראָרעמטער קלייַנבירגערלעכער פאַמיליע, וואָס האָט שוין מער קיין מיטלען ניט אַף אויסצוהאַלטן איר עלטסטן אין אוניווערסיטעט. יעדנפאַלס האָט ער, ווייזט אויס, עפּעס יע געלייענט וועגן סאָציאַליזם. דער פאַקט, וואָס אין לעצטן מילכאָמע-יאָר איז ער פאַרפאָרן אין באַק דעם שעף, וואָס האָט אים באַליידיקט, דעגראַדירט געוואָרן און ביטנאַי פאַרמישפּעט געוואָרן אַף 8 יאָר פעסטונג,—דאָס האָט געוויס שטאַרק מיטגעווירקט צו זיין געדאַנקען-איבערקערעניש.

„אַ פרייער וועג פאַר יעדן פעיקן אין דער נייער פאָלק-רעפּובליק", אַט דער לאָזונג האָט אים באַגייסטערט און האָט אים סאָפּקאָלסאָף געשטויסן אריינצוטרעטן אין דער אָרגאַניזאַציע פון די פרייוויליקע, וואָס האָט געקעמפט קעגן די ספּאַרטאַקיסטן. „דער וואָס האָט באַ דערדאָזיקער סיטואַציע זיך געקליגלט און געלאָזן זיך אַף אייגענע וועגן ווי דידאָזיקע ליבקנעכט און ליוקסעמבורג, דעם האָט מען געמוזט מיט געווער ברייִנגען צום סייכל".

די ווייסטע מייסים פון דער סאָלדאַטעסקע האָבן באַלד באַ אים ארויסגערופן אַן עקל און ער איז זייער גיך אַוועק פון די פרייוויליקע. ער האט ווייטער זיך געלערנט און געהונגערט, געגעבן פריוואַטע לעקציעס אזוי לאַנג, ביז וואַנען די שווערע באַדינגונגען האָבן אים בייגעקומען. ער איז אָבער ניט געפאלן באַ זיך. ער האָט מיט אַן אייזערנער ענערגיע ווייטער געקעמפט—אַ באַטראַק געווען, אַנגעשטעלטער אין אַ קריגס-געזעלשאַפט און איבער געוואָרן „אַ קאַנדידאַט אַף אַ באַרג-אַרבעטער".

דער יונגער סטודענט האָט דערציילט זיין געשיכטע מיט אַ אונטערקויפנדיקער אופריכטיקייט און מיט אַ געוויסער דאָזע פון

טליע-הומאָר, ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט נאָר וועגן זיינע פערזענלעכע צאָרעס.

אין מילהיים איז דער דיקער הער אָראָפּגעגאנגען.

די דאָמע איז אינגאַנצן געווען פאַרטאָן אין שמועס מיטן סטו־דענט. „ווען אַסאַך זאכן האָב איך גאָר אַן אַנדער מיינונג ווי איר. סאפּקאָלסאָף קאָנען דאָך אלע ניט האָבן אין איבערצייגונג, אָבער די אינטערעסן פונעם פאָטערלאַנד מוזן זיין דער מיטל-פונקט, וו מיר אלע מוזן זיך צונויפגיין".

„עס פרעגט זיך נאָר, וואָס פארשטייט מען אונטערן וואָרט „פאָטערלאַנד", האָט אריינגעוואָרפן דער באַרג-אַרבעטער, וועל־כער איז ניט געווען געוווינט צו שמועסן מיט געבילדעטע דאַמען.

זי האָט זיך אַף אים אפילו ניט ארומגעקוקט.

„פארשטייט איר מיך, איך פאָר אויך אַף ארבעט אין אינדוס־טריע-געביט. עפּעס וועלן געוויסע מענטשן זאָגן, אז איך נוי־טיק זיך ניט אין דעם, ווייל מיין פאָטער איז א פאַבריקאַנט אין האַנאָווער. נאָר רייכקייט פאַרפּליכטעט אויך. מיר ארבעטן אַלע! איך שטודיר אויך כעמיע און וויל דאָ מיינע קענטעענישן פראק־טיש פארברייטערן. ווי איר זעט, אַרבעסן אויך די אָנגעהעריקע פון די אַזוי גערופענע קאפיטאליסטישע קלאסן, וועלכע זיינען לויט געוויסע טעאָריעס נאָר פּאַראזיטן אין דער מענטשלעכער געזעלשאפט. מיין פאָטער, צום ביישפּיל, אַרבעט טעגלעך פון צוועלף ביז זעכצן שאָ, און קיין אַרבעטער וואָלט זיך מיט אים געוויס ניט געוואָלט בייטן!"

דער באַרגאַרבעטער האט מיט פאַראַכטונג פארקרימט די ליפּן, ער האָט זיך אָבער באַהערשט און האָט שטאַרקער אָנגעהויבן צו רויכערן פון דער ליולקע.

אין דרויסן איז געוואָרן אינגאנצן פינצטער. א טונקל גאַז־לעמפּל האָט מיר באלויכטן דאָס קופּע, וואָס האָט זייער האַרמאָ־נירט מיט די פארביילויפנדיקע נאַטור-בילדער. עס פלעגן זיך בייטן די נעמען פון די סטאנציעס, אָבער דאָס בילד איז אַלץ געבליבן דאָמועלביקע: העסלעכע ניט סימעטרישע הייזער-קאזאר־

מעס, פאַרויכערטע שאַכטיאָרישע קאָלאָניעס. ווו ניט ווו פלעגן זיי זיך צונויפלויפן און בילדן כווישעכדיקע גאסן־לעכער און שטעטלעך. אין קאלטן שיין פון די טונקעלע גאסן־לאַמטערנעס האָבן געררויכערט קאָקס־אויוונס און דאָמנעס, האבן ארויסגעשטאַר־טשעט שאַכטן־טורעמס און סקלאַדן. צווישן דעם אַלעמען, ווי פרעמדע קערפערס, האָבן זיך ארויסגעקוקט ציילעמדיקע קירכן־טורעמס.

דער צוג איז דערפאָרן ביז אבערהאוזען. גיזעלא צענק האָט דערלאַנגט דעם יונגן סטודענט די האנט.

„איך בין זייער צופרידן, וואָס איך האָב זיך באקאנט מיט אייך. הער זוקראוו. איך ווינש אייך גליק אף אייער נייעם וועג עפשער וועלן מיר זיך אמאָל נאָך ווידער טרעפן".

מיט לייכטע טריט איז זי פאַרשוונדן צווישן רוישיקן אוילאָם. דעם שאכטיאָר, וואָס האט צוגעשמייכלט, האָט זי נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

ניט געקוקט אָף זיינע ביטערע לעבנס־דערפארונגען און אָף זיינע סאָציאליסטישע שטימונגען, איז ערנסט זוקראָוו דאָך נאָך ניט געווען גענוג אויסגעניכטערט. ער האט ניט געקאנט רויק פארבייגיין די לייכטע באגעגעניש. אף אים האבן נאָך געווירקט די ליטעראַטור־מייסעס, וואָס ער האָט געלייענט אין די שול־יאָרן, וועגן דעם אָרעמען, אבער פעיקן יונגן מאַן, וואס האָט דורך פלייסיקע ארבעט און אויסגעהאלטנקייט דערגרייכט די שיינע רייכע פאבריקאנטס טאכטער. גלייך באַס אנהויב פון זיין נייעם לעבן־וועג האט ער געטראפן אזא ראמאן־פרינצעסע: שיין, רייך און גארניט אזוי שטאלץ און גייוועדיק, ווי ער האט זיך פארגעשטעלט יענע מענטשן. ער וואלט זייער גערן געפרעגט איר אדרעס, אבער צו דעם איז ער ניט געווען גענוג דרייסט מע מוז איצטער זיך באוועגן, שטעלן זיך אף די פיס. דער גורל האט אים צוגעשיקט אַ דערפארענעם פירער אין דער פערזאן פון פעטער רוקערס. עס וועט שוין אלץ גוט זיין! דאס לעבן האט אים שוין מער ניט אויסגעזעען אזוי כווישעכדיק און שווער.

## 2. קאפּיטל

ווייטער זיינען זיי געפאָרן מיטן טראַמוויי. איבערזעצנדיק זיך עטלעכע מאָל פון איין טראַמוויי אין צווייטן, זיינען זיי אָפּגעפאָרן קימאַט צוויי שעה. באַ דערדאַזיקער רייזע האָט ער באַקומען אַ באַגריף וועגן דעם גוואַלדיקן פאַרנעם פון דידאָזיקער אינדוסטריע-שטעט. אומעטום רויכערנדיקע קוימענס און דאַמבעס. אופצי-טורעמס מיט סקריפּעדיקע קאַנאַטן, פונקנשפּריצנדיקע שמידערייען. אונטער העל-לייכטנדיקע גלאָז-דעכער קלאַפּן און קייקלען זיך וואַלצן, דונערן האַמערס, שרייט שאַרף און קלינגט די געפּרעסטע שטאָל. אין האַלב-אָפענע גיסערייען דרייען זיך אַרום שוואַרצע ציקלאָפּן מיט שטערן-שפּריצנדיקע גיס-קאַנען.

רעלסעס מיט אומענדלעכע געלאָדענע צוגן שניידן דורך די גאַסן און אין דער לופטן אַף אייזערנע קאַנאַטן שאָקלען זיך קוילן-וואַגאָנעטקעס, וואָס שווימען אַרויס פון ערגעץ, פון דער נאַכט-פינצטערניש און פאַרשווינדן ווידער אין דער פינצטערניש. און ווייטער זיינען זיי געפאָרן איבער שוואַרצע וואַסער-קאַנאַלן, איבער וועלכע עס פינקלען פייערלעך פון איינגעפּראָרענע קוילן-שיפלעך.

מיטן זעלביקן אינטערעס האָט זיך זוקראָוו צוגעקוקט צו די פּאַסאַזשירן, וואָס פלעגן אַריינגיין און אַרויסגיין פון טראַמוויי. וועלכע אייגנאַרטיקע אַרבעטער-טיפּן האָט ער נאָך ניט געזען. מערסטנטייל פּעסטע, האַרטע געשטאַלטן מיט שוואַרצע הענט און פּנימער, פון וועלכע עס לייכטן אַרויס אומהיימלעך די אויגן-ווייסלעך. קימאַט אַלע אין אָפּגעריסענע אַרבעט-קליידער, די צע-קנייטשטע הוט סיף אַראָפּגערוקט איבער די אויגן אָדער דאָס היטל אַף אַ זייט, מיט אַ קאַוועט-קענדל אין האַנט אָדער מיט אַ פּראָוויאַנט-קערבל איבערן אַקסל. קימאַט יעדערער האָט נאָך דער שווערער האָרעוואַניע געראוויכערט אַ קורצע ליולקע אָדער פּאַפּיראָס—די לופט אין וואַגאָן איז דעריבער געווען אַזוי געדיכט, אַז מע וואָלט איר געקענט שניידן. עס האָט זיך געטראָגן אַ רייעך פון מאַכאָרקע, פון שוויס, פון וואַרעמע געקעכטס און פון

אלקאָהאָל. דעם יונגען סטודענט איז אפילע אף דער געשלאָסע-
נער פּלאַטפאָרמע ניט גוט געוואָרן.
די וואגאָנעס זיינען געווען איבערגעפולט און די פּאַסאַזשירן
פלעגן זיך אָנטשעפּן אָן די הענטלעך, פלעגן הענגען אף די
טרעפּלעך, שטיין אף די טאָרמאָזן און אף די קייטלעך.
„א ביילאגע צום זיבנשאָיקן ארבעטס-טאָג", האט רוקערס אי-
ראָניש באמערקט.
ליארעמדיקע שמועסן, גרעסטנטייל אפן רייניש אָדער וועסט-
פאַלישן דיאלעקט, האבן די רייזע ניט געמאכט אנגענעמער. אוי-
סער דעם האָט מען דאָ אויך געהערט די זאַקסישע, שליעזישע
דיאַלעקטן און דעם פוילישן „פסיאקרעוו".
„דאָס איז נאָך גאָרניט" האָט רוקערס דערקלערט, „פאַר דער
קריג האבן מיר אין אסאך שטעט געהאט בא די וואַלן מער פוי-
לישע שטימען ווי אלע איבעריקע פארטייען צוזאַמען. אויסער
דעם זיינען נאָך דאָ ניט קיין וואלבארעכטיקטע אויסלענדער:
רוסן, אוקראינער, סלאָוואַקן, טשעכן, איטאליענער, אַן עמעסער
באָוועל, אפילע אין אמעריקע מוז ניט זיין ערגער. דידאָזיקע
מענטשן ווערן אהער פאַרנארט דורך די אגענטן פון די אונטער-
נעמער, וועלכע זאָגן זיי צו הויכע לוינען. ניט נאָר זיי אַרבעטן
ביליקער, נאָר עס איז זיי אויך שווער אריינצוקריגן אין אַן
אָרגאניזאציע. בא יעדן קאַמף זיינען זיי פאַר אונדז א שווערע
לאַסט".
„אָבער איצט האָבן מיר דאָך טאַריפן", האָט זיך אָפּגערופן
זוקראָוו.
„אָט דאָס איז דאס טאקע", האָט געענטפערט רוקערס, „די
אויסלענדער און די ארבעטער פון די אנדערע פראָווינצן יאָגן זיך
טאקע נאָך די „הויכע טאַריפן". איר וועט אָבער נאָך זען ווי
טייער דאָס לעבן איז דאָ. פאַר אונדזער איינעם קלעקם קוים.
אָבער אזא פוילישער קאמעראד קלייבט קימאט אלעמאָל געלט.
קיין סאַך דאַרפן זיי ניט. איבערשפּאָרן קאָנען זיי מאכן וויפל עס
קריכט נאָר אריין. א שטיקל טרוקן ברויט און א פלאש קאווע אף
א גאנצן טאָג, אף אָוונט-ברויט קאַרטאָפל מיט גריוועס אָדער

מיט ליינייל, אָדער אויב שוין גאָר יאָנטעוודיק, א הערינג, צודעם נאָך אַ שלונג סיוווכע און דעם ערגסטן סאָרט מאַכאָרקע—מער דאַרפן זיי ניט. דירע-געלט צאָלן זיי אויך ניט קיין סאַך, קימאט יעדע פוילישע פאַמיליע האָט אימיצן אַף קעסט. אַפטמאָל קריכט אריין דער, וואס קומט פון נאַכט-ארבעט, אין בעט, וואָס האט אָנגעווארעמט דער, וואס גייט אוועק אַף טאָג-ארבעט".

אין זוקראַווס האַרץ האָבן געקעמפט צוויי קעגנזייטיקע געפילן. פון איין זייט איז ער צופרידן געווען, וואָס ער ווערט אַן אקטיווער גליד אין דערדאָזיקער שמידערײַ פון דייטשישער ארבעט,—פון דער צווייטער זייט, האָט אים געקלעמט אין האַרצן, וואָס אים וועט אויסקומען צו לעבן אין דערדאָזיקער סוויווע, מיט דידאָזיקע אומקולטורעלע מענטשן.

דערדאזיקער געפיל האָט נאָך מער געשטיגן, ווען זיי זיינען אָנגעקומען צו דער בארג-ארבעטער-קאָלאָניע, וואָס האָט זיך געפונען בײַ דער שאכטע „האסדרובאל 1", ווו פעטער רוקערס האָט געוווינט. פון ביידע זייטן גאַס האָבן זיך געצוינן נידעריקע ניט קיין געטינקעוועטע הייזלעך, פון דער לינקער זייט צוויי פענצטער, פון דער רעכטער צוויי פענצטער, אינמיטן אַ שמאָלע טיר, פון אויבן א קוימען, פון הינטן אַ שטאָל אָדער אַ שפייכלער. יעדעס הויז איז געווען פרימיטיוו ענלעך צום אַנדערן און האָט זיך אונטערשיידט נאָר מיט די נומערן.

די פרוי רוקערס איז געווען פאַרכידעשט, דערזעענדיק דעם מאַן מיט אַ גאַסט. פאָרפילנדיק דאָס, האָט זיך זוקראָוו געוואָלט אריינקלייבן אין אַ ביליקן גאסט-הויז. אָבער רוקערס האָט עס ניט דערלאָזן: „מיין אַלטע איז צו דעם געוווינט", פונקט אַזוי האָט אים רוקערס געענטפערט, ווען ער האט זיך געוואלט אָפּזאָגן פון אָוונט-ברויט: „ווען עס וועט ניט סטייען, וועלן מיר עסן נאָך צו שטיקל ברויט", און האָט פאַנאַנדערגעטיילט זיין אָוונט-ברויט—זופּ מיט ווייסע בעבלעך—אַף צוויי גלייכע כאַלאָקים.

„איך וועל אייך נאָך באַלד ברייננגען אַ פּאָר וואָרעמע פּאַנטאָפל", האט געזאגט פרוי רוקערס און איז אוועק אין צווייטן

קאמער, קעדיי מיט דער הילף פון איר צוואַנציקיאָריקער טאָכ-טער צוגרייטן אַ נאַכטלעגער.

בעיס זיי האָבן געגעסן איז געקומען אַהיים דער זיבעצניאָרי-קער האנעס, אַ הויכער בלאַסער באָכער.

„די פאַרזאַמלונג פון דער יוגנט האָט זיך שוין געענדיקט?" האָט געפרעגט דער פאָטער, ניט איבערייסנדיק דאָס עסן.

„דער רעפערענט האָט אונדז ווידער אָפגענארט. דעריבער האָבן מיר נאָכן באַטראַכטן די אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן וועג דעם מאַרש-יאָנטעוו געשלאָסן די פאַרזאַמלונג", האָט געענטפערט האנעס.

„דאָס איז אייער גאַנצע פאַמיליע?" האט געפרעגט זוקראוו.

„האנעס איז אונדזער יינגסטער". האט געזאָגט רוקערס, אָפ-ווישנדיק זיך די ליפּן. „ער לערנט זיך פאר אַ דרוקער. איך האב ניט געוואָלט ער זאל זיין אַזאַ באַרג-שקלאַף ווי זיין פאָטער. די עלטערע מערי האָט איר דאָך שוין געזען. זי איז א פאר-קויפערן אין אַ שוך-געשעפט. צוויי זיינען געשטאָרבן קליינער-הייט. דער עלטערער אָבער..."

זוקראוו האָט א קוק געטאָן אין דער ריכטונג, וווהין רוקערס האט אים געוויזן, און ער איז דערציטערט געוואָרן. דאָס, וואָס ער האט דארטן אפן פאטעל אָנגענומען פאר אַ בינטל קליידער, האט זיך איצט באַוועגט, און ס'האט זיך דערהערט אַ גערויש, ווי פון אַ ווענטיליאַטער.

„דערשרעקט זיך ניט, דאָס איז מיין עלטערער, לודוויק. אָדער ריכטיקער געזאָגט דאָס, וואס פון אים איז געבליבן", האט גע-זאגט רוקערס מיט אַ געדריקטן קאָל און האָט אופגעהויבן דעם גרינעם אַבאַזשור. דער שיין איז געפאלן אף רעשטלעך פון אַ מענטשן אָן פיס מיט אַ שרעקלעך צעפּאַטעוועטן פּאָנים.

„אַ האנט-גראנאט", האט געזאגט רוקערס. „זעען קאָן ער בלויז אף איין אויג, אף דער לינקער האַנט פעלן דריי פינגער און אוי-סער דעם האָבן אים די גיפטיקע גאַזן צעפרעסן די לונגען און די שטים-בענדער".

„שוין בעסער שטארבן“, האָט א שעפּטשע געטאָן דער יונגער מאַן אַ דערציטערטער.

ער האָט געפונען פּאר טאַקטישער געבן דעם שמועס אַן אַנ-דער ריכטונג. אַ געלעגנהייט דערצו האט אים געגעבן די ביכער-פּאָליצע איבערן דיוואַן. אויסער מאַרקס, ענגעלס, לאַסאַל, בעבעל זיינען דאָרטן געשטאנען היינע, פּרייליגראט, הערוועג, געטעס „פאוסט“, בעלאמיס „אין הונדערט יאָר ארום“, לידער פון קלארא מילער-יאנקע און היינריך קעמפּכען, ליבקנעכטס „פּארטיידיקונג פארן קריגס-געריכט“, אַ טעכנישער לעקסיקאָן, אויך ראָמאנען פון ערנסט, נעקסע, פּיביך א. א.

„מיינע גוטע פריינט פון אַמאָליקע יאָרן, אָבער איצטער האָט מען קוים צייט נאָך דער ארבעט אַ צייטונג איבערצולייענען איצט באַזאָרגן שוין דער זאָט מיט דער מיידל די ליטעראטור“, האָט געזאגט רוקערס.

„איך זע דאָ אייניקע זאַכן, וואָס אינטערעסירן מיך. ווען איך וועל זיך דאָ איינאָרדענען, וועל איך בעטן אייניקע זאכן צום לייענען. מיין ביכער-קאַסטן וועל איך קריגן שפּעטער“, האָט גע-זאָגט זוקראָוו.

„איר האָט אַסאַך גוטע ביכער?“ האָט געפרעגט האנעס אַ פאַרינטערעסירטער.

„מערער וויפל איר וואָלט געקאָנט אויסלייענען אין אַ פערטל יאָר“, האָט געענטפערט דער יונגער סטודענט מיט אַ געוויסן שטאָלץ. אין בערלין פלעגט ער קיינמאָל ניט דורכגיין פארביי אַ ביכער-ביידל ניט דורכריענדיק אַלע ביכער און אָפטמאָל איבער-לאָזן דאָרטן זיינע לעצטע פּאָר גראָשן.

„הערסט, מערי, דאָס איז דאָך גאָר ניט שלעכט“, האָט מיט היספּיילעס אויסגערופן דער באָכער.

„איר לייענט אויך אזאך?“ האָט זיך געווענדעט זוקראוו צו דער שוועסטער, וועלכע האָט זיך גענומען צירעווען זאָכן.

די יונגע מיידל האָט אופגעהויבן אירע אויגן.

„ווען איך קום אין אָוונט אַכט אַזייגער אַהיים, וואַרט אַף מיר דאָס, ווענן דעם באמיט זיך שוין האנעס“, האָט געזאָגט די

מײדל, אַנװײזנדיק מיט אַ שמײכל אױף די זאָקן. „העכסטנס קאָן איך אַמאָל זונטיק נאָך מיטאָג אַביסל לײענען".

„זײט איר באַקאַנט מיט בעבעלס „פֿרױ און סאָציאַליזם"?

„איך האָב דאָס אַמאָל אָנגעהױבן צו לײענען. איך האָב אָבער געמוזט דעם בוך אָפּגעבן, ניט ענדיקנדיק. פֿון דאַן אָן איז דאָס אָבער שװער צו קריגן", האָט זי געענטפֿערט.

„װעל איך אײַך דאָס גלײַך לײַען", האָט זיך געכאַפּט זוקראַװ.

פֿרױ רוקערס האָט אַרײַנגעטראָגן קאַװע, און בײַ דעם הײסן געטראַנק האָט זיך די גאַנצע פֿאַמיליע באַראָטן װעגן דעם װײַטערדיקן גורל פֿון דעם גאַסט. גערן האָט דער יונגער מאַן אָנגענומען דעם פֿאָרשלאַג צו װױנען בײַ זײ, ביז װאַנען ער װעט קריגן אַרבעט. ער איז געװען צופֿרידן, װאָס ער האָט געטראָפֿן אַזעלכע גאַסטפֿרײַנטלעכע מענטשן. דאָ האָט ער די ערשטע באַזע, פֿון װאַנען ער קאָן אָנהױבן די סאָציאַלע אונטערזוכונג, װאָס ער האָט זיך געקליבן מאַכן.

איבער דער ביכער-פּאָליצע איז געהאַנגען װילהעלם ליבקנעכטס אַ בילד מיט אַ גאָל-געװאָרענער אױפֿשריפֿט:

„מיר װילן שלאָם, פֿרײַהײט און רעכט,
אַז קײנער קײנעמס זאָל ניט זײַן קײן קנעכט,
די אַרבעט זאָל אַ פֿליכט פֿון מענטשן זײַן,
און קײנער זאָל אָן ברױט ניט זײַן".

„שױן אין דער צײַט פֿון דעם געזעץ קעגן די סאָציאַליסטן בין איך געװען אין דער פּאַרטײ", האָט דער באַלעבאָס געזאָגט מיט שטאָלץ. איצט איז ער ראַדיקאַלער, „אומאָפּהענגיקער", געלײענט די דיסעלדאָרפֿער „פֿרײַהײט" און געזידלט די מערהײט-סאָציאַליסטן, די רעפּובליק און די רעגירונג.

זוקראַװ האָט זיך געהיט מיט אים צו שפּאַרן זיך, װײַל ער האָט גוט געדײנקט, װי דער אַלטער האָט אין װאַגאָן אַזױ לײַכט אַרײַנגעזעצט אין קלאָאַש דעם דירעקטער.

ער האָט אַרופֿגעבראַכט דעם שמועס װידער אױף שײנע ליטעראַטור. דאָ האָבן זיך אָבער באַטײליקט נאָר די יונגע. די אַלטע האָט זיך צוגעהערט צום שמועס, לײגנדיק אַ לאַטע אױף איר מאַנס

הויזן, דער פּאַטער רוקערס האָט זיך פּאַרטיפט אין זיין צייטונג, האַלטנדיק אין מויל ניט קיין אָנגעצונדענע ליולקע, ווייל צוליב דעם קאַליקן האָט מען אין צימער ניט געדאַרפט רויכערן. דער לעצטער האָט דורך זיין סאָפּן געגעבן צו וויסן, אַז ער פאַרשטייט יעדן וואָרט.

אין דרויסן האָט דער ווינט געוואָרפן האַרטע שניי־שטיקער אין די שויבן. צען אזייגער איז מען געגאַנגען שלאָפן. דאָ בײַ די באַרג־אַרבעטער האָט זיך דער טאָג אָנגעהויבן 5 אזייגער אינ־דערפרי.

פאָלגנדיק רוקערסן איז זוקראָוו גלייך פאַרטאָג אַרויס אין שטעטל, קעדיי צו באַקוקן די סוועטערופער זאַוואָדן. דער אַלטער האָט צוגעזאָגט אונטערצוהאַלטן זיין „קוילן־קאָנדיראַטור".

דער שניי, וואָס איז אָנגעפאַלן איבער נאַכט, האָט פאַרפוצט די פאַרויכערטע הייזער און די זאַוואָד־געביידעס, זיי האָבן אַבילע אויסגעזען קימאַט מאַלעריש. א געוויסע צייט האָט זיך דער יונגער מאַן צוגעקוקט צו דער שאַכטע „האַסדרובאַל", צו די ווינדעס און קוילן־וואַגאָנעטקעס, וואָס זיינען געפלויגן צום קאָקס־זאַוואָד.

סאָפּקאָלסאָף האָט ער זיך באַשלאָסן פרעגן בײַ דעם טויער־וועכטער וועגן אַרבעט. דער לעצטער האָט אים אָפּגעשיקט אין אַ באַראַק, וואָס האָט געהאַט אַן אויפשריפט: „אַרבעטער־אויפנעם". אַף אַ שוואַרצן טאָוול מיט אַן אויפשריפט: „עס ווערן אָנ־גענומען" איז געהאַנגען אַ צעטל:

קיין אַרבעטער נעמט מען מער ניט אָן!

דעמזעלבן צעטל האָט ער געפונען אויך אַף אַנדערע שאַכטעס און זאַוואָדן. די צינק־ראַפינעריע, דער בלעך־וואַלק־זאַוואָד, דער שטאָל־זאַוואָד פלאַשנער, די כעמישע פאַבריק קאַלטנבאָרן און אַפלער, די שאַכטע „בעאַטע"—קיינער האָט איצטער ניט געדאַרפט האָבן קיין אַרבעטער.

בײַ דעם אייזן־זאַוואָד פון דעם „באַרג־און דאָמנע־געזעלשאַפט פון דער דייטשישער ערד" האָט ער זיך דערוווּסט, אַז אינדער־פרי האָט מען צוגענומען פאַרן שטאַל־זאַוואָד 20 טראַנספּאָרט

ארבעטער. אין דער קאנטאָר פון דער שאכטע „בעאטע” האט מען געקוועטשט מיט די פלייצעס. יע, ווען ער וואָלט געווען א קוילן-האקער, אָדער ווייניקסטנס אַ טעסלער. „זיך לערנען פאר אַ קוילן-האקער? מיט דעם קאָנען מיר זיך איצט ניט פארנעמען!”

הייסט דאס, אז רוקערס איז געווען גערעכט. צווישן דעם, וואָס די צייטונגען האָבן פראָפּאגאנדירט, לויט דער אנווייזונג פון דער רעגירונג, און דערווירקלעכקייט איז געווען א גרויסער כילעק. זיין איינציקע האָפנונג איז געבליבן דער אלטער, עפּשער וועט זיך יענעם איינגעבן דורך זיינע פארבינדונגען עפּעס צו מאַכן.

א נידערגעשלאָגענער האט זיך מיטיק-צייט זוקראָוו אומגעקערט צוריק אין שטעטל. זיינע אילוזיעס זיינען פארשוווּנדן געוואָרן, ווי די בלענדנדיקע ווייסקייט פון שניי, וואס האָט זיך שוין באַוויזן צו באדעקן מיט א דיקן שיכט סאזשע. ער האט איצט דערפילט א געוואַלדיקן הונגער. ביז דריי אזייגער, ווען מע האָט בא די רוקערס געגעסן, איז געווען נאָך לאַנג צו וואַרטן, איז ער אַריין אין א „שפּייז-הויז”. בא ניט קיין גערעקטע שמוציקע טישן זיינען געזעסן ארבעטער און געגעסן. קיינער האט זיך מיט דעם יונגן מאַן אין אָפּגעטראָגענעם מיליטער-שינעל, וואס האט זיך צוגעזעצט צו א פרייען טיש, ניט פאַרינטערעסירט.

סאָפּקאָלסאָף איז ער אליין אוועק צום טאָמבאנק. הינטער וועלכן א דיקער מענטש מיט אַרופגעקאַשערטע אַרבל האט זיך געפּאָרקעט מיט טעלער און לעפעל. זוקראָוו האט געבעטן מע זאָל דערלאנגען עסן.

„האָט איר פליישׁ-און קאַרטאָפל-קארטן?”

זוקראָוו האט קיין קאַרטן ניט געהאט, דעריבער האט ער גענומען א פּאָרציע גרינס, אין וועלכן עס האט זיך געפונען א שטיק געפּעקלטע דיקע כאזער-הויט און האט דערפאַר באצאָלט אנשטאָט 3—4 מאַרק. דאָ איז אים ערשט איינגעפאַלן, אַז ער דאַרף זיך איינמעלדן. ער איז אוועק אין ראַטהויז. האָט דאָרטן דערליידיקט אלע נויטיקע פאָרמאַליטעטן און איז געקומען אהיים קימאט צוזאַמען מיט רוקערסן.

„איך האָב שוין געגעסן”, האט ער זיך אָפּגעזאָגט פון פרוי־

רוקערס פאָרשלאָג זיך זעצן צום טיש. אָבער ער האָט אָן מי-
אופגעגעסן א פולע טעלער ברוקווע.

די פרוי רוקערס האט געלאַכט: „דאָס וואָס איר באַקומט צו
עסן אין די גאַסט-הייזער, האַלט ניט לאַנג".

„נו, ווי געפעלט אייך אונדזער געליבטער סוועטערטרופ באַטאַג?"
האט געפרעגט רוקערס. ער איז געווען גוט געשטימט.

„שרעקלעך פאַרויכערט", האט געענטפערט זוקראַוו, וועלכער
האָט ניט געקאָנט געפינען קיין ריכטיקן אויסדרוק פאַר די גע-
פילן, וואס האָבן אים באַהערשט.

„איר קאָנט רויק זאָגן: אַן עמעסע בלאָטע. איר האָט זיך גע-
וויס געוווּנדערט, ווו קומט אַהין דער שניי".

פרוי רוקערס האָט זיך אַריינגעמישט: „איך בין אויך ניט קיין
היגע. ווען איך בין געקומען אַהער, האָב איך נאָר געטראַכט
וואָס פאַר אַ שוואַרצע לאָך דאָ איז! יאָנטעוו, ווען מע הענגט
אויף ריינע גאַרדין, מוז מען האַלטן די פענצטער פאַרמאַכט, אויב
ניט, ווערן זיי באַלד שוואַרץ".

„וואָס אָנבאַלאַנגט אַרבעט אין די שאַכטעס איז דערוויילע ניט
איבעריק גוט. איך האָב היינט דעם גאַנצן פרימאָרגן געפירט אונ-
טערהאַנדלונגען: אַלס באַפרייטער אַרבעטער-ראַט-מיטגליד האָב
איך גענוג צייט דערצו. אונדזער עלטסטער שטייגער וויל ניט.
איך האָב טעלעפאָנירט אין אַלע אָרומיקע שאַכטעס. איר זאָלט
ניט מיינען, אַז איך וויל דעם איניען פאַרציען, נאָר איר קאָנט
דאָך זיך אַליין נאָכפרעגן".

„איך האָב שוין אויך נאָכגעפרעגט", האָט אביסל פאַרשעמט
באַמערקט זוקראַוו.

„נו, אויב אַזוי ווייסט איר שוין. בײַ אונדז אַרבעטן נאָך רוסי-
שע קריג-געפאַנגענע. די מילכאָמע מיט רוסלאַנד איז שוין גע-
ענדיקט פאַר דריי יאָרן, אָבער מע האַלט נאָך די כעוורע דאָ,
פאַרוואָס, ווייס איך ניט. ווען זיי וועלן אַוועקפאָרן, וועט ווערן
עפּעס פרייער, וועט מען וואַרשיינלעך נעמען אויך צום לערנען
פאַר קוילן-העקער. צו קאָנט איר אָבער אַזוי לאַנג וואַרטן..."

זוקראָוו האָט פאַרשטאַנען, אַז רוקערס האָט געטראָפן וועגן זיינע געלט-שוועריקייטן.

„אין די דאָמנעס קען מען עפּעס קריגן. עס טרעפט אויך אין כעמישן. אויב איר ווילט דערוויילע זיך איינאָרדענען ווי עס איז, גייט מאָרגן אין ארבעט-אַמט און פארשרייבט זיך".

זוקראָוו האָט דערקלערט, אַז ער האָט זיך שוין אליין ארום-געטראָגן מיטן געדאַנק. וועגן דעם צווייטן געדאַנק—וועגן אוועק-פאָרן צוריק,—וואָס איז בײַ אים עטלעכע מאָל ארויסגעשוומען, האָט ער פאַר זיך אַליין ניט געוואָלט מודע זיין. שוין ניט ריידנדיק וועגן דעם באַרג-אַרבעטער, וועלכער האָט נאָך נעכטן דאָס אים געראטן. כוץ דעם האָט ער דאָך נאָך געדאַרפט פאַרדינען אויף אַ בילעט צוריק.

„איך פאַרשטיי ניט, ווי קען מען דאָס פירן אזעלכע קאָמפּאַניעס פאר העכערן די קוילן-פּראָדוקציע. ווען דאָ אַפן אָרט באַמערקט מען דאָס אַפּילע ניט", האָט ער געזאָגט.

„איך וויל אייך עפּעס זאָגן", האָט אָנגעהויבן רוקערס, פויקנדיק מיטן גאָפּל אין טעלער: „דאָס, וואָס די רעגירונג וויל, איז זייער גינסטיק פאַר די באַלעבאַטים פון די שאַכטעס. דידאָזיקע הערן, אַדאַנק דער „סאָציאַליזירונג", וואָס מאַרשירט פון ווייטן" פילן זיך ניט ערגער, אויב ניט בעסער, ווי אין די צייטן פון קייזער. זיי ווילן גאָרניט העכערן די פּראָדוקציע, נאָר זיי ווילן הויבן די פּרייזן. און איר ווייסט דאָך, אַז פאר זאַכן, אין וועלכע עס פילט זיך אַ מאַנגל, קאָן מען נעמען טייערער. אויסער דעם וויל מען פון די קוילן-גרעבער מער אַרויספּאָמפּען. פון דאַנען נעמט זיך דער געשריי וועגן איבערשאָען. הונדערט פּראָצענט מער קריגן מיר פאַר איבערשאָען, אָבער טויזנטער פאַרדינען די קוילן-באַראָנען. פון 1-טן מאַרט וועט דער פּרייז פאַר אַ טאָנע קוילן ווידער געהעכערט ווערן אויף 18 מאַרק... ווען עס וואָלט בעעמעס געגאַנגען נאָר וועגן פאַרגרעסערן די פּראָדוקציע? מיר האָבן וועגן דעם ארייַנגעטראָגן אסאך פּראַקטישע פאָרשלאָגן. בעיס דער מילכאָמע איז דער גאַנצער טעכנישער אַפּאַראַט רויִנירט געוואָרן. מע האָט געהאַלטן אין איין שרייען

עס איז מילכאָמע, מע מוז זיך ווי ניט איז באגיין! איצט האָבן מיר שוין צוויי יאָר שאָלעם, אָבער עס האָט זיך גאָרניט געענ-דערט. מע האָט געקאָנט אויסבויען נייע שאַכטעס, אַסאַך שאַ-כטעס מוז מען פארפעסטיקן! עס פארגרעסערן זיך קעסיידער די אומגליק-פאַלן צוליב די אַראָפּהענגענדיקע שטיינער און שטיקער ערד. די ווענטיליאַציע טויג אָף קאַפּאָרעס. דאָס וואַסער ווערט ניט געגוג ארויסגעפּאָמפּעט. די שטויב פון די קוילן ליגט ער-טערווייז אָף אַ פוס די הויך. יעדער ווײַלע קאָן פאָרקומען אַ ריזיקער קוילן-שטויב אופרייס. און דאַן וועט מען ווידער שריי-ען: די ארבעטער זיינען שולדיק... זיי זיינען ניט פּאָרזיכטיק. פאָריקע וואָך האָט אָף דער שאַכטע „בעאטע" געפּלאַצט דער קא-נאַט פונעם אופצי-קאָרב—דריי טויטע, עלף שווער פארוווּנדעטע, די מאַכט פירט אַן אויספאָרשונג. דאָס דויערט אלע מאָל אזוי לאַנג, ביז עס קומט אַ נייע קאטאַסטראָפע. די עמעסע שולדיקע געפינט מען קיינמאָל ניט. אין דער ווירקלעכקייט איז דאָ נאָר שולדיק די אומבאַגרענעצטע גייציקייט פון די קוילן-באראָנען. פאַר קאפּיטאַלע רעמאָנטן איז ניטאָ קיין געלט. פרעגט זיך, ווו זיינען אהינגעקומען די פעטע פראָפיטן פון די מילכאָמע יאָרן? און דאָס, וואָס זיי פארדינען איצט פון רעפאראציע-קוילן אליין? פון וואַנען נעמט הוגאָ שטינעס געלט אָף קויפן נייע שאַכטעס און זאַוואָדן? אויב ניט פון אונדזער שווייס און בלוט?".

רוקערס, וועלכער איז געווען אַלעמאָל אַ גאַנץ איינגעהאַל-טענער מענטש, איז געוואָרן אלץ מער און מער אופגערעגט. ער האָט געקלאַפּט מיטן פויסט איבערן טיש אזוי, אַז די ליידיקע טעלער זיינען אונטערגעשפרונגען.

„איך פארשטיי נאָר איין זאַך ניט", האָט געזאָגט זוקראָוו, „פארוואָס טוען גאר ניט די פראפאָריינען?".

אַ סאַרקאַסטיש ביטערער שמייכל האט זיך באַוויזן אף רוקערס פּאָנים.

„די פּאָריינען?—געדענקט איר נאָך, וואס איר האט מיר נעכטן געלייענט פון „פאָרווערטס"? דאס איז דאָך אויך געווען ניט מער ווי אַ נידערטרעכטיקע שטימונג-מאַכעריי קעגן אונדז. דיראָזיקע

מענטשן זיינען זייער גוט באקאנט מיט אונדזער לאַגע. די פראַ־פּאַריינישע באַאַמטע זיינען דאָך אלע דורכגעטריבענע ס. פּ. ד.־באָנזן. זייער סאציאַלע פראַגע איז געלייזט מיט דער שוואַרץ־רויט־גאָלדענער רעפּובליק. מיט גוטע שטעלעס זיינען זיי דאָך באַזאָרגט".

„גוט, איר באַקעמפּט די קאַפּיטאליסטן, אבער צו וואס באַקעמפּט איר די רעפּובליק?"

„ווייל דאס איז איין און דיזעלביקע זאַך! די־דאזיקע רעפּובליק איז ניט מער, ווי דער געשעפטפירנדיקער אויספיר־קאמיטעט פון דעם קאַפּיטאליסטישן קלאַס, פּונקט ווי דאס איז פריער געווען ווילהעלמס רעגירונג".

„אָהאָ!" האט אויסגערופן דער סטודענט—גרייט צו פאַרטיידיקן זיינע פּאָזיציעס.

„נו, זייט אזוי גוט, זאגט מיר, מיט וואס האט זיך פאַרבעסערט די לאַגע פון די ארבעטער אין דייטשלאנד. אויסער דער רעגירונג־פארם, פון וואס קיינער ווערט ניט זאַט, האט זיך דאך גארניט געענדערט".

„אבער מיר האבן דאך איצטער דעמאקראטיע מיט פרייהייט און גלייכע וואלרעכט".

רוקערס האט זיך פאנאנדערגעלאכט. „דעמאקראטיע און פרייהייט מיט אַ פערמאנענטן באלאגערונג־צושטאנד! פרייהייט? — און ערנסט דוימיג, פּאול לעווי און טויזנטער אנדערע זיצן כּאַ־דאשימלאַנג פאַרעסטירט אן קיין שום מישפּעט און באשולדיקונג און די מערדער פון ליבקנעכט, ליוקסעמבורג און דאָרענבאך שפּאַצירן ארום פראנק און פריי! גלייכע רעכט? דערצו געהערט אויך די עלעמענטארע רעכט פון ארבעטער — די רעכט צו שטרייקן. פּרוּווט נאָר דאס פאַרווירקלעכן! אין פאַריקן יאָר איז דאָ געווען נאָסקע מיט זיין גווארדיע און ער האט געגעבן לעקציעס די קוילן־גרעבער, ווי אזוי דאַרף מען דאס אַלץ פאַרשטיין. פרעגט זיך דאָ נאָך באַ וועמען איר ווילט וועגן פרילינג 1919. איר וועט הערן פּראכטפולע פאַקטן וועגן אָנגעווענדעטע דעמאָקראַטיע. און איר ווילט, אַז מיר זאָלן זיין באַגייסטערט פאַר אזא מעלוכע?"

„יע, עס פוילן נאָך אסאך זאכן אין דער מעלוכע דענעמארק", האט געענטפערט זוקראָוו. „אבער ניט אין איין טאָג איז אויך רוים אויסגעבויט געוואָרן. עס איז נאָך דאָ אסאך אַלטע מיסט, וואס מע דאַרף באַזייטיקן. דער אָנהויב איז געמאַכט געוואָרן מיט דער מאָנאַרכיע, און אַזוי וועט מען טריט בא טריט..."

„די אַלטע קאַפּיטאַליסטישע אווטאָקראטישע מעלוכע אופבויען", האט רוקערס מיט קאַעס אונטערגעכאַפּט. „מיט דעם סקאנדאליעזן געזעץ וועגן די פאַבריק-ראַטן איז געמאַכט געוואָרן אַן אָנהויב. די האַלבע מייע טויטע, וואס זיי האָבן אין בערלין פאַרן רייכסטאַג אוועקגעלייגט, איז ניט קיין שלעכטער אונטערשריפט אונטער דעם. אונדזערע רעוואָליוציאָנערע דערגרייכונגען שאַפט מען אזוי ארום ביסלעכווייז אָפּ. איצט וואַרפט מען שוין ארויס פון דער אַרבעט אונדזערע פאַרטרויונג-מענטשן. דאָ ניט ווייט אין מערס שטרייקן פון נעכטן אָן די ארבעטער פון דער שאַכטע „ריינ-פרייסן" צוליב אזא פאַל".

זוקראָוו האט געמוזט אין דער שטיל מוידע זיין, אַז ער איז נאָך ווייניקער דערוואַקסן, איידער דער נעכטיקער קעגנער צו רוקערס אַרגומענטן און האָט דעריבער באשלאָסן צו איבעררייסן די דיסקוסיע.

„נו, זאָל שוין קומען אָן אַנדערער, ווער עס וועט אייך בעסער קאָנען דערווייזן. אגעוו האט איר אַ טאָעס, אויב איר מיינט, אז איך בין אַ מערהייט-סאָציאַליסט. איך האָב זיך מיט אַ קיוון ניט אָנגעשלאָסן אָן קיין שום פּאַרטיי, אָבער שיידעמאנס פּאָליטישע ליניע האַלט איך פאַר אַ ריכטיקע, — אזוי לאַנג ביז וואנען מע וועט מיר ניט איבערצייגן, אַז עס איז דאָ אַ בעסערע", האָט ער צוגעגעבן.

„אין דעם, זעט איר, וועט אויך אַסאָך העלפן די פּראַקטישע ארבעט אין די קוילן-גרובן", האט צוגעשמייכלט רוקערס. „פאַר נויט קאָן אויך העלפן אַרבעט אין אַ דאָמנע".

זוקראָוו האט זיך דערפילט באַליידיקט.

„באַ אייך האט אַ ווערט, ווייזט אויס, נאָר די רויע פיזישע קראַפט. פאַרוואָס, רעכנט איר, קאָן ניט אַ אינטעליגענט אויך באַ-

גרייפן די סאָציאַליסטישע פּראָבלעמען? קאַרל מאַרקס איז דאָך אויך ניט געווען קיין דאַמנע-אַרבעטער".

„נעמט ניט פאַר אומגוט, ליבער פריינט", האט אים באַרויקט רוקערס. „פּאַרוואָס קאָן דאס ניט זיין? ווענן דעם זיינען בא אונדז אויך פאַראַן מיינונג-פאַרשיידנהייטן, און די גרויסע צאָל אינטעליגענטן, וואס גייען מיט אונדז, באַווייזן, אז איך בין ניט אינגאַנצן גערעכט. מיין מיינונג איז אָבער, אז אלץ קען מען באַ-גרייפן טעאָרעטיש, נאָר ניט דעם הונגער. איר וואָלט אמאָל באַ-דאַרפט באַגעגענען אין טראַמוויי, ווען איר זייט אין ארבעט-קליידער, אזא מין פיינע דאַמע, ווי די נעכטיקע. איר וואָלט געדאַרפט זען, ווי זי פאַרדרייט די נאָז, רוקט זיך אָפּ פון אייך און פאַרטרייבט אייער שווערן שוויס-גערוך מיט אדעקאָלאָן. אָדער איר וואָלט געדאַרפט אמאָל אונטערהערן, וואס ריידן דידאָזיקע באַגרענעצטע כאמעס וועגן ארבעטער. זעט איר, אזעלכע זאַכן קען מען פון ביכער ניט אויסלערנען. איר אויך ניט!?"

## 3. קאפּיטל

ערנסט זוקראָוו האט זיך אביסל אנדערש פאָרגעשטעלט זיין דעביוט אינעם אינדוסטריע-געביט. פון דער ראָמאנטיש-פּאַטריאָ-טישער פאָרשטעלונג איבער דער קוילן-גרוב-ארבעט, האָט זיך אויסגעלאָזט פּראָזאַישע שוואַרצע ארבעט באַם מארטען-אויוון אין פלאשנערס שטאָל-זאַוואָד. אַכט שאָ נאָכאנאנד אָפּלאָדן קויטיקע וואַגאָנעטקעס מיט שלאַם און שלאק — דאס איז שוין גאָר קיין ספּאָרט ניט.

ס'האט אָן אופהער געשנייט און גערעגנט. אף דורך און דורך איז ער קעסיידער געווען אויסגעווייקט. זיין אַלטער שינעל איז באַדעקט געוואָרן מיט אַ קאָרע פון אייל און אייזן-זשאווער. אונ-טערן רעגן פלעגט די קאָרע צעווייקט ווערן און באַדעקן זיין לייב און אונטערוועש מיט שמוציקע פלעקן און פאַסן, אז אים פלעגט עקלען פון זיך אליין.

זוקראָוון זיינען שוין אזעלכע אומאנגענעמע סיטואציעס געווען באַקאַנט פון דער מילכאָמע. פריער אָבער האט ער געגלויבט, אז

אזוינס איז מעגלעך נאָר דאָרטן, אין פעלד, אין די שוץ-גריבער. איצט איז ער נישט־ימשעם געוואָרן פון דער אנטדעקונג, אז אַסאַך טויזנטער ארבעטער אין די צייטן, ווען עס הערשט אומעטום שקלעס.וועשאַלווע, פאַרבעטען יאָר איין, יאָר אויס בא אַזעלכע באדינגונגען אין האַלטן עס פאַר נאָרמאַל, פונקט ווי עס האַלטן דאס פאַר נאָרמאַל די איינגעוויקלטע אין רעגן-מאנטלען אופ-זעערס. זיי פלעגן זיין העכסט צופרידן, ווען דער אָנטרייבער פלעגט אמאָל אַ געשריי טאָן צו זיי, ווען זיי פלעגן ציטערן פון קעלט און נאסקייט:

„היינגט זיך אויף אַף אַ פינף מינוט צום טריקענען!"

פלעגן זיי זיך אלע אַ לאָז טאָן אונטערן גענעראַטער, קעדיי אַ טריקן טאָן די נאסע שמאַטעס אף דער לייב. קעדיי צו פאַר-היטן זיך פונעם אינזשעניער, פלעגט מען ארויסשטעלן אַ שמירע. פון אזעלכע פלוצלינגדיקע ענדערונגען פון דער טעמפעראטור, פלעגט נאטירלעך הערשן אין דער קאַלאָנע קאַטער, הוסט, רעוו-מאטיזם. די גריפע איז אויך געווען שטאַרק פאַרשפרייט.

קעדיי ניט ארויסצוווייזן פאַר די כאוויירים קיין שוואַכקייט, פלעגט זוקראָוו פאַרשטשימען די ציין. און האגאם ער האט פארבאהאלטן זיין באַרוף, דאָך פלעגט אים ארויסגעבן זיין צרט ריידן, זיין אומגעלומפערטקייט בא דער ארבעט. די כאוויירים האָבן אים געהאַלטן פאַר אַן אויסגעהונגערטן קרעמערל און פלעגן זיך מיט אים אָפטמאָל רייצן.

זוקראָוו איז געווען צופרידן, וואָס זיי זיינען אַף אַ פאַלשן שפור און פלעגט עס ניט אָפלייקענען.

און נאָך פאַר איינעם פלעגט ער זיך היטן ארויסצווייזן זיין שוואַכקייט: פאַר רוקערסן.

וואָלט ניט געווען רוקערס, וואָלט ער שוין אין דריי טעג ארום זיך אָפגעטראָגן. אָבער דערדאָזיקער „ראדיקאלער" טאָר ניט קריגן קיין געלעגנהייט כויועק צו מאַכן פון אינטעליגענטן און איבער-צייגטע רעפובליקאַנער.

ער האט אליין פאַרקאָכט די קאַשע און מוז זי אויסשעפן ביזן דעק. רוקערס האט אים צוגעזאָגט, אז בא דער ערשטער בעסטער

געלעגנהייט וועט ער אים איינאָרדענען אין אַ שאַכטע צו לערנען זיך פאַר אַ קוילנהאקער. אױף דעם האָט ער געוואַרט, ווי אויף אַ טאָג פון אויסלייזונג און צוליב דעם פלעגט ער ניט מיד ווערן צו קומען יעדן אָוונט צו רוקערסן, אפילו ווען ער האָט שוין ניט געוווינט בײַ אים.

גלייך נאָך דעם, ווי ער האָט באַקומען זיין ערשטן לוין, האָט ער זיך איבערגעקליבן אין דאָס אַזוי גערופענע „היים פאַר באַ־כערים״ בײַם זאַוואָד. בלייבן ווייטער בײַ רוקערסן אין זיין ענגער וווינונג איז אים אויסגעקומען טאַקטלאָז. עס איז אים אַנגעוו גע־ווען ניט אָנגענעם צו שלאָפן אין איין קאַמער מיטן קריג־צעשע־דיקטן. זיין שווער כאָרכלען פלעגט אים אָפטמאָל פאַשטעט ניט לאָזן איינשלאָפן.

אין זיין נײַ „היים״ האָבן זיך גלייך אַרויסגעוויזן אַזעלכע אומבאַקוועמלעכקייטן, וועלכע האָבן ווייט איבערגעשטיגן די פריערדיקע. אָט דער „אָקסן־מאַנאַסטיר״ איז געווען אין אַ באַ־ראַק, ווו ס'האָבן זיך געפונען בעייס דער מילכאָמע בעלגישע ציווילע צוואַנג־אַרבעטער. אין קליינע שטייגלעך האָבן דאָ איצט געוווינט צו אַכט אַרבעטער. די קאַמערן מיט זייערע הוילע ברוינע ווענט, מיט זייערע שמאָלע נומערירטע וואַנט־אַלמערלעך, מיט זייערע איינע איבער די אַנדערע אויפגעשטעלטע נאַרעס און דריי־פיסיקע בענקלעך האָבן דערמאָנט אין די סאַרהאָסטע קאַזאַרמעס. צו דעם אַלעמען האָט מען נאָך דיראָזיקע שטייגלעך ניט געקענט באַהייצן. קעדיי צו אַריינקריגן אַביסל וואַרעמקייט אין קאַמער האָט מען געמוזט די גאַנצע צייט האַלטן אָפן די טיר פון קאָרידאָר, ווו ס'האָבן טאָג און נאַכט געפלאַקערט צוויי אייזערנע אויוונס. ניט געקוקט אױף דעם פלעגן די איינוווינער מוירעדיק פרוירן און אַ סאַך פון זיי פלעגן זיך לייגן שלאָפן אין די זאַכן.

דערצו נאָך פלעגן די שכיינים זיינע אַלץ טאָן, קעדיי צו מאַכן דאָס צוזאַמענוווינען וואָס אומאַנגענעמער. אַלע זיינען זיי געווען ניט קיין היגע. זוקראָוו האָט אומזיסט געזוכט וועלכן ניט איז גייסטיקן קאָנטאַקט מיט זיי. זייערע שמועסן, וועלכע פלעגן זיך אָפטמאָל פאַרוואַנדלען אין קריגערייען, פלעגן זיך דערהויפּט

דרייען ארום דער ארבעט, טענץ, מילכאָמע־זיכרוינעס, געשיכטעס מיט פרויען און ניבלפע. אָדער זיי פלעגן שפילן אין קאָרטן.

צו דעם אלעם איז נאָך צוגעקומען איין אומשטאַנד, וואס האט געמאכט זיין לעבן אין דערדאָזיקער „היים" פאַר אַן עמעסן גע־נעם. די קאָמערן ויינען געווען פארשאָטן מיט פליי. ווען ער פלעגט אינדערפרי, זעקס אַ זייגער קומען אין זאַוואָד, פלעגט ער קוי־דעמקאָל אוועקגיין אין אָפטרעט, קעדיי זיך דאָרטן כאָטש וויפל ניט איז באַפרייען פון זיינע פייניקער. ניט געקוקט אף אלע זיינע פאָרזיכט-מיטלען, האט ער פאַרזאָרגט די גאַנצע מישפּאָכע רוקערס מיט אָט די שפרינגנדיקע געזעלן. פרוי רוקערס, וואָס איז געווען די זויבערקייט אליין, האט בעשום אויפן ניט געקענט פאַרשטיין די סיבע דערפון און פלעגט איצט טעגלעך אלק אָפוואַשן מיט ליזאָל-וואסער.

פאַר זוקראָוון איז דאָס געווען באַזונדער פיינלעך, ווייל אין דער איינזאַמקייט פון זיין איצטיקן לעבן האט ער בעשום אויפן ניט געקענט זיך אָפזאָגן פון אריינקומען צו די רוקערס. און ווען ער איז איין אָוונט ניט געקומען, האט אים אף מאָרגן די פרוי רוקערס אופגענומען מיט אַ לייכטן פאָרוורף.

„אונדזער האנעס האט שוין געזאָגט, אַז ערנסט האט שוין געוויס געפונען אַ בעסערע געזעלשאַפט!"

„אַ בעסערע געזעלשאפט? ווו קען מען דאָ אין דעם פאַרוי־כערטן טאָפ געפינען אַ בעסערע געזעלשאַפט?" האט געענטפערט זוקראָוו.

ער האט געטראַכט וועגן די געמיטלעכע אָוונטן, וואס ער האט פאַרבראַכט צוזאַמען מיט האנעסן און מערין, לייענענדיק ביכער אָדער דיסקוסירנדיק. דער פאָטער רוקערס פלעגט גרעסטנטייל זיין פאַרנומען אף פאַרזאמלונגען אָדער זיצונגען. פלעגט מען מיד ווערן פון די דיסקוסיעס, פלעגט ער זיך נעמען צו דער ליוטניע, וואס האנעס האט ניט לאנג געקויפט. זוקראָוו האט פערפעקט געשפילט, האט געהאט אויך אַ נישקאָשעדיקע שטימע און פלעגט זייער צופרידן זיין, ווען מע פלעגט אים בעטן זינגען.

באַזונדער פלעגט אים געפעלן זיין, ווען דאס פלעגט בעטן

מערי. זי האט געהאט טונקל-ברוינע אויגן און גלאנציקע טונקל-ברוינע האָר. מע קאָן אָבער ניט זאָגן, אַז זי איז געווען שיין. צו דעם איז איר געזיכט צו שמאָל, די נאָז צו גרויס. איז דאס עפּעס געווען איר שנעל באַגרייפנדיקער גייסט, אָדער עפּעס איר מעלאָדיש קלינגנדיקער ריין-לאָשן, אָדער עפּעס דערדאָזיקער אייגנאַרטיקער מעלאנכאָלישער שטריך, וואָס שפּיגלט אָפּ בלויז זייער באַרוף אין די אייביק טרויערנדיקע לאנדשאַפט?

זוקראָוו, וואס האט אין האַרצן נאָך אַלץ געטראָגן דעם אידעאַלן געשטאַלט פון דער שיינער פאַבריקאַנטס טאָכטער, האט אומזיסט געפּרוּווט זיך קלאָר מאַכן, פאַרוואס געפעלט זי אים! — — —

נאָכן האט ער אָנגענומען די איינלאַדונג פון זיינע שכנים — ער האט געוואָלט באַקענען זיך מיט דער סוויווע. ער האט זיך אָנגעקוקט וויסטע בילדער אין פאַרשיידענע בירעלעך און שיינקן, ווי מע האט געטרונקען „שאַנאַ“ פון ביר-גלעזער. סאָפקאָלסאָף האט ער זיך ארויסגעדרייט פון דער קאָמפּאַניע. זיינע שכנים, וואס זיינען שפּעטער געקומען אהיים שיכּורע, האבן אים געזידלט מיט די מיעסטע זידל-ווערטער. דאס האט נאָך מער פאַרשטאַרקט זיין ווונטש איבערצובייטן די דירה.

אַן אייגענע וווינונג צו קריגן אין סווערדרופּ איז געווען שווער און זי האט געקאָסט טייער. באַקומענדיק זיין לוין, האט ער מיט אַ זיפץ געמוזט מודיע זיין, אז פאַרלויפיק קאָן ער וועגן דעם איבערהויפּט ניט טראַכטן. 3,50 מאַרק אַ שאַ האט עמעס געקלונגען גרויסאַרטיק, אָבער עס פלעגט צערונען ווערן צווישן די פינגער. נאָכן אראָפּנעמען די אָפּצאָלונגען, דאס דירה-געלט און פאַר קעסט (וואס די זאַוועד-פּראָוואַלטונג פלעגט פאַרהאלטן פאַר אַ וואָך פאָרויס), פלעגט אים בלייבן אַ נישטיקער רעשט אף וועש, אף אַ פּאָר פּאַפּיראָסן און אף עפּעס צו קויפן צום עסן (זיין „היים“-עסן פלעגט מען מוזן דערגאנצן מיט געקויפטן הינטן ארום, לויט ספּעקוליאַטיווע פּרייזן).

מעלאנכאָליש האט ער באַטראַכט זיינע צעשונדענע הענט. ער

האט דרינגענדיק נויטיק געדאַרפט האבן אַ פּאָר לעדערנע האַנט-שיכער. זיינע פאַרוואונדעטע פינגער האבן שוין מער נים געקענט ריכטיק אָנעמען די סטרונעס פון דער ליוטניע. ניט ווייניקער נויטיק זיינען געוועזן אַ פּאָר פעסטע שטיוול. אויך זיין אדבעט-אָנצוג, נים געקוקט אף אַלע לאַטעס, האט זיך ביסלעכווייז אָנ-געהויבן צו פאַנאַנדערפאלן.

ביז איצט האט ער זיין ארבעט נאָך אַלץ באטראַכט ווי אַ מין ספּאָרט, ווי אַ אינטערעסאנטן סאָציאַלן עקספּערימענט, — אָדער ער האט זיך געוואָלט איינשמועסן, אז ער באטראכט זי אַזוי. ער איז דאָך געוועזן אַ סטודענט, האגאם אינקאָגניטאָ, ער איז דאָך געשטאנען גייסטיק און געזעלשאפטלעך איבער דידאָזיקע אומ-שטענדן, וועלכע זיינען דאָך געוועזן ניט מער ווי אַן „איבער-גאנג".

אָבער ווען ער האט אין איין שיינעם פרימאָרגן אַנטדעקט אַ פּאָר גרויסע לעכער אין זיינע יאַנסקעוודיקע שיך און קיין געלט אָף צו פאריכטן איז נים געווען, איז בא אים אַנטשטאנען דאס געפיל, וואָס האט אים אין ערשטן אויגנבליק דערשראָקן, אז ער איז געוואָרן אַ טייל פון דער סוויווע, וואָס האט אים ארומגע-רינגלט. ער האט ניט געהאט די מעגלעכקיים צו שאפן זיך דאָס געלט, סיידן ער זאָל נעמען אַן אוואַנס, ווי די איבעריקע טוען, ער האט אויך ניט געקאָנט מיט אייגענע קרעפטן ארויסקריגן זיך פון דער איצטיקער לאַגע.

דער אינדוסטריעלער געביט, וואָס איז אים פון ערשטן איינ-דרוק געווען אזוי אינטערעסאנט, אפילע ראָמאנטיש, איז אים שוין געקראָכן פון האַלדז, אפילע שוין פאַרהאַסט געוואָרן. ער האָט פיינט געקראָגן די סירענע פון זאַוואָד, וואָס האט מיט איר באַ-פעלערישן רעווען רעגולירט דעם גאַנצן לעבן. און אויב צום אָנ-הויב האָט ער געפונען אַ געוויסן רייץ אין דעם, וואָס ער פלעגט יעדער אינדערפרי אין איין ריי מיט דער טויזנט-קעפּיקער אר-בעטער-ארמיי זיך איילן צו זיין אַרבעט-פלאַץ, וואָס ער פלעגט ווערן יעדן טאָג אַ קליין רעדל אין דער געוואַלטיקער אַרבעט-מאַשין, איז דאָס איצט אויך אוועק.

די גרויסע פּראָוויכערטע שטאָט, מיט אירע מיעסע הייזקעס, מיט אירע הימל-באַהערשנדיקע קוימענס, איבער וועלכע עס זיינען שטענדיק געהאָנגען רויך-פּאָנעס, די שרייענדיקע קולטורלאָזי-קייט—האָט בא אים אַרויסגערופן פּאָשעט אַ פיזישן עקל.

איינמאָל אין אָוונט (עס איז געווען דער דריטער שאבעס זינט ער האט אָנגעהויבן ארבעטן בא פלאָשנערן) האט ער באַמערקט אין אַ קאַמער פונעם „היים" א בוך ליגן: „פייער" פון האנרי באַרביס. און העיויס ער האט דאָ אויסער שונד-ראָמאַנען קיין שום אַנדערע ליטעראַטור ניט געזעען, האט אים דעריבער זייער פּראָינטערעסירט דער אייגנטימער פונעם בוך, וואס איז דערביי געזעסן, פּאַרטיפט אין א צייטונג.

„קאָלעגע, וועסט מיר עפשער באָרגן דעם בוך?" האט ער זיך געווענדעט צום אַרבעטער.

דער געפרעגטער האט אָפּגעוואָרפן צוריק די האָר, וואס זיינען אים געפאַלן אָפן שטערן.

„אויב דו וועסט אים ניט פאַרשמוצן און וועסט קיינעם ניט ווייטער געבן, קאָנסטו נעמען. וואָס לייענסטו נאָך? מיסטאָמע „מילכאָמע און ליבע"?"

זוקראָוו האט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט. „וואָלט מיר דאָן באַרביס גאנץ ווייניק פאַרגעניגן פאַרשאַפן!" און ער האט אָנגעהויבן אויס-צורעכענען וואָסערע ביכער ער האט בא זיך אין קאַסטן, וואס איז נאָך אַלץ געשטאַנען בא רוקערסן אין קאַמער. דער צווייטער האט אופגעעפנט די אויגן.

„מענטש, וואס וועסטו מאַכן מיט מאַרקס „קאַפּיטאַל"? אונ-דזער איינער, וואָס האט נים קיין צוגרייטונג, פאַרשטייט דאך דאָס נים. עס זיינען דאך פאַראַן פּאָפּוליערערע ביכער!"

זוקראָוו האט זיך אפריער אָרומגעקוקט, איידער ער האט מיט א שמייכל—מיט א געמאַכטער גלייכגילטיקייט—געענטפערט:

„א ביסל בין איך צופעליק יאָ צוגעגרייט!"

דער יונגער אַרבעטער האָט א פייף געטאָן.

„ביזטו, הייסט דאָס, א שטיקל סטודענט? און איצט האָסטו זיך גענומען לאָדן קוילן? א זעלכע האבן מיר שוין דאָ געהאט

אַ גאַנצע מאַסע, אַלץ אזעלכע הונגעריקע, וואָס האָבן געוואָלט פאַרדינען אַפּאָר גראָשן, פון שטודירן אַליין זיינען זיי ניט זאַט. נאָר קיין איינער האט ניט אויסגעהאַלטן. ווי לאַנג ביזטו שוין דאָ און ווי געפעלט דיר די פלאַשנער־פאַנאַטאָריע?"

דער דראָטשישער אויפן פונעם צווייטן אָנצורופן די זאַכן גלייך מיטן נאָמען האט פון איין זייט צוגעצויגן זוקראָוון, פון דער צווייטער זייט האט עס אים אָפּגעשטויסן. ער איז אָבער געווען צופרידן, וואס ער האָט דאָ אויך געפונען א מענטשן פון א געוויסן ניווא. ער האט אים דערציילט וועגן זיך, געבנדיק אָנצוהערן, אַז ער אַרבעט אייגנטלעך ניט אַזוי צוליב פאַרדינען געלט. אָפן אַרבעטער האָט ווייזט אויס דאס לעצטע ניט געמאַכט קיין שום איינדרוק.

„אָפּלאָדן שלאָס? אויב אזוי האבן זיי דיר געגעבן די עקל־האַפטיקסטע שמוציקסטע אַרבעט. דאַרפסט זיך באַמיען אריינ־קריגן זיך ווי איך צו דער אַרבעט באַ די וואַלצן, ועסטו אַר־בעטן אונטער א דאַך און פאַרדינען 6 מאַרק א שאָ". אז ער האט דערהערט, אז זוקראָוו וויל ווערן א שאַכטיאָר, האט ער זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

„אָט פאַרדריי זיך דעם קאָפּ ניט. איך בין שוין אַמאָל אויך געווען אכט וואָכן אין שאַכטע. ווילסט גאָר ווערן אַ קוילן-האַ־קער? וואָס מראַכט איר גאָר אויס, איר סטודענטן? ווי לאַנג קלייבסטו זיך דאָרטן אַרבעטן? אַן אַכט טאָג, וואָס? און דערנאָך וועסטו שרייבן גרויסע אַרטיקלען וועגן דעם געבענטשטן צוועלפ־שאָיקן ארבעט-טאָג, האָ? דו, זע נאָר אקאָרשט די קוילן-גרעבער זאָלן דיר ניט ברעכן האלדז און נאַקן, זיי האָבן שוין געמאַכט אַף דעם געבים ביטערע דערפאַרונגען און זיי זיינען העליש אופגעבראכט".

ווען זוקראָוו האט אין צוויי טעג אַרום אָפּגעגעבן דעם באַ־רימטן בוך פונעם פראַנצויזישן שריפטשטעלער איז, פארשטייט זיך, פאָרגעקומען אַ לאַנגער שמועס איבער דער מילכאָמע־פּראָבלעם. ער האט דערביי געקענט פעסטשטעלן, אז פונקט ווי בא רוקערסן האבן זיינע גאַנצע קענטענישן פון א אינטעליגענט

ניט געקענטביישטיין דער פּראַקטישער לאָגיק פון אַ פּאַשטען אַרבעטער.

מאַקס גראַטע, הגם ער איז געווען ניט מער ווי מיט צוויי יאָר עלטער פאַר זוקראַוון, איז שוין געווען ווייט אין דער וועלט אַרומגערייזט. געבוירן אין ברעסלוי, איז ער צו 16 יאָר אַנטלאָפן פון אַ מייסטער אַ רויטשטאָק. ער האט דורכגעוואַנדערט טיילווייז מיטן באַן טיילווייז צופוס גאַנץ דייטשלאַנד, האָלאנד, בעלגיע און פראַנקרייך ביז די פירענעישע בערג. אַרבעטנדיק ווו עס פלעגט זיך מאַכן, האָט ער געוואַנדערט אַלץ ווייטער און ווייטער. זיין נאָענטע באַציונג צו די פראַנצויזישע אָרגאַניזאַציעס האט אים אָפּגעהאַלטן פון אַראָפּגליטשן זיך אַפן וועג פון אַ געוויינלעכן „באָסיאַק". דאָס, וואס עס האט אים געפעלט פון וועלט-קענטעניש, האט ער אָנגעיאָגט בעיים דער וועלט-מילכאָמע, וועלכע האָט אים אוועקגעפירט ביז פּאַלעסטינע און סאַסקאָלאָמאָף געבראַכט אַפן אינדזל מאַלטע, ווי אַ קריג-געפאַנגענעם.

גראַטע איז געווען—דאָס האט זוקראַוו גלייך באַמערקט—אַ קאָמוניסט און האט צו אַלע פּראָבלעמען געהאט אַ דיאַמעטראַל קעגנזעצלעכע איינשטעלונג, ווי ער. זוקראַוו האט געגלויבט אין עוואָלוציע און גראַטע האָט באַגרינדעט די נויטיקייט ווייטער צו פירן די רעוואָלוציע, וואס דאַרף זיך אויסלאָזן מיט אַ וועלט-רעוואָלוציע. ער האט אַ סאַך געהאַלטן פון די בראָכעס פון דעמאָקראַטיע און קאָנסטיטוציע און יענער האט כויזעק געמאַכט פון באַלאַגערונג-צושטאַנד, פון די אַדמיניסטראַטיווע אַרעסטן, פונעם דערשטיקן די פרעסע, פון דעם שווערד-רעזשים און האט אויסגעלאַכט די שוין לאַנג אָפּגעלעבטע גרינדונג-פאַרזאַמלונג, וואָס האט נאָך אַלץ ניט געוואָלט שטאַרבן און געבן אַן אָרט פאַר אַ נייעם רייכסטאַג.

„אזוי קאָן ווייטער ניט גיין!" ווי אָפט האט ער דאָס שוין געהערט זינט יענעם ערשטן מאָל אין באַן. מענטשן פון אַלע סאָציאַלע און פּאָליטישע שאַטירונגען האבן דאָס קעסיידער איבערגעכאַזערט.

באַם פריזירער פלעגן די קליינע קרעמערלעך אומבאַדינגט פאַר-

ענדיקן זייערע קלאָלעס איבער דער צוואַנג-ווירטשאַפּט מיט די-דאָזיקע ווערטער, און נעכטן זיינען זיי ארויסגעשפּרונגען פון זיין מוטערס בדיוו פון בערלין. זי האט מיט דידאָזיקע ווערטער פאַר-ענדיקט איר באַקלאָגן זיך אַף דעם, וואָס די פּרייזן אַף בריקעט זיינען ווידער געשטיגן אַף 5 מאַרק א צענטנער.

אזעלכע שלאָג-ווערטער באַווייזן זיך פּלוצלינג. קיינער טראַכט זיי ניט אויס, זיי ליגן בוכשטעבלעך אין דער לופטן, פּונקט ווי די באַצילן פון גריפּע, און פאַרשפּרייטן זיך אויך אַזוי ברייט און שנעל. אַזוי איז אויך בעיס דער מילכאָמע געווען מיטן ווערטל „סויפ-זיגן", וואָס איז געקומען אַסאַך פריער ווי די פּאַקטן.

„אזוי קאָן ווייטער ניט גיין",—און געמיינט האט מען מיט דעם די גאַנצע פּאָליטישע און ווירטשאַפטלעכע סיסטעם. וואָס האָט געוואָלט דערמיט זאָגן יענער פאַבריקאַנט אין באַן איז גע-ווען גאַנץ קלאָר. אים איז ניט געווען געפעלן די גאַנצע ריכטונג.

די ראַדיקאַלע, די קאָמוניסטן, ווי גראָטע און די אומאָפּהענ-גיקע, ווי רוקערס, איז אויך ניט געווען געפעלן די ריכטונג. זיי זיינען אָבער ווייניקסטן געווען ערלעך און געמיינט, אז זיי ווילן א נייע איבערקערעניש דורך דיקטאטור און באָלשעוויזם.

און די קליינבירגער, אָט די קליינע מענטשעלעך, זיי האָבן ניט געקאָנט באַנעמען, אַז נאָך פיר יאָר מילכאָמע מוז מען אַלץ אָנהויבן פון דאָס ניי. יאָ, עס איז געווען שווער דאָס צו באַ-גרייפן! ער האָט געטראַכט וועגן זיין אַלטן פאָטער, וואָס האט נאָך א לעבן פול מיט אַרבעט און דאַכקעס פאַרלאָרן די פרוכט פון זיין פלייס און געמוזט אָנהויבן איבעראַנייס ווי א קליינער מאַרק-הענדלער.

און ער צליין! אין דער לעסינג-גימנאַזיע האט ער ניט פאַרויס-געפילט, אַז ניט געקוקט אַף דעם, וואָס ער וועט קריגן אן אבי-טור און וועט אָנגענומען ווערן אין אוניווערסיטעט, וועט ער מוזן אַרבעטן „מיט דער שופליע אין דער האַנט" צוזאַמען מיט „פּאָליאַקן". ער האָט דאָ ניט געטראָפן קיין איינעם, וואָס זאָל

זיך אַנטשיידן אַרויסזאָגן פאַר דער רעפּובליק. פאַרטראַכטנדיק זיך האָט ער אנטדעקט, אַז עס איז קלאָר ניטאָ קיין קלאַס אָדער שטאַנד, אַף וועלכן די יונגע רעפּובליק זאָל זיך קאָנען שטיצן, ווי צ.ב. די מאָנאַרכיע אַף אירע אָפּיצערן, באַאמטע, יונקער א.א.וו. דעריבער האָט ער געהאַלטן, אַז עס איז נויטיק צו פירן א פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער רעפּובליק.

צווישן די אַרבעטער האָט געזיגט—האגאַס לאַנגזאַם, נאָר זיכער—דער „ריכטיקער שטאַנדפּונקט". די קוילן-גרעבער האָבן געמאַכט יעדע וואָך צוויי האלבע איבערשיכטן. ניט אומעטום איז דאָס נאטירלעך דורכגעגאַנגען גלאַטלעך. אין עסן האבן נאָך איצט אויך געשטרייקט די שאַכטעס „אמאליע", „העלענע" און „פּראָספּער 1 און 2". אין סווערטרום איז געווען באַדייטנדיקע שוועריקייטן נאָך אַף דער שאַכטע „בעאטע", ווו דער ראַדיקאַלער בארג-ארבעטער אוניאָן האט געהאַט א שטאַרקע ווירקונג. ווען ריזע, דער סעקרעטאַר פון באַרג-פאַרבאַנד, האט געפּרווווט באַרינגדן די נויטווענדיקייט פון איבערשאָען, האט מען אים פאַרשריען. עס איז עקסטרע געקומען צוטליען דער פאַרזיצער הוזעמאַן און האט סאָפּקאָלסאָף ארויסגעקריגן א נישטיקע מערהייט פאַר איבערשאָען. אָבער גלייך אין די ערשטע טעג, וואָס זיי האָבן געאַרבעט די איבערשיכטן, האָט אויסגעפעלט טראנספּאָרטמיטלען און די ארויסבאַקומענע קוילן זיינען געבליבן ליגן אַפן לאַגער.

וועגן דעם איז צווישן זוקראָוון און גראָטען פאָרגעקומען העפטיקע שטרייטן. גראָטע האט געפּרווווט דערווייזן, אַז די גאנצע קאמפּאניע וועגן פאַרגרעסערן דעם קוילן-אַרויסבאקום האט קיין שום פלאַן ניט. אַף צו רעמאָנטירן די וואַגאָנעס און לאָקאָמאָטיוון האט אויסגעפעלט געלט. אָבער פאַרקלענערן די 4 הונדערטטויזנטדיקע אַרמיי האָט מען בעשום אויפן ניט געוואָלט און דורכגעפירט האָט מען דאס נאָר אונטערן דרוק פון דער אַנטאַנט. זוקראָוו האט אָנגעוויזן אַף דער רוסישער רויטער אַרמיי. אָבער דאָ האָט ער ערשט געכאַפּט דעם ריכטיקן פּסאָק.

„דאָרטן", האט געשריען גראָטע, „זיינען באַוואָפנט די אַרבע-

טער און פויערים, וואס פאַרטיידיקן זייער פרייהייט קעגן די צאַרישע אָפיצערן, גרויספירשטן און קאַפּיטאַליסטן. קאָלטשאַקן האָבן זיי פאַרניכטעט, דעניקינען פאַרטריבן אין קרים און ערשט נעכטן איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז דער גענעראַל יודעניטש, וואס איז געשטאַנען לעם פּעטערבורג, איז פון אוועקגעטריבן אין עסטלאַנד. דיזעלביקע רוסן, וואס פלעגן בעיים דער וועלט-מילכאָמע אַריבערלויפן באַטאַליאָנענווייז, יאָגן איצט צום טייוול די טשעכן, יאַפּאַנער, ענגלענדער און אַמעריקאַנער. פון וואַנען נעמט זיך דאָס? נו, ווייל זיי ווייסן פאַרוואָס זיי קעמפן, און דו ווילסט פאַרגלייכן מיט זיי אונדזערע באַרימטע פּרייוויליקע קאָר-פּוסן? זיי האָבן ניט געקעמפט מיט אונדזערע קאָלטשאַקס און דעניקינס, ווייל זיי זיינען דאָך אַליין די דעניקינס. קעמפן קעגן אַרבעטער—דאָס איז זייער באַרוף. אין איין שיינעם טאָג וועלן זיי אויך אייער ס.פּ.ד. הייסן קושן".

„אַזוי שוואַרץ, ווי דו, שטעל איך מיר דאָס ניט פאָר. די אַר-בעטער זיינען אַליין אַסאַך שולדיק אין דעם, ווייל זיי בויקאָטירן די רייכסווער און זיכערהייטסווער. דעריבער האָט טאַקע נאָסקע ניט לאַנג אין א רעדע אין האַמבורג געפאָדערט, אַז פּופצן טויזנט אַרבעטער זאָלן פרייוויליק אַריינטרעטן אין די רייכסווער".

גראָטע האט געלאַכט. „און פאַרוואָס טרעטסטו ניט אַריין? אַז נאָסקע האט אין דעראַזעלביקער רעדע געדראָט, אַז ער וועט ברעכן די ביינער באַ די שטרייקער, האט דער „פאָרווערטס" נאַטירלעך ניט דערציילט, וואָס זאָגסטו צו דעם?"

„מיר וועלן ביידע זיך ניט צונויפריידן, דו האָסט דיין שטאַנד-פּונקט, איך מיינעם. אויב דו האָסט כיישעק, קאָנסטו גיין מיט מיר צו רוקערסן א קוק טאָן מיין ביבליאָטעק", האט זוקראַוו מיט פאַרדראָס געענטפערט. גראָטע, וועלכער האט אויך געפילט, אַז די דיסקוסיע איז פּרוכטלאָז, האט איינגעשטימט.

ווען זיי זיינען פאַרבייגעגאַנגען די העלבאַלויכטענע „טאַנ-האַלע" אף דער ראַטינגער גאַס, האָבן זיי זיך דערוווסט, אַז דאָרטן קומט פאָר א פאָלק-פאַרזאַמלונג וועגן דער פראַגע פון איבערשאַען. די פאַרזאַמלונג איז צונויפגערופן געוואָרן דורך דער

ס.פ.ד. „דאָ וועלן מיר געוויס טרעפן רוקערסן, לאָמיר אַריינגיין״, האָט פאָרגעלייגט גראָטע.

דער ריזיקער זאַל איז שוין געווען פול געפּאַקט און עס האָבן נאָך אַלץ געשטראָמט מאַסן אַרבעטער.

לויט דער שטימונג, וואס האָט געהערשט אין זאַל, האט מען געקענט פאָרויסזען, אַז די פאַרזאַמלונג וועט זיין א שטורמישע.

א מענטש, אומגעפער פון א יאָר פערציק, מיט א געלבלעך שפּי-ציק בערדל, אין גאָלדענע פענסנע מיט אַ פליך האָט געעפנט די פאַרזאַמלונג.

„דאָס איז ריזע פונעם באַרג-אַרבעטער פאַריין. ווען ער פירט אַ פאַרזאמלונג איז די לופט אַלעמאָל געדיכט״, האט גראָטע אַריינגעשושקעט זיין שאָכן. דעם רעפעראַט האט געהאלטן דער דעפּוטאַט פון דער גרינדונג-פאַרזאַמלונג פּאָלמאַן, וועלכער האָט געפּרווט באַגרינדן די נויטווענדיקייט פון איבערשאָען אַפן סמאַך פון אַ ריי ביישפּילן אזן סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן. אָבער גלייך האָט דער אוילאָם אָנגעהויבן אים איבערצורייסן. די צווישנרופן זיינען געוואָרן אַלץ אָפטער און פאַרוואַנדלט זיך אין אַ ליאַרעמ-דיקן טומל.

„איך ווייס גוט״, האט ער גערעדט, „אז אויך אין סווערפּרופּ און אויך אף דער איצטיקער פאַרזאַמלונג געפינען זיך עלעמענטן, פאַר וועלכע יעדער טריט צום אופבוי און אָרדענונג אין דייטש-לאַנד איז אַ גרויל, וועלכע באַמיען זיך באַוווסטזיניק צו זייען אומצופרידנקייט און פאַרדראָס אין אונדזערע רייען און דערביי אָפּקאָכן זייער שמוציקע פּאַרטיי-יאַיכל״.

זיינע ווייטערדיקע ווערטער זיינען דערטרונקען געוואָרן אין שטורמישן ליאַרעם. אומזיסט האָט זיך באַמיט דער פאָרזיצער צו באַרויקן דעם אוילאָם, קלינגענדיק מיטן גלעקל. ווי נאָר דער רעדנער פלעגט ווידער אָנהויבן, פלעגט דער טומל זיך ווידער פאַרשטאַרקן. סאָפּקאָלסאָף האט ער זיך אַנידערגעזעצט אינגאַנצן אַן אויסגעשעפּטער. ווען עס איז געוואָרן אביסל רויקער האָט ריזע אַליין גענומען דאָס וואָרט:

„קאָלעגן און כאַווײרים! מיך קענט איר דאָך!״

„מיר קענען דיר גוט, דו פליכעוואטער קאָפּ!" האָט זיך טיי־קעף אָפּגערופן אַ קאָל פון דער גאַלעריע. עס האָט זיך דערהערט אַ רוישיקער געלעכטער. ריזע האָט זיך געשמאַכט ניט הערנדיק.

„אַרום זיין זעך, קאָלעגן, גלויב איך, זיינען מיר אַלע אָן אונ־טערשייד פון פּאַרטיי, אייניק. אַזוי ווי ביז איצט, קאָן ווייטער ניט גיין! מיר זיינען הונגעריק! אונדזערע פאַמיליעס הונגערן, ווייל עס האָט זיך אָפּגעשטעלט דער טראַנספּאָרט פון לעבנס־מיטלען. און פון וואַנען נעמט זיך דאָס? דער טראַנספּאָרט איז צושטערט, ווייל עס פעלן קוילן. דאָס פאַרשטייט יעדערער, אפילו אַ שול־קינד, אַז די באַנען באַוועגן זיך ניט מיט ווינט, אויך ניט מיט פראַזן, נאָר מיט שטיין־קוילן. מיר ווייסן גאַנץ זיכער, קאָלעגן, אַז די מעכאַנישע פאַרלייכטערונג פונעם אַרבעט־טאָג איז ניט דאָס איינציקע הייל־מיטל אַף צו פאַרגרעסערן די קוילן־פּראָדוקציע. די ווירקלעכע סיבע פונעם קוילן מאַנגל איז די פאַרעלטערטקייט פון די שאַכטעס־אויסשטאַטונגען!" שטורמישע „זייער ריכטיק" און אויסרופן „נו, אויב אַזוי", האָבן אָנגעהויבן צו דונערן אין זאַל.

„מיר פאַרלאַנגען, אַז מע זאָל טייקעף אָנהויבן צו בויען נייע שאַכטעס, די אַלטע מאַשינעס זאָלן פאַרביטן ווערן אַף נייע. די שאַכטעס זאָלן געהאַלטן ווערן אין אָרדענונג און איבערהויפּט, קורץ גערעדט, דער גאַנצער טעכנישער אַפּאַראַט זאָל באַנייט ווערן. דאַן וועלן מיר אויך ווידער אַרויסבאַקומען אַזוי פיל קוילן, וויפל אונדזער ווירטשאַפט פאָדערט, אפילו אָן איבערשאַען!"

ווידער האָבן אים איבערגעריסן שטורמישע אָוואַציעס. ריזע האָט עס אויסגענוצט קעדיי צו כאַפּן אַ טרונק וואַסער און צו וואַרפן אַ טריומף־בליק צו פאַלמאַנען.

„רעמדאָזיקן שטאַנדפונקט אונדזערן", האָט ער פאָרגעזעצט, „האָבן מיר באַ די אונטערהאַנדלונגען פאָרגעלייגט דער רעגירונג. די פאַרטרעטער פון די שאַכטעס־אייגנטימער האָבן זיך נאַטירלעך אַרויסגעזאָגט קעגן".

אויסרוף: „ווי שטענדיק".

„נאַטירלעך, קאָלעגן, ווי שטענדיק, אָבער עס וועט זיי גאָרניט העלפן. די פאַרטרעטער פון דער רעגירונג, דער אַרבעט־מיניס־

טער כ' שליקע און דער מעלוכע-קאָמיסאַר כ' זעווערינג האָבן אונדז צוגעזאָגט צו אונטערשטיצן בײַ די עסענער אונטערהאַנדלונגען. עס פרעגט זיך איצטער, וואָס דאַרף איצט זײַן? אַ נײַע שאַכטע אויסצוגראָבן דאַרף דויערן אַמווייניקסטן 4 כאַדאָשים. אויך די איבעריקע ענדערונגען לאָזן זיך צווי שנעל ניט דורכפירן. זאָלן מיר דערווײַלע רויק צוזען, ווי די אינדוסטריע, דער טראַנספּאָרט און די לאַנדווירטשאַפט הונגערן נאָך קוילן? כאַווײרים, דאָס וואָלט געווען זייער שלעכט. פרעגט זיך נאָר נאָך, ווי עס זעט אויס דאָרטן, וווּ די קוילן ליגן ניט בײַ דער טיר, ווי בײַ אונדז. ווער לײַדט פון דעם אַמערסטן? אונדזערע קלאַסן-כאַווײרים! די רײַכע געפינען שטענדיק אַן אויסוועג און זיי פרווירן ניט. די גרויסע פאַבריק פון לודוויק לעווע אין בערלין האָט אין דעם יאָר שוין צוויי מאָל געמוזט זיך אָפּשטעלן, ווײַל עס האָט איר פאַרפעלט קוילן. כאַווײרים, צוזי צעברעכט מען די אייניקייט פונעם ארבעטער-קלאַס, מע רײַסט אָן איין טייל אָפּן אַנדערן. דאָס דאַרפן גוט געדענקען גראַדע יענע קאָלעגן, וואָס האָבן שטענדיק אַ פולן מויל וועגן דער אייניקייט פונעם פראָלעטאַריאַט. פון דעם דרינגט ארויס, אַז פאַר אונדז, צי מיר ווילן דאָס, צי ניט, בלײַבט פּאָרלויפיק נאָר איין אויסוועג, צו צעקייען דעם זויערן עפל פון איבערשאַען".

רווישיקע אָוואַציעס, זוקראָוו האָט טריומפירנדיק אַ שטויס געטאָן גראַטען אין זײַט. דער לעצטער האָט זיך אופגעהויבן: „ווייסטו ניט, אַז מע שיט שוין ווידער קוילן אָפּן לאַגער?" האָט ער אויסגעשריען, באַנוצנדיק די האַנט ווי אַ רופּאַר.

„נאַטירלעך ווייס איך דאָס", האָט ריזע מיט אַ שמייכל פאַרגעזעצט. „און יעדער קוילן-גרעבער ווייס, אַז ניט שטענדיק שיט מען קוילן דירעקט פון דעם סאָרטיר-באַנד אין וואַגאָן, אַז מע מוז האָבן רעזערוון. באַלד וועט קומען אין באַוועגונג אויך דער וואַסער-טראַנספּאָרט. קאָלעגן, פאַר אונדז איז עס דאָך די בעסטע קווייפונג, אַז מיר פילן אויס אונדזער כויוו. מיר וועלן אויך ניט פאַרשפּעטיקן צו דערלאַנגען דידאַקטישע רעכענונג בײַ די טאַריף-אונטערהאַנדלונגען. איצט דאַרף דער צווייטער צאַד אויספּילן

זיין כויוו. (צווישנרוף: „סיסען זאָל צאָלן"). יע, קאָלעגן, דאָס אויך. אָבער, קאָלעגן, קוילן אָן טראַנספּאָרט-מיטלען נוצן אויך ניט. אַלץ פֿאַרן אויפֿבוי פֿון אונדזער ווירטשאַפֿט אין אונדזער נאָר וואָס דעראָבערטן רעפּובליקאנישן, דייטשישן פֿאָטערלאַנד!"

מיטאַמאָל צוליב דער לעצטער אומגעשיקטער פֿאָרמולירונג האָבן זיך צוגעמישט צו דער אָוואַציע אומפֿארשטענדלעכע אויס-רופֿן און עס האָבן זיך אין זאַל געבילדעט אַסאַך אויפֿגערעגטע גרופּעס, וואָס האָבן דיסקוטירט.

„דו האָסט פֿאַר דעם אליין געהאלטן, אז מע מוז אפּריער לאָזן אין גאַנג די טראַנספּאָרט-מיטלען", האָט זוקראָוו געזאָגט צו גראָסען.

„אָבער ניט אזוי, האָסט ניט פֿארשטאַנען, וואָס ער וויל: דער אייזנבאַנער זאָל אויך ארבעטן איבערשאָען", האָט אַן אויפֿגע-רעגטער געשריען גראָסע.

„שטילער דאָרטן הינטן!" האָט זיך דערהערט דער קאָל פֿו אַן אַנדער פֿארזאמלונג-אָנפֿירער.

אַ לאַנגער און דאַרער מענטש איז ארויף אַף דער טריבונע און האָט אָנגעהויבן מיט אַ קלינגענדיקער שטימע: „דייטשישע פֿאָלקס-כאַווײרים און כאַווערטעס! וווּהין גייט דער גרעסטער טייל קוילן, וואָס דער באַרג-ארבעטער רייסט ארויס פֿון דעם פֿינצטערן שויס פֿון דער דייטשישער ערד? לויטן ווערסאַלער שאַנד-שאָלעם מוזן מיר יעדן כוידעש אָפּליפֿערן אונדזערע סאָנים 1.680.000 טאָן רעפּאַראַציע-קוילן. אייערע מיניסטאָרן באַשווינדלען אייך פֿון פֿאָרנט און פֿון הינטן, שטאָפּן זיך אָן די קעשענעס, ווי דערדאָזיקער ערצבערגער, וועלכן עס האָט אַ דייטשישער געריכט אין בערלין דעמאַסקירט. דאָס איז דערזעלביקער ערצבערגער, וואָס צוזאמען מיטן טרויעריק בארימטן שיידעמאַנען אין 1918 יאָר, ווען אונדזער העלדישע ארמיי איז שוין געשטאַנען נאָענט צום לעצטן ענדגילטיקן זיג, האָט ארייַנ-געשטאָכן איר א מעסער אין רוקן. נאָר אַף דעם אויפֿן, מיינע דאַמען און הערן, איז מעגלעך געווען צו צווינגען אונדז אונ-טערצושרייבן אַזאַ שאָלעם! נאָר אזוי ארום זיינען געקומען אונד-

זערע סאָנים צו באַראַבעווען אונדז ביז דער לעצטער העמד, נאָר אַזוי אַרום האָבן זיי די כוצפּע צו פאָדערן מיר זאָלן אַרויס־געבן דײַטשישע סוער, וואָס האָבן נאָך אויסגעפּילט זייער כויוו פאַרן דײַטשישן פאָטערלאַנד, קעדיי זיי צו שטעלן פאַר זייערע נקאָמע־געריכטן".

די אומרויִקייט אין זאַל, וואָס האָט קעסיידער געשטיגן, איז בײַ די ווערטער אויסגעבראָכן אין אַ העפטיקן טומל.

„וואָס פּייפסטו דאָרטן?"

„אַראָפּ דעם האַקנקרייצלער!"

„גענוג, גענוג!"

מיט אַ שטאַלק אויפגעהויבענעם מעוואָנער־קאָפּ האָט זיך דער נאַציאָנאַליסטישער רעדנער צוריקגעזעצט אויף זײַן אָרט. זוקראַוו וואָס האָט אים באַגלייט מיט די אויגן, האָט אַרומגעכאַפּט אַ פרייִדיקער שרעק. בײַ דעמזעלבן טיש, ווו דער רעדנער האָט זיך אַנידערגעזעצט איז געזעסן די אינטערעסאַנטע מיידל, מיט וועלכער ער האָט זיך באַקאַנט. האַגאַם זי איז געזעסן גאַנץ ווײַט און זי האָט געטראָגן אַ פּאַשעטע בלויע קליידל, האָט ער זי גלייך דערקענט. אַזוי האָט זיך דערפילט איר וווּנש, וואָס איז אייגנטלעך געווען אויך זײַנער, בײַם געזעגענען זיך אויפן וואָקזאַל. עפּשער איז דאָס אַ צייכן פונעם שיקזאַל?

ווייטער האָט ער שוין ניט געהאַט קיין צײַט צו טראַכטן וועגן דעם, ווײַל פּעטער רוקערס האָט אָנגעהויבן זיך אָפּצורעכענען מיטן נאַציאָנאַליסטישן פּראָוואָקאַטער.

„מיט דערדאָזיקער, נאַרישער העק־מעטאָדע", האָט ער אָנגע־הויבן מיט זײַן מעיושעוודיקער, אָבער פון אײַנגעהאַלטענער אופּרעגונג ביטערנדיקער שטימע, „קאָנען דידאָזיקע חערן פּרווון ציִען גליק אין אויבערבײַערן און הינטערפּאָמערן. אָבער די רורער קוילן־גרעבער וועט איר צום צווייטן מאָל ניט אײַנשפּאַנען אין אײַער שוואַרץ־ווײַס־רויטן שײַס־וואָגן!"

לעבעדיקע אַוואַציעס און פּאַטשערייען מיט די הענט האָבן אי־בערגעריסן דעם רעדנער.

„איך וויל ניט", האָט ווײַטער גערעדט רוקערס, „נאָך אַמאָל

דאָ אָפּלייקענען די נאַרישע לעגענדע וועגן דעם מעסער אין רוקן. נאָר לאָמיר זיך פּרוּוון פאָרשטעלן, אַז מיר וואָלטן אַזוי גלענצנדיק געזיגט, ווי דאָס איז לויטן מיינונג פונעם פּאַריקן רעדנער געווען מעגלעך. גלויבט איר, אַז דייטשלאַנד וואָלט גע-וואָרן אַ לאַנד, וואָס וואָלט געוונען מיט האָניק און מילך? די יינגערע פון אונדז וואָלטן דאַן געהאַט דעם פאַרגעניגן צו זיצן אין פרעמדע פיינטלעכע לענדער ווי אָקופּאַציע-אַרמייען. און מיר אַלע? מיר וואָלטן בײַ אונדז אינדערהיים זיך געמוזט שלאָגן מיט אונדזערע אונטערנעמער, פּונקט ווי עס טוען דאָס די פראַנצוי-זישע אײַזנבאַנער און דאָקן-אַרבעטער אין ענגלאַנד. אין דעם דאָ-זיקן קריג איז געווען נאָר איין איינציקער זיגער, דער קאַפּיטאַ-ליסט, וועלכער האָט סיי דאָ, סיי דאָרטן אָפּגעלעקט אַ ביינדל! צו גלויבט איטיצער אַף אַן עמעס, אַז אין פאַל פון אַ ניצחון וואָלטן אונדז פּיסען, האַניעל, קלעקנער, קרופּ, סטינעס באַהאַנדלט כאָטש אַף אַ האָר בעסער? ניין, קאָלעגן, דער פּראָלעטאַריער האָט נאָך ניט קיין פאָטערלאַנד. אָבער ער ווייס דאָס נאָך דע-ראָבערן. יע, אַזוי ווי אונדזערע רוסישע ברידער! און זאָלן די פּאַרקויפטע נאַציאָנאַליסטן דרעשן זייערע שוואַרץ-ווייס רויטע שטרוי ערגעץ ווו אַנדערש. דער פּראָלעטאַריער האָט נאָר איין סוינע: דאָס איז דער אינטערנאַציאָנאַלער קאַפּיטאַליסטן-קלאַס"... ער האָט געוואָלט נאָך ווייטער ריידן, אָבער די שטור-מישע אָוואַציעס האָבן אים געשטערט. און פּלוצלינג האָט זיך פון דער געדיכטער מענטשן-קופּע דערהערט דער געזאַנג פונעם „אינ-טערנאַציאָנאַל".

„די פאַרזאַמלונג איז געשלאָסן", האָט אַ רעווע געטאָן ריזע, פילנדיק, אַז עס וועט שוין גאָרניט אַרויסקומען. אונטערן ברוי-זנדיקן געזאַנג איז דער זאַל ביסלעכווייז ליידיק געוואָרן.

ווען ערנסט זוקראָוו האָט זיך געגומען זוכן דעם נאַציאָנאַ-ליסטישן רעדנער און זיין באַגלייטערן, זיינען זיי שפּורלאָז פאַר-שוווּנדן געוואָרן אין האַמוין.

## 4. קאַפּיטל

מיטאָג-צייט איז ערנסט זוקראָוו געזעסן אין דעם אייזנבאַן-וואַגאָן, וואָס האָט געדינט פאַר די הויף-אַרבעטער ווי א פלאַץ צום איבערטאָן זיך און צום אָפּרוען. און האָט געוואָרעמט זיינע צוקאַלייעטע הענט אָן דעם קאָווע-קענדל. עסן האָט זיך אים ניט געוואָלט. אין דעם איז געווען שולדיק די שלאָפלאָזע נאַכט, אַ רעזולטאַט פון נעכטיקער שטורמישער פאַרזאַמלונג.

אַף דער גאַס, נאָך דער פאַרזאַמלונג, זיינען נאָך ווייטער פאָרגעקומען לעבהאַפטע דעבאַטן. די, וואָס האָבן דאָ דיסקוסירט, זיינען קימאַט אַלע געווען אַלטע דערפאַרענע פּיאָנערן פון דער אַרבעטער-באַוועגונג.

ער, וואָס איז ערשט די פאַבריקע וואָך אריינגעטראָטן אין פּאַריין, האָט זיך דאָ געפילט נישטיק און אומבאַדייטנדיק. האַרט האָבן זיך צוזאַמענגעשטויסן די קעגנזאַצן. גראָבע האָט זיך פעסט גענומען צו אַן אַלטן אָנהענגער פון דעם אָפּמאַך וועגן די אַי-בערשאָען. האַגאַם, דעדדאָזיקער, מיטן נאָמען אָווערזאַט, איז ניט געווען אַליין קיין באַרג-אַרבעטער, אָבער ווי אַ מיטגליד פון אַרבעטער-ראַט אַף דער אייזנבאַן, ראַטמאַן פון דער שטאָט-פאַרוואַלטונג און פאָרזיצער פון דער אָרטיקער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע, האָט ער געשפּילט אַ וויכטיקע ראָליע. ווען גראַבע האָט מיט זיינע אַרגומענטן אַזוי אים צוגעקוועטשט צום וואַנט, אַז ער האָט שוין ניט געהאַט וואָס צו זאָגן, האָט ער אַרויסגעמעקעט:

„סאָפּקאָלסאָף האָבן מיר אין דער רעגירונג אונדזערע כאַוויירים. אַזוי קלוג, ווי איר, זיינען זיי געוויס. און זיי וועלן שוין זאָרגן פאַר דעם, אַז מע זאָל אונדז ניט אָפּנאַרן". דאָ האָט גראַבע אים ציטירט „דעם געטש פון בערליכינגען" און אים געלאָזן שטיין.

איבער דעמדאָזיקן צווייפלהאַפטן אַרגומענט פון דעם סאָציאַל-דעמאָקראַט האָט זיך זוקראָוו געגריבלט אַ האַלבע נאַכט, ניט קומענדיק צו קיין שום רעזולטאַט. צי זיינען די פירער, וואָס

שטייען אין דער שפיץ, בעעמעס אזעלכע פעיקע און ערלעכע מענטשן? „יעדערער זאָרגט נאָר פאר זיין קעשענע!“ דאָס זאָגט ניט נאָר דער נעכטיקער נאציאָנאליסט, דאָס הערט ער יעדן טאָג וועגן זיינע ארבעט-כאָווייראָם הויבן צו ריידן וועגן פּאָליטיק.

זיינע געדאנקען האָבן זיך איבערגעטראָגן צו דער שיינער פאבריקאַנטן-טאָכטער. בעלי סאָפּעק שטייט זי פּאָליטיש אפּן עקסטרע-רעכטן פליגל. און ניט געקוקט אף דעם באַזוכט זי פאר-זאַמלונגען פון פּאָשעטע אַרבעטער? דידאָזיקע געדאנקען האָבן אים באַהערשט, ווען ס'האָט אים אויפגעוועקט די שטימע פון דעם קוריער פון דער גיסערײַ-קאַנטאָר. „זוקראַוו, איר דארפט זיך גלייך מעלדן אין דער זאוואָדישער לאבאראטאָריע צום הער די-רעקטער ד״ר גרעל“.

פאר דעם ד״ר גרעל, דעם טעכנישן פאַרוואַלטער פון דער גי-סעריי, האָט מען זייער מוירע געהאַט צוליב זיין שטרענגקייט. האָגאַם זוקראַוו האָט ניט געפילט בא זיך קיין שום שולד, דאָך איז ער אריינגעקומען אין דער אַלטער געביידע, ווו ס'איז גע-ווען די לאַבאָראַטאָריע, מיט גאַנץ געמישטע געפילן. א יונג יינגל האָט אים אריינגעפירט אין אַ צימער, וואָס איז געווען איינ-געאָרדנט אַף העלפט ווי אַ ביוראָ, אַף העלפט ווי אַ לאבאָראַ-טאָריע. אינעם צימער איז קיינער ניט געווען. ס'האָט אים ארומ-גענומען אַ געפיל פון פאַרביטערטקייט. דאָ איז געווען יענער גע-ביט—כעמיע—צו וועלכן ער האָט זיך געגרייט. צוליב דעם האָבן זיינע עלטערן געארבעט, געהונגערט און זיך געפייניקט, אָפּגע-זאָגט זיך פון יעדער פאַרגעניגן, כדי מאכן פונעם זון אַ באַ-ריכטן כעמיקער און דערפינדער. עס איז פון דעם גאָרניט ארויס-געקומען. ער האָט געכאַפּט אַ קוק דורך דער גלעזערנער טיר אין צווייטן צימער און האָט געמאַכט אַ פאַרגלייך צווישן די לאַ-באָראַנטן אין די ווייסע כאַלאַטן און ווייסע שטייַפיקע קראַגנס און זיין אייגענעם בילד אין גרויסן שפּיגל פונעם וואַש-טיש.

איינגעפאלענע באַקן, אַ פאַרוואַקסענער, רויטער פון פראָסט פּאָנעם, אַן אַלט מיליטערישן היטל, אַרום האַלדז א רויטער וואָ-לענער שאַל, אַ צעריסענע, פאַרפלעקטע פון זשאַווער און אייל

שינעל, גרויסע שטיוול,—דאָס איז געווען ערנסט זוקראָוו, סטוד. כעם...

„ארבעט איז ניט קיין שאַנדע".

ווער האָט דאָס אים איינגעשמועסט?—יאָ, ריכטיק, „זי", די שיינע פאבריקאנטנטאָכטער. ער האָט זיך דערמאָנט די ווערטער פון רוקערסן וועגן דעם עקל, וואָס די בורזשויען פילן בענוגייע צו די שמוציקע ארבעטער. געוויס ווייס זי, וואָס דאַרשנט אַזוי שיין, אויך אנטלויפן פון אים. „באַם אופבוי מוז יעדערער אף זיין פּלאַץ מיטהעלפן", האָט זי געזאָגט.

יעדערער אַף זיין פּלאַץ! צי איז די קופּע מיסט און שלאק זיין פּלאַץ?—איר איז גוט צו ריידן, זיצנדיק אין דער ווארעם-קייט, קיינער וועט די האָזע ניט האָבן צו פאַרלייגן איר אויעלכע שמוציקע ארבעט.

ער האָט זיך פּלוצלונג דערשראָקן פאר זיך אליין. פון זיין אונטערבאוווסטזיין איז ארויסגעשוווּמען אַ פראַזע פון זיין אוני-ווערסיטעט-פּראָפעסער:

„די קינע פון די אָרעמע איז אַנאַלאָגיש צו דער כאיעטער קינע פאַרן פרעס-סטאָפּ. און מע קען זי טרעפן אין איר פולקומער פאָרמע נאָר בא די אונטערשטע שיכטן פונעם פּראָלעטאַריאַט".

איז ער שוין אזוי טיף אראָפּגעזונקען? האָט אים זיין לעבן מיט די ארבעטער אזוי טיף אראָפּגעשטויסן?

די טיר האָט זיך פּלוצלונג אָן עפן געטאָן. פאַר אים איז גע-שטאַנען די באקאנטע פון אויסזען פעסטע פיגור פונעם די-רעקטער.

„וואָס פארלאַנגט איר?"

האַרט און מעסערשארף איז ארויס דער זאַץ פון מויל פון אַן עמעסער רויב-כאיע. באגריסן זיך מיטן שמוציקן זאַוואָדישן פּראָ-לעטאריער האָט מען נאַטירלעך ניט געדארפט. זוקראָוו האָט אין דער קורצער צייט, וואָס ער האָט געארבעט אין זאַוואָד, גענוג געהאַט אויסצושטיין דערנידערונגען. זיין פילאָזאָפיע וועגן די „אַדעליקע פון ארבעט", וועגן דעם, אז עס קומט אָן „אַ נייע צייט, ווען מע וועט בעסער אָפּשאַצן די ארבעטער" און דער

באַוווּסטזיין, אַז ער שטעלט דאָך מיט זיך פאָר „עפּעס בעסערס“, האָבן אים געהאָלפן אַראָפּשלינגען דידאַקטישע דערנידערונגען. ניט געקוקט אַף דעם, איז זיין ענטפער געווען גאָר ניט גאַנץ אָן כוצפּע.

„איך וויל גאַרניט. מע האָט מיך אַהער גערופן“.

ד״ר גרעל האָט אים אָנגעקוקט אַ פאַרכידעשטער. „אַהער גערופן? האַ, איר זייט דאָס דער זוקראָוו פונעם שטאָל-זאַוואָד? אַזוי, איר האָט דאָך דאָס געקאָנט זאָגן, אַנטשולדיקט, וואָס מע האָט אייך ניט פאַרגעלייגט קיין שטול. זיצט. איר האָט, הייסט דאָס, שטודירט כעמיע?“

זוקראָוו איז געוואָרן רויט און האָט זיך פאַרשעמט ווי אַ יונגע מיידל.

„הם, דריי סעמעסטער, דאָס איז ניט קיין סאַך. און איצט שלעפּט איר שלאַק בײַם מאַרטען-אויוון? ווי געפעלט אייך דאָס?“

אינעם טאָן און אין דער מינע פונעם זאַוואָד-פּראָוואַלטער איז געווען עפּעס אַזוינס, וואָס זוקראָוו האָט גיך געקאָנט דעפינירן, אָבער וואָס האָט אים צעדרייצט. וואָס וויל דערדאָזיקער טיפּישער בורזשוי, באַפרידיקן זיין נייגעריקייט אָדער גאָר אָפּלאַכן פון אים? צונויפנעמענדיק זיינע אַלע קרעפטן אַף צו באַהערשן זיך, האָט ער געענטפערט:

„איך בין געקומען אייגנטלעך אַהער, קעדיי צו ווערן אַ קוילן-האַקער. אין בערלין וויסנדיק האָב איך געהערט, אַז אין רור-געביט פעלן אויס שפּעציאַרן. דאָ האָב איך זיך דערוווּסט, גאָר עפּעס אַנדערש. מע האָט מיך ניט אָנגענומען אַפילע אַף כאַג-אַרבעט. און ווייל מיר האָט אויסגעפעלט געלט אַף פאָרן צוריק, בין איך געווען געצווּנגען צו שטעלן זיך אַרבעטן בײַ שוואַרצע אַרבעט. איך האָב צו זיך געזאָגט: „אַרבעט איז ניט קיין שאַנדע“.

ד״ר גרעל האָט אים געשטעלט נאָך אייניקע פראַגן און זוקראָוו האָט זיך שוין געקליבן צו פרעגן צוליב וואָס איז דערדאָזיקער געקומען. נאָך דער דירעקטער האָט אים קלאָר געמאַכט די לאַגע פרעגנדיק: „צי ווילט איר ניט בעסער אַרבעטן דאָ אין לאַבאָראַטאָריע?“

דער יונגער מענטש האָט געמאַכט אזא מינע, אַז יענער האָט געקאָנט דאָס אָנעמען פאַר אַן אָפּזאָג.

„אויב איר ווילט בלייבן בײַ די וואַקאַנסיעס, האָב איך נאַטירלעך אויך גאָרניט קעגן דעם, איך האָב נאָר געמיינט, אַז אייך, אַ געבילדעטן מענטשן, וועט דאָס זיין אנגענעמער, איר וואָלט דאָ געהאַט די בעסטע מעגלעכקייט זיך ווייטער צו בילדן".

„אנטשולדיקט, הער דירעקטער, עס האָט מיך נאַטירלעך נאָר אַביסל איבעראשט..."

„הייסט דאָס איינשטימיק? גוט! קומט אַהער מאָרגן האַלב אַכט. פאַרשטייט זיך איר מוזט אביסל אנדערש זיך אָנטאָן. איר האָט דאָך אַן אַנדער אנצוג? פאָרלויפיק וועל איך אייך געבן 700 מאַרק א כוידעש, און דערווייל, אַ גוטן!"

דאָס אלץ איז פאָרגעקומען אזוי פלוצלינג, אז ער איז צוריקגעקומען צו דער אַרבעט אינגאַנצן א צומישטער. נאָר ביסלעכווייז האָט ער באַנומען וואָס איז געשען און איז געוואָרן מאָליי סימכע. „מע מוז האָבן גליק", האָט ער מיט צופרידנהייט געטראַכט, „און זיין אויסגעהאַלטן און גלויבן אין די אייגענע קרעפטן", האָט ער נאָך צוגעגעבן. מיט היספּײַלעס האָט ער פאַרענדיקט זיין ארבעט. בײַ אַזאַ שטימונג האָט ער געמוזט עמיצן האָבן מיט וועמען ער זאָל זיך קאָנען טיילן. גראַטע איז נאָך ניט געווען אינדערהיים. און דעריבער איז ער אוועק צו רוקערטן. יענער האָט זיך גראדע געוואשן אין קיך רויכערנדיק זיין ליולקע.

„נו, דו שײַנסט אַזוי, ווי דו וואָלסט געהאַט געוווּנען דעם גרויסן געווינס", האָט ער באַגריסט דעם יונגן מאַן.

„עפּעס ענלעכעס איז טאַקע געשען", האָט מיט צופרידנהייט געטראַכט זוקראַוו און דערציילט וואָס איז פאָרגעקומען. צו זיין גרויסער איבעראַשונג האָט רוקערט גאָרניט געזאָגט וועגן דעם און האָט נאָר ארויסגעלאָזן גרויסע רויך-וואָלקנס פון זיין ליולקע, ווי ער פלעגט אלעמאָל טאָן, ווען אין זיין גרויסן שאַרבן פלעגן ארומשפּרינגען געדאנקען.

„און דו זאָגסט גאָרניט צו דעם?" איז מיט אומגעדולד צו־
געשטאַנען דער גאַסט.

„וואָס זאָל איך צו דעם זאָגן? וואָס וועט איצט ווערן פון דיין
קוילן־פּיקן און פון דיין אויפבוי־אַרבעט?"

זוקראָוו האָט זיך באַליידיקט. „מע קאָן העלפן בויען ניט נאָר
גראָבנדיק קוילן אָדער שלעפּנדיק די מיסט־וואַגאָנעטקעס. איך
ווייס ניט, וואָס פאַר אַ פאַרשטעלונג איר האָט וועגן אַ זאַוואָדי־
שע לאַבאָראַטאָריע. לאָמיר נעמען די פראַגע וועגן ברען־שטאָף.
אין לאַבאָראַטאָריע ווערן קוילן, הייץ־גאַזן און אנדערע שטאָפן
אונטערזוכט וועגן זייער הייץ־ווערט און לויט די רעזולטאַטן
ווערן זיי אויסגענוצט. דורך אַ ראַציאָנעלע וואַרעמקייט־טעכניק
שפּאָרט מען איין אומגעהויערע קוואַנטומס קוילן".

עס האָט זיך שוין ווידער געהערט דער יונגער אַקאַדעמיקער,
וואָס האָט פון דער הויך פון זיין בילדונג־טורעם געלערנט אַנ־
דערע. רוקערס האָט געבורטשעט אַן אומצופרידענער.

„נו, גיי אונטערזוך. עפּשער וועט איר אַמאָל ברענגען דערצו,
אַז די קוילן־גראָבער וועלן קאָנען בלייבן אינגאַנצן אינדערהיים".

ווען ער האָט אָבער באַמערקט דעם צווייטנס אומגליקלעכן
פּנים, האָט ער צוגעגעבן.

„נעם ניט פאַר אומגוט, וואָס איך גיב דיר אַזאַ נאַרישן ענט־
פער, איך האָב היינט גענוג סיבעס אַף צו זיין אויפגערעגט". און
ער האָט אים דערציילט, וואָס איז פאָרגעקומען אַף דער שאַכטע
„בעאַטע", ווען עס האָט געדאַרפט אַרויספאָרן די אינדערפריִעדי־
קע וואַכטע.

ניט געקוקט אַף דער פאַראָרדענונג פון דער שאַכטע־פּאַרוואַל־
טונג וועגן אָפּאַרבעטן אַ האַלבע איבערוואַכטע, האָבן די באַרג־
אַרבעטער געצוואונגען מע זאָל זיי נאָך זיבן שאַ אַרבעט אַרויס־
פירן פון דער שאַכטע. לויט דער פאַראָרדענונג פון דעם דירעק־
טער, וועלכער האָט אוועקגעשיקט דעם מאַשיניסט, איז די ווינדע
מיט די מענטשן געבליבן הייגנען אין מיטן וועג. די אַרבעטער,
וואָס זיינען שוין געווען אויבן, האָבן ניט געקאָנט העלפן זייערע
כאַווערים, ווייל אָן דעם מאַשיניסט האָבן זיי מוירע געהאַט צו

פּשעפּען די ווינדע, קעדייַ ניט אָנצומאַכן קיין אומגליק. אָנדערט-האַלבן שאָ זיינען די ארבעטער געבליבן הענגען אין זייערע דינע ארבעט-קליידער אפן צוג-ווינט אין דער שאַכטע. ווען זיי זיינען שוין ארוף אויבן, האָט דער דירעקטער זיך שוין פארזאָרגט מיט פּאָליציי. אַלס פּראָטעסט האָבן אלע ארבעטער פון דער שאַכ-טע פארשפּרייקט.

„דאָס זיינען די פיל געריִמטע פרייהייטן אין דערדאָזיקער פיל געלויבטער רעפּובליק. מע האַלט שוין ארבעטער מיט געוואַלט אין דער שאַכטע", האָט פארענדיקט רוקערס זיין באריכט.

„דאָס איז בעעמעס אומדערהערט, דאָס איז אן אטענטאט אף פערזענלעכער פרייהייט און אף דעם פּוז מען זיך קלאָגן פארן געריכט", האָט זוקראָוו געזאָגט אן אופגערעגטער.

דער בארגארבעטער האָט מיט איראָניע זיך פאנאנדערגעלאַכט. „צי שמועסט דו זיך איין, אז וועלכער ניט איז דייטשישער ריכ-טער וועט פארמישפּטן דעם הער דירעקטער בוכטענקירכנער פאַר אַן אַטענטאט אף דער פערזענלעכער פרייהייט? די האַנד-לונג פון דער פּאָליציי ווייזט דאָך שוין פאָרויס אף וועמענס זייט וועט שטיין די מעלוכע-מאַכט. א פארזאַמלונג פון די שטרייקנ-דיקע האָט די פּאָליציי טייקעף פאנאנדערגעטריבן. דאָס איז אויך אַ פאַרברעכן קעגן דעם געזעץ וועגן קאָאַליציע-רעכט, אָבער וואָס קומט פון דעם ארויס?"

„יע, אָבער דער פּראָפארייז, וואָס זאָגט ער צו דעם," האָט געפרעגט זוקראָוו אויסער זיך.

„איך גיי באלד אף אַ זיצונג פון די שאַכטע-דעלעגאטן, אָבער פון דעם וועט אויסער אַ שיינע רעזאָלוציע גאָרניט ארויסקומען. ריזע האָט שוין טעלעפאָנירט, אַז זיי וועלן אף קיין פאַל ניט סאנקציאָנירן קיין סאָלידאַריטעט-שטרייק, ווייל דער פאריין האָט אָנגענומען דעם אָפּמאַך וועגן איבערשאָען און די קוילן-גרעבער זיינען דעריבער געווען אומגערעכט. דאָס איז ביכלאַל ניט ריכ-טיק, ווייל אין דער „בעאַטע", זיינען די מערהייט שאכטיאָרן מיטגלידער פון דער „אוניאָן", וואָס האָט ניט גענומען קיין אנ-טייל אין די אונטערהאנדלונגען.

„דאָס איז אַלץ איינס אַן אַטענטאַט אַף דער פּערזענלעכער פֿרייהייט, דאָס טאָר ניט דערלאָזן ווערן".

„וועסטו, אַפילע דו באַגרייפֿן דאָס," האָט אַ דריטער געטאָן רוקערס, אָנטוענדיק דעם רעקל.

קיינער איז מער ניט געווען אין דערהיים און דעריבער איז זוקראַו מיטגעגאַנגען, קעדיי אַ קוק צו טאָן אַף דער באַזעצטער שאַכטע. עס איז שוין געווען טונקל, ווען ער איז געקומען צו דער ראַטינגער גאַס. אומעטום זיינען געשטאַנען קליינע גרופּעס שאַכטיאָרן, אַנדערע שווייגנדיקע און אַנדערע דיסקוטירנדיק ליידנשאַפֿטלעך. אַ טייל פֿון די געשעפֿטן זיינען געווען צוגע-מאַכט. פֿון דער זיכערהייט-פּאָליציי („זיפּאָ"), פֿיר מאַן מיט ביקסן און קוילן-וואַרפֿער, האָבן זיך געמאַכט אַ וועג דורך דעם המ-וין, גייענדיק אין מיטן גאַס. די קוילן-גרעבער האָבן לאַנגזאַם אָפּגעטראָטן זיי דעם וועג. אויגן פֿול מיט האַס און שטילע אי-ראָנישע אויסרופֿן האָבן זיי באַגלייט. דער אַריינגאַנג צו דער „טאָנהאַלע" איז געווען פֿאַרשפּאַרט דורך אַ טאָפּעלע קייט „גרינע" *).

„וואָס קומט דאָ פֿאַר אינעווייניק?" האָט זוקראַו אַ פֿרעג געטאָן בײַ איינעם פֿון די שאַכטיאָרן, וואָס זיינען דערביי גע-שטאַנען.

„טראָגט זיך אָפּ פֿון דאַנען! העצט דאָ ניט אויף די מענטשן!" האָט אַרויסגעקרייט פּלוצלונג הינטער אים אַ קאָל. אינדערזעלבער צייט האָט ער געכאַפּט אַזאַ שטויס, אַז ער איז אַרופֿגעשפּרונגען אַף אַ סלופּ פֿון אַ לאַמטערן.

אין דער ליכט-גאַס, ווו עס איז געווען די געביידע פֿון דער שאַכטע „בעאַטע", האָט זיך אים אַנטקעגן געטראָגן אַן אופגע-רעגטער המוין, וואָס האָט פֿאַרנומען די גאַנצע ברייט פֿון דער גאַס. עס האָבן זיך געהערט געשרייען און געחאַלדן, ערגעץ ווו האָט אַ קלונג געטאָן אַ צעבראָכענע שויב. ער האָט זיך אַריינגע-רוקט אין אַ פֿירהויז, קעדיי ניט מיטגעשלעפּט צו ווערן דורכן

*) די זיכערהייט-פּאָליציי („זיפּאָ") אין דייטשלאַנד טראָגט גרינע מונדירן, דע-ריבער רופֿט מען זיי „גרינע". דער איבערזעצער.

שטראָם אַנטלויפנדיקע. די סיבע פון דער פּאַניק זיינען געווען 6 רייטער-„זיפּא". הינטער זיי אַ טאָפּעלע קיים פון פּוסגייער-פּאָ-ליציי מיט אויפגעשטעלטע באַגנעטן. פּלוצלינג אַ האַרטער קאָל:
„די גאַס פריי!"
„בלוט-הינט! בלוט-הינט!" האָט זיך אָפּגערופן אין דעם שמאָלן געסל.
די רייטער האָבן אַ קלאַפּ געטאָן מיט די שפּאָרן זייערע פערד און אויפגעהויבן זיי קעגן דער מאַסע.
אין שיין פון די לאַמטערנעס האָבן געבליצט די קלינגלעך פון די שווערדן. ווילדע געשרייען האָבן געוויזן די געטראָפענע. טונ-קעלע הייפלעך האָבן זיך געקייקלט אונטער די פּאָדקעוועס פון פערד.
בעיס די פּאָדערשטע האָבן אומזיסט געזוכט שוץ פון די שווערדן און פּאָדקעוועס, האָבן די הינטערשטע געשטויסן פּאָרויס מיט אַ ווילדער צולאַכעס.
„שטיין בלייבן! ניט אַנטלויפן, קוילן-גרעבער!"
פּלוצלינג אַ געשריי פון פרייד. אַ פערד האָט זיך אויסגע-גליטשט, געפאַלן און הינטער זיך באַגראָבן דעם רייטער. אַ שווע-רער שטיוול פון אַ באַרג-אַרבעטער האָט עטלעכע מאָל אַ זעץ געטאָן דעם הילפלאָזן אין הענט, וואָס האָט נאָך געהאַלטן דעם שווערד.
„בלוטיקער הונט,—מערדער,—קאַפּיטאַליסטן-קנעכט!"
איצטער האָבן זיך אַ לאָז געטאָן די פּוסגייער-פּאָליציי. דער האַמוין איז צעשוומען געוואָרן פאַר דעם קאַלטן שטאָל פון די באַגנעטן. עס האָבן אַ קנאַק געטאָן עטלעכע שאָסן.
זוקראָוו האָט געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער. ער האָט שוין דורכגעמאַכט אין די יאַנואַר טעג 1919 צוזאַמענשטויסן אין די בערלינער גאַסן. דאָרטן האָט מען אויך געשאָסן, אָבער פוןביידע זייטן. דאָ זיינען געווען אומבאַהאָלפענע אַרבעטער, וועלכע האָבן קיין זאַך ניט פאַרלאַנגט, נאָר אויסנוצן זייער געזעצלעכע רעכט אַף קאָאַליציע-פרייהייט.
דער געזעץ און קאָנסטיטוציע! עבערט האָט זיי צונישט גע-

מאַכט מיטן פּאַראַגראַף 48. א קויל פון א קליינעם קאַליבער האָט מער שלאַג-לאָגיק ווי אַלע פּאַפּירן,—האָט אַנומעלט געזאָגט גראַ-טע. דאָס האָט מען דאָ געזען. די זיכערהייט-סאָלדאטן האָבן דאָס געוויזן אין דער פּראַקטיק, פּאַנאַנדערטרייבנדיק דעם אוילאָם. זיי האָבן אויך געשלאָגן און געפּייניקט די, וואָס זיינען געלעגן אפן ברוק, מע האָט נאָכגעיאָגט די אַנטלויפנדיקע אין די הייזער אריין.

באַם אויסרייניקן דאָס פּירהויז, ווו זוקראָוו האָט זיך באַהאַלטן, האָבן זיך אָפּגעשפּילט באַזונדער ברוטאלע סצענעס. מיט די פויסטן און קאָלבעס האָט מען די מענטשן אַרויסגעטריבן אַף דער גאַס. א פּאָליציאַנט האָט פאַרדרייט איינעם מיט א קינסטלעכער פוס די הענט אַף הינטן, האָט אים אַ זעץ געטאָן אַ פּאָר מאָל מיטן קני אין קרייץ, אַזוי, אַז דער קאַליקער איז געפאַלן.

„פּע, דו כאַזערשער הונט, אַ קאַליקן פייניקן!“ -

אַן אויסגעצויגענע פרויען-האַנט האָט געמאַכט צוויי ברייטע באַוועגונגען. צוויי הילכיקע פּעטש האָבן זיך אַריינגעשניטן אינעם פּאַנעם פון דעם צעמישט געוואָרענעם אָרדנונג-היטער.

צו זיין איבעראַשונג האָט זוקראָוו דערקענט אין דער פרוי מערי רוקערס.

„מערי, איר זייט דאָ? קומט אוועק, זאָל גאָט אָפּהיטן, מע שיסט דאָ“. אינסטינקטיוו האָט ער זי א נעם געטאָן אונטערן האַנט און האָט זי אַוועקגעצויגן אין א זייטיקן געסל.

„ווי אזוי קומט איר אהער אין טומל“, האָט ער געפרעגט, ווען זיי זיינען שוין אַרויס פון געפאַר.

„יעדנפאַלס ניט אַנדערש ווי איר, דאָס הייסט, איך גיי פון געשעפט“, האָט זי געענטפערט קוים אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם. זוקראָוו, וועלכער האָט זי נאָך אלץ געהאַלטן אונטערן האַנט, האָט געפילט ווי זי ציטערט.

„איר פליט דאָך בוכשטעבלעך“, האָט ער געזאָגט, אָנעמענדיק זי פאַרן האַנט. אין דער אַנדערער האָט ער געהאלטן איר צע-קנייטשט היטעלע. אונטערן שיין פון דער לאַמטערן, מיט די צע-

לאָזונגע האָר. צערויטלטע באַקן און גלאַנצנדיקע אויגן האָט ער פּלוצלינג דערזעען, אַז זי איז זייער שיין.

„זאָל מען זיך ניט אופּרעגן, ווען מען זעט אַזעלכע נידער-טרעכטיקייטן קעגן שוצלאָזע? זיינען די דאָזיקע העלדן אין דער מילכאָמע אויך געווען אַזוי דרייסט? ער האָט כאַטש געכאַפּט א פּאָר נישקאָשעדיקע פּעטש".

„פאַר אייגענע מענטשן איז יעדערער געהויבן צוויי פונט שווער", האָט זיך א ווייצל געטאָן זוקראָוו.

ביידע האָבן געלאַכט.

„און ווען דער „זיפּאַ" וואָלט אייך דערשאָסן?"

מערי האָט מיט פאַראכטונג געלאַכט. „איך וואָלט געווען ניט די ערשטע פרוי, מיט וועלכער דאָס פּאַסירט אין דער דאָזיקער וואונדערבאַרער רעפּובליק".

דערווייל זיינען זיי דערגאַנגען צו דער ראַטינגער גאַס.

„זאָל איך אייך באַגלייטן אַהיים?" האָט ער געפרעגט.

„אויב דער וועג צו אונדז וועט פאַר אייך ניט זיין צו שמו-ציק? אָבער ניט אַזוי", און האָט מיט אן ענערגישער באַוועגונג אַרויסגענומען איר האַנט פון זיינער.

ער איז געגאַנגען מיט איר און האָט איר דערציילט, וואָס ער האָט געהערט פון איר פאָטער. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי איז געווען פּאָליטיש וועגן אַלץ גוט אינפאָרמירט. אין דערהיים איז זי געווען שטעטוודיק, אָבער דאָ אַפן גאַס האָט זי פריי גע-פלוידערט מיט איר מעלאָדישן ריינישן דיאַלעקט. ווען דער יונ-גער מאַן האָט איר דערציילט וועגן דער ענדערונג, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין זיין ארבעט, האָט זי אים גראַטולירט, פון וואָס ער איז געווען זייער צופרידן.

„איך האָב זיך די גאַנצע צייט געוואונדערט, וואָס איר האַלט אויס די ארבעט. עס איז אייך געוויס שווער געווען, ווייל איר זיים דאָך ניט געוויינט", האָט זי געזאָגט מיט א מיטגעפיל.

„איך האָב קיין אַנדער ברירע ניט געהאַט—און איך האָב דאָס געוואָלט, ווייל איך האָב געמוזט! אָבער אייך קאָן איך דאָס זאָגן, אָפּטמאָל איז דאָס מיר געקראָכן פון האַלדז", האָט ער גע-

ענטפערט ערלעך. „קוידעם קאָל בין איך גליקלעך, וואָס איך וועל קאָנען ווידער אַרבעטן בא כעמיע. ווען איך וועל אַמאָל קענען ווייטער זיך לערנען, וועט מיר דידאַקטיק פּראַקטיק זייער פיל נוצן ברענגען".

„וועט איר צו אונדז אין האסדרובאל שוין זייער זעלטן קומען", האָט זי באמערקט.

„פאַרוואָס מיינט איר?"

„נו, עס מוז דאָך אַזוי זיין, די לאַגע אייערע בייט זיך, איר וועט האָבן באַציונגען מיט אייער גלייכן און..."

„און איך וועל זיך דאַן שעמען פאַר אייער גלייכן, וואָס?— מערי, האַלט איר מיך פאַר אזא באגרענעצטן מענטשן? איך וועל זיין גליקלעך, ווען איך וועל קאָנען ווייטער צו אייך אַריינגיין, ביז נאָך פון דאַנקבארקייט צו אייער פאָטער און מוטער, וועלכע האָבן מיך—א ווילד־פרעמדן מענטשן—אויפגענומען ווי אַן אייגענעם זון, די שיינע אָוונטן, וואָס איך האָב פאַרבראַכט בא אייך, זיינען געוועזן ליכטשטראַלן אין מיין לעבן. איר וועט מיר גלויבן?"— ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, אָנגענומען איר האַנט און געקוקט אויף איר.

„אז איר זאָגט אזוי, מוז איך גלויבן", האָט זי געשמייכלט.

„איבערהויפּט איז מיר אייער געזעלשאַפט געוואָרן זייער ליב, איך וואָלט זייער גערן געקומען צו אייך אָפטער", האָט ער פאַרגעזעצט.

„פאַר וואָס זשע קומט איר איצט אזוי זעלטן?"

זוקראָוו האָט אַ זיפץ געטאָן. „איך וויל ניט זיין אומבאשיידן. זיי ניט קיין אָפטער גאַסט בא דיינע פריינט אין הויז, זיי זאָלן דיך ניט פיינט קריגן, האָט געזאָגט שלויטע המעלעך, אָבער ווען איך וואָלט געקאָנט אייך זען אָוונט פון געשעפט..."

„דאַן מוז איך גלייך אַהיים גיין", האָט זי אים איבערגעריסן.

„אָבער זונטיק?"

אַ ווײַלע האָט זי געשוויגן, פאַרפּלאָנדיק די אויגן. איז ער צו ווייט אוועק, האָט זי זיך באַליידיקט? „זונטיק מוז איך אָפּשפּעטסטן 9 אַ זייגער זיין אינדערהיים". האָט זי שטיל געזאָגט.

„איר זייט דאָך שוין איבער צוואַנציק, איז אייער פּאַטער אַזוי שטריינג?"

„יע, יע, ער איז...", האָט זי געזאָגט נאָך שטילער.

„אויב אַזוי קאָנען מיר אַמאָל נאָך מיטאָג אַביסל שפּאַצירן, דעם נאָענטסטן זונטיק?"—

„אויב איר ווילט", האָט זי געענטפערט און אים באַטראַכט בישטיקע פון דער זייט.

## 5. קאַפּיטל

אין אינדוסטריעלן געביט האָט יעדערער געפילט: אין דער לופטן טראָגט זיך עפּעס ווידער.

די דערנערונג-שוועריקייטן האָבן זיך פאַרגרעסערט. אָפטמאָל פלעגט מען אַפילע אויף די קאַרטן ניט אַרויסגעבן קיין פּראָ-דוקטן. ווידער האָט מען אַרויסגעגעבן, ווי אין לעצטן מילכאָמע-יאָר, הערינג אַנשטאָט פלייש, קונסט-האָניק אַנשטאָט פעטס און דגל. די צאָל פּוילישע אַרבעטער האָט געוואַקסן, דאָס האָט אַרויסגערופן אַ גערייצטע שטימונג.

די קרעמער האָבן בעוידלט די קאַרטן-סיסטעם און די צוואַנג-ווירטשאַפט. „אין פרייען האנדל איז אַלץ פאַראַן איבערגענוג", האָבן נאָכגעפּלאַפּלט נאָך די קרעמער אייניקע אַרבעטער און, נאַטירלעך, די פרויען. אַנדערע אַרבעטער האָבן געוואָרפן די שולד אויף די קרעמער, וועלכע האָבן אונטערן „פרייען האַנדל" פאַרשטאַנען פרייע ספּעקוליאַציע. אין פרייען האַנדל האָט מען געקאָנט קריגן אַלץ, וואָס דאָס האַרץ בעלוסט. און באַרניט היבטן אַרום, נאָר אָפן, פאַר די אויגן פון דער מאַכט. דידאָזיקע סכוירעס האָבן געהייסן „אויסלאַנד-סכוירעס", און פאַרקויפט האָט מען זיי פאַר אַפּטייק-פּרייזן. די מאַכט האָט גאָרניט געטאָן אויף צו האַ-מעווען די ספּעקוליאַציע. און פלעגט מען אַמאָל יע כאַפּן אַ גרע-סערן שמוגל, ווי יענע שיף מיט קאַווע, וואָס האָט געזאָלט אי-בערגעשמוגלט ווערן אין אָקופּירטן געביט, פלעגט מען די סכוי-רע ניט קאָנפיסקירן, נאָר אָפּצאָלן די ספּעקוליאַנטן דעם געוויינ-

לעכן פרייז, מעזומען געלט. ווען באשטראָפן איז גאָר קיין רייד ניט געווען.

די יעדיעס פון אויסלאַנד האָבן נאָך מער פארגרעסערט די פארביטערונג. אין ארגענטינע האָט מען נעהייצט די לאָקאָמאָטיוון מיט ווייץ, און אין בראַזיליע האָט מען געשאָטן קאווע אין יאַם אריין. מענטשן, וואָס פלעגן קומען פון שכיינעסדיקן האָלאַנד, פלעגן דערציילן, אַז דאָרטן ווערט פארפוילט אַ מאַסע פלייש און גרינס, ווייל בײַ אַ קורס פון אַכצן מאַרק אַ גולדן האָבן די דייטשן ניט געקאָנט אָפּצאָלן אַפילו די פראכט-קאָסטן. און האָלאַנד האָט זיך בוכשטעבלעך געשטיקט אין אַ יאַם דייטשישע פּאַפּיר-געלט.

און די רעגירונג, וואָס איז געווען אַזוי מילד צו די שמוגלער און ספעקוליאנטן, האָט דערפאר ארויסגעוויזן אַן אַכזאָריעסדיקע שטרייננקייט צו די אַרבעטער. דער אָסמאָך ווען איבערשאָען האָט ארויסגערופן אַ שטרייק-באוועגונג צווישן די באַרג-ארבעטער. צוליב דעם וואָקסנדיקן יאַקיפעס האָבן זיך פאנאנדערגעפלאַקערט לוין-קאמפן. אין באָטראָפּ האבן געשטרייקט די טראַמוויי-אַרבעטער, אין גלאדבאך די טעקסטיל-ארבעטער. אין דיסלדאָרף די בוכדרוקער! אין גאנצן לאַנד זיינען די ארבעטער געקומען אין באוועגונג—אַפילו אין אַקופירטן סאאר-געביט האָבן פאר-שטרייקט די אַרבעטער פון די דאָמנעס. אומעטום האָט די רע-גירונג אויסגענוצט איר גאנצן מאַכט-אפּאַראַט: פּאָליציי, מיליטער און יוסטיץ, קעדיי צו דערשטיקן די באוועגונג. באזונדער זיינען די ארבעטער געווען פארביטערט אַף די „טעכנישע נויט-הילף" *), וואָס פלעגט אויסגענוצט ווערן ניט נאָר אין די אונטערנעמונגען, וואָס האָבן געטראָגן אַ געזעלשאפטלעך-נויטווענדיקן כאראקטער, די פּראָוואָקאַציע פון די אונטערנעמער איז דעמאַסקירט געוואָרן.

די פּראָפּאריינען פלעגן דערקלערן פינף און ניינציק פּראָצענט פון אַלע שטרייקן פאר „ווילדע" און אַפילו די עטלעכע שטרייקן, וואָס זיי פלעגן יע אנערקענען, פלעגן זיך פארענדיקן מיט אַ

*) א שטרייקברעכערישע מעלוכע-אָרגאניזאציע, וואס נאסקע האט געשאפן. דער איבערזעצער.

פוילן ארביטראזש-קאמפראמיס. די ארבעטער פלעגן דעריבער פארלאזן מאסנווייז די פארבאנדן, פלעגן ווערן גלייכגילטיק אדער טלעגן אריינטרעטן אין דער „אוניאן" *). דאס פלעגן די פראפעס־ריינישע פירער אויסנוצן פאר אן ארגומענט אף ניט צו דערלאזן צו קיין קאמפן, ווייל די צאל ניט ארגאניזירטע איז צו גרויס. צו דעם אלעמען האט מיט דער גאנצער שווערי־קייט געדריקט דעם פראלעטאריאט דער באלאגערונג-צושטאנד מיט פארבאטן פארזאמלונגען און פרעסע און די אדמיניסטרא־טיווע ארעסטן.

„נאסקע"!

דערדאזיקער נאמען איז געווארן דער סימבאל פון די אלע גוואלט-טאטן און אומרעכטן, וואס זיינען באגאנגען געווארן קעגן די ארבעטער.

„נאסקע-בייסט", „נאסקע-רעזשים", „נאסקע-מענטש", „נאסקע־מעטאדן". די בערגארבעטער פלעגן זייערע הינט געבן א נאמען נאך אים.

פארן בירגערטום, וואס האט געלעכצט נאך „רו און ארדע־נונג", איז נאסקע געווען „דער איינציקער בארדאעס" אין דער צעקראכענער רעגירונג. אונטערן שוץ פון זיינע הארטע פויסטן האט מען געקאנט ווידער רויק מאכן געשעפטן. די פראפיטן זיינען געשפרונגען אין דער הויך. די אאכענער לעדער-פאבריק האט געגעבן נאכן ליקווידירן די לעדער-צוואנג-ווירטשאפט פערציק פראצענט דיווידענט. צוזאמען מיט די פארשיידענע בוכהאלטערישע אפשרייבונגען איז געווען די גאנצע הונדערט. די קליינע פלאט־קעלעך האבן אויך גוט פארדינט! אין דיסלדארף און אין עסען, אין דויסבורג און דארטמונד—אומעטום זיינען געווען פאראזיטן פון שמוכל-האנדל, וואס האבן ארומגעכאפט מיט זייערע זויג־פינגער דעם גאנצן אינדוסטריעלן געביט. קיינער האט ניט גע־קאנט אפזאגן זיך פון צאלן זיי שטייערן. און צוליב דעם פלעגט יעדערער, ווער עס האט נאר געהאט די קלענסטע מעגלעכקייט,

*) א סינדיקאליסטישער פראפאריין.—דער איבערזעצער.

זיך באַמיט פּלייסיק מיטאַרבעטן באַ דעמראָזיקן האַנדל, פּונקט ווי בעיס דער מילכאָמע.

אַזוי גרינג ווי מע האָט פאַרדינט דאָס געלט, אַזוי גרינג פלעגט מען עס אויסגעבן. אין די באַרן און קנייפּעס, אונטער די גוט פאַרהאַנגענע פענצטער פלעגן יעדן אָוונט באַ ווײַן, פרויען און געזאַנג פליען גאַנצע פעקלעך באַנקנאָטן. און אַז עס פלעגן זיך צעוואַרעמען די געפילן, פלעגט די קאַפּעליע אָפּשפּילן: „דייטשלאַנד, דייטשלאַנד איבער אַלעס!" און דער עולם פלעגט מיט באַגײַסטערונג מיטזינגען.

און אין די שפּעטיקע שאָען, אַז מע פלעגט אָנהייבן צו שפּילן דעם „קיניג פרידריך", פלעגט שוין דער עולם ארויסגיין פון די קיילים.

„ניטאָ מער דער קאַמף-גייסט פון פראַנט!"

„אַוועק מיט די גלעזער פון טיש!"

„אָט איז אַ טויזנטער!"

„קעלנער, דערלאַנג סעקט!"

אַלע פלעגן אין איין קאָל ווילד רעווען און קלאַפּן מיט די הענט און פיס. נאָך און ווי צו דעם, וואָס האָט זיך טייקעף ניט געשטעלט.

„קינדער, די גוטע אַלטע צייט זאָל לעבן!"

„נידער מיט ערצבערגן! נידער מיט דער יידן-רעגירונג!"

„מוזיק!"

„שלאָגט דעם הונט, דעם ווירט,
אַז דער שאַרבן זאָל פּלאַצן,
דערשיסט דעם וואַלטער ראַטענאַו,—
דעם פאַרפלוכטן כאַזער-ייד!"

„וואָס ווילן די קלאָווים? — אַרויסגעגעבן אונדזער קייסער! — אונדזערע גענעראַלן! — זיי וועלן נאָך קומען צוריק! — מיר וועלן זיי נאָך געבן פעפער שמעקן! — יע, די שוואַרצע שאַנדע דויערט שוין צו לאַנג. — איך וועל נאָך אויך דאַרשן זײַן! — צעקראַכענע רעגירונג!"

און די געשרייען פלעגן דונערן, ווי די קלינגערייַ פון שווערדן, ווי דער גערויש פון כוואַליעס...

„וואָס פאַרלאַנגען די קוילנגרעבער? — זאָלן זיי האַלטן דעם פיסק און ארבעטן איבערשאָען. — דער איינציקער שולדיקער פונעם יאַקרעס איז דער 8-שאַיקער ארבעט-טאָג! — נאָר די ארבעט קאָן אונדז ראַטעווען! — ווען זיי לענגער ארבעטן — וועלן זיי קאָנען צאָלן! — אלע שטרייקערס פארשמידן און די העצערס שטעלן צום ווענטל! — ווען גאַסקע וואָלט געקאָנט טאָן, וואָס ער וויל! — נוי לאַנג וועט דאָס אזוי שוין ניט דויערן, גיט אכטונג אין אַ שיינעם פרימאָרגן... מער וויל איך ניט ריידן!" — — —

* *
*

זינט ערנסט זוקראָוו האָט אָנגעהויבן צו ארבעטן אין דער לאבאָראטאָריע פון פלאשנערס שטאָל-זאַוואָד איז בא אים די פאָליטיק אוועק אין הינטערגרונט. זיין נייע ארבעט, צו וועלכער ער האָט זיך אָפגעגעבן מיט לייב און לעבן, האָט בא אים צוגענומען יין גאַנצן אינטערעס. פון דער פריערדיקער שווערער פיזישער ארבעט זיינען זיינע פינגער געוואָרן אומגעשיקט און אויך טעאָרעטיש האָט ער געמוזט אביסל אָפפרישן זיינע קענטעניש. ביז זשפעט אין דער נאָכט איז ער געזעסן איבער די ביכער, אזוי אז ער האָט ניט געהאַט קיין צייט ארייַנצוקומען צו רוקערסן.

ניט געקוקט אף דעם, האָט ער בא זיין ארבעט געהאט צו בייצוקומען אסאך שוועריקייטן. די מיטארבעטער זיינען אלע געווען ניט קיין אקאדעמיקער און דאָס האָט געבראכט דערצו, אז ער האָט שאָען לאַנג זיך געמאַטערט אליין, ניט וועלנדיק ווענדן זיך צו זיי נאָך הילף, ווען איין וואָרט וואָלט אים טייקעף ארופגעפירט אַפן וועג. ניט נאָר זיין שטאָלץ פון אַן אקאדעמיקער האָט אים געשטויסן צו דעם, נאָר די הויפט-זאַך דער אויפן, ווי דידאַזיקע האָבן זיך באַצויגן צו אים. מעגלעך, אז דאָס האָט געשאַפן זיין קרענקלעך ערע-געפיל, יעדנפאַלס האָט ער געהאַט דעם איינדרוק, אז די לאבאַראנטן, וואָס האָבן נאָר געהאט געענדיקט אַ פאַך-שול אָדער נאר אווטאָדידאקטיש באַקומען בילדונג, האָבן אין דער שטיל זיך לוסטיק געמאכט איבער דעם „שופליע-אקא-

דעמ־קער". ער האָט קיינמאָל ניט געהערט דעמדאָזיקן אויסדרוק
אָבער אים האָט זיך געדאכט, אז ער לייענט עס אף יעדן איינ-
ציקנס פּאָנעם. באזונדער דאָס, וואָס זיי פלעגן זיך האַלטן העכער
פון די ארבעטער, האגאם אַסאַך פון זיי האָבן אליין געשטאמט פון
אַרבעטער, האָט אים טיף געקרענקט.

פון אויסנאם איז געווען נאָר הער קראפט, א שטילער מענטש,
א פאַרווונדעטער אין דער מילכאָמע. און צו אים האָט ער זיך
דערנעענטערט. פון אים האָט ער אויך זיך דערוווסט דאָס, וואָס
ער האָט שוין פאַרגעפילט, אז אַ טייל פון די מיטאַרבעטער זיינען
מיטגלידער פון די נאַציאָנאליסטישע פאַרבאַנדן, פון דער "טעכ-
נישער נויט־הילף" און פון פאריינען, וואָס פלעגן נאָכמאלפעווען
די סטודענטישע אויסגעלאסענע זיטן. צוהערנדיק זיך צו די שמו-
עסן וועגן די געשעענישן אף דער שאכטע "בעאטע" און וועגן די
צוזאַמענשטויסן אף דער ליכט־גאַס, האָט ער שוין גלייך דעם
ערשטן טאָג דערקענט, אז דידאָזיקע מענטשן זיינען דורכויס רע-
אַקציאָנער און באציען זיך צו דער ארבעטערשאפט גאָר אנדערש,
ווי ער. און נאָך עפעס האָט ער זיך דערוווסט פון קראפטן: דאָס
געהאלט, וואָס ד"ר גרעל האָט אים באַשטימט, איז געווען מיט
קיילעכדיקע צוויי הונדערט מאַרק ווייניקער, ווי עס האָבן באקו-
מען אנדערע פאַר דערזעלבער ארבעט.

"דאָס פּאַסט פונקט פאַר אונדזער דאקטער", האָט געזאָגט
קראפט, "ער נוצט אויס יעדער מעגלעכקייט צו געבן איבערן
אויער די נייע מיטארבעטער. ווער עס פאַרשטייט ווי זיך צולעקן
צו אים,—און צו דעם מוז מען קוידעםקאָל זיין נאציאָנאליסטיש
געשטימט און אריינטרעטן אין די "טעכנישע נויט-הילף",—דער
באקומט אויך אַ הויסאָפע. זעט נאָר, מע וועט באַלד זיך ווענדן
אויך צו אייך וועגן דער "טעכנישער נויט-הילף".

"איר זייט אַ מיטגליד", האָט געפרעגט זוקראָוו אומרויק.

"איך פאַרוף זיך אַלצמאָל אף מיינע קריגס-ווונדן", האָט גע-
לאַכט קראפט. "אָבער איך בין טאַקע דאָ דער איינציקער אויסנאָם".

"וואָס זשע זאָל איך טאָן? אָפן גערעדט, דאָס איז מיר זייער
ניט סימפּאַטיש".

„צאָלט אייער מיטגליד-אָפּצאָל און מאַכט זיך ניט ווייכנדיק. ווען מע וועט אייך וועלן שיקן אין ערגעץ, מאַכט זיך קראַנק", האָט קראַפּט געזאָגט.

„איבעריקנס", האָט ער פאָרגעזעצט, „זיינען די אָנשווינגונגען וועגן דער „טעכנישער נויט-הילף" בא די היגע ארבעטער אויך ניט איינהייטלעך. א גאַנצע ריי סאציאל-דעמאָקראַטן, צווישן זיי אויך דער פאָרזיצער פון פּראָווינץ-פאַרבאַנד פון אַרבעטער, זיינען מיטגלידער".

זוקראָוו האט דעריבער באַשלאָסן צו וואַרטן, וואָס עס וועט זיין.

דער שטרייק אף דער שאַכטע „בעאַטע" האָט זיך אין צוויי מעג ארום פאַרענדיקט. די אונטערהאַנדלונגען וועגן פאַרענדיקן דעם שטרייק האבן געפירט די פריַיע פראָפאַריינען מיט דער הילף פונעם סיוערטערופער בירגערמייסטער און פונעם רעגירונג-קאָמי-סאַר. די פּאָליציי האט מען פון דער שאַכטע צוגענומען און די שאַכטע-פאַרוואַלטונג האט דערקלערט, אז זי וועט ניט צווינגען אַרבעטן קיין איבערשאָען און וועט קיינעם ניט באַשטראָפן. פון דער צווייטער זייט, האָבן זיך די ארבעטער פאַרפליכטעט ניט שטערן קיינעם פרייוויליק אַרבעטן איבערשאָען. די אַרבעטער פון דער שאַכטע האבן געשטעלט אסאַך ווייטגייענדיקע פאָדערונגען; פּרינציפּיעל אָפּוואַרפן די פאָדערונג וועגן איבערשאָען, באַזייטיקן און באַשטראָפן דעם דירעקטער און באַצאָלן פאַר דער צייט, וואָס די אַרבעטער זיינען געהאַנגען אין דער אופצי-מאַשין, ווי פאַר איבערשאָען. נאָך אַ שאַרפער דיסקוסיע איז דער קאָמפּראָמיס אָנ-גענומען געוואָרן מיט אַ מערהייט פון פיר פינפטל.

אָבער ווען די ארבעטער זיינען אף מאָרגן געקומען צו דער אַרבעט, האבן זיי זיך דערוווסט, אַז די, וואָס זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן אָנעמען דעם קאָמפּראָמיס, זיינען אָפּגעזאָגט געוואָרן. דעם צווייטן טאָג האט מען ווידער אָפּגעזאָגט נאָך זיבן אַרבעטער, וואָס זיינען אַרויסגעטראָטן פאַר באַנייען דעם שטרייק און פאָדערן צוריק אופנעמען די אָפּגעזאָגטע.

און נאָך אַ געשעעניש האט אויפגערודערט ניט נאָר די אַר-

פּעטער, נאָר אויך דאָס בירגערטום און די מאַכט ווייט איבער די ראַמען פונעם סוועטרופּער קרייז.

מער פון אַלעמען איז אָבער בעלי סאָפּעק געווען אויפגעבראַכט דער דירעקטאָר פון פלאַשנערס שטאַל-זאַוואָד ד״ר גרעל. דאָרטן איז פּלוצלינג אָנגעקומען אַ קאָנטראָל-קאָמיסיע פון דער אַנטאַנט און האָט אַנטדעקט צען האַרמאַטן-רערן, פערצן קוילנוואַרפער, פיר הונדערט ביקסן צוזאַמען מיט אַ מאַסע אַמוניציע און פאַרשיידענע מאַשינעס אויף אויסצואַרבעטן קוילן- און האַרמאַטן-גראַנאַטן. דאָ האָט, אָן ספק, געשטעקט אַ פאַרראַט, ווייל די קאָמיסיע איז גלייך אַוועקגעגאַנגען צום פאַרמויערטן קעלער.

ד״ר גרעל איז אויפגעקאָכט און צוזאַמען מיט אים האָבן איצט געפלאַמט פון רעציכע אַלע יענע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך געגרייט צו אַ רעוואַנש-מילכאָמע, אַראָפּצוּוואַרפן די רעגירונג און באַקעמפן די קאָמוניסטן. דער „סוועטרופּער אַנצייגער״ האָט פערצן טעג נאָכאַנאַנד באַקלאָגט זיך איבער די „פאַררעטער״, וואָס שטעכן אויך איצט אַריין אַ מעסער אין רוקן פונעם פאָטערלאַנד, און האָט געגעבן אָנצוהערעניש, אַז מע וועט זיך אָפּרעכענען דערפאַר.

די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע „פאָלקסווילע״ האָט געקלאָגט איבער דעם, אַז אַנשטאָט אַרויסצוגעבן דאָס געווער דער דייטשישער מעלוכע-מאַכט, האָט מען עס איבערגעגעבן דער אַנטאַנט. ווייטער אויף לינקס אָבער האָט מען פאַרשטאַנען, אַז דאָס געווער איז געווען באַשטימט צום קאַמף קעגן די אַרבעטער. די היציקע דעבאַטן וועגן דער געשיכטע, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דער זאַוואָד-לאַבאָראַטאָריע, האָבן געגעבן זוקראָוון אַ ווייטערדיקע מעגלעכקייט זיך צו באַקענען מיט די רעאַקציאָנערע איבערצייגונגען פון זיינע קאָלעגן. אויסער דעם פּאַציפיסטיש געשטימטן קראַפטן, זיינען אַלע אין מער אָדער ווייניקער שאַרפע אויסדרוקן אַרויסגעטראָטן קעגן דעם בונד פון די סאָנים און זיינע פאַרבינדעטע, מיינענדיק אונטער דעם די אַרבעטערשאַפט.

אין דערדאָזיקער צעהיצטער אַטמאָספערע האָט זוקראָוו געהאַלטן פאַר איבעריק אַרויסצוטרעטן. ווען ער האָט געמאַכט אַ

גאַנץ באַשיידענעם פּרווו אַריינוואַרפן אַ פּאָר ווערטער, איז מען אים אַזוי באַפאַלן, אַז ער האָט געפונען פאַר קליגער זיך גלייך צוריקצוציען. באַזונדערס פלעגט אַרויסגיין פון די כּלים אַ צוואַנציק-יאָריקער יונגער מאַן. וואַלטער פייקכען, אַ זון פון אַ טאַמאָזשענעם אינספּעקטער, האָט זיינע נאַציאָנאַליסטישע איבערצייגונגען איינגעזויגן, אַזוי צו זאָגן, שוין מיט דער מוטערס מילך. זיין גרעסטע דייגע איז געווען, וואָס די מלחמה איז געענדיקט געוואָרן איידער ער איז מאָביליזירט געוואָרן און ער האָט ניט באַוויזן צו קריגן קיין אייזערנעם קרייץ און ער איז ניט געוואָרן מינדעסטנס אַ פעלדפעבעל, ווי זיין „אַלטער". זיין איינציקע האָפענונג איז געווען, אַז עס וועט זיך אומקערן די גוטע אַלטע צייט מיט שטרענגער דיסציפּלין, מאָראַל און רעוואַנש. דערווייַלע איז, ער געווען אַ מיטגליד פון נאַציאָנאַליסטישע פאַרבאַנדן פון דער „איינוווינער-מיליץ" און פון דער „טעכנישער נויט-הילף", און האָט זיך אַרומגעטראָגן אומעטום מיט זיינע נאַציאָנאַליסטישע איבערצייגונגען און מיט זיין האַקן-קרייץ.

זוקראָוון האָט דערדאָזיקער בלוטדורשטיקער יונגערמאַן אינטערעסירט שוין ריין פּסיכאָלאָגיש. באַטראַכטנדיק אים פון נאָענט, האָט ער געזען אַ גאַנץ אומשעדלעכן יינגל, בא וועלכן דער באַשרענקטער האָריזאָנט האָט זיך באַלאַנסירט מיט זיין פערזענלעכער פאַכראָנישקייט. דאָס לעצטע פלעגט זיך באַזונדערס אַרויסשטעלן, ווען דער אַלטער העוועלמאַן פלעגט דערציילן איינעם פון זיינע זאַפטיקע אַנעקדאָטן, וואָס ער האָט געוווסט קימאַט אָן אַ שיר.

העוועלמאַן, אַ פינפונזעכציק-יאָריקער שאַכטע-אינוואַליד, פלעגט צוגרייטן די פּראָבן. אַחוץ דעם פלעגט מען זיך אָן אים בכלל ניט קענען באַגיין. פלעגט זיך די פענצטער ניט פאַרמאַכן, העוועלמאַן מוז קומען צו הילף, פלעגט זיך ניט עפענען אַ פלאַש, העוועלמאַן פלעגט עפענען, ניט צעברעכנדיק זי, האָט ווער פאַרלאָרן זיין גומענעם אַבסאַץ, העוועלמאַן פאַריכט דעם שאָדן, האָט עמעצער געדאַרפט קריגן אַ ברויט-קאַרטע, דער אַלטער האָט שוין געוווסט ווו צו קריגן. העוועלמאַן דאָ, העוועלמאַן דאָרטן, דער

אַלטער מיטן ווייסן בּאָרד האָט אומדערמידלעך אונטערגעטאַנצט מיט זיין פּאַראַליזירטער פוס, באַגלייטנדיק זיין אוודע מיט שפּאַסן און וויציקע מייסעס. זיין אַנוועזנהייט פלעגט מען שטענדיק דערקענען אין דעם הילכיקן געלעכטער.

פייקכען האָט זיך קיינמאָל ניט געקענט געוווינען צום הערצן העווער־מאַנס אַנעקדאָטן. די מיטאַרבעטער האָבן דאָס געוווּסט און פלעגן אַרויסרופן דעם אַלטן אויף נייע מייסעס און פלעגן זיך קווייקן, ווען בּאַ פייקכענען פלעגט רינען די סליונע פון מויל. כעוורע איז דערגאַנגען, אַז אויס מוירע פאַרן צווייטן געשלעכט איז פייקכען געווען נאָך „ניט קיין געקושטער". דאָס האָט זיי געגעבן אַ מעגלעכקייט אָנצוציען אים אויפן דראָט.

זוקראָוו האָט זיך אויך אַמוזירט איבער דעם אָריגינעלן אַלטן, ביז וואַנען ער איז דערגאַנגען פון קראַפטן, אַז אונטער דעם לוסטיקן אויסערן איז באַהאַלטן אַ שווער פאַרוווּנדעטע נעשאָמע. פון זיינע פינף זין, האָט ער פיר מאַקריוו געווען אויפן „מיזבייעך פון פאָטערלאַנד". דעם לעצטן האָט פאַראַיאָרן די זיכערהייט־פּאָליציי דערשאָסן בּאַם באַרגאַרבעטער־שטרייק, אין באָטראָפּ. איצט האָט דער איינזאַמער אַלטער געלעבּט באַ זיין שנור און האָט פאַרבראַכט די פרייע צייט מיט אירע קינדער.

* * *

דעמדאָזיקן פריינטלעכן העווערמאַנען האָט זוקראָוו אויך געדאַרפט דאַנקען פאַר דער אייגענער וווינונג, וואָס ער האָט באַקומען און נאָך וועלכער ער האָט לאַנג געבענקט. מעבלירטע צימערן זיינען אין סווערדרופ געווען זייער טייער און שווער צו באַקומען. ווער פון די ניט קיין כאַטענעגעהאַטע יונגעלייט האָבן זיך געוואָלט באַפרייען פון די זאַוואָדישע מאַסן־קוואַרטירן, פלעגט גרעסטן טייל אריינפאַלן אין נאָך ערגערע אַזוי גערופענע „קעסט־הייזער". פאַמיליעס, וואָס האָבן געהאַט אַן איבעריקן צימער, פלעגן דאָרט אריינשטעלן אָן אַ צאָל בעטלעך און פלעגן די בעטלעך פאַרדינגען מיט קעסט. די מי האָט זיך שטענדיק געלוינט. עס זיינען געווען אויך מענטשן, וואָס האָבן פון דעם ביכ־

לאל געמאכט אַ געשעפט און פלעגן אף אזא אויפן פאַרדינגען גאַנצע עטאַזשן און הייזער, מאַכנדיק פון דעם אַ שיינעם גראָשן.

דאָס פּאָר סאָלק שאַפּולא האָבן בעהאַלטן זייער קעסטהויז שוין אַ יאָר פופצן. אין פּאַרטער איז געווען די קיך מיט די עס-צימערן און אין דיביידע אויבערשטע שטאָקן זיינען געווען די שטענדיק איבערפולטע צימערן. די שאַפּולאָס אליין האָבן געוווינט גאַנץ אויבן אין צוויי צימערן אין דער מאַנסאַדרע. הער שאַפּולא האָט געהאַט גוטע באַציונגען סיי מיט די זאַוואָד-וועכטער, סיי מיטן קאַטוילישן געזעלן-פּאַריין א. א. וו. און דעריבער זיינען זיינע בעטן, וואָס זיינען געשטאַנען צו דריי אין אַ צימער, געווען קימאַט שטענדיק פאַרנומען.

ווען די מילכאָמע און די מילכאָמע-אינדוסטריע האָבן פאַר-גרעסערט דעם ווױנונג-נאָכפרעג אין סוועסטרופ, האָבן די שאַפּולאָס געזאָגט: „מיר מוזן אויך עפּעס טאָן פאַרן פאַטערלאַנד" און האָבן אריינגעשטעלט אין די צימערן נאָך אַ פערטע בעט. הער שאַפּולא, האָבנדיק די נויטיקע פאַרבינדונגען, האָט זיך געשטעלט צום דינסט פון פאַטערלאַנד אלס אופזעער פון אַן אַמוניציע-לאַגער אין אַ גראַנאַטן-פאַבריק. זיין רעוומאַטיזם האָט אים געשטערט אויסצופילן זיין פליכט אַפן שלאַכט-פעלד.

מע האָט געקויפט אַ פירמעטערדיקע שוואַרץ-ווייס-רויטע פאַנע און באַ יעדער ניצאָכן-מעלדונג, מיט צען טויזנט געפאַנגענע, פלעגט מען זי אויסהענגען פון מאַנסאַדרע-פענצטער. ווען נאָך דער מילכאָמע איז דער ווױנונג-קריזיס געוואָרן נאָך שאַרפער, האָט הער שאַפּולא ארויסגעוואָרפן אין פירהויז די אלמערס, וווּ די קוואַרטיראַנטן זיינע פלעגן האַלטן זייערע זאַכן, און אריינגע-שטעלט אַ פינפטע בעט.

די שטענדיק ליבע מוטער שאַפּולאַ, פלעגט אלעמאָל אופקלערן די געסט וועגן דער געזעלשאַפטלעכער נויטיקייט זיך אַביסל צו-נויפקוועטשן און קאָכן אין אזעלכע פאַלן אַ ספּעציעלן מעל-שפּייז, און דער פאַטער שאַפּולא פלעגט אייניקע אומצופרידענע מעכא-בעד זיין מיט אַ פּאָר פלאַש ביר.

ביכלאַל איז די פּרוּוּ שאַפּולא געווען אַ קינסטלערן צו מאַכן

פון מינדערווערטיקע מאַטעריאַלן מיט דער הילף פון געווירצן, לאָרבער-בלעטער און פרישע וואַסער די געשמאַקסטע שפּייזן. דערביי פלעגט זי קיינמאָל ניט פאַרגעסן צוווירצן די מאָלצייטן מיט ווערטערלעך וועגן דער קנאַפּקייט פון לעבנמיטלען, וועגן קאַרטן, יאַקרעס א. א. וו., אַזוי אַז מע האָט געמוזט מיינען, אַז דעם געשעפט פירט זי נאָר צוליב מענטשן-ליבע און זי לייגט דערצו צו.

„יע, ווען דער פאַטער שאַפּולאַ וואָלט ניט געווען קיין בעריע אין איינקויפן", פלעגט זי אָפטמאָל זאָגן.

ער האָט געהאַט גוטע פאַרבינדונגען מיט די סאָחרים, וועלכע פלעגן אים פאַרקויפן פאַרדאָרבענע פון נידעריקן סאָרט פּראָדוקטן פאַר נישטיקע פּרייזן. מעל און מאַקאַראָנעס מיט ווערעם, גע-טריקנטע אויבס מיט מילבן, רייז מיט מייזן-מיסט פלעגט זיך אַי-בערפּעקלען אין שאַפּולאַס קיך אַריין פונקט, ווי פאַרשטונקענע פיש און פלייש פון קראַנקע בהיימעס. און מיט די קאַרטן פון זייערע קוואַרטיראַנטן האָבן זיי געפירט אַ ברייטן האַנדל. הער שאַפּולאַ האָט געהאַט שטענדיקע אָפּנעמער פאַר דער סכוירע אין דער סאַנקט-ראָכוס-ברידערשאַפט, ווו ער איז געווען סעקרעטאַר.

די שאַפּולאַס זיינען געווען זייער פרום. „בעט בא גאָט און אַרבעט". דערדאָזיקער שפּרוך איז געווען אויסגעהאַנגען אין צוויי עקזעמפּליאַרן אין עס-צימער. אין אַלע צימערן איבער די בעטן זיינען געהאַנגען הייליקע בילדער פון שטאַרבנדיקן יעזוס, פון דער הייליקער מאַריא אָדער פון וועלכן ניט איז אַנדער הייליקן. די טעכטער פלעגט באַזאָרגן דער הער שאַפּולאַ, וועלכער פלעגט גיין אין קלויסטער ניט נאָר זונטיק, נאָר יעדן טאָג צוויי מאָל.

פון אַרבעט האָט מען אין שאַפּולאַס הויז אויך שטאַרק גע-האַלטן. די מוטער שאַפּולאַ האָט געזאָרגט וועגן דעם, אַז אירע ביידע באַהעלפערנס זאָלן אַף אַ רעגע ניט אָפּכאַפּן דעם אָטעם. פאַטער שאַפּולאַ פלעגט זאָרגן וועגן אַרבעט פאַר די קוואַרטי-ראַנטן, ווען איינער פון זיי פלעגט קראַנק ווערן אָדער סטאַם אַרויספליען פון דער אַרבעט. דער קוואַרטיראַנט פלעגט מוזן אָדער גלייך קריגן אַנדערע אַרבעט, — דערביי פלעגט שאַפּולאַס רעקאָ-

מענדאַטיע שאַפן וווּנדער, — אָדער ער פלעגט טייקעף מוזן באַפרייען זיין פלאַץ פאַר אַן אַנדערן, מער פלייסיקן קוואַרטיראַנט.

אַזוי האָט געקאָסט בראָכע געדרוט איבער שאפולאס הויז אין דער פלינגער-גאַס, וואָס דאָס פאַרפאַלק האָט צו דער רעכטער צייט איינגעהאַנדלט. זיי פלעגן צוואַרפן ווו און וועמען מע דאַרף אַ נעדאָוועלע און פלעגן מיט יעדן טאָג צונעמען אין ווילשטאַנד, אין וואָג און אין געלט און פענטשנס גנאָדן.

איינמאָל זונטיק איז שאפולא געקומען פון קלויסטער אינגאַנצן אַ צעדרודערטער. דער קוראטער ספעקטאציוס האָט געהאַלטן אַזאַ איבערצייגנדיקע דראָשע וועגן דער שלעכטער צייט און וועגן דער נויט און האָט געפּריידיקט דעם פּאָסוק: „אַלץ, וואָס איר טוט פאַר די אָרעמסטע ברידער, טוט איר עס פאַר מיר". די דראָשע האָט אים אַזוי דורכגענומען, אַז גלייך נאָך מיטאָג האָט ער אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג מיט זיין צווייטער העלפט. דער רעזולטאט פון דער באראטונג איז געווען אַזאַ: קוידעמקאָל האָט דער עלפיאָריקער טעניס באקומען גוט געשמיסן פאַר דעם, וואָס ער האָט פאַרנוצט דעם פּאָטערס אייל-מאָס אַף מאַכן זיך אַ בויגן צום שיסן. דערנאָך זיינען זיי מיט אַ געליענעם אייל-מאָס ארומגעגאַנגען איבער די צימערן, געמאָסטן די לענג, די ברייט און די הויך, גערעכנט און קאַלקולירט, ניט קומענדיק צום ציל. לעסאָף זיינען זיי ארוף אין די אייגענע צימערן, ווו זיי זיינען געקומען צום אויספיר, אַז דער עלפיאָריקער טעניס און די דרייצניאָריקע טראוטכען קאָנען זייער גוט שלאָפן אינעם צימער פון די עלטערן און דעם פאָדערשטן מאנסאדרע-צימער קאָן מען זייער גוט פאַרדינגען. „אין אַזאַ צייט מוז זיך יעדערער באַשרענקען", האָט געזאָגט שאפולא, וועלכער האָט גלייך געוואָלט ארייננעמען זעקס פעלד-בעטן. זיין ווייב האָט אָבער זיך אַנטקעגנגעשטעלט. די גוטע מעבל האָט מען דאָך ניט געקענט ארויסוואַרפן אין שפייכלער. אַזוי ארום איז מען דורכגעקומען, אַז דעם צימער דאַרף מען פאַרדינגען מעבלירט „אַ בעסערן הער". און דעמזעלבן אָוונט האָט הער שאפולא וועגן דעם איבערגעגעבן זיין ביר-קאָלעגע אין „גאָלדענעם האַן", דעם עלטערן וועכטער אין פלאשנערס זאַוואָד.

* * *

ווען זוקראָוו איז דעם צווייטן אָוונט צוזאַמען מיט גראַטען גע־קומען אינעם קעסט־הויז, האָט אים אַנטקעגן געקווישט אַ הייזע־ריקער גראמאפאָן און שיקערע קוילעס. „נו, דאָ האָסטו גוט כאַ־סענע געהאט", האט געזאָגט גראַטע, סייטלענדיק אף דעם גרויסן צאָל ביר־ און שנאַפּס־פלעשער. אָבער גלייך האט הער שאפולא דערזעען די באַזוכער און, כאַפּנדיק זיך נאָך וואָס זיי קומען, האט ער זיי ארויסגענאַרט אין פירהויז.

„היינט איז בא אונדז אביסל לעבעדיק, איינער פון אונדזערע קוואַרטיראַנטן פייערט זיין נאמען־טאָג, איז מען זיך אביסל מע־סאמייען", האט ער געזאָגט מיט אַ שמייכעלע.

„דאָס איז נאָר היינט. אַזוי זיינען מיר אַן אנשטענדיק הויז", האט געזאָגט פרוי שאפולא, וועלכע האט, אָפּווישנדיק אירע הענט אן פאַרטעך, זיך אזוי שנעל ארויסגעקייקלט פון קיך, ווי דאס האָט נאָר דערלויבט איר געוויכט. „די הערן ווילן וווינען צוזאַמען?"

זוקראָוו האט געענטפערט, אַז ער זוכט פאַר זיך אַ רויקן צימער, ווו ער זאָל קענען אין אָוונט זיך לערנען. „הער זוקראָוו איז כעמיקער אף פלאַשנערס שטאָל־זאַוואָד און גרייט זיך צו זיין דאָקטער־עקזאַמען", האט ארייננעוואָרפן גראַטע. זוקראָוו האט אים אַ שטויס געטאָן אין זייט.

„ווען מיר זייער גוט איינער צום אנדערן פּאַסן, הער דאָק־טער", האט אונטערגעכאַפּט פרוי שאפּולא. „דאָס צימער איז גאָר אין דער הויך, מיט די אונטערשטע וועט איר ניט האבן צו טאָן. דאָס עסן וועט מען אייך אַרופברענגען. דאָס איז אונדזער בעס־טער צימער, מיט אונדזערע בעסטע מעבל און מיר ווילן ניט אָבי וועמען ארייינלאָזן צהין. אייגנטלעך האבן מיר דאָס גאָרניט גע־וואָלט פאַרדינגען, אָבער דעם גאַנצן טאָג גייען מיר אַהין ניט אַרוף.—אַזאַ קעסט־הויז שאַפּט אַרבעט—צו וואָס זשע זאָל דאָס צימער שטיין ליידיק, ווען עס איז אַזאַ קריזיס אַף דירעס".

דאָס צימער מיט זיינע גרינע געבעטע מעבל, מיט זויבערע

טאפעטן און ווייסן בעט האט בעמעס געמאַכט ניט קיין שלעכטן איינדרוק.

זוקראַוו, וואָס האט געטרוימט וועגן אַ מאנסאדרע-וווינונג, האט טייקעף באשלאָסן צו דינגען דעם צימער. אָבער ווען ער האט דערהערט דעם פרייז: פינף הונדערט פופציק מאַרק פאַרן צימער מיט קעסט, האט ער זיך געכאַפּט פאַרן קאָפּ. די בײדע שאפולאס האבן געמאכט זיסזויערלעכע פּנימער. „יע, פּאַר ביליקער וועט איר אין סוטערטרופּ ניט קריגן. אַלץ איז דאָך אַזוי טייער. איר קריגט דאָ אַלץ. דאָס עסן וועט זיין אַ זאַטס און קרעפטיקס. זעלטן ווער עס קאָן איצט פאַרלייגן אַזאַ עסן. די שיך וועט מען אויך פוצן".

„אזוי פיל קאָן איך ניט צאָלן", האט געזאָגט זוקראַוו אַ צע־טראָגענער און האט גענומען זיין הוט.

„וויפל זשע האט איר גערעכנט?"

„נו, העכסטנס 400", האט גראָטע אַ זאָג געטאָן.

„אי, דו ליבער גאָט, איך וועל דאָך אפילע מיינע הויצאָעס ניט דעקן", האט געזיפצט פרוי שאפולא.

זוקראַוו האט זיך אומאַנטשלאָסן אומגעקוקט איבערן צימער, טראַכטנדיק וועגן די קארטן־שפּילער אינעם „באָכערים־היים", וועגן די פליי אין די עטאזשן־בעטן, וועגן די גאַנצע קאַזאַרמע־דיקע אומגעמיטלעכקייט און האט זיך אָנגעהויבן צו קווײנקלען.

„עפּשער וועט איר עפּעס צולייגן", איז צוגעשטאנען פרוי שאפולא.

„די שיך פוץ איך זיך אלעמאָל אליין", האט ער געזאָגט ניט דרייסט.

„לאָמיר זאָגן קיילעכדיקע 500 מאַרק", שאפולא האט אומצו־פרידן אַ קוק געטאָן אָף זיין ווייב. „פינף הונדערט מאַרק און אַלץ ווי מיר האָבן אָפּגערעדט", האט איבערגעכאַזערט די ווייב.

נאָכדעם ווי די בײדע יונגע לייט האָבן דאָס צימער געדונגען און זיינען אוועק, האט זי דערקלערט איר מאַן, פאַרוואָס איז זי געווען נאָכגיביק. דעם דאָקטער וועט זי איינרוקן דאָס רעפּע־טירן מיט טעניסן, ווײלבער האַלט באַם בלייבן זיצן אין שול אָף

נאָך אַ יאָר. אויסער דעם איז דאָך זייער וויכטיק צו האָבן אין הויז אַ ריכטיקן דאָקטער. דאָס וועט זיי שפּאָרן מער אָנזיען. דער מאַן איז אויך געבליבן צופרידן.

אין דעמזעלביקן אָוונט האט זיך זוקראָוו איבערגעקליבן. אַף מאָרגן איז ער מיט גראָסען געגאַנגען אין האסדרובאל, קעדיי אָפּצונעמען בײַ רוקערסן די ביכער. ער וואָלט אליין קענען אוועק-טראָגן די קאסטן, נאָר ער האט זיך זשענירט צו טרעפן זיך מיט מערין נאָכן אומגעלונגענעם שפּאַציר מיט איר.

אין יענעם אָפּגערעדטן זונטיק זײַנען זיי געגאַנגען צום קאָנ-צערט אין ראָטהויז-קאפע. ניט געקוקט אַף זײַנע פיר און צוואַנציק יאָר, איז פאַר אים די פרוי געווען נאָך ניט קיין געלייזטע פּראָב-לעם. אין זײַן אומעטיקן לעבן, ניט רעכנדיק אייניקע גימנאַזיע-טרוימען, האט די ליבע ניט געפונען קיין אָרט. ווי בײַ אַסאַך אַנדערע יונגע לייט, זײַנען זײַנע נעענטערע באַציונגען מיטן צווייטן געשלעכט פאָרגעקומען בעייס דער מילכאָמע אין די „הייזלעך“, וואָס זײַנען געשטאַנען אונטער דער סאַניטאַרער השגאָכע פון דער אַרמיי-קאָמאַנדירונג. אין דער איינזאַמקייט פון זײַן נאָכמיל-כאָמעדיקן לעבן, האט ער זיך אַ פּאָר מאָל אנטשלאָסן צו פאַר-ברענגען אין עפנטלעכע טאַנץ-זאַלן. נאָר דאָס אידעאַלע חייב-לעכע איז פאַר אים נאָך אַלץ געבליבן אַ טרוים. אַזוי איז ער געבליבן איינזאַם. ערשט דאָ אין דער פּרעמדער האט ער געטראָפן די ערשטע צוויי מיידלעך, וואָס האבן בײַ אים ארויסגערופן אַ העכערן אינטערעס. אויסער דער שיינער פאַבריקאַנטס טאָכטער, וועלכע ער האט, בײַ אַלע זײַנע באַמיונגען, ניט באַוויזן צו גע-פינען און וועמעס בילד איז אַלץ הייליקער געוואָרן אין זײַן האַרצן, איז געווען אַ צווייטע—מערי רוקערס.

אָנגעלענט איינער אָן אַנדערן, האבן זיי אין יענעם נאכמיטאָג געזעסן אין קאפע און געהערט דעם קאָנצערט. ער האט געריידט וועגן זײַן האַרטן לעבן, וועגן זײַנע אידייען און צוקונפט-פּלענער. מערי האָט מיט אַן אייגנאַרטיקן שמייכל צוגעהערט זיך. סאָפּ-קאָלסאָף איז אים אײַנגעפאַלן, אז ווען ער הערט אויף צו ריידן, רייסט זיך איבער דער שמועס. זי איז ווייזט אויס געווען אומ-

צופרידן. אַזוי האָבן זיי אין אַ שלעכטער שטימונג זיך אויפגעהויבן נאָך פאַר ניין אַ זייגער. אין דער ראַטינגער-גאַס איז צוגעקומען גראָטע. מערי האָט דאָס אויסגענוצט און זיך אָפּגעזעגנט.

גראָטע האָט אים אויעקגעשלעפּט אין אַ ביר-לאָקאַל, וווּ עס האָט קאָנצערטירט אַ דאַמען-קאַפּעלע. אַזן וועג האָט ער אים געזאָגט, אַז די ראַנדעוווּען געפעלן אים ניט און זוקראָוו איז געווען צו אַזוי פיל ערלעך, אַז ער איז מיט אים מסכים געווען.

„אין אַ קרייז פון גוטע פריינט הויבט מען אַזעלכע זאַכן ניט אָן, ווען מע האָט ניט ערנסטע בעדייעס כאָסענע צו האָבן", האָט ער געזאָגט.

גראָטע איז גאַנץ אָפּט געגאַנגען אין אַזעלכע לאָקאַלן. זוקראָוו האָט פּאָשעט ניט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אַזוי קאָן מען דאָס קעמפן פאַרן פּראָלעטאַריאַט און פאַר דער וועלט-רעוואָליוציע און גלייכצייטיק באַזוכן טאַנץ-זאַלן און קאַרנאַוואַל-סימכעס. גראָטע האָט אים געזידלט ווי אַ פיליסטער און האָט אים ציטירט אַ פּאָסעק, וואָס געטע האָט אויפגעשריבן אין אַלטן לוסטיקן קעלן צוף אַ ברונעם:

„לוסטיק איז אַ מעשוגענע האַנאָע,
ווען עס איז קורץ און פול מיט זין".

„און וואָס פאַר אַ זינען האָט דאָס?" האָט געפרעגט זוקראָוו.

„ווען איך הוליע זיך אָן אַ זונטיק, קען איך ווידער פיר וואָכן אַרבעטן, זיך לערנען און קעמפן", איז געווען דער ענטפער.

זוקראָוו האָט אין האַרצן געבענטשט זיין באַשלוס מיטצונעמען גראָטען. מערי איז געווען אליין אין דערהיים און האָט זיך באַשעפטיקט מיט האַנט-אַרבעט. ווען ער האָט אין צווייטן קאַמער אופגעפאַקט די ביכער, האָט זיך גראָטע צוגעקוקט צום פלינקן שפּיל פון אירע פינגער.

„מע וואָלט גאָרניט געקאָנט מיינען, אַז די דאָזיקע פלינקע פינגער קענען אויך געבן פּעטש", האָט ער לעסאָף געזאָגט.

„איר ווילט עפּעטער פאַרזוכן", האָט זי שעלמיש שמייכלענדיק געענטפערט.

„איך דאַנק, באַהאַלט דאָס פאַר דעם נאָענטסטן „זיפּאָ", האט גראָטע געענטפערט, איבערבלעטערנדיק די „פרייהייט", וואס איז געלעגן אַפן טיש.

„יע, דאס שטיקל מעלאָכע איז געלונגען, דאס מוז איך גלייך ווייזן ערנסטן", האט ער פלוצלינג אַ זאָג געטאָן, טייטלענדיק אַף אַ פעט געדרוקטער מעלדונג. „קום נאָר אַהער, באָכער, לייען דאָס איבער", האט ער אַ רוף געטאָן. אָבער ער האט טייקעף אליין אָנגעהויבן פאָרלייענען:

„צו דעם האָט געטווס קומען!"

„אַף אַ דייטשנאציאָנאַלער פאַרזאַמלונג אין עבערסוואַלדע איז אַרויסגעטראָטן גענעראַל פאָן ליודענדאָרף. דער רעדנער האט זיך געווענדעט קעגן פאַרלענגערן די קאדענץ פון דער נאציאָנאַל-פאַרזאַמלונג און איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דעם מעלוכע-פרעזידענט עבערט. ליודענדאָרף האט געפאָדערט טייקעף פאַנאַנדערלאָזן די נאציאָנאַל-פאַרזאַמלונג, אויסוויילן אַ רייכסטאג און דעם פרעזידענט דורכן פאָלק און האט פאָרגעלייגט די קאנדידאטור פונעם פעלדמאַרשאַל פאָן הינדענבורג".

„אַ צו פרייקער אַפּרעל-שפּאַס", האט געלאַכט זוקראָוו, „דו גלויבסט דאָך ניט ערנסט, אז הינדענבורג קאָן אַמאָל ווערן מעלוכע-פרעזידענט".

„פאַרוואָס ניט? האט ער דען ניט קיין פאַסיווע וואַלרעכט? צו לעבן מיר ניט אין אַ דעמאָקראַטישער רעפּובליק? וואָס זאָל אים שטערן?"

„נו, כאָטשבי די נייטיקע צאָל שטימען".

„דאָס איז אַ שוואַכער טרייסט", האט אריינגעוואָרפן מערי.

„און דערצו אַ פאַלשער", האט געדונערט גראָטע. „גיב נאָר אַ טראַכט_וועגן די וואַלן צו דער נאציאָנאַל-פאַרזאַמלונג, וואָס האָבן געגעבן אַ בירגערלעכע מערהייט. איך האלט דורכויס פאַר מעגלעך, אז די בירגערלעכע פאַרטייען וועלן זיך פאַראייניקן ארום דער קאַנדידאַטור פון „דעם רעטער פון מיזרעך-פרייסן" הינדענבורג. די סאָציאַל-דעמאָקראטן האבן בעיס דער מילכאָמע גענוג געוואָרנט, אז ער זאָל זיין פאָפּולער צווישן די מאסן. „איך

גיי צו מיין הינדענבורג", האט היילמאן ארויסגעגעבן א לאזונג".

„זיי טוען דאס נאך היינט אויך", האט אויסגערופן מערי.

„דער פאטער האט איינמאל אין א פארזאמלונג אנגעוויזן אף הינ-דענבורגן, ווי אף א מיטשולדיקן אין די אנעקסיע-פלענער, האט אים ריזע פארטיידיקט און געזאגט, אז אין דעם איז שולדיק ליו-דענדארף אליין, און פאר הינדענבורגן מוז יעדער דייטשישער ארבעטער ארראפנעמען דעם הוט".

„צו וואס אויסזיצן ניט קיין געלייגטע אייער", האט פאר-טיידיקט זוקראוו.

„גיב נאר אכטונג, אז פון די ניט קיין געלייגטע אייער זאל אין א שיינעם פרימארגן ניט ארויסקריכן די האהענצאלערן-קוקושקע" האט אויסגערופן גראטע.

„זוך ניט קיין געשפענסטער. אזוי לאנג ווי מיר האבן אן עבערט, וועט קיין שום הינדענבורג זיך ניט ווייזן", האט זיך גע-האלטן בא זייניקע זוקראוו.

„עפשער דערפאר, ווייל קיין שום קייזערלעכער גענעראל האט זיך ניט באגאנגען אזוי ברוטאל מיט די ארבעטער, ווי עבערט און נאסקע? בא דער „בעאטע" זיינען געווען צוויי געהארגעטע און אסאך פארוואונדעטע. אלזא זיי אזוי גוט", האט אויסגערופן גראטע, ווען זוקראוו האט געמאכט א פארדריסלעכן זשעסט, -„ווייז ארויס ווער דו ביזט. באווייקסטו דעם בלוט-רעזשים קעגן די פראלעטאריער, אדער ניט?"

מערי איז אויך אופגעשפרונגען אן אופגערעגטע. מיט אירע צעפלאמטע אויגן האט זי דערמאנט יענעם שרעקלעכן אוונט בא דעם צוזאמענשטויס אין דער ליכט-גאס, ווען זי האט געפאטשט דעם אכזאריעסדיקן זיכערהייט-פאליציאנט.

באווייקן די האנדלונג פון דער מאכט האט זוקראוו נאטיר-לעך ניט געקאנט. „פעלערן אבער מאכט אויך דער צווייטער צאר, שולדיק איז פון איין זייט דער געוואלט-פסיכאז פון דער מילכאמע. פון דער צווייטער זייט, דער טרויעריקער פאקט, וואס די אויס-

פיר-אָרגאַנען געפינען זיך·נאָך אין די הענט פון רעאַקציאָנערע עלעמענטן".

„זעסטו, דאס איז געזאָגט. אָבער וואָרום זיינען קיין ארבעטער ניטאָ אף אָנפירנדיקע ערטער אין דער „זיפא", אין דער „רייכס-ווער", אין דער יוסטיץ א. א. וו.? ווייל דער אַרבעטער ווערט נאָך איצט פונקט ווי פריער באַטראַכט נאָר ווי אַן אָביעקס. די גאַנצע באַרימטע רעפובליק אייערע האט אין דעם היגזיכט גאָר-ניט געענדערט".

זוקראָיו האט זיך ארומגעזעגן, אַז ער איז דאָ פאַרקראָכן אין א טעמפן ווינקל. שטענדיק פלעגן זיי באַ די דיסקוסיעס קומען צום זעלבן פונקט. אמוויניקסטן האט זיך אים אַזוי אויסגעדוכט און דעריבער איז ער געוואָרן דענערווירט.

„קריטיקירן קאָן יעדערער, ווי זאָל מען אָבער בעסער מאַכן?" האָט ער געפרעגט מיט אַ צערייצטן טאָן.

„אַז די אַרבעטער זאָלן די מאַכט אליין..."

זוקראָוו האט זיך איראָניש צעלאַכט: „דאָס לידל איז מיר שוין באקאנט—דיקטאַטור פון פראָלעטאריאט—די גאַנצע מאַכט די ראַטן—בונד מיט סאָוועטן-רוסלאנד א. א. וו. ניין, מיין ליבער, דעם רוף הער איך, עס פעלט מיר אָבער דאָס גלויבן! דיקטאטור פון פראָלעטאַריאַט? — איך האָב זיך באקאנט מיט די ארבעטער. קוק זיך נאָר ארום דאָ אין סיוערטרופ. אין דער „באָכערים-היים", באַ פלאשנערס. די גרעסטע צאָל איז פאָליטיש אינדיפערענט אָדער נאָר מיטלויפער און סקאנדאליסטן. און מיט דערדאָזיקער ניט געבילדעטער מאסע ווילסטו באַהערשן די מעלוכע, די שאכ-טעס און זאַוואָדן לאָזן אין גאַנג? אזוי ווייט זועלן מיר קומען עפשער אין פופציק אָדער אין הונדערט יאָר ארום. אַפריער מוזן מיר דעם ארבעטער געבן בילדונג, לערנען אים צו איבערלייענען אַ באַלאַנס, די אונטערנעמונגען טעכניש צו אָנפירן א. א. וו."

„איר דרייט זיך שטענדיק ווי אַ ס... אין ראָסל. אויב מיר זאָלן וואַרטן אַף דעם, וואָלטן מיר געראַצט דעם סאָציאליזם אָפלייגן אַפן טאָג פון הייליקן „קיינמאָל ניט", ווייל דער קאפיטאַליזם אין די מעלוכע, וואָס ער באַהערשט, וועלן שטענדיק האַלטן דעם

אַרבעטער אַף אַזאַ גייסטיקן ניוואָ, אַז ער וועט קיינמאָל ניט דערגרייכן די שטופּע, וועגן וועלכער דו רעדסט".

„דו ווידערשפּרעכסט זיך אַליין. קאָנסטו שוין איצט ניט קיין אַרבעטער, וואָס האָבן זיך געַנוג גייסטיק אויסגעהויבן, ביזטו ניט און פּעטער רוקערס אַ ביישפּיל פאַר דיר",— האָט מיט טריומף זוקראָוו ארויסגעכאַפּט זיך.

„דו מאַכסט דעם פעלער, וואָס דו נעמסט די ביישפּילן און מאַכסט פון זיי אַ דורכשניטלעכע מאָס. עס זיינען דאָ מענטשן, וואָס קאָנען שפּרינגען צוויי מעטער אין דער הויך. די מאַסע אָבער וועט עס ניט קענען נאָכמאַכן".

„דאָך, דאָך, אויב מע זאָל זיי פּלייסיק טרענירן, וועלן זיי זיך אַסאַך אויסלערנען", האָט זוקראָוו אונטערגעהאַלטן דעם פּארגלייך.

„יע, אויב!", האָט אַ געשריי געטאָן מערי. „צי גיט מען דעם־אַרבעטער, וואָס ווינט אין אַזעלכע שלעכטע באַדינגונגען, הונגערט און אַרבעט אַזוי לאַנג, צי גיט מען אים איבערהויפּט צייט און אַ געלעגנהייט זיך צו טרענירן".

„צו טוט מען ניט אַלץ קעדיי דורך דער שול, קלויסטער און פּרעסע פאַרקנעכטן זיי גייסטיק און מיט אַלקאָהאָל צונעמען בײַ זיי דעם לעצטן ביסל סויכל?" האָט פאַרגעזעצט גראַנט.

„גיט אַ טראַכט וועגן זיך אַליין. צי לאָזט מען אייך אַהין, ווו איר ווילט, אין אוניווערסיטעט", האָט מיט פאַרוואורף געזאָגט די יונגע מיידל.

„אָבער ווי זאָל זיין איצט?" האָט אַ פּאַרצווייפלטער אויסגעּרופן זוקראָוו, וועלכער האָט זיך געפילט ווי אין אַ קרייז.

גראַנט האָט אָנגענומען אָפּעם. „זאָלן די—לאָמיר זיך האַלטן באַם ביישפּיל—וואָס שפּרינגען אַף צוויי מעטער און איינעם מיט דריי פערטל זיך שטעלן אין דער שפּיץ, פאַליסיש זיך אָרגאַניזירן און מיטרייסן די אונטערדריקטע און ליידנדיקע קלאַסן־כוואַליי־צום קאַמף פאַר באַפרייונג!"

„ווי עס איז געשען אין סאָוועטן־רוסלאַנד", האָט אויסגערופן מערי.

„אַף דעם וועט איר זיך בא אונדז קיינמאָל ניט דערוואַרטן", האָט מיט זיכערהייט געענטפערט זוקראָוו.

## 6 קאַפּיטל.

די סווערטרופּער אָרגאַניזאַציע פון דער ס.פּ.ד. (סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּאַרטיי פון דייטשלאַנד) האָט געהאַט איר פּאַרטיי־ביוראָ אין אַ געבוידעגנער דירה אין דער ריין־גאַס. ווען ערנסט זוקראָוו האָט געקלעפּערט איבער די פינצטערע טרעפּ פונעם דריטן שטאָק, האָט ער שוין אונטן געהערט צוויי שטרייטנדיקע צווישן זיך שטימען. אַ טיר מיט אַן אויפשריפט:

„סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי דייטשלאַנדס
אָרט־גרופּע סווערטרופּ

די ביוראָ איז אָפן טעגלעך פון 5 ביז 8 אַזייגער" —

איז געווען האַלב אָפן. אין צימער, וואָס אַ באַריער האָט אים געטיילט אַף דער העלפט, זיינען געווען צוויי מענטשן. פון אויסזען האָט ער זיי שוין געקענט: דער פּראָפּאַריישער סעקרעטאַר ריזע און דער פּאַרטיי־פּרעזידענט אָווערזאַט. ביידע זיינען געווען אַזוי פאַרטיפט אין זייער שטרייט, אַז זיי האָבן אים איצט אויך ניט איבערגעריסן.

„איך טו געוויס אַלץ, וואָס איך קאָן, אָבער איר דאַרפט ניט אַלץ אַרויפוואַרפן אַף מיר. סאָפּסקאָלכאָף בין איך דאָך ניט קיין אָנגעשטעלטער פון דער פּאַרטיי, נאָר אַ פּראָפּאַריישער אָנגעשטעלטער", האָט ריזע געזאָגט אַן אויפגעבראַכטער.

„אָבער איך אַליין קאָן ניט באַווייזן, איך האָב דאָך נאָך אַ שטענדיקע אַרבעט אויך", האָט געזאָגט אָווערזאַט ניט שטילער. „מוזטו דעריבער אַריינציען צו דער פּאַרטיי־אַרבעט די פּאַרטיי־כאַווערים, פריער פלעגט מען דאָ אַזויפיל אויפטאָן".

„אַזוי ווילט זיך דיר, עמיל! איך זאָג דיר, קיין איין יאָלד קומט ניט מער. ווען מע דאַרף עפּעס טאָן. אפילו פאַרן סאָנאַנדערטראָגן מעלדונגען האָב איך איצט געמוזט באַצאָלן".

„נו, יעדנפאַלס אינדערפרי קריגסטו ניט די סטענאָגראַפיסטקע.

נאָך מיטאָג קאָנסטו מיט איר פון מיינטוועגן כאַטשע האָבן. האָט באַשלאָסן ריזע אַן אומצופרידענער.

זיין בליק האָט זיך איצטער אָפּגעשטעלט אויף יונגן מאַן, וואָס האָט באַשיידן געוואַרט מיט דער הוט אין דער האַנט.

„וואָס ווילט איר?"

זוקראָוו איז צעמישט געוואָרן. דער טאָן איז געווען קימאַט דערזעלביקער, ווי בײַם פּראָוואַלסקער פון פּלאַנערס זאַוואָד.

„איך האָב נאָר געוואָלט פרעגן, צי קען מען דאָ אָנגעבן אַ מעלדונג וועגן אַריינטרעטן אין פּאַרטיי", האָט העלפלעך געענטפערט זוקראָוו.

די צאָרן-קנייטשן, וואָס האָבן באַדעקט ביזן פליך דעם גאַנצן שטערן פונעם פּראָפּאַריינישן סעקרעטאַר, האָבן זיך אויסגעגלעטן, און אויך אָווערזאַט, וואָס האָט אומצופרידן געבלעטערט די פּאַ-פּירן, איז צוגעגאַנגען.

„פאַרשטייט זיך, געוויס, איך בעט אייך, זעצט זיך".

עס האָט לאַנג געדויערט ביז עס האָט זיך געפונען אַ בלאַנק אויף אַ מעלדונג. ריזע האָט געבורטשעט וועגן די אומאָרדענונגען, וואָס הערשן אין סעקרעטאַריאַט, און דער פּאָרזיצער האָט זיך פאַרטיידיקט, אָנווייזנדיק ווידער, אַז די כאַוויירים — און ער האָט געקוקט אויף ריזען — קומען ניט צו הילף.

דער פּראָפּאַריינישער סעקרעטאַר האָט אָבער געוווּסט וואָס עס פּאַסט. „הער נאָר אויף וועגן דעם, וואָס וועט דער כאַווער טראַכטן וועגן אונדז? איר מוזט אונדז, כאַווער, אַנטשולדיקן, דאָ איז בײַ אונדז אַביסל ניט אַלץ אין אָרדנונג. מיר נעמען אַכאַך אויף און דערצו די לויפנדיקע אַרבעט, — קיין באַצאָלטע קראַפט האָבן מיר נאָך ניט, אַלץ ווערט געמאַכט פרייוויליק, — די כאַווירים אַלע זיינען זייער שטאַרק פאַרנומען. לאָמיר האָפן, אַז מיר וועלן אין אייך געפינען אַ טעטיקן מיטגליד. אימיצער האָט אייך געשיקט אַהער, אָדער — איך מיין נאָר, צי האָט אייך ווער באַאַרבעט?".

„באַאַרבעט? נו, יע, עס ווענדט זיך ווי מע נעמט עס אָן. פּאַ-ריקע וואָך האָט מען מיך באַאַרבעט אין דער ליכט-גאַס מיט אַ קאָלבע. איך בין דאָרטן צופעליק פאַרביי געגאַנגען און איך בין

געוועזן אַן איידעס פון אופּרעגנדיקע פּאָליציי־ברוטאַלקייט, מע זאָגט, אַז אין דער פּאָליציי, ווי אין אַלע אַנדערע מאַכט־אָרגאַנען, זיינען אַסאַך רעאַקציאָנערע עלעמענטן, וועלכע מאַכן צו־נישט די בעסטע פּאַראָרדענונגען פון אונדזערע כאַווערים אין דער רעגירונג. עס איז אויך צו באַמערקן, אַז עס קומט וואָס פּאָר, אַ נייער פּוטש גרייט זיך—אָבער דאָסמאָל פון רעכטס".

ריזע און אָוועראַזאַט האָבן זיך איבערגעקוקט.

„יע, און וואָס ווילט איר?—איר ווילט אַריינטרעטן אין דער זיכערהייטס־מיליץ", האָט ריזע ניט זיכער אַ פרעג געטאָן.

„נאָט באַהיט, איך בין שוין אַמאָל אין 1919 יאָר אין בערלין געווען אין רייכסטאַג־רעגימענט ליעבע. איך בין איצט באַשעפטיקט אַלס כעמיקער אין פּלאַשנערס שטאָל־זאַוואָד. איך האַלט אָבער פאַר מיין כויוו פּאָליטיש זיך שטעלן אין דער ריי פון רעפּובליקאַנישן פראָנט".

„אַזוי, אַזוי", האָט פרייער אָפּגעטאָטעמט אָוועראַזאַט, „נו, פילט דאָן אויס דעם בלאַנק".

ריזע האָט געגומען זיין הוט. „האָט מיר דערוויילע אַ גוטן, כאַווער זוקראָוו. וואָס אַנבאַלאַנגט דעם פּוטש פון רעכטס, דאַרפט איר זיך ניט זאָרגן. צו דעם זיינען דידאָזיקע מענטשן צו קלוג. איר קאָנט זיך אָף דעם פאַרלאָזן! איך אַליין בין דאָ באַקאַנט מיט אַ גאַנצע ריי, אַלע פּרעכטיקע מענטשן. זיי האָבן זיך נאָך ניט איינגעלעבט מיטן נייעם. דאָס איז לייכט צו פאַרשטיין. אָבער וויטער ווילן זיי אויך נאָר דאָס בעסטע. זיי שרייען, נאָר קעדיי אָנצומאַכן אַ טומל, ניט מער. אָף יעדן פאַל, האָבן מיר הינטער זיך אויסער אונדזער גוסטאַוו מיטן רייכסווער און דעם כאַווער היינע מיט דער „זיפּאָ", די גאַנצע אַרבעטערשאַפט. מיר וועלן מיטן פּוטש פון רעכטס אַסאַך גיכער פאַרטיק ווערן ווי מיט די ספּאַרטאַקיסטן".

„צי גלויבט איר, אַז די רייכסווער וועט אין אַזאַ פאַל ווירקלעך שיסן קעגן די פּוטשיסטן פון רעכטס?" האָט געפרעגט זוקראָוו מיט אומצוטרוי.

„גלויבן?" האָט ריזע געלאַכט מיט גייווע. „די סאָלדאַטן

האָבן דאָך געשוואָרן אַף אונזער קאָנסטיטוציע. קיין פּאַניק איז ניטאָ וואָס צו מאַכן".

און ער איז אַוועק.

„איך וויל אייך געבן גאָר אַ גוטע אייצע, כאַווער, טרעט אַריין אין דער איינזשענער-מיליץ. אונדזער כאַווער היינע האָט זי גע-בילדעט ספּעציעל קעגן פוטשן פון רעכטס און לינקס. איך בין דאָרטן אויך אַ מיטגליד, אָבער צוליב מיינע פונקציעס קען איך וועגן דעם זיך ניט פיל קימערן!" האָט געזאָגט דער פּאַרטיי-פּאָרזיצער.

זוקראָוו האָט צוגעזאָגט וועגן דעם אַ טראַכט צו טאָן און האָט אַ פאַרטראַכטער פאַרלאָזן דעם סעקרעטאַריאַט.

* *
*

איבער נאַכט איז ווידער אָנגעפאַלן אַ שניי, וואָס איז אָבער ניט געבליבן ליגן. די גאַסן האָבן געשווימען אין האַלבצעשמאָל-צענעם שניי און די שלעפּ-וועגן פונעם שטאָל-זאַוואָד זיינען גע-ווען ענלעך צו בלאָטיקע קאַנאַלן.

ערנסט זוקראָוו האָט פילטרירט אַפן פענצטער פון דער לאַבאָ-ראַטאָריע און אַרויסגעקוקט אַפן שניי, וואָס איז נאָך אַלץ גע-פאַלן. מיט פיר וואָכן צוריק איז ער נאָך געשטאַנען באַ אַזאַ וועטער ווי אַן אויסגעווייקטע קאַץ און געלאָדן שלאַק. איצט איז ער געזעסן אין אַ זויבערן און וואַרעמען אָרט. ער קריגט בעסער באַצאָלט, מע ווענדעט זיך צו אים אַף „הער", ער האָט אַן אינ-טערעסאַנטע אַרבעט און ער וואָלט געדאַרפט זיין צופרידן. דאָך האָט ער ניט געקאָנט מיט זיך דורכקומען.

מיט אַלע קרעפטן האָט ער זיך באַמיט צו באַהערשן די נאַרישע געדאַנקען, וועלכע עס האָט אַרויסגערופן דער העסלעכער וועַ-טער. ער האָט דאָך ניט געקאָנט העלפן די כעוורע, וואָס האָבן דאָרטן אין דרויסן געלאָדן, געפרוירן און זיך געווייקט. אַוועק-גייענדיק אַף אַן אַנדער אָרט אַרבעטן—אַן אָרט, וואָס האָט מער אַנטשפּראָכן זיינע פעיקייטן—איז ער דאָך מיט דעם ניט געוואָרן קיין פאַררעטער פון דער פּראָלעטאַרישער זאַך. ווען ער וואָלט זיך פון אַלץ אָפּגעזאָגט? עס איז אָבער געווען גראַדע פאַרקערט.

ער איז אפילע אריינגעטראָטן אין יונגער פּאַרטיי, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל די ארבעטער-באַפרייונג. און דאָס, וואָס ער האָט אָנשטאָט צו גראָבן קוילן, ווי ער האָט גערעכנט פריער, געמאַכט אַנאַליזן פון שטאָל, האָט דאָך ניט ווידערגעשפּראָכן זיינע פרינציפּן וועגן מיטארבעטן באַם אויפבוי.

„ייִדערער אַף זיין אָרט!"

ווי אָפט פלעגט ער דאָס איבערכאַזערן. ווען עס פלעגט אים געלינגען אַ שווערע שטיקל אַרבעט, ווען ער פלעגט זיך באַקענען מיט אַ נייעם פונקט פון דער זאַוואָדישער טעכניק, אַלעמאָל פלעגט ער זיך דערמאָנען די ווערטער פון דער שיינער מיטריי-זערן. נאָך די ערשטע שווערע טריט האָט זיך פאר אים אַלץ דאָך אויסגעקירעוועט צום בעסטן. ווי אַ גוטער מאַלעך האָט זי אים גליק געבראַכט.

זיינע געדאַנקען האָט איבערגעריסן דער קליינער קיפער, דער דינער פון דער לאַבאָראַטאָריע.

„איר ווייסט, הער זוקראָוו, מיר קריגן אַ נייע פרייוויליקע".

„אַ פרייוויליקע?"

„יע, נאָר וואָס האָט מען געקלונגען פון דער דירעקציע. זי איז שוין אין דער פאַרוואַלטונג-געביידע. אַ שיינע פריילן!"

„דו האָסט זי שוין געזען?"

„מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק איז זי שוין איינמאָל געווען אין ביוראָ. איר וועט דערשטוינט ווערן", האָט דער קליינער, אַ פינטל הוענדיק מיט די אויגן, געזאָגט.

זוקראָוון האָט באַהערשט אַ פאָרגעפיל: „ווי זעט זי אויס?"

„אָס גייט זי שוין", האָט אויסגעשריען דער יונג.

איבערן הויף איז געגאַנגען אַ אינזשענער, וואָס האָט באַגלייט אַ דאַמע. ניט געקוקט אַף דעם, וואָס זי האָט איר לעדערנעם הוט אַראָפּגעצויגן אַזן קראַגן פון גומי-מאַנטל, האָט זוקראָוו טיי-קעף דערקענט „זי", די געזוכטע פון לאַנג. ער וואָלט זי צווישן טויזנט דערקענט׳ אַזוי האָט זיך איינגעקריצט איר געשטאַלט אין זיין נעשאָמע. אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז זי, אין ד״ר גרעלס באַגלייטונג, אריין אין צימער. אין דעם ווייסן ווי פרילינג-בליעכץ

לאבאָראטאָריע-כאלאַט—דער אָפּגעלייגטער קראַגן האָט געלאָזן פינקלען אַף דער איידעלער האַלדז אַ גאָלדענעם האקן-קרייץ— מיט דעם צערויטלטן פון פראָסט פּנים, וואָס איז געווען איינ-געראמט אין בלאָנדע לאָקן, מיט די טיפבלויע שטראלנדע אויגן, האָט זי אויסגעזען אין זיינע אויגן ווי בעצמעס ניט קיין ערדיש ווען.

„קיפער, רוף גאָר אריין שנעל די הערן פון דאָרטן", האָט גע-זאָגט ד"ר גרעל.

די הערן זיינען שוין נאטירלעך געווען נייגעריק צו באקענען זיך.

„איך שטעל אייך דאָ פאָר די פריילן צענק. די פריילן צענק וועט ארבעטן אַכט טעג אין דער לאבאָראַטאָריע, קעדיי זיך צו באקענען מיט די אנאליזן פון שטאָל, אייזן און קוילן".

די הערן האָבן זיך פארנויגט, און גיזעלא צענק האָט יעדערן דערלאנגט די האנט. ווען זי האָט דערלאנגט די האַנט זוקראָוון, האָט קיין אײן שטריך פון איר גלייכגילטיק שמייכלדיקן פּנים ניט געוויזן, אז זי וואָל אים האָבן דערקענט.

מיט גיזעלא צענקס אָנקומען אין דער לאבאָראטאָריע האָבן דאָרטן אָנגעהויבן צו בלאָזן גאָר אַנדערע ווינטן. קוידעמקאָל האָט זיך דאָס אויסגעדריקט אין דעם, וואָס עס האָט זיך לאַכ-לוסן געביטן דער טאָן. אַפילע דער אלטער העוועלמאַן האָט פאר-שלאָסן זיין קוואַל אַנעקדאָטן, און דער בעסטער אָפּנעמער זיי-נער פייקכען האָט אויסגעזען, ווי מע וואָלט אים אינגאנצן פאר-ביטן. די איבעריקע האָבן זיך אין דער שטיל מיט אים גערייצט, אז ער איז פארקאָכט אין איר.

געווײנלעך פלעגט זוקראָוו ניט גיין אַ היים עסן, ס'איז אים געווען אַביסל צו ווייט צו גיין. ער פלעגט וואָס ניט איז צו-בייסן און די איבעריקע צייט פארברייגגען באם לייענען אינעם וואג-צימער פון דער לאבאָראטאָריע. ווען ער האָט איינמאָל געוואָלט מיטאָג-צייט פארנעמען זיין געווײנלעכן פלאַץ, האָט ער צו זיין איבערראשונג דערזעען גיזעלא צענק, וואָס איז געזעסן פאר דער אנאליטישער וואָג.

„איר זייט נאָך אויך דאָ, איר גייט ניט עסן?" דאָט זי געפרעגט, ניט אופהויבנדיק די אויגן פון דער וואָג.

„איך בלייב דאָ אַלעמאָל מיטיק-צייט, ס'איז מיר צו ווייט צו גיין", האָט ער געענטפערט אַ צומישטער.

„אויב אזוי שטערט זיך ניט, איך האָב נאָר געוואָלט נאָכאמאָל קאָנטראָלירן אַן אַנאליז פון קוילן-שטאָף".

זוקראָוו האט זיך גאַנץ באַשיידן אנידערגעזעצט אין זיין ווינקל. דאָס וואַרעמע ליכט פונעם עלעקטרישן לעמפל האט באשטראַלט דעם גאָלדענעם שטעגל אָפן קעפל פונעם שטאָלצן געשטאַלט, האט זיך אָפגעשפיגלט אין די דינע זיידענע הערלעך אף דעם שיינעם נאַקן. באזונדערס איידל האָבן אים אויסגעזען די שמאָלע ווייסע הענטלעך, וואס האָבן פלינק געאַרבעט בא דער אווטאָמאַטישער וואָג.

גיזעלא צענק האט פאַרקלאַפּט די גלעזערנע טירלעך פון דער וואָג, האט זיך א וואָרף געטאָן אין א שטול און פאַרלייגט אַ פוס איבער א פוס. פון כאַלאט קעשענע האט זי אַרויסגענומען אַ זילבערנע פּאַפּיראָסן-שאַכטל.

„איר האט פייער?"—שוין אינגאַנצן א צומישטער האט זוקראָוו דערלאנגט איר אַן אָנגעצונדענע שוועבעלע און האט גענומען דעם פאַרגעלייגטן פּאַפּיראָס.

„מיין איינציקער פעלער", האָט זי געלאַכט.

„אויב די גנעדיקע פריילן האט מער קיין פעלער ניט", האָט ער געשטאַמלט נאָך אַלץ א צומישטער. ער האט געהאט באַשלאָסן ניט ווענדן זיך צו איר מיט „גנעדיקע", ווי די איבעריקע. דאָך איז דאָס געשען.

„ווער קען דאָס וויסן", האט זי געשמייכלט, און אין א קורצער ווײַלע אַרום:

„ווי געפעלט אייך אייער ארבעט דאָ? בעסער ווי דאָס העסלעכע לאָדן דעם שלאק? אָדער עפשער וואָלט איר בעסער וועלן גיין אין שאַכטע?"

זוקראָוו איז געוואָרן טונקל-רויט.

„וואָס, איר ווייסט, אַז איך...?"

גיזעלא האט זיך פאנאנדערגעלאכט: „נאטירלעך ווייס איך. איך האב אייך גאנץ אפט געזעען באַ דער ארבעט. נאר איר האט מיך ניט געזעען, אדער איר זייט געווען צו שטאלץ, דארטן באַ דער ארבעט“.

„אבער איך ווייס ניט בעמעס...“

„ווייזט אויס, איר ווייסט נאך אסאך זאכן ניט. איר ווייסט געוויס אויך ניט ווי אזוי איר זייט פלוצלינג געקומען אהער, אין דער לאבאראטאריע?“

בליק-שנעל איז פאר אים אלץ קלאר געווארן. „אנטשולדיקט מיך, גנעדיקע פריילן, וואס איך האב פריער מיין דאנק ניט...“

„איך בין צופרידן, ווען איך קאן אונטערהאלטן אן אנשטענדיקן מענטשן“, האט זי געשמייכלט.

זוקראוו וואלט אין דעם מאמענט מיטן גרעסטן פארגעניגן געקושט איר האנט.

„עס פרייט מיך זייער, וואס איך קאן ארבעטן און שאפן אין מיין פאך, האגאם איך קאן ניט פארזעצן מיין שטודירן“.

„נו, צו דעם וועט זיך נאך מיסטאמע אויך געפינען אן אייצע. יעדנפאלס באגרענעצט איר זיך ניט, ווייזט אויס, מיט כעמיע אליין. איך האב אייך געזעען אנומלט אף אן ארבעטער-פארזאמלונג“.

„איך בין אהין געגאנגען מיטן זעלביקן ציל ווי איר“, האט ער שנעל געענטפערט.

„וואס, איר זייט אויך...“ זי האט זיך צוגעביסן דעם צונג,—

„איר זייט דאך א ראדיקאל, איר האלט דאך מיט די ארבעטער!“

„געוויסערמאסן שטימט עס, און דעריבער גיי איך טאקע אף ארבעטער-פארזאמלונגען, קעדיי צו פארטיפערן מיין וועלט-אנשויונג“.

איבער גיזעלאס פנים איז איבערגעפלויגן א שאטן פון אומצופרידנקייט.

„פאר די ארבעטער זיינען מיר... בין איך אויך! איך האב אייך דאס שוין געזאגט דאמאלסט אין באן. אבער איר האט דאך אליין אף יענער פארזאמלונג געזעען: די ארבעטער אליין זיינען צווישן

זיך ניט אייניק און זיי וועלן קיינמאָל ניט ווערן אייניק! איינער רייסט ערונטער דעם אַנדערן! און ווען אַן אַרבעטער רוקט זיך אַרויס, טרעטן אים זיינע כאַווײרים מיט די פיס. אַן אַרבעטער, וואָס רוקט זיך אַרויס, איז דער ערגסטער עקספּלואַטאַטער, וואָס מע קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן".

„די באַפרייונג פונעם אַרבעטער-קלאַס קאָן אָבער נאָר זיין די זאַך פון דעם אַרבעטער-קלאַס גופא", האָט געענטפערט זוקראָוו.

„אַזוי זאָגט דער ייד מאַרקס, קעדיי אויפצוהעצן איינעם קעגן אַנדערן", האָט זי אויסגעשריען מיט בליצנדיקע אויגן.

„דאָס שטימט אָבער ניט, מאַרקס העצט ניט קיין אַרבעטער קעגן אַרבעטער", האָט ער געזאָגט, אויפנעמנדיק דעם קאַמף.

„ניין, אָבער איין דייטש קעגן דעם אַנדער דייטש! אָדער עפשער זיינען ניט די אַרבעטגעבער, די אָפיצערן, די אינטעליגענטן, צו וועלכע איר געהערט דאָך אויך, קיין פאָלק-כאַווײרים, אַן וועלכע ס'איז ניט מעגלעך קיין שום פאָרשריט און קיין שום אַרבעט איבערהויפּט?"

„אין דעם איז דאָך הויפּטזעכלעך שולדיק דער צווייטער צאַד. ווי ווערן די אַרבעטער עקספּלואַטירט און באַהאַנדלט? איך האָב דאָס אליין גענוג געפילט", האָט ער צוגעגעבן.

„זיינען דען ניט געקומען געוויסע פאַרטרעטער פון דעמדאָזיקן „פאַרשאָלטענעם קלאַס" אייך צו הילף?"

זוקראָוו האָט זיך דערפילט אַנטוואָפנט און פאַרשעמט. שפּעטער האָט ער זיך געערגערט, וואָס ער האָט איר ניט געזאָגט: „יע, מיר, אַן איינצלנעם, און איך בין איבערהויפּט קיין אַרבעטער ניט,—אָבער די אַנדערע, וואָס האָבן די איבעריקע דערפון?"

גיזעלא צענק האָט גאַנץ געשיקט אויסגענוצט זיין מאַפּאָלע. „איך באַצי זיך מיט אַכטונג צו יעדער מיינונג, אַפילע ווען זי איז פאַלש. איר, הער זוקראָוו, זייט אַן אומבאַוווסטזיניקער קאָרבן פון דער פאַלשער מאַרקסיסטישער לערע. די גרעסטע טייל מענטשן יאָגן זיך אַרום אין זייערע פאַרטעיִשע דאָגמען ווי אין א שטייגל, אַרויף און אַראָפּ. דעם קעגנער שרייבן זיי צו די ני-

דעריקסטע מאַכשאָוועס, די רייד פון א מענטשן זיינען קיין רייד ניט..."

„מע דאַרף זיי ביידן אויסהערן", האָט ער דערגאַנצט.

„אזוי, דאָס ווייסט איר. איר זייט אָבער אזוי ניט טאָלעראַנטי אז איר לאָזט ניט אויסריידן א וואָרט דעם אַנדערן, ווייל יענעמס מיינונג ווידערשפּרעכט אייער מיינונג!"

האגאַם זוקראָוו האָט זיך ניט געפילט שולדיק אין דעם, דאָך האָט ער אראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ פאַר אירע פייערשפּריצנדיקע אויגן. זי האָט דאַן אָנגעהויבן אָנצוּוואַרפן א בילד פון אופבוי— אזא, ווי זי האָט זיך אים פאָרגעשטעלט—אונטערנעמער און אר־בעטער ווינען אונטער איין דאַך אין גרויסן הויז, וואָס הייסט „דייטשלאנד"! הייסט דאָס, ביידע האָבן איין און דעמזעלביקן אינטערעס—אופצובויען דאָסדאָזיקע הויז,—דאָס איז געווען איר אויספיר. כאָטש ער האָט געפילט, אז דאָ איז ניט אַלץ אין אָר־דענונג, איז ער אָבער געווען צופיל אופגערעגט און האָט ניט געקאָנט איר דערווידערן.

נאָך דעם ווי זי האָט פאַרלאָזן דעם צימער, האָט ער זיך אָנ־געהויבן צו ערגערן איבער זיך אַליין. שטענדיק, ווען ער פלעגט מיט אימעצן שטרייטן, פלעגט ער בלייבן דער געשלאָגענער. בי־פראָט האָט אים וויי געטאָן, וואס דאס האָט געטראָפן מיט אים אויך אין דעם פאַל. ער האָט זיך געמוזט מודה זיין, אַז ער האָט איר געוויס ניט איבעריק אימפּאָנירט.

דער געדאנק, אז די שיינע פאַבריקאַנטס טאָכטער וועט וועגן אים האָבן א שלעכטע מיינונג, האָט אים ניט פאַרלאָזן א גאַנצן טאָג. אז זי איז ניט געווען גלייכגילטיק צו אים, האָט מען גע־קאָנט זעען פון דעם, וואָס זי אינטערעסירט זיך אזוי מיט אים. צי איז דאָס בלויז א ריין מענטשלעך אנטייל-נעמען, אָדער מער?— ביגנייוועט האָט ער באַטראַכט זיין אויסזעען אין שפּיגל. ער האָט געהאַט א שמאָלן אינטעליגענטן פּאָנעם, שוואַרצע האָר און טונקל־גרויע אויגן. „קענגנזאָגן ביט איינעם צום צווייטן, עפּשער, זי די בלאָנדע..."

אָבער וואס פאַר א נארישע געדאנקען עס קומען אים אין קאָפּ

אַריין!? צווישן אים, דעם אָרעמען סטודענט, און איר, דער טאָכטער פון אַ רייכן אונטערנעמער, בּאַ וועלכער די גאַנצע וועלט ליגט אונטער די פיס, איז אַזאַ טיפער אָפּגרונט, אַז קיין שום ראָמאַנטישע קאָמבּינאַציעס וועלן אים ניט פאַרשיטן.

שאַבּעס, נאָכן אוונטברויט, האָט ער צוגערוקט דעם גרינעם שטייענדיקן לאָמפּ צום דיוואַן און האָט זיך אַנידערגעלייגט לייענען דעם בּוך, וואָס ער האָט גענומען פון דער פּאַרטיי-בּיבּליאָטעק: פערדינאַנד לאַסאַל „וועגן קאָנסטיטוציע-פראַגן".

אין דעמדאָזיקן בּוך האָט ער געפונען, ווי עס האָט זיך אים געדאַכט, אַ בּאַרעכטיקונג פאַר די אייצעס, וואָס די פּאַרטיי-פונקציאָנערן האָבּן אים געגעבּן בּענעגייע דער „איינוווינער-מיליץ". די קאָנסטיטוציע קאָן דאָך רעאַליזירט ווערן בּלויז דורך די רעאַלע מאָסמיטלען, וואָס שטייען הינטער איר—האַרמאַטן און בּאַגנעטן. דעריבּער איז זייער גוט, וואָס נאָסקע שטייט אין דער שפּיץ פון דער רייכסווער, היינע אין דער שפּיץ פון דער זיכערהייטס- און איינוווינער-מיליץ. מע מוז אויך אליין אַריינטרעטן אין דער איינוווינער-מיליץ, קעדיי דאָרטן צו ווירקן אין סאָציאַל-דעמאָקראַטישן גייסט.—כאָטש, ווען ער האָט אַ טראַכט געטאָן וועגן פּייקבען און זיין גלייכן איז ער שטאַרק מעסופּעק געוואָרן צי אַזאַ טעטיקייט וואָלט געווען מעגלעך.

אין טיר האָט מען אָנגעקלאַפּט. הער שאַפּולאַ פערזענלעך איז געקומען אָפּנעמען דאָס געשיר פונעם אוונטברויט.

„דער הער שאַפּולא בּאַמיט זיך פערזענלעך? האָט איר זיך צוליבּ דעם עקסטרע אויסגעפּוצט אָדער איר קלייבּט זיך גיין אַף אַ כאַסענע?" דער דיקער באַלעבּאָס. וואָס איז געווען אויסגעפּוצט אין אַ שוואַרצן אנצוג, מיט אַ ווייסן שטייפן קראַגן און שניפּס, האָט געשמייכלט אַביסל פאַרלעגן. „דאָס טאַקע ניט, נאָר די „איינוווינער-מיליץ" האָט היינט אין רעסטאָראַן „מאַרקסלאָהער הויף"... ער האָט אוועקגעלייגט אַפן טיש אַ געדרוקטע איינלאַדונג.

„אַ כאַווערשער אָוונט מיט געסט און טענץ".

„איר זייט דען אויך אַ מיטגליד?" האָט געפרעגט זוקראָוו אַ פּאַרינטערעסירטער.

„וואָס פאַר אַ פראגע?—ער איז טאַקע ניט קיין פּאָליטיקער. צי עס רעגירט ווילהעלם אָדער עבערט איז אים טאַקע גאָר אַלציינס, נאָר ווי אַ מענטש, וואס האט ליב רו און אָרדענונג, האט ער געהאַלטן פאַר זיין זעלבסטפאַרשטענדלעכן כויוו אריינ-צוטרעטן אין דער „איינוווינער-מיליץ".

די לאַגע אין דער סוועריטרופער מיליץ איז געווען ניט אי-בעריק פויגלדיק. דעריבער האט די אָנפירונג באַשלאָסן איינצו-אָרדענען אַזעלכע כאַווערשע אָוונטן. יעדער מיטגליד איז פאַר-פליכטעט געוואָרן מיטצוברענגען אמווייניקסטן איין גאַסט. שאַ-פולא האט לאַנג געטראַכט וועמען זאָל ער מיטשלעפּן, ווייל ער האט זיך ניט געוואָלט בלאַמירן מיטן גרינס-הענדלער קאַבושאט, וואס האט שטאַרק ליב די קויסע. שליסלעך איז אים איינגעפאַלן זיין קוואַרטיראַנט. ער האט אָבער ניט געוווסט, ווי צוצוקומען צום איניען.

„איך וועל אייך ווינשן, איר זאָלט גוט פאַרברייננגען די צייט, נאָר זעט פאַרפּאַט ניט אייער פרוי", האט גוטמוטיק גע-שמייכלט דער יונגער מאַן.

„אָ, יאָ, דאָס לעצטע מאָל איז געווען גאָר ניט שלעכט, ביר גיסט זיך אַלעמאָל געגוג, און די דאַמען, איך קאָן אייך זאָגן..." ער האט אַ קנאַק געטאָן מיט דער צונג. „ליידער זיינען קיין רעכטע טענצער ניט געווען".

„נו, אויב אַזוי האט איר דאָך געהאט גוטע שאַנסן!"

„גייט שוין, גייט. אונדזער איינער קאָן ווייניק וואָס אויסטאָן בא דער „היאַוואַטאַ". יאָ, ווען איך בין געווען אַזוי אַלט ווי איר, בין איך אויך געווען אַ שטיק שעד. באַם קאַרנאַוואַל פלעג איך זיך ניט לייגן שלאָפן פינף טעג נאַכאַנאַנד. און באַם קיער-מאַש! גאָר געהוליעט! און איר, איר כאַפּט ניט אַ מאָל אַ טענצל?"

זוקראָוו מיט אַ געלעכטער: „אויב עס מאַכט זיך אַ גע-לעגנהייט..."

„אָך, ווען איר ווילט?.. היינט וועט זיין גאַנץ לעבעדיק. גע-

וויינלעך פאַרציט זיך דאָס „ביז פּאַרטאָג", האָט פאַרלעגן גע-שמייכלט שאפּולא.

זוקראָװ האָט אויפגעשפּרונגען. „מיין טייערינקער! עס גייט! עס קריכט מיר שוין פון האלדז. ווילט איר מיך מיטנעמען — בין איך גלייך פאַרטיק!"

ניין אַ זייגער, ווען שאפּולא מיט זיין גאַסט זיינען אריין אין זאַל, זיינען דאָרטן שוין געווען בא אַ פיר הונדערט מאַן. די עלטערע הערן זיינען געשטאַנען אין גרופּעס און געשמועסט. די אויסגעפּוצטע קאָלע-מיידלעך זיינען געזעסן אַף לאַנגע רייען שטולן ארום דעם זאַל, ווי וואָראָבייען אַף טעלעגראַף-דראָטן, פון הינטן די הויכנעשעצטע מאַמאַ'ס מיט לאָרניעטקעס.

„געגוג קאלב-פליש פאַראַן, וואָס? זעט, פאַרשלאָפט ניט. ווערט זיך אייך איינגעבן..." שאפּולא האָט אַ פינטל געטאָן מיטן וואסעריק-בלויען כאַזער אויגל, — „נאָך איינס אַ זייגער איז אַלץ דערלויבט. מיין אַלטע וויל דאָס אפילע ניט ליידן, זי זאָגט, אַז דאָס הויז דאַרף בלייבן ריין. די ווייבער זיינען קאָמיש. טוט אויס אונטן די שיך. די הויפּט-זאַך, עס זאָל אין בעט קיין האָר-שפּילקעס ניט בלייבן". — — —

די מוזיק האָט אָנגעהויבן אַ וואַלס פון טשאַרדאַס-פירסטן. זוקראָװ האָט זיך געקליבן שוין אַ לאַנג טאָן זיך טאַנצן, נאָר זיין באַגלייטער האָט אים פאַרהאַלטן. „ניט אַזוי שטורמיש, איך מוז אייך נאָך פאָרשטעלן". ער האָט אים צוגעפירט צו עטלעכע הערן באַהאַנגענע מיט לענטעס און מעדאַלן. זוקראָװ האָט געהערט אומפאַרשטענדלעכע נעמען און „בין העכסטנס צופרידן", ער האָט זיך געבויגט אַף רעכטס און אַף לינקס, געדריקט די הענט און איינגעפונען, אַז דאָס איז אַלץ שרעקלעך נאַריש.

פּלוצלינג איז ער אָנגעשפּרונגען צוף צוויי באַקאַנטע פּנעמער: ריזע און אָווערוואָס! האָגאָם עס איז אים געווען זייער ניט אָנ-גענעם זיך צו טרעפן מיט די פּאַרטיי-כאַווײרים דאָרטן, ווו ער האָט זיך לויט גראָטעס רעצעפּט געזאָלט „אַנלאָרן", ער האָט אָבער, נאַטירלעך, ניט געקאָנט אויסמיידן קיין באַגריסונג. ז' ביידע אַרבעטער-פירער זיינען ווייזט אויס געווען אופריכטיק צו-

פרידן, וואָס זיי האָבן דאָ געטראָפן דעם יונגן מאַן. זיי האבן אים פאָרגעשטעלט אַן עלטערן הער, וועמענס קאָפּ האט אויסגעזעען ווי אַ קירבים מיט האָרן-ברילן. דאָס איז געווען דער בירגער-מייסטער ד״ר ליוּוענקול. יעדערער האט פאַר אים געהאט אַ פּאָר העפלעכע ווערטער, האט אים געקלאַפּט אין פּלייצע און זיינע קעשענעס זיינען באַלד פול געוואָרן מיט פּראָספּעקטן און איינ-טריטס-אַנקעטעס: „שיצט אייער היים און אייער פאַמיליע, טרעט אריין אין דער „איינוווינער-מיליץ״, „וואָס וויל די „טעכנישע נויט-הילף״ א. א. וו.

די ביידע כאַוויירים האָבן אים דערנאָך אוועקגעשלעפּט צו אַ טיר, ווו אַף זיי האבן שוין געוואַרט מיט אומגעדולד די בע-סערע העלפטן מיט די טעכטער. עס האבן זיך ווידער אָנגעהויבן העפלעכקייט-צערעמאָניעס! די ביידע פרויען, וואָס האבן טייקעף אויסגעוויילט דעם יונגן מאן ווי אַ קאַנדידאט פאַר אַן איידעם, האבן אים מיט מוטערלעכער ליבע, וואָס פאַרטראָגט ניט קיין ווידערשפּרוך, אוועקגעזעצט צווישן זיך, אזוי, אַז ער האט שוין ניט געקאָנט מאַכן די פּליטע. דערנאָך האט זיך אָנגעהויבן אַ ליבער און פיינלעך געניויער פאַרהער איבער זיינע היגע און היימישע פאַרהעלטענישן. וויזוט אויס, זיי זיינען שוין טיילוויז וועגן דעם געווען אָריענטירט, ווייל ניט געקוקט אף זיינע שע-מעוודיקע פּראָטעסטן, האבן זיי אים קעסיידער טיטולירט „הער דאָקטער״.

פרוי אווערזאַט, אַ קליינע קיילעכדיקע פרוי מיט אַ מונטערן קעלנישן מיילכל, האט זיך באַמיט צו ריידן מיט אַ ריינעם לי-טעראַרישן דייטש. דאס האט אַרויסגערופן אַ שמייכל בא דער פרוי פונעם פּראָפּאַריינישן סעקרעטאַר, וואָס איז געזעסן שטייף, אויסגעפּוצט אין שוואַרצן זייד. זי האט אַ שטויס געטאָן איר טעכטערל אילזע מיט דער פוס, געהאט אָבער אַ טאָעס און גע-טראָפן די פוס פון לוסיע אווערזאט, וואָס האט אָנגענומען, אַז דאָס גייט פונעם אינטערעסאנטן סטודענט און האט מיט קראפט געענטפערט.

בעיס אונטערן טיש האָט מען זיך געשטופּט מיט די פיס

האָט ער ערנסט באַטראַכט דאָס שלאַכט-פעלד איבערן טיש. „אַ נאַרישע געגדול, אַסך טוץ בילּיקער", האט ער געטראַכט וועגן ריזעס סעכטערל, וואס איז געזעסן אויסגעפוצט מיט אַ גייסטלאָזן פּאָנעם פון אַ ליאַלקע. די אַוועקגעזעצטע האָבן געהאַט טונקל-בלאָנדע האָר, ליבלעכע דיקע נעזלעך און רויטע גרוי-בלויע אויגן, וואָס האָבן געקאָנט, ווען זיי פלעגן אויפהייבן די לאַנגע וויעס, ווערן געפערלעך פאַר אַן אומדערפאַרענעם פיר-און צוואַנציק-יאָריקן באָכער.

זוקראָוו, וועלכער האָט געטאַנצט מיט אַלע דריי, האָט ניט געוווּסט וועמען אויסצוקלייבן: געטרודן אָדער לוסיען. דידאָזיקע פיינלעכע פראַגע האָט געלייזט אַ לאַנגער ווי אַ בוים, מיט אַ שניט אַ פּאָנעם פענטש, וואָס פלעגט אנגאַזשירן לוסיען צו יעדער טאַנץ. ווייטער האָט זיך שוין זוקראָוו געהאַלטן בײַ געטרודן. דאָס האָט זייער אויפגערעגט די פרוי פונעם פּראָפּאַגײַשן סעקרעטאַר, וואָס האָט דעריבער עלף אַ זייגער אַרויסגעשאַרט זיך אַהיים מיט איר זיצנגעבליבענער טעכטערל. באַלד נאָכדעם האָט זיך אָפּגעזעגנט פרוי אַוועקזאַט.

„אַנטשולדיקט, מײַנע הערן און דאַמען", האָט אונטערן נאָז אַרויסגעוואָרגן דער צעשניטענער, „אויב איר האָט גאָרניט קעגן, וועל איך דאָ זיך צוזעצן. ערלויבט: קולענקאַמפּ, בארג-אַסעסער!"

„וואָס ווילן טרינקען די הערן?" האָט געפרעגט דער קעלנער, אָפּרײַניקנדיק דעם טיש.

„ברענגט די וויין-קאַרטע, — איר וועט דערלויבן, איך לאַד אײַן", האָט זיך נאָכאַמאָל פאַרנויגט דער לאַנגער.

„אין דערבײַיקן צימער איז אַזוי געמיטלעך, אַזעלכע שײַנע ווינקעלעך. ניט אַזוי ווי דאָ, וווּ אַלע זיצן", האָט באַמערקט לוסיע אויפהייבנדיק די וויעס.

„אַזוי גאָר, איר זײַט דאָ שוין גוט באַקאַנט? — איך בין פון אָבערהויזן און דאָ בין איך היינט צום ערשטן מאָל. זעלבסטפאַרשטענדלעך, מיר קלײַבן זיך אַריבער אַהין".

צוועלף אַ זייגער איז אויסגעלאָשן געוואָרן דאָס עלעקטרישע ליכט, ווײַל צו דער צײַט האָבן געדאַרפט ווערן לויט אַ פּאָלי-

צעישער פּאַראָרדענונג אַלע רעסטאָראַנען געשלאָסן. עס זיינען אָנגעצונדן געוואָרן ספּירט-לאָמפּן, אָבער דער זאַל, באַזונדער די זייטיקע טײלן,—זיינען געבליבן האַלב-טונקל. די ליבעדורשטנדיקע יוגנט איז געווען זייער צופרידן פון דעם—זיי האָבן זיך באַפרייט פון דער אויפזיכט פון די עלטערע. אין דער מוזיק האט זיך אריינ-געמישט געזאַנג, געלעכטער, פאַרשטיקטע אויסגעשרייען און קווי-טשערייען, די לופט איז פול געוואָרן מיט טייווע.

די עלטערע זיינען אריבער אין די סאָדערשטע רעסטאָראַן-צימערן, ווו זיי האָבן פאַרבראַכט די צייט שפּילנדיק אין קאָרטן.

און די פּאָליציי-פאַראָרדענונג?

וואָס האט געקענט געשעען, ווען דער שעף פון דער פּאָליציי, דער בירגערמײַסטער ליוּוענקול, איז געווען צווישן די געסט? ער האט געשטראַלט צווישן די אָנפירער פון דער „איינגווינער-בילוּץ", הינטער אַ באַטאַרייע רויטוויין-פלעשער און האָט זיך, ווייזט אויס, געפילט פּראַקטיק. לעם אים איז געזעסן דער פּראָפּאַרייניסטער סעקרעטאַר ריזע, וועלכער האָט מיט אַ ווין-רויטן פּאָנעם דער-ציילט פעטע וויצן. ווייטער זיינען געזעסן דער קאַצעוו גוטקנעכט, דער סויכער גערשטנבערג, דער דראָגיסט דאָבערשטיין און דער פּאָסט-מייסטער ליפּעל. זיי האָבן אויסגעקליבן אַן אַנדער שפּיל: זיי האָבן אָנגעפּאָמפּעט שאַמפּאַן מיט „דאָרטמונדער" און יענער האָט דערציילט געשיכטעס פון זיין מיליטער-דינסט. אָווערזאַט האָט, ווייזט אויס, קיין סאַך ניט געקענט פאַרטראָגן, ער האָט שוין עטלעכע מאָל געוואַנדערט אין טואַלעט-צימער און איז איצט געלעגן אויסגעצויגן אויף אַ באַנק, ווי אַ מעס.

זוקראַוו האָט דאָס אַלץ באַטראַכט. זייענדיק אַ קאַלדאַט און שפּעטער אַ סטודענט האָט ער זיך שוין אָנגעזען אויסגעלאַסענע שיקרעס און האט עס שוין באַוויזן פיינט צו קריגן. דאָס בילד, וואָס ער האָט דאָ געזען, האָט אים גאָר ניט אַנטציקט. און נאָך אויף איין זאַך האָבן אים די מיידלעך אויפמערקזאַם געמאַכט. אין אַ קוים באַלויכטענער נישע איז געלעגן אַ שיקערע פרויען-פיגור אפן שויס פון אויך נים קיין ניכטערן מאַן, וועלכער האט אריינ-געדרוקט זיין האַנט ביזן עלנבויגן אין אויפשניט פון איר בלוזע.

קולענקאמפּ האט געלאַכט. לוסיע אָווערזאט איז געווען אויפ-געבראַכט:

„און דאָס איז אַ פּאַרהייראַטע פרוי, איר מאַן איז אַ אינ-זשעניער,—און זי שעמט זיך גאָרניט".

„בעעטעס, זיי האָבן דאָס געקענט דאָך מאַכן אַזוי ווי מיר מאַכן עס", האָט געזאָגט קולענקאמפּ און אויסגעלאַכט דאָס ליכט.

לוסיע האט נאָך אַלץ געשפּילט די נאַיווע. „גאָט מיינער, מע קאָן אַלץ מיטמאכן. אונדזער מאמא זאָגט שטענדיק: איך וועל אייך ניט צובינדן, איר דאַרפט אליין פאַרשטיין, ווי ווייט איר דאַרפט גיין".

„ביז צום עלנבויגן איז זיכער צו ווייט", האָט זיך אַ קראַץ געטאָן דער לאַנגער.

בא דער צווייטער פלאַש „מוסקאטעלער" האָט קולענקאמפּ פאָרגעלייגט: „איצט טרינקען מיר אלע אַף ברודערשאפט, און יעדערער באקומט דערביי אַן אָנשטענדיקן קוש".

אַז די מיידלעך זיינען אַ מאָל אַרויס, האָט דער לאַנגער גע-זאָגט צו זוקראָוון: „זיי האָבן שוין גענוג! מיט מיינער ביך איך שוין דורכגעקומען. מיר גייען אין האָטעל „אַן זאָרגן".

„איך האָב גאָרניט געהערט", האָט געזאָגט זוקראָוו אַ פאַר-כידעשטער.

„מענטש איינער, ווען דעם רעדט מען ניט, ווען דעם איבער-צייגט מען זיך. און ווי האַלט דאָס בא דיר?"

זוקראָוו האט געפרווט זיך אַרויסדרייען. — „ווען איר ניט צונעמען די שוועסטער, מאַכט איר מיר קאַליע די גאַנצע שפּיל. מענטש איינער. קומט לאָמיר גיין צוזאַמען, די קליינע איז אויך ניט צו שמאָלץ", האָט זיך געבעטן דער בערג-אַסעסער און פאַר-שטייענדיק זוקראָווס פאַרלעגנהייט, האָט ער אים פאָרגעלייגט אויסצולייען געלט. זוקראָוו האָט געליען הונדערט מאַרק.

שפּעטער אַ ווײַלע, צוריקצורנדיק זיך פון אַ טאַנץ מיט לוסיען, האָט ער דערזען אין קאָרידאָר באַם גרויסן גארדעראָב-שפּיגל אַ שלאנקע אין העל-גרינע זייד געקליידעטע פרויען-פיגור, וואָס האָט געמאַכט אין אָרדענונג אירע האָר. אַ הער אין אַ פראַק איז

געשטאַנען פון הינטן און געהאַלטן איר מאַנטל. ווען זוקראַוו איז פאַרבייגעגאַנגען האָט זיך די פיגור אויסגעדרייט — און זוקראַוו האָט דערזען גיזעלא צענקס אויגן. ער האט זיך פאַרנויגט. זי האָט אָבער געקוקט איבער אים, ווי זי וואָלט אים ניט געקענט. אַ פאַרשעמטער איז ער אַוועק.

צווייַ אַ זייגער איז מען ארויס אין גאַס. ס'איז געווען אַבּ־סאָליוט פינצטער. אין דער פינצטערקייט האָבן אַרומגעקראָכן שי־קערע, געהרגעט... זוקראַוו האָט ערשט דאָ דערפילט, אַז ער איז „מאָלע" מיט „מוסקאטעלער". בּאַ אַ ראָג גאַס איז געשטאַנען אַ שיקערער שאַכטיאָר און געבראָכן אין זיין אייגן הוט אריין. די ארומיקע האָבן זיך געקוויקט מיט דעם בילד.

„די אַרבעטער זיינען כאַזיירים און פאַרדינען צופיל", האָט געבּרומט דער בּאַרג־אסעסער.

בּאַ אַ שענק, מיט צעבראָכענע שויבן, האָט זיך צונויפגעקליבן אַן אוילעם. זוקראַוו איז אריינגעטראָטן אין עפּעס קלעפּיקס און האָט דערקענט צו זיין גרויס שרעק, אַז דאָס איז בלוט. דער שענקער האָט געהאַלטן מילכאָמע מיט צוויי „פוילישע קאמאראדן", וואָס האָבן דאפקע געוואָלט אריין אין שענק, ניט געקוקט אַף דעם, וואָס דאָס שענק איז שוין געווען געשלאָסן. דער שענקער האָט אַרויסגערופן פּאָליציי. די פּאָליציאנטן האָבן זיך גענומען „מאַכן אָרדענונג", פאַרוואונדעט די צוויי מיט די שווערדן און פּאָפּקאָלסאָף ארעסטירט זיי.

„גוט אזוי, — די געשיכטע דאַרף מען מאַכן בּעקיצער, — פּאקן און שטעלן צום וועגטל", האָט געשריען קולענקאמפּ מיט אַ שי־קערן קאָל, און טרייסלענדיק מיט זיין באמבוק־שטעקן זיך צע־זונגען:

„אראָפּ די יידן, אראָפּ די יידן,
אראָפּ די יידן פון דער רעפּובּליק!"

## 7. קאפּיטל

אז ערנסט זוקראַוו איז צומאָרגנס אויפגעוועקט געוואָרן פון דער גלאָקן־קלינגעריי, האט זיין זיקאָרן קוים געקאָנט ברייגגען אין

אָרדענונג די געשעענישן פון דער פאַבריקער נאַכט. ס׳איז געווען צען א זייגער. ער האָט באַשלאָסן אופשטיין און דורכשפּאַצירן זיך איבער דער ראטינגער גאס, קעדיי זיך אביסל אָפּפרישן און פאַרטרייבן דעם „קאצן־יאָמער״. „עס איז געווען ניט שלעכט״, האָט ער צוגעשמייכלט דערמאָנענדיק זיך וועגן גערטרוד אָווערזאַס.

בײַם היי-מארק האט אים אָפּגעשטעלט מאקס גראָסע. „וואָס, דו גײסט אויך אַהין קעלבער-מארק? דו זעסט אָבער אויס שלעכט, צום טײוול. די לופט פון דער לאבאָראטאָריע ווירקט, ווייזט אויס, ניט איבעריק גוט אף דיר?״ זוקראָוו האָט אין פארלעגנהייט א קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס.

„און בא די רוקערס זעט מען דיך אויך ניט מער. מערי מיינט שוין, אז דו ביזט אין קאַאָס, ווייל מיר האָבן דיך דאָס לעצטע מאָל ארייַנגעזעצט אין קלאָפּ״.

„מיך ארייַנגעזעצט אין קלאָפּ?—נארישקייטן. איך מוז זיך איצט זייער אסאך לערנען. איך מוז אלץ באַנייען, און אגעווו קלייב איך זיך שוין פון לאַנג אהין״, האט געענטפערט זוקראָוו.

„קום זשע היינט נאָכמיטאָג. מוטער רוקערס פייערט היינט איר געבורטס-טאָג, עס וועט זיין גאנץ געמיטלעך. איך און האנעס וועלן שפּילן אף דער מאנדאָלינע, דו אף דער ליוטניע. א פּאָר מיידלעך וועלן אויך זיין, מע וועט קאָנען א טאַנץ טאָן. לודוויקן, דעם קאַליקן, האבן זיי אַריבערגעטראָגן צו די שכיינים. אַלץ וועט זיין פיין״, האָט אים צוגערעדט גראָסע.

„איך בין דאָך ניט אייַנגעלאַדן״, האט זוקראָוו זיך געוואָלט אויסדרייען, טראַכטנדיק וועגן דער אָפּגערעדטער באַגעגעניש מיט גערטרוד.

„וואָס דרייסטו א קאָפּ! ווי אַזוי האָט מען דיך געזאָלט אייַנלאַדן, אז דו האָסט די גאַנצע צייט ניט אַרייַנגעשמעקט. ווערסטו קומען אומדערוואַרטערהייד, וועט נאָך גרעסער זיין די פרייד״, האָט זיך אָפּגערופן גראָסע.

„ווער ווייס, כוץ דעם... איך האָב אָפּגעלייגט אָף היינט נאָכמיטאָג אַן אַרבעט. בעעמעס, איך קאָן ניט״.

„די רוקערס ווינען אַלע מאָל צופרידן, ווען דו קומסט, אָבער

דו ביזט געווען און וועסט בלייבן א באַלעבעסל", האָט זיך גע-
זידלט גראָטע.

„א באַלעבעסל?"—וואָס פאַר א פּאָר אויגן וואָלט אָט דער
אויסגעשטעלט, ווען ער וואָלט געוווסט... זוקראָוו האָט שטיל אין
זיך געלאַכט.

נאָך מיטאָג האָט ער געבעטן די פרוי שאַפּולאַ, זי זאָל אים
אופוועקן שפּעטסטנס פיר א זייגער, און ער האָט זיך צוגעשפּאַרט,
קעדיי אָנצוויאָגן די פאַרהוליעטע נאַכט.

אין שלאָף האָבן אים פאַרפאָלגט די געשעענישן פון דער
נאַכט, נאָר אנשטאָט געראַרודן האָט אים ליידנשאַפטלעך ארומגע-
נומען גיזעלא צענק. דערנאָך זיינען זיי ביידע געזעסן אין א כאַ-
סענע-קוטש, און די גלאָקן האָבן געקלונגען. בא זייערע פיס
זיינען געלעגן שווערע זעק, דורך וועלכע עס האָבן דורכגעלויכטן
גילדענע מאַטבייעס. דאָס איז געווען דער נאָדן. ווען ער האָט
אָנגערירט די זעק מיט די פיס, איז אָף זיי געבליבן גרויסע רויטע
פלעקן. „דאָס איז מענטשן-בלוט, איך האָב דאָך נעכטן בא נאַכט
דערשאָסן ארבעטער אף דער ראַטינגער-גאַס", האָט ער אויסגע-
שריען מיט אימה.—גיזעלא האָט אים געטרייסט. „וועך עס האָט
מיך ליב, דאַרף קענען אויך דערשיסן ארבעטער". א מוירעדיקער
פּאַכאַד האָט אים באַהערשט, און ער האָט געוואָלט אַרויסשפּרינ-
גען פון קוטש. אָבער דער קוטש האָט זיך געטראָגן בליץ-שנעל
פאַרביי שווינדלדיקע אָפּגרונטן. מער פאַר אַלץ האָט אָף אים גע-
וואָרפן אן אימע דאָס, וואָס די פערד זיינען געווען בלייכע סקעֶ-
ליעטן, וואס האָבן פון די נאָזלעכער געלאָזן פייערדיקן דראַקאָן-
אָטעם. אַפּן אָרט פון קוטשער איז געזעסן ריזע, דער פּראָפּאַריי-
נישער סעקרעטאר, און האָט געקנאַלט מיט דער בייטש. פון שרעק
האָט ער געוואָלט שרייען, דער גאָרגל איז אָבער געווען בא אים
ווי צוגעשנירט.

נאָך אָט געפינען זיי זיך אין א טונקעלן זאַל. פון ערגעץ הערט
זיך א הימלשע מוזיק. די קלאַנגען ווירקן אָף אים אַזוי טרויעריק,
אַז ער הויבט אָן צו וויינען. פאַרן שטיינערנעם אלטאַר קניט אין
ווייסן געוואַנט איינגעהילט אַ פּריסטערן. ער שטעלט זיך אויך אָף

די קני. די פריסטערן הויבט זיך אויף און ער דערקענט גיזעלא צענק. „אזוי האט כאסענע א דייטשישע מיידל", האט זי געזאָגט, ארײַנזעצנדיק אים אין האַרצן א בלישטשענדיקן קינזשאַל. ער דערזעט זיך ווייטער ליגנדיק אַפן שטיינערנעם אַלטאר. זיין שוי-מיקע בלוט שפּראָצט אין א שוימיקער קיילע, וואס פייקכען האַלט אונטער. ווערט די קיילע פול, נעמט זי די קיילע צו די ליפּן... ער כאפּט זיך דאָ אויף פול מיט איימע און אויסגעבאָדן אין שוויים.

„גאָט צו דאַנקען, עס איז געווען נים מער ווי א כאָלעם", האט ער געזאָגט, קומענדיק צו זיך. א געוויסע צייט איז ער גע-ווען אומטפיק צו רירן זיך אָדער איבערהויפּט אָנצונעמען וועלכן ניט איז באַשלוס. אין דרויסן האָט ער געהערט שטימען און א קינדערשן געוויין. טעניס שאפּולא האט, ווייזט אויס, ווידער באַ-קומען א פאָרציע קריסטלעכע דערציונג מיט דעם פּאַטערס רימען. סאָפּקאָלסאָף איז ער אופגעשטאַנען און אופגעהויבן דעם פאָר-האנג. ערשט איצט באַם אָנבליק פון די שירקע-געלע רויך-פאָנעס פונעם צינק-זאַוואָד איז ער פולשטענדיק געקומען צו זיך. — יאָ, פינף א זייגער האט ער געזאָלט זיך טרעפן מיט גערטרוד אָווער-זאט. ער האט זיך אַרומגעוואַשן, אין קאָפּ איז בא אים געוואָרן אביסל קלאָרער. עס האָבן זיך דערהערט שווערע טריט. שאפּולא האָט אָנגעקלאפט און, דערהערנדיק, אז דער קוואַרטיראַנט איז שוין אופגעשטאנען, איז ער אַריין.

„נו, וואָס? אויסגעשלאָפן זיך?" האט ער זיך נאָכגעפרעגט מיט מיטגעפיל, שמשירענדיק די ציין, און ער האָט אָנגעהויבן צו באַל-בען וועגן נעכטיקן אָוונט. זוקראָוו האט געפרעגט פאַרוואָס האט טעניס ווידער געקראָגן שמיץ. דער באַלעבאָס האָט זיך אביסל פאַרשעמט.

„דער... אָך, גאָט מיינער, — — — נו, אייך קען איך דערציילן. נעכטן האָט ער אופגעבראָכן באַ זיין שוועסטער דאָס שפּאָר-קעסטל און האָט פאַרנאַשט דאס גאַנצע געלט—ארום דרייסיק מאַרק. ער האָט שוין געקראָגן זיין שטראָף".

אין הינטערשטן צימער פון א קאָנדיטאריי האט זוקראָוו אום-

זיסט געוואַרט אַף גערטרודען. דאָס האט געוויס ניט אופגעהויבן זיין שטימונג. עפשער האָבן די עלטערן באַמערקט, אז די טאָכ-טער איז ערשט פאַרטאָג געקומען אַהיים, עפשער האָבן זיי זיך אפילע דערוווסט ווו זי איז געווען? סוועטערום איז דאָך געווען ניט מער ווי א קליין שטעטל! און ער האט דאָך דאָס געהאַט זיך פאָרגעשטעלט, ווי זיי ס׳יינקען צוזאַמען קאַווע און ריידן אָפּ וועגן אַלץ.

ער האָט זיך געפילט שולדיק, האגאם גערטרוד האָט אַלץ אייגנטלעך אַליין ארויסגערופן, איר קושן זיך... און זי האָט אַפילע געזאָגט, אַז ער איז דער ערשטער,—אָבער באַ אזא סיטואַציע זאָגן דאָך דאָס אלע מיידלעך. און אויב יע?—ערשט איצט האָט ער דערפילט ווי גרענעצלאָז איינזאַם ער איז אין דערדאָזיקער מאָרעשכוירעדיקער שטאָט און ווי עס פעלט אים אזא קליינע גערטרוד.

ווען דער זייגער האָט געשלאָגן האַלב זיבן, האָט ער זיך גע-זאָגט, אז עס איז געוויס עפּעס געשען און ער איז אוועקארומ-בלאָנקען איבערן שטאָט. קיינמאָל זיינען נאָך פאַר אים די גרויע גאַסן ניט געווען אַזוי שווידערלעך העסלעך, ווי אין דעם נעפּל-קאַלטן פאַרנאַכט פון דעמדאָזיקן זונטיק-אָווגט.

פון א קנייפּע האָבן זיך געהערט קלאַנגען פון א האַרמאָניקע און שיקערע קוילעס. א פרוי מיט א קינד אַף דער האַנט האָט זיך באַמיט אַריינקוקן דורך די פאַרהאנגענע סיר-שויבן, פון א בירהויז האָבן זיך געטראָגן קוויטשערייען. האַלבדערוואַקסענע יינגלעך און מיידלעך האָבן דאָרטן געקערט וועלטן. אַף איינס פון די הייזער האט ער דערזען אַ פאַרשמוצטן גלאָז-טראַנספּאַ-ראנט, אין וועלכן עס האָט געברענט אן אָפענער גאַז-פלאַם.

„קריסטלעכע געמיינדע פון הייליקן מיכאעל” און אונטן האָט זיך געשאָקלט א שילדל: „היינט זעקס אזייגער אן עוואַנגעלישע נאָטדינסט! יעדערער ווערט הערצלעך פאַרבעטן!”

„אזוי גייט עס דאָס פּראָלעטאַרישע לעבן—צווישן דער פינצ-טערער קוילן-שאַכטע, העסלעכע ווינקלעכער, פאַרשטונקענע קניי-פּעס און פאַרדומפּענע קירכעס”, האָט געטראַכט זוקראָוו. ער האָט

א ציטער געטאָן, ווען ער האָט זיך דערמאָנט וועגן יענע שרעק־לעכע צייטן, ווען ער האָט געאַרבעט אָסן זאַוואָד־הויף און גע־וווינט אין דער „באָכערים־היים“. ווי אַזוי האָט ער דאָס אַלץ אויסגעהאַלטן—האָט ער איצט איבערהויפּט ניט געקאָנט באַגרייפן! און די דידאַקטישע פּראָבלעמען, וואָס האָבן אים פּראָטעסטירט, הונגערן און קומען אָפּ אין שפּוץ און אומצוכט, זאָלן האָבן געמיינזאַמע אינטערעסן מיט די באַלעבאַטים?

אים האָט זיך געוואָלט אַרויסשיסן מיט א געלעכטער, דערמאָ־נענדיק זיך וועגן גיזעלאַ צענקס אויספירונגען. ער האָט געדאַרפט זי איינלאַדן מאָרגן מיט אים אויף א שפּאַציר איבער די דירעס פון דער אָרעמקייט. די יונגע פרוי, וואָס האָט צו אים אַזוי כני־פעדיק געשמייכלט אונטער דער לאַמטערנע, האָט עפּשער מיט א יאָר צוריק ניט געטראָכט אָפילע, אז זי וועט אונטער דער לאַמ־טערנע שמייכלען צו פרעמדע מענער און זיי פאַרטשעפּען.

וואָס וואָלט „זי“ וועגן דעם געזאָגט?

איצט האָט ער טאַקע אַרויסגעשאָסן מיט א געלעכטער. דיס־קוסירן וועט ער מיט איר שוין מער קיינמאָל ניט, ווייל זי האָט אַזוי גייוועדיק זיך געמאַכט אים ניט זעענדיק. אין דער לאַבאָ־ראַטאָריע, אונטער פיר אויגן האָט זי געפּרוווט אים איינריידן. אין א געזעלשאַפט אָבער?—דעם הונגעריקן סטודענט, וואָס האָט געטראָגן אַן איבערגעניצעוועטן אַנצוג האָט זי דאָך ניט געקענט פאַרשטעלן יענעם אָנשטענדיקן הער, וואָס האָט איר באַגלייט. פון קאַאָס האָט ער א זעץ געטאָן מיטן פוס. גוט איז, וואָס דאָס האָט מיט אים פּאַסירט. אַזוי אָרום איז ער גיך, האָגאַם מיט ווייַ־טאָקען אויסגעהיילט געוואָרן פון אַן אילויזיע, וואָס האָט אים איצט אויסגעזעען ניט נאָר יינגלש, נאָר אפילע קינדערש.

ער איז צוגעקומען צום „אוניאָן־קינאָ“ אויף דער ראַטינגער גאַס. גראָד האָט זיך געענדיקט די נאָכמיטאָגדיקע פאָרשטעלונג. ער האָט א טראַכט געטאָן צי זאָל ער ניט אַריינגיין א קוק טאָן דעם פילם „טויט־אורטייל“. פלוצלינג איז ער אופגעציטערט געוואָרן. צווישן דעם אוילאָס, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פון דער פאָר־שטעלונג, האָט ער דערזעען גערטרוד אָוועראַאַס אין דער באַגליי־

טונג פון א גוט געקליידעטן יונגן מאַן, וועלן זייערע אויגן האָבן זיך געטראָפן, האָט זי פּראָפּעלאָזט דעם קאָפּ און איז שנעל אוועק, מיטציענדיק איר קאַוואַליער.

א ווײַלע איז ער געשטאנען א צעמישטער. „איז זי גאָר אזא!“—אין אים האָט געפלאַקערט א צאָרן. דערנאָך האָט ער זיך אויסגעדרייט און פון גאַנצן האַרצן א שפּיי געטאָן.

וואָס זאָל ער אָבער איצט אָנהויבן? פון קינאָ און קאָוויאַרניע האָט אים געעקלט. אהיים גיין?—אמבעסטן וואָלט ער צוגעפאָרן אין האָסדרובאל, שוין צוליב דעם אַליין ער זאָל ניט בלייבן א גאַנצן אָוונט אליין מיט זײַנע געדאנקען. ער האָט באַשלאָסן צו קויפן אַפן וואָקזאַל שאָקאָלאַד אָדער א פּאָר אפּעלסינען, קעדיי ניט צו קומען מיט ליידיקן צום געבורטס-טאָג.

ווען ער האָט שוין אײַנגעקויפט זײַנע מאַטאָנעס, האָט ער אַפן פּעראָן באַמערקט א גרופּע האַלב-מיליטערישע געקליידעטע יונגע לייט, צווישן וועלכע עס איז געווען זיין קאָלעגע פּייקכען. כּונעם וואָרט-זאָל פון צווייטן קלאַס איז אַרויס א דאַמע אין א פוטער דאָס איז געווען גיזעלא צענק. די יונגע לייט האָבן זי מיליטעריש באַגריסט. עס האָט אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן זיך מיט איר געזעגנט.

„נאָך בעסער“, האָט געטראַכט זוקראָוו, בלײַבנדיק אין הינטערגרונט, „וועל איך שוין זיך מער צוליב איר ניט ערגערן“. אין דעם מאָמענט האָט ער דערפילט, אז פון זיין האַרץ ווערט אַנטשיידן אַרויסגעריסן דער שוואַכער ליבע-פלאַנץ, וואָס איז דאָרט אויסגעוואַקסן.

טרויעריק האָט ער נאָכגעקוקט דעם צוג, אָבער ניט צוליב גיזעלא צענק. מיט איר איז שוין אַלץ געענדיקט. אָבער אויך ער וואָלט אַזוי געוואָלט אַוועקפאָרן פון דאַנען, ערגעץ ווו אַנדערש, אוועק פון דעם פאַרויכערטן קוילן-טאָפּ, ווו דער הימל איז גרוי און שטענדיק מיט רויך פאַרהאַנגען, ווו די ערד און די מענטשן און אַלע קעגנשטאַנדן זעען אויס ווי פאַרזשאַווערט.

אויך אף זײַנע פרישע פריילעכע האָפענונגען האָט זיך אוועקגעלייגט אזא מין זשאַווער-שיכט, די ראָמאַנטיק פון „בערג-פאַר-

בעסער לעבן״ איז גאָר אינגאַנצן פאַרביי. ער האָט געהאַסט איצט אָן א ברעג דידאַקטישע העסלעכע שוואַרצע שטאָט. אַלץ, וואָס איז מיעס העסלעך, אַלץ וואָס קאָן נאָר פאַרביטערן דאָס לעבן, איז, ווי אים האָט זיך געדאַכט, קאָנצענטרירט דאָ אין דער סאַמע אַבסטראַקטער פאָרם. ווי עס וואָלט געוועלטיקט אַן אומבאַגרייפ-לעכע קלאָלע איבער דערדאַזיקער אויסטערלישער געגנט און אירע מענטשן. וועגן דער קלאָלע פון אַרבעט האָט ער עפעס ערגעץ אַמאָל געלייענט. ווער זשע קאָן דעם צויבערשפּרוך קעגן אָט דער קלאָלע?

בא די רוקערס האָט מען דעם פאַרשפּעטיקטן גאַסט אויפגענומען מיט אויסרופן. „וואָס שפּעטער דער אָוונט, אַלץ בעסער די מענטשן!״ האָט אויסגעשריען דער אַלטער, דערלאַנגענדיק אים די האַנט און די מוטער רוקערס איז אַוועקגעלאָפן אין קיך אויפ-צוברייען קאַווע.

„עס איז גוט, וואָס דו ביזט נאָך געקומען״, האָט געזאָגט מאַקס, וועלכער האט זיך דאָ געפילט ווי אין דער היים און האָט אויסגעטאָן די מארינארקע. רוקערס אַן עלטערע, ניט פאַרהייראטע שוועסטער, א שאָכנטע מיט איר מאַן און צוויי יונגע כאַווירים פון ארבעטער סאמאריטער-בונד, ווו האנעס און מערי זיינען אויך געווען מיטגלידער, נאָך א פּאָר מערים כאַווערטעס, ווייטער איינע א קליינע דערשראָקענע באשעפעניש, וואָס האָט קוים געוואַגט א מויל צו עפענען, ווען מע פלעגט זיך צו איר ווענדן, און לעסאָף איינע, וואָס האָט אויסגעזען עטוואָס דרייסט, דיק, א יאָר פינף און צוואַנציק אַלט. זי האָט אסאך גערעדט.

„רוקערס א ווייטע קרויווע״, האָט אים גראָטע אַריינגעשושקעט. „אין 1917 האָט זי כאַסענע געהאט מיט א סאָלדאט פון פראָנט. נאָך קוים איז דער מאַן אירער אָפּגעפאָרן, איז זי אַוועק מיט א צווייטן. איצט האָבן זיי זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. בא איר — אויב דו ווילסט, קענסטו האָבן דערפאָלג״.

„א דאַנק פאַר געבאַקענע אויבס״, האָט זוקראָוו געזאָגט און זיך געווענדעט צו מערין, וואָס איז אַריינגעקומען מיט א קאַן

ביר. „דערלויבט אייך פאַרשטעקן: הער זוקראָוו", האָט געשפּאַסט גראַטע.

מערי האָט אַף אים ערנסט אַ קוק געטאָן. „באַלד וועט מען דאָס טאַקע דאַרפן, איר זייט געוואָרן קימאַט ווי אַ פרעמדער פאַר אונדז", האָט זי געזאָגט מיט אַ פאָרוווּרף. — זוקראָוו איז רויט געוואָרן.

„מערי, צום טייוול, ווו איז די ביר? ווילסט אונדז לאָזן אויס-גיין פון דורשט? שפּעטער קענט איר זיך שאָען-לאַנג דערציילן מייסעס", האָט אים דער פאָטער פאַרשפּאָרט אַן ענטפער.

עס איז געוואָרן גאַנץ געמיטלעך. האַנעס, גראַטע און זוקראָוו האָבן געשפּילט און אלע האָבן צוזאַמען געזונגען „וואַנדער" און קאַמף-פאָלקלידער. גראַטע האט רעציטירט הומאָריסטישע גע-שיכטעס. דערנאָך האָט פרוי רוקערס זיך געווענדעט צו זוקראָוון: „זינגט איר עפּעס, הער זוקראָוו". האגאם ער איז ניט געווען געשטימט, נאָר ער האָט זיך ניט געקאָנט אָפּזאָגן. „איז וואָס זשע זאָל איך זינגען?"

יעדערער האט באַשטעלט זיין געליבטע ליד. „די ערשטע דייע האָט דער באַלסימכע", האָט דערקלערט זוקראָוו. פרוי רוקערס האט אָבער געזאָגט: „שפּילט וואָס אייך געפעלט אַמבעסטן, איך וועל אַלץ הערן גערן".

א ווײַלע האָט ער פאַרטראַכטערהייד געצויגן די סטרונעס און פלוצלינג האָט ער אָנגעהויבן:

א פרעסטל אין א פרילינג נאַכט
באַפאַלן האָט די בליפלעך צאַרט,
פאַרוועלקט זיינען זיי פאַרדאַרט.
א יינגל האָט א מיידל ליב,
פון שטוב אַנטלאָפן זיינען זיי,
טאַטע, מאַמע ווייסן ניט.
אהין, אהער געוואַנדערט האָבן זיי,
קיין גליק, קיין מאָזעל געפונען,
פאַרדאַרבן געשטאָרבן זיינען זיי.

נאָך איידער עס האָבן אָפּגעקלונגען די טרויעריקע אַקאָרדן,

האָט די לוסטיקע מילכאָמע-אַלמאָנע אָנגעהויבן באַגייסטערט צו פּאַטשן „בראַוואָ״.
„פּאַרוואָס עפּעס היינט אַזוי טרויעריק, זינגט בעסער עפּעס פריילעכס צום געבורטס-טאָג״, האָט געזאָגט גראָטע. נאָר די פרויען האָבן זיך אנטקעגנגעשטעלט. ער האָט נאָך געזונגען לענס א באלאדע. די מילכאָמע-אַלמאָנע האָט פּאָרגעלייגט, אז זי וועט זינגען איר ליבסטע ליד. זוקראָוו זאָל איר באַגלייטן.
רוקערס האָט אומצופרידן געברומט: „שפּעטער, ענע, שפּע-טער״, און האנעס האָט איר געגעבן א קרעפּטיקן קניפּ. זי האָט אָבער גלייך אָנגעהויבן צו הויך און זאַלש א ליד וועגן מענער-טרייהייט.
„דו דאַרפסט עס אויך נויטיק האָבן!״ האָט א ברום געטאָן רו-קערס. דער אוילאָם האָט זיך קוים איינגעהאַלטן פון געלעכטער. זי האָט זיך אָבער ניט אָפּגעהאַלטן.
„עס איז דאָך שרעקלעך״, האט געשעפּטשעט זוקראָוו, וועלכער האט געפּרוווט איר באַגלייטן.
מאקס גראָטע האט פּלוצלינג אָנגעהויבן צו יאָמערן. „ווען איך הער ענעס שיינע ליד, ווער איך אַלע מאָל טרויעריק״, האָט ער געזאָגט, ווישנדיק זיך די אויגן. „איך דערמאָן זיך דאַן, ווי מע האָט אונדז אין 1914 יאָר געפירט ווי שלאַכט-פי אין בעלגיע״.
„איר האָט דאַן אויך געזונגען די ליד?״, האָט זי געפרעגט.
„ניין, גאָט באַהיט! אָבער די רעדער-שמירער האָבן פּאַרשי-קערט דאָס שמיר-געלט, און די רעדער האָבן אַזוי שרעקלעך גע-קוויטשעט, אז איך וואָלט בעסער דעזערטירט״.
אַלע האָבן אויסגעשאָסן מיט א געלעכטער. „דו ביזט א כוצ-פּעניק״, האָט זי געזאָגט און פינף מינוט געווען באַליידיקט.
צום אָוונט-ברויט האט יעדערער אַרויסגענומען זיין פּוטער-ברויט, נאָר זוקראָוו האָט גאָרניט מיטגעבראַכט.
די אַלמאָנע האָט אים אָבער צוגערוקט א פּאָר ברויט-שניטן מיט קעז. „עסט, הער זוקראָוו, איך גיב אייך דאָס זייער גערן״, האָט זי געזאָגט צערטלענדיק אים מיט די אויגן. שפּעטער, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן געזעלשאַפט-שפּילן, האט זי זיך נאָך

מער געדוקט צו אים, איינאָרדנענדיק אַזוי, אַז זי איז קעסיידער געזעסן לעם אים, האגאם ער האָט דייטלעך געגעבן איר צו פֿאַרשטיין, אַז זי געפֿעלט אים ווייניק וואָס.

נאָך די שפּילן האָט מען געטאַנצט. זוַקראָוו האט אָסאַך גע-טאַנצט מיט מערין. ער האָט פאַרגליכן די אויסגעפּוצטע, ראַפּי-נירטע באַשעפֿעניש, מיט וועלכע ער האָט זיך נעכטן צונויפגע-טראָפן אַפן באַל, מיט דערדאָזיקער פּראָלעטאַרישער מיידל. ווו זיינען געווען זיינע אויגן? אַזוי שיין ווי אַף דעם אָוונט אין איינפאַכן שוואַרצן קליידל מיט דער רויטער בלוזע, וואָס איז באַפּוצט געווען מיט ווייסן און וואָס האט אַזוי גוט געקליידט צו איר ברוינלעכן פּאָנעם מיט די טונקעלע האָר, אזוי שיין האָט ער זי נאָך ניט געזעען. אין הינטערגרונט פון זיין זיקאָרן איז אויפ-געשווומען אַן אַנדער בילד: העלגרינע זייד און א איידעלער שטאָלצער פּאָנעם, איינגעפאַסט אין גאָלד-בלאָנדע לאָקן.

ווידער האָט ער זיך דערפילט איינזאַם. ער האָט אייגנטלעך קיינעם ניט געהאַט אַף דער וועלט, וועד עס זאָל אים פארשטיין אָדער אויפריכטיק ליב האָבן. זיין שיף איז אַרוף אַף א זאַמד, נאָך איידער ער האָט פאַרלאָזן דעם האַפן. זאָל ער נאָך אַמאָל אָנהויבן דעם קאַמף מיט די לעבן-כוואַליעס, קעדיי צו דערגרייכן יענעם ווייטן אינדזל, ווו עס ווינקט אים קאָיועד, רייכקייט, גליק, עפשער אויך א גיזעלא?—אָדער זאָל ער עפשער אויסבויען זיך א באַשיידן הייזל אַפן ברעג און האָדעווען אין קליינעם גערטל די בלומען פון צופרידנהייט?

צי איז ביכלאל בעניםצע א צופרידענע מונטערע נעשאָמע?—„צופרידנהייט איז שטילשטאַנד, רעאַקציע; אומצופרידנהייט רוקט אלץ אין דער וועלט פאָרויס", האָט געפריידיקט גראַטע. ווו איז דער אויסוועג פאַר אים, וועמעס שיף האָט געליטן א קאַטע-סטראָפע? ווער וועט אים ווייזן דעם וועג?—עפשער וועט זי, מערי, דאָס באַווייזן?—ווי ליידנשאַפטלעך זי שטעלט זיך שטענדיק אף איין צאר קעגן אים, און דאָך איז דערדאָזיקער קעגנזאַץ גע-ווען אַן אנדערער ווי דער קעגנזאַץ צווישן אים און דער בורזשואַזער טאָכטער. די קאָמוניסטן זיינען גאָרניט אַזוי אומגערעכט. ווען זיי

וואָלטן נאָך ניט שטענדיק אזוי שאַרף און ראַדיקאַל ארויסגע-געטראָטן, ווי גראָטע, צום ביישפּיל. אייגנטלעך האָט ער זיך שוין פון אים אַסאַך אויסגעלערנט. ער האָט ניט געהאַט גליטן קיין קאַטאַסטראָפע און די כוואַליעס שפּילן זיך ניט מיט אים, ווי מיט א פּילקע. ער האָט געוווּסט, וואָס ער וויל, און ער האָט געקוקט דעם לעבן דרייסט אין פּריילעכן פּאָנעם אַריין. אין דער שטיל איז ער אים מעקאַנע געווען פאַר זיין קלאָרער און מוטיקער לוסטיקייט. אַך, ווען ער אליין וואָלט געקאָנט אזוי לייכט-בלוטיק זען ?—מערין האָט, ווייזט אויס, אויך געצויגן צו גראָטען. און וואָס איז דער וווּנדער ? ער קומט דאָ קעסיידער, האָט דיזעלביקע פּאָליטישע מיינונגען, ווי זי, און מאַכט דאָ פריילעך די גאַנצע געזעלשאַפט.

די שטוב, פון וועלכער מען האָט אַרויסגענומען די בעטן, איז דאָך געווען צו ענג, און דעריבער האָט מען געעפנט די טיר פון קאַמער און אַריינגעטאַנצט אויך אַהינצו. אים האָט זיך פאַרוואָלט נאָך אַמאָל מיט איר א טאַנץ טאָן, ווייל גראָטע האָט אלץ געטאַנצט מיט איר. ווען ער האָט אַריינגעקוקט אין קאַמער, האָט ער אין טונקלהייט באַמערקט צוויי זיך וויגנדיקע פיגורן. זי האָט ווייט אָף הינטן פאַרוואָרפן איר ברוינעם קאָפּ מיט לאָקן און איבער איר האָט זיך פאַרבויגן גראָטע. ער האָט זי געקושט און זי האָט זיך ניט אַנטקעגנגעשטעלט.

אומבאַמערקפּערהייד האָט ער זיך אַרויסגעגאַנגען אין דער קילער נאַכט-לופט ארויס. עס האָט געטריפט א קאַלט רעגנדל. די קליינע הייזלעך פון די באַרג-ארבעטער זיינען געווען געהילט אין פינצטערניש און געפינקלט אינעם שיין פון די ווייטע שאַכטעס, די קוימענס האָבן געראויכערט. פון דער ווייטן האָט מען געהערט דעם בראַזג און די קלינגעריי פון דער קאַנאַטן-באַן. א הונט האָט געוויעט פון איינזאַמקייט. הינטער אים אָבער האָט געקלונגען א האַרמאָניקע און דער כאָר פון לוסטיקע:

מיר האָבן פלאַמאַנדער-בלוט,
די דייטשן קושן גוט,
פאַר א ברויט און פאַר א פראַנק
קושן זיי שאָענלאַנג !

# 8. קאַפּיטל

וואלטער פּייקכען האָט זיך מיטאַמאָל אָנגעהויבן צו באַציען מיט אַ גרויסער אויפמערקזאמקייט צו זוקראָוון. אומגעבעטענער-הייט פלעגט ער אים טאָן פאַרשיידענע קליינע געפעליקייטן, זיינס גיזעלא צענק איז אזוי פלוצלינג, קלוימערש באקומענדיק אַ דרינגענדיקע טעלעגראם, אָפּגעפאָרן, האט ער זיך באדייטנדיק געענדערט.

איינמאָל האט ער בא זוקראָוון אַ פרעג געטאָן: „איר זייט שוין אויך געוואָרן א מיטגליד פון דער „איינוווינער-מיליץ"?"

ווען זוקראָוו האָט זיך געמאכט טאמעוואטע, האט ער ארויסגעזאָגט זיך אָפּענער: „נו, איר זייט דאָך ניט לאַנג געווען אַפן באַל אין „מאקסלאהער-הויף".

„פון וואנען ווייסט איר דאָס?"

פּייקכען האט געמאכט אַ פּיפּיקע מינע: „נו, איר פאַרשטייט, איך האָב דאָך געוויסע באציונגען... און איך האָב נאָך אייך געוואָלט פרעגן, צי האט איר שוין געהערט וועגן דעם „רוגארד-בונד?"

זוקראָוו האט געזאָגט, אז ניין. האָט פּייקכען אים דאן געגעבן אַ שוואַרץ-רויט געדרוקטן פראָספּעקט: „דייטשלאנדס באַנייונג! אַ פראָבלעם פאַר דער דייטשישער יוגנט!" אונטערגעשריבן פון „רוגארד-בונד".

זוקראָוו האט איבערגעבלעטלט דעם פּראָספּעקט, באמערקט די פראַזן „מאָראלישע באנייונג", „אויפבוי" א. א. וו. אים האָט זיך אָבער ניט געוואָלט אריינטרעטן אין א דיסקוסיע מיטן נאַרישן באָכערל, איז ער אוועק צו זיין ארבעט. אין אַ טאָג ארום האָט ער דערהאלטן פער פּאָסט אַן איינלאדונג אף א פארזאמלונג פון דער נייגעגרינדעטער אָרט-גרופּע פונעם בונד.

„איר וועט מאָרגן קומען אף דער פארזאמלונג?" האט אים געפרעגט פּייקכען. „אגעוויס", האט ער סוידעספּול צוגעגעבן,— „ווייסט איר וועמען איר וועט דאָרטן טרעפן?"

„וועטען?" האט געפרעגט זוקראָוו און האט דערפילט אַן אייגנאַרטיקן שטאָך אין האַרצן.

„אינדזער ערן-פירערן, פריילן צענק", האט דער צווייטער מיט אַנטציקונג געשעפּטשעט.

ער האט באַשלאָסן ניט צו גיין אַהין, אָבער זיבן אַ זייגער איז ער שוין געשטאנען נעבן האָטעל „פּרייסן". אייגנטלעך האט דער האָטעל געהייסן „קיניג פון פּרייסן". דער באַלעבאָס פון האָטעל האט די ערשטע צוויי ווערטער אָפּן שילד נאָך דער רעוואָליוציע פאַרשמירט. נאָר מיט דער צייט האָט דער רעגן אראָפּגעוואַשן די פאַרב אַף אזוי פיל, אַז דאָס וואָרט „קיניג" האט מען געקענט איבערלייענען אפילו אין דער אָוונטיקער טונקלקייט. פייקכען האָט אים באַגריסט בא דער טיר און האט אים אריינגעפירט אין זאַל, ווו עס זיינען שוין געווען אַ מאַן פערציק-פופציק יונגע לייט פוןביידע געשלעכטן. „זי", צוליב וועמען ער איז אייגנטלעך געקומען, איז נאָך ניט געווען. פרעגן פייקכען וועגן איר האט ער ניט געוואַגט. אַ יונגער הער, אין וועמען מע האָט געקאָנט דער-קענען אַן איבערגעטאָגענעם אין אַ ציווילן אָנצוג אָפיצער, האט גענומען אַ וואָרט און האט אָנגעהויבן אַ פאָרטראַג אף דער טעמע „וואָס וויל דער רוגארד-בונד?" זוקראָוו האט נאָר מיט איין אויער געהערט די שוין דערעסענע נאציאָנאַליסטישע פראַזעס. אין דער צייט פונעם פאָרטראַג האט זיך מיט אים געגריסט דער לאַנגער אסעסער קולענקאמפּ. זוקראָוו האט אים פאַרשטאַנען אַפּן ווונק און האָט אים אָפּגעגעבן בעייסן איבערייס די אנטליענע הונדערט מארק. ער האט ניט באַוויזן מיט אים אַ וואָרט אויסצוריידן, ווי ס'איז צוגעגאַנגען פייקכען און גענומען אים אונטערן האַנט.

„דערלויבט אַ ווײַלע! פריילן צענק וויל מיט אייך ריידן". זוק-ראָוו האט דערפילט, אז די גאַנצע בלוט שטראָמט אים צום האַרצן, אז די איידעלע פעדעם-וואָרצלען, וואָס זיינע געבליבן פון דער האָפענונגסלאָזער ליבע, הויבן אָן ווידער צו שפּראָצן.

ווען די ביידע יונגע לייט זיינען אריינגעגאַנגען אין צימער' האט גיזעלא באַגלייט אַן עלטערן הער מיט די ווערטער: „הייסט

דאָס, עס בלייבט אזוי, הער ראט". אף גיזעלאס ווגק איז פייקכע אויך טייקעף פארשוואונדן געוואָרן...

זוקראָוו איז געבליבן אליין מיט איר. און ווען ער האָט מיט זיין בליק ארומגעכאַפּט איר שלאנקע אין בלויען סאמעט איינגע-פּאַסטע פיגור, ווען ער האט ווידער אַ קוק געטאָן איר אין די אויגן, האט ער דערפילט, אז ער האט זיך אליין אָפּגענאַרט, גלויבנדיק, אז ער האָט זיך ארויסגעריסן פון איר צויבער. ער איז געווען אזוי פארשיקערט, אַז ער האט ניט באמערקט דעם טריומף-שטראל, וואָס האָט אַ בליץ געטאָן אין אירע אויגן.

„די גנעדיקע פריילן פארלאנגט מיט מיר צו ריידן?"

זי האט אים איבערן ברייטן רונדיקן טיש דערלאַנגט די האנט.

„עס פרייט מיך זייער, הער זוקראָוו, וואָס איר האָט נאָכדעם ווי איך האב אייך ניט לאַנג געזען אין אַ קרייז פון נאַציאָנאלע מענער, געפונען דעם וועג צום רוגארד-בונד. איך האָף, אז מיר וועלן אייך באַלד קענען באגריסן ווי אַ פריינט, כאַווער און מיט-העלפער פאַר אונדזער זאַך".

זי האט דאָס געזאָגט מיט אַ וואַרעמען הערצלעכן טאָן, צווינ-גענדיק אים זיך זעצן. „דערלויבט מיר אייך צו בעטן זיך פילן אַביסל פרייער. זעצט זיך צו אַהער צו מיר אַפן דיוואן און לאָמיר ריידן ווי אַ פריינט מיט אַ פריינט", האט זי געזאָגט צו אים, בא-מערקנדיק ווי ער וויל זיך זעצן אַף אַ שטול.

שפּעטער האט ער זיך גאַנץ גענוי דערמאָנט, אַז אין דעם-דאָזיקן אויגנבליק האט אים ארומגענומען אַ געפיל פון עפּעס אַ מאָדנער איימע, פונקט ווי אין כאָלעם, ווען ער איז מיט איר געזעסן אין כאַסענע-קוטש מיט די לעווייע-פערד. דאָ האט ער געוואָלט אַנטלויפן ווי דאָרטן. דאָ האָבן אים אָבער ניט געשטערט קיין אָפּגרונטן, נאָר אַ פּאָר רייצנדיק-שיינע אויגן.

„איר רעדט דאך גאָרניט", האָט זי געזאָגט, זעענדיק, אַז ער זיצט אָנגעצויגן, ניט ריידנדיק קיין וואָרט. „איר פילט זיך ניט גוט?"

„איר האט געזאָגט, אַז ניט לאַנג האט איר זיך זייער גע-פרייט, זעענדיק מיך באַ דער „איינוווינער-מיליץ". איך האָב אָבער אַן

אַנדער אײַנדרוק געהאַט פֿון אונדזער באַגעגעניש", האָט ער מיט מי אַרויסגערעדט. זי האָט זיך לײַכט פֿאַרויטלט, אָבער ווי עס שײַנט, איז זי געווען צוגעגרייט צו אַט דעם פֿאַרוואָרף.

„איך האָב מיך צוליב דעם טאַקע צום אָנהויב געערגערט, נאָך שפּעטער האָב איך דאָס אַלץ דערזעען אין אַ מילדערער ליכט", האָט זי געענטפֿערט מיט אַ ווייכער שטימע.

„געערגערט? — צוליב מיר? — איך מוז בעטן אַ גענויערע דערקלערונג".

גיזעלא האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. „לאָמיר וועגן דעם ניט ריידן. אין יענעם אָוונט זײַט איר געווען מיסטאָמע אין אַ שטימונג... איר זײַט דאָך יונג! אָבער", — האָט זי צוגעגעבן מיט אַן אײַנגעהאַלטענער שטימע, „גלויבט מיר, אַזעלכע מיידלעך זײַנען אייך ניט ווערט".

„איר ווייסט, הייסט עס — איר האָט מיך געזען?" — ער האָט זיך געפֿילט ווי אַ שול־ייִנגל, וואָס מע האָט געכאַפּט בײַ אַ ניט קיין שיינעם מאַט. „אייגנטלעך זײַט איר גערעכט, און איך האָב זיך זייער שנעל אין דעם איבערצייגט, איך האָב צען מאָל אַף דעם כאַראַקטער געהאַט", האָט ער צוגעגעבן שטילערהייט.

אים איז געוואָרן טרויעריק אַפֿן האַרצן. ער האָט איר בע־עמעס פֿאַרשאַפֿט פֿאַרדרוס. אַלע זײַנע קאָמבינאַציעס וועגן איר בײַזע האָבן געפּלאַצט. ער איז געווען בלינד אין יענעם אָוונט, ער האָט געהאַט אַ גינסטיקע געלעגנהייט, וועלכע וועט עפּשער קיינמאָל ניט מער צוריקקערן זיך, און ער האָט זי פֿאַרשלאָפֿן, זי האָט אים געזען האַנט אין האַנט מיט יענע מיידלעך. ער האָט געוויס פֿאַרלאָרן איר אַכטונג.

„וועט איר מיר פֿאַרצייַען, גנעדיקסטע?"

„פֿאַרצייַען?.. איך האָב דאָך קיין שום רעכט אַף אייך". זי האָט דאָס געזאָגט מיט אַ טאָן, אין וועלכן ס'האָט אָפּגעהילכט עפּעס ווי באַדויערן. ער האָט דאָס דערפֿילט, און מיטאַמאָל האָט אים עלעקטריזירט אַ נײַע האָפֿענונג.

„איר זײַט הייסט דאָס ניט אין כּעס אַף מיר?" האָט ער געפֿרעגט נעמענדיק איר האַנט.

זי האט געשמייכלט, און ער האָט אונטערגעטראָגן איר האנט צום מויל.

„גיזעלא! — איך האב אזוי פיל געליטן צוליב אייך... איך וויים אליין ניט צי מיר איז דערלויבט אייך דאָס צו דערציילן... איך האב ניט געוואַגט אופהויבן מיינע אויגן צו אייך... איך האָב זיך באַמיט אייך צו פאַרגעסן און איך פלעג אייך אומעטום ווי-דער טרעפן. זאָגט מיר נאָר איין וואָרט: זיינען מיינעליידן ניט געווען נאַריש און האָפענונגלאָז?"

„וואָלט איך זיך דען אזוי אינטערעסירט מיט אייך, איר נאַרישער—ליבער—גרויסער יונג?!"

„גיזעלא!"

זי האט אַרויסגעריסן באַ אים די האַנט, וואָס ער האט באַדעקט מיט קושן ביז צום אַקסל.

„לאָמיר דאָס איצט לאָזן צורו און לאָמיר ריידןביידע צו דער זאַך... זעצט זיך נאָר אוועק דאָרטן און לייגט נאָר אוועק די הענט אַפן טיש גאַנץ אָנשטענדיק, מיר זיינען דאָך ניט אין „מאקסלאָהער האָף", האט זי געזאָגט ענערגיש.

ער איז ווידער געווען איר געהאָרכזאַמער שקלאַף.

זי האט אָנגעגאָסן צוויי גלעזער ווין. „דעם דייטשישן וויין, וואָס מיר טרינקען דאָ, מאכן מיר פאַר אַן איידעס פון אונדזער פריינטשאפט, איך אַ דייטשישע-מיידל, און איר — ווי איך האָף איצט — אַ דייטשישער מאן".

זי האט אויסגעטרונקען מיט איין זופ די גלאָז. „דערווײַלע איז גענוג", האָט זי געזאָגט אָפּרוקנדיק די פלאש. „מיר מוזן בלייבן באַם קלאָרן פאַרשטאַנד. ווייט איר איצט צופרידן?"

דער שטאַרקער וויין האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין קאָפּ. „צופרידן וועל איך זיין, גיזעלא, ווען איך וועל וויסן, אז מיינע טרוימען האָבן מיר ניט אָפּגענאַרט, אַז איך מעג אייך ליב האָבן און ארומנעמען!"

זי איז געוואָרן ערנסט. „רעדט ניט אזוי, מיין פריינט,.. ווייניקסטנס איצט ניט".

„פּראָוואָס גראדע איצט ניט?“ האָט זיך באַ אים ארויסגעריסן
ליידנשאפטלעך.

„איר פאַרגעסט איין זאַך. איך בין אַ דייטשישע מיידל! האָט
איר זיך פאַרגעסן פון דער געשיכטע, וואָס טאציט זאָגט וועגן די
גערמאנישע פרויען? אז זיי זיינען געגאַנגען מיט זייערע מענער
צוזאמען אין שלאַכט, מיט אויסרופן אופגעמונטערט זיי און דער־
וועקט זייער דרייסטקייט און באַ אַ פאַרשפּילטן שלאַכט פלעגן
זיי זיך און זייערע קינדער מאַכן דעם טויט!“

„איצט איז דאָך ניטאָ קיין מילכאָמע, צו וואָס דערציילט איר
דיראָזיקע געשיכטעס“, האט ער געפרעגט מיט פאַרדראָס.

„אָבער אונדזער פאָטערלאנד בלוטיקט נאָך פון די טויזנטער
וווּנדן פון פאַרשפּילטן און פאראטעגעם קריג. איר אליין האט
דאָך מיט מיר וועגן דעם אנומלט גערעדט, דעמאָלט, ווען מיר
האָבן זיך צום ערשטן מאָל געטראָפן. זעט איר, דאָס איז טאקע
דאָס, וואָס איך שאַץ באַ אייך אזוי. אייער איבערגעגעבנקייט דעם
געדאנק פון דייטשלאנדס ווידערופלעבן, וואָס נעמט נאָר אָן באַ
אייך אַן אַנדער פאָרם. איר באַנעמט אָבער אַלץ פונקט אזוי עכט־
דייטשיש, ווי איך און אנדערע. פראַזן און שלאגווערטער האָבן
נאָר דורכגעגעסן דאָס אויסערלעכע, די שאָלעכץ. דער קערן איז
נאָך אָבער געזונט. און ווייל איך ווייס דאָס מיט פינף און ניינ־
ציק פּראָצענטיקער זיכערקייט, וועל איך באגריסן, ווען איר...
זיים אַ מענטש, ווערט אינגאַנצן א אונדזעריקער! אין אַזעלכע
מענטשן, ווי איר, וואָס האָבן אַן איינפלוס אַף די ארבעטער,
נויטיקט זיך דאָס פאָטערלאנד. שטעלט זיך אונטער מיין קאָמאנדע,
טרעט אריין אין „רוגארד“!“

זי איז אנטשוויגן געוואָרן און געקוקט אף אים מיט דער־
ווארטונג.

„און אז איך וועל אזוי טאָן, גיזעלא, — אינגאַנצן איבערצייגט
אין דעם בין איך ניט, — ווען איך וועל עס טאָן פון אייערטוועגן,
און דאן?! — — —“

„איר פאַרלאנגט אסאך, דאָס מוז איך זאָגן“, האָט זי געזאָגט
מיט אַ קענטיק אָפּגעקילטן טאָן. „איר זייט זעט זיך אָן מער

מאַטעריאַליסט ווי אידעאַליסט! עס איז אַ מיעסע זאַך פון אייער זייט, וואָס איר פאַרבינדט אזא הויכע און הייליקע זאַך ווי דאָ פאַטערלאַנד מיט פּערזענלעכן נוצן. איך האָב מיך סאָפּקאָלסאָף אָפּגענאַרט".

איר טרויעריקע שטימע האָט גלייך געווירקט. „גיזעלא, איך האָב אייך ווידער באַליידיקט", האָט ער אויסגערופן אַ דערשראָקענער.

„יע, מיין הער, דאָס קאָנט איר מייסטערהאַפט, אָבער איך פאַרבאָט אייך ווייטער מיך אזוי פאַמיליאַר צו רופן. א מאַן, ווי איר, וואָס טראַכט נאָר וועגן זיך, קאָן אַ דייטשישע מיידל ניט אַכטן, שוין ניט ריידנדיק וועגן..."

אין צאָרן האָט זי זיך אַ שטעל געטאָן און האָט אַ נעם געטאָן איר זילבערנעם האַנט-טעשל.

„גיזעלא, ניט אזוי", האָט ער זיך באַ איר געבעטן. „הייסט איך זאָל מיך נעמען דעם לעבן, אָבער פאַראַכטעט מיך ניט. איך ליב אייך דאָך אזוי. ביז איצט בין איך געווען אזוי גרענעצלאָז איינזאַם. ערשט איצט ווערט פאַר מיר דאָס לעבן עפּעס ווערט. איר האָט אין אייער האַנט אַ מענטשלעך לעבן!"

זי האָט אים באַטראַכט מיט ביטל און געלאַכט אזוי, ווי עמעצער אַנדערש וואָלט דאָס געלאַכט אין איר. „אייער לעבן ווילט איר אָפּגעבן אַ קאָרבן? — פאַר מיך? — איך בין דאָך ניט קיין מענטשן-פרעסער! צי פילט איר ניט, איר אויסטערלישער מענטש איינער, וואָס פאַר אַן אָפּגרונט צווישן אונדז דאַרף אויסגעפילט ווערן איידער איך וועל אייך מעגן ערלויבן ריידן וועגן דעם, וועגן וואָס איך מוז אייך היינט פאַרבאָטן צו ריידן? עגאָיסטן און מאַטעריאַליסטן האָבן געבראַכט דאָס פאַטערלאַנד צום אָפּגרונט. עכט-דייטשישע מענער און פרויען ארבעטן פאַר דעם, אַז עס זאָל אופשטיין אין אַ נייעם גלאַנץ. און עס מעג אפילע איצט אויסזען אומעטיק, ווער קאָן אָבער וויסן, ווי גיך וועלן רייף ווערן זייער וויכטיקע געשעענישן, וואָס וועלן פאָדערן מענער פון טאַט? נאָר אַזעלכע מענער קען איך אַכטן און ליבן! מער האָב איך אייך היינט ניט וואָס צו זאָגן, הער זוקראָוו".

זי האָט זיך אַנטשײדן אַ שטעל געבן.

„איך בין אין אײער רעשוס...״ האָט ער געשטאמלט.

„נײן, איר װעט זיך אלײן שפּעטער מאַכן פאָרװורפן, אַז איר האָט זיך געלאָזן איבערײדן דורך אַ פרױ. אַז איר װעט קומען צו אונדז, װעט איר מוזן געבן א פײערלעכן צוזאָג און אַ שװוּע, און אזא שװוּע מוז ארױסגײן פון אינערלעכער איבערצײגונג. באטראכט זיך אַכט טעג, רעדט מיט קײנעם ניט װעגן דעם און גיט מיר אן ענטפער דורך דעם הער פּײקכען״.

* * *

— נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט איז זוקראָװ אַ מידער און אַ צע-בראָכענער געקומען צו דער ארבעט. פּײקכען האָט אים אױסגע-מיטן. ער װאָלט אים הײנט אױך קײן ענטפער ניט געגעבן. מיט מי האָט ער אָנגעשטרענגט אלע נערװן, קעדײ צו טאָן זײן אַרבעט.

„איר זעט אױס װי איר װאָלט געכאַפּט די גריפּע, לײגט זיך בעסער אין בעט און טרינקט אױס אַן אַנשטענדיקע גלאָז גראָג״, האָט אים געזאָגט קראפּס. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט. אָבער װען דער אַלטער העװעלמאן האָט אים אונטערגעטראָגן אַ גלאָז מיט אופגעבריטן ראָם, האָט ער עס אױסגעטרונקען ביזן דעק. דער שטאַרקער געטראַנק האָט אים אַביסל אופגעמונטערט. זײנע גע-דאַנקען האָבן זיך נאָך אַלץ געדרײט ארום אײן פּונקט.

פון נעכטן אָן צום טױזנטן מאָל, האָט ער געפּרוּװט דערװײזן זיך, אַז גיזעלאס גאַנצע רײד איז געװען ניט מער װי אַ קאָמעדיע. נאָר װען אין זײן זיקאָרן פלעגן אױפשװימען אירע אױגן, איר שטימע האָט זיך אים ניט געװאָלט אין דעם גלױבן, אַלץ מער האָט ער געפילט, װי ער װאָלט געװאָנדערט אַף אַ שמאָל סטעזש-קעלע און װי עס װאָלט געבליבן נאָר אײן זאַך—װאַרפן זיך אין טעהאָם אף רעכטס אָדער אַף לינקס. די װירקלעכקײט האָט זיך צונױפגעמישט מיטן שרעקלעכן כאָלעם. איצט האָט זי בעעמעס געטרונקען די בלוט פון זײן האַרצן. זײן לעבן איז געװען אין אירע הענט.

װײט הינטער אים זײנען געבליבן די ביטערע דערפאַרונגען פון

די לעצטע צען וואָכן. וואָס האָט ער מיט מי טריט בײַ טריט אויסגעקעמפט און דערגרייכט, האָט אויסגעזען פֿאַרוועלקט און פֿאַרדאַרט. די פֿריינט, וואָס ער האָט געפֿונען אויף דעם וועג, גראַטע, רוקערס, מערי — — פֿאַרלאָרן, געשטאָרבן! האָט אָפּגע־קלונגען טרויעריק. יאָ, מערי, זי האָט אים געקאָנט ראַטעווען, אײַנהאַלטן פֿון דעם טונקעלן וועג, אויף וועלכן ער וועט אומקומען. וואָס וועט זי זאָגן, אַז ער וועט ווערן אַ האָקנקרייצלער? — — שרעקלעך איז דער געדאַנק, אַז די מענטשן, וואָס דו האָסט ליב און שעצסט, האַלטן דיך פֿאַר אַ נידערטרעכטיקן טיפּ. זײַן בליק איז געפֿאַלן אויפֿן רעגאַל מיט די בונטפֿאַרביקע כעמישע שטאָפֿן; אויף אייניקע פֿון זיי איז געווען אָנגעקלעפּט אַ שוואַרצער עטיקעט מיט אַ שאַרבן פֿון אַ טויטן.—קוועקזילבער-כלאָריד לייזט זיכער און אָן שמערצן אַלע נעשאָמע-קאָנפֿליקטן! אָדער זאָל ער בעסער נעמען ציאַנקאַלי פֿון דעם פֿאַרשלאָסענעם שראַנק?

מיט געוואַלט האָט ער אָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך דיראָזיקע געדאַנ־קען, וואָס זײַנען געקראָכן אים אין מויעך ווי עקלדיקע שלאַנ־גען. צו אַלדע רוכעס: ווו איז ער דאָ פֿאַרקראָכן? ווו איז גע־בליבן דער דרייסטער ערנסט זוקראָוו, וואָס האָט זיך געקליבן דעראָבערן די וועלט?—זײַנע נערוון זײַנען אראָפּ פֿון די רעלסן. דאָס איז גאָר! ער האָט נאָך אַכט טאָג צייט—ביז דאַן וועט ער געפֿינען אַן אייצע! שטאַרבן קען מען צו יעדער צייט. ער איז אוועק אהיים, זיך געלייגט שלאָפֿן און געשלאָפֿן טיף אָן כאלוי־מעס ביז אינדערפֿרי.

ווען ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, האָט געלויכטן די זון דורך די אייביקע רויך-וואָלקנס און האָט אים געגעבן נײַעם לעבן-מוט. קיין וועג אויף צוריק איז שוין מער ניט געווען. זאָל גיזועלא זען, אַז ער איז פֿעיק אויף אַ קאָרבן.

עס איז אָנגעקומען אַ בריוו פֿון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע. אין קאָנווערט איז געלעגן אַ מיטגליד-קאַרטע פֿאַרן „כאַווער ערנסט זוקראָוו" און אַ אײַנלאַדונג צו אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון מיטגלידער אויף פֿרײַטיק, דעם 12 מאַרט. דאָס איז דאָך הײַנט! אין דעם האָט ער דערזען אַ ווונק פֿונעם גורל. ער האָט זאָרגזאַם

פארבאהאלטן די איינלאדונג און באשלאָסן צו גיין אהין, עפשער וועט ער היינט כאפן די פאלשקייט פון זיינע ביז איצטיקע איבער־צייגונגען (אין וואָס „זי" איז געווען אזוי זיכער), און דאָס וועט אים לייכטער מאכן זיין קער אַף אַן אַנדער וועג. אַז ער איז ארוף אַף די טרעפ פונעם פאָלקסהויז, האָט ער געהערט שטימען, וואָס האָבן זיך געלערנט זינגען.

„דעם מויל ברייט אופעפענען, כאוויירים, זינגען דארף מען מיטן גאָרגל—מיר הויבן אָן נאָכאמאָל פון אָנהויב", ער איז גע־בליבן שטיין און געהערט. דער כאָר האָט געזונגען די באקאנטע דייטשישע פאָלק־ליד: „אַ זון פון פאָלק וויל איך זיין און בלייבן".

„וואָס, אונדזער כאָר זינגט ניט שלעכט?" האָט אים פון הינטן געפרעגט אַ באקאנטע שטימע. עס איז געווען אווערואָט. זיי זיי־נען צוזאמען ארוף ווייטער אַף די טרעפ.

„נעכטן אינדערפרי זיינען אַף „האסדרובאל 2" אומגעקומען דריי מאַן פון אַן אופרייס פון קוילן־שטויב. גרייטן זיי זיך דאָס איצט צו דער לעווייע", האָט דערקלערט דער פארטיי־פאָרזיצער.

זוקראָוו האָט דערוואַרט, אַז עס וועט זיין אַ גרויסע ארבעטער־פארזאמלונג און איז געוואָרן שטארק אנטוישט. די פינף טוץ מענער און פרויען, וואָס זיינען דאָ געווען, האָבן געקאָנט אויך זייער גוט געהערן צו אַ בירגערלעכן פאריין. די אים גוט באקאנטע טיפן פון די שאַכטיאָרן און דאָמנע־אַרבעטער זיינען דאָ קימאַט ניט געווען.

דער רעפערענט, עפעס אַן אַקאַדעמיקער, האָט זייער לאנגווייִ־ליק זיך פארשפרייט וועגן דער פארייניקונג פון דער ווירטשאפט־פארוואלטונג, וועגן באשטייערן די רעוואָכים פון עקספאָרט און וועגן דעם, אַז די פריצים האָבן ניט גענוג קאָרן צוגעשטעלט און צוליב דעם איז די רעגירונג געווען גענויט ארייגצופירן 500 טויזנט טאָן קאָרן. זוקראָוו האָט אומזיסט געפרוווט ארויסכאַפן פון די לאַנגע ריידערייען וועלכן ניט איז פרוכטבארן געדאנק. ווען דער רעדנער האָט דערמאָנט, אַז דער רעגירונג האָט זיך איינגעגעבן פארגרעסערן די וועכנטלעכע פּראָדוקציע פעטס אַף 25

גרויס, האָט זיך פון אוילאַם דערהערט דאָס ערשטע „וייער גוט״.

אַ מיטגלידער-פארזאמלונג פון די מערהייט-סאָציאַליסטן זאָל זיין אזוי לאנגווייליק און נישטיק האָט ער זיך דאָך ניט פאָר-געשטעלט. ניין, דידאַקטיקע פיליסטערס, וואָס פלאפלען דאָ, טרינ-קען ביר און לייענען אַ צייטונג בעיס דער פארזאמלונג, וועלן געוויס קיין נייע וועלט ניט אויסבויען. ער האָט געשפילט אַף אַ פאלשן קאָרט. אף אזוי פיל לייכטער וועט זיין אוועקגיין. איצט שפּילט ער טויז טראָמף.

שטילערהייט האָט ער גענומען זיין הוט און האָט זיך ארויס-געדרוקט. אַ מאָדנע זאַך, אין קאַריעראָ איז געווען אַ סאַך לעבע-דיקער. אַ ווילע איז ער געבליבן שטיין, ווייל מע האָט דיסקו-טירט וועגן דעם שלעכטן באזוך פון די פארזאמלונגען—נאָר קנאַ-פּע פינף פּראָצענט פון דער צאָל מיטגלידער איז געקומען.

„איך זאָג אייך, דאָס זיינען נאָר רעזולטאטן פון דער פאַר-שאָלטענער קאָאַליציע-פּאָליטיק! און ווען אַזעלכע געשיכטעס, ווי די, וואָס איז פאָרגעקומען אַף דער „בעאטע״, וועלן פון אונדזער פאַר-טיי פאַרשוויגען, מוז נאָך ערשט איצט יענער געבוירן ווערן, וואָס עס וועט דאָס קאָנען דערקלערן אונדזערע שאכטיאָרן,״ האָט אַן אויפגערעגטער געטיינעט אַן עלטערער אַרבעטער, בעת ווע-מען די גאַנצע לינקע זייט פאָנעם איז געווען צושניטן פון אַ צו פרי אויפגעריסענעם דינאַמיט-קאפּסול.

„אַלע וועלן קומען צוריק, כאַווער צורלינדען. ווי אַ רע-גירונג-פּאַרטיי מוזן מיר האָבן מוט אויך ניט פּאָפּוליער צו זיין, ווען די מאַסן וועלן דערזעען, אַז ביקלאַל גייט עס פאָרויס, וועט דאָס פּאַרטיי-לעבן ווידער אופלעבן,״ האָט געטרייסט איינער, וואָס האָט אויסגעזעען צו זיין אַ באאמטער.

„צום ביישפּיל די צוגעלייגטע פינף און צוואַנציק גראַם פעטס?״ האָט אָפּגעלאַכט אַ צווייטער.

צורלינדען איז געוואָרן נאָך מער אופגעבראַכט.

„פון דעמדאָזיקן סאָרט מוט האָט ביי אונדז, ליבער כאַווער טרימבאָרן, ליידער קיינמאָל ניט געפעלט. פּרוווט גייט צו די

אַרבעטער אין די וואַרשטאַטן דאָס פּאַרטיידיקן. מיר האָבן שוין גאָרניט וואָס צו ענטפערן די אומאָפּהענגיקע, די קאָמוניסטן און די אוניאָניסטן. איר אין ביוראָ און אונדזערע כאַוויירים אויבן פילן דאָס נאַטירלעך ניט. אָבער דערפאַר קריגן מיר אַלץ מער קאַווּעד באַ די האַרטקעפּיקע, דאָס איז ריכטיק! אונדזער אַלטער אַווגוסט בעבעל האָט אַ מאָל געזאָגט: „ווען מײַנע קעגנער לויבן מיך, בין איך זיכער באַגאַנגען אַ נאַרישקייט!" און איך קען מיר קיין אײַצע ניט געבן, איך בין טאַקע ניט פון די יונגע, איך בין אָרגאַניזירט פון 93-טן יאָר: איך האַלט אָבער, אַז מיר מאַכן איין נאַרישקייט נאָך דער אַנדערער!"

אַן אָנגעזעענע פרוי מיט אַ גרויען קאָפּ האָר, וואָס די אַנדערע האָבן זי גערופן פרוי קאָביצקי, האָט לעבעדיק אָפּגערופן זיך: „הערט מען דעם כאַווער צורלינדען, קען מען מיינען, אַז דאָס רעדט אַן אומאָפּהענגיקער. אונדזערע כאַוויירים דאַרפן זיך נאָר אַ ביסל מער מוט מיטנעמען אין די וואַרשטאַטן און נעמען אַ בײַשפּיל פון די ספּאַרטאַקיסטן."

„פּרווו דאָס באַ די אַרבעטער פון אַ גאָר-קין," האָט אַ צו-רייצטער דער אַרבעטער געגעבן אָנצוהערן אויף דער טעטיקייט פון דער מילכאָמע-אַלמאָנע אין די פילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטן.

„ניט נאָר די ראַדיקאַלן מאַכן אונדז שוועריקייטן, נאָר אַפילע די געלע קריכן אַרויס און זאָגן: „זעט נאָר, וואָס האָבן אײַך די סאָציאַל-דעמאָקראַטן געגעבן? איז פריער ניט געווען בעסער?" איך קען אײַך זאָגן, אַז די שוואַרץ-ווײַס-רויטע האָבן דאָ די לעצטע צײַט אַנטוויקלט אַ מעכטיקע פּראָפּאַגאַנדע. ווען קומען איצט וואַלן צו די פאַבריק-זאַוואָדישע ראַטן וועלן מיר דערלעבן אַ סאַך איבעראַשונגען, שוין ניט רײדנדיק וועגן די וואַלן צום רייכסטאַג," האָט גענומען אַ וואָרט אַן אַרבעטער אין אַ אוניפאָרם פון אַ טראַמוויי-אַרבעטער.

אין דעם מאָמענט האָט זיך דערהערט אַ שטימע פונעם אַריינ-גאַנג פון זאַל: „כאַוויירים, קומט אַלע אַריין! עס זײַנען דערהאַלטן געוואָרן זייער וויכטיקע ידיעות. אין בערלין האָט מען אַראָפּגע-וואָרפן די רעגירונג!"

דער אוילאַם האָט זיך מיט אַ טומל אַ לאָז געטאָן אין זאַל אַריין. בא דער רעדנער-טריבונע האָט ריזע מיט אַ קענטיקער נערוועזיטעט אויסגעטאָן זיין מאנטל, אָווערזאט האָט קעסיידער געקלונגען מיטן גלעקל.

„איך בעט זיין רויק און פאַרנעמען די פּלעצער! — פּאַרטיי-כאוויירים!״ האָט ער געשריען מיט אַ פייערלעכן טאָן, „כאווער ריזע איז נאָר וואָס ארויסגערופן געווארן צום טעלעפאָן דורך אונדזער געערטן כאווער גראָלמאַן, מיטגליד פון דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג.״

„מאך דאָס קירצער! וואָס איז געשען?!״ האָבן זיך דערהערט אומגעדולדיקע קולעס. אָווערזאַט האָט אַמאָל געטאָן מיט דער האַנט, טיף אָפּגעאָטעמט און פאָרגעזעצט מיט דערזעלביקער שטימע:

„פּארטיי-כאוויירים און כאווערטעס! אין אַט דער צייט פון מי-פּולן אופבוי, ווען די דייטשישע ארבעטערשאפט פילט אויס איר כיווו און אונטער דער אָנפירונג פון דער סאָציאַל-דעמאָ-קראַטישער פארטיי און פרייע פראָפאַריינען בויט ווידער אויף דאָס צעשטערטע—קיין כורוועס קען מען דאָך ניט סאָציאליזירן—כאוויירים און כאווערטעס—דערוואַגן זיך אין אַט דער צייט פון אופבוי די קאָמוניסטן נאָכאמאָל צו מאכן אַ פוטש, וואָס איז זיי פון מאָסקווע אָנגעוויזן געוואָרן״.

שטורמישע אופרופן: „פע! הערט, הערט! צום וועגטל די פוט-שיסטן!״ האָט זיך דערהערט פון אַלע זייטן. זוקראָוו, וועלכער איז געבליבן שטיין בא דער טיר, האָט ניט געקאָנט לאכלוטן דער-קענען די פריערדיקע שלעפעריקע פארזאמלונג. אַלע זיינען אופ-געשפרונגען, פרוי קאביצקי האָט זיך געריסן ווי אַ מעשוגענע.

אַ צופרידענער האָט אָווערזאַט באַאָבאכט די ווירקונג פון זיי-נע ווערטער, ריזע האָט אים אָבער מיט די ווערטער: „דו ביזט אַן אייזלו״ אָפּגעשטויסן אָן אַ זייט.

„כאוויירים, זייט רויק! זעצט זיך אַלע!״

דער שטורעם איז ביסלעכווייז שטיל געוואָרן.

„פּאַרטיי-כאַווײרים!“ האָט ריזע אָנגעהויבן מיט אַן ערנסטער שטימע, „כאַוועך אָוועראַט האָט געמאַכט אַ קליינעם טאָעס. דער פּוטש קומט דאָס מאָל ניט פון לינקס, נאָר“—דאָ האָט ער גע-פּרוווט אַ שמייכל טאָן—„עס מוז דאָך אַ מאָל קומען אַן איבער-בייט—פון רעכטס! אַ גרופּע פּאָליטישע און מיליטערישע אַוואַנ-טיוריסטן, הינטער וועלכע, אַזוי איז שוין איצט פעסטגעשטעלט, עס שטייט ניט קיין פּאָליטישע פּארטיי, האָט אָנגענומען אַלע מיטלען אַף אַראָפּצוואַרפן די רעגירונג און איינפירן אַ מיליטע-רישע דיקטאַטור. אין שפּיץ פון דערדאָזיקער באַוועגונג שטייען דער גענעראַל-דירעקטער קאַפּ, גענעראַל ליטוויץ, און דער פּאָל-קאָווניק פּאַפּסט.

די רעגירונג איז פעסט אַנטשלאָסן צו ענטפערן מיט געוואַלט אַף געוואַלט און האָט שוין אַרויסגעגעבן אַ באַפעל וועגן אַרעס-טירן די פירער. די רעגירונג באַהערשט די לאַגע פולקום, דער רייכסווער-מיניסטער כאַוועך נאָסקע גאַראַנטירט פאַר דעם, אַז די רייכסווער איז פולשטענדיק זיכער און געטריי דער קאָנסטי-טוציע. אַלע איבעריקע גענעראַלן פון דער רייכסווער האָבן זיך אָפיציעל אַרויסגעזאָגט קעגן דער האַנדלונג פון גענעראַל ליטוויץ, אַזוי אַז הינטער די פּוטשיסטן שטייען נאָר איינציקע באַלטישע מיליטער-פאָרמאַציעס, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו פאַנאַנדער-לאָזן זיך. עס איז ניטאָ קיין שום גרונט צו באַאומרויקן זיך. כוץ-דעם האָט דער כאַוועך הײנע, דער פּרייסישער אינערן-מיניסטער פאַראָרדנט מאָביליזירן די איינוווינער-מיליץ, קעדיי באַם אויס-ברוך פון אומרוען זאָל געזיכערט ווערן דאָס אייגנטום. כאַווײרים! מיר בלייבן געטריי אונדזער לאָזונג—פּאַרטיידיקן די רעפּובליק קעגן לינקס און רעכטס!—אין דערדאַזיקער סיטואַציע, פּונקט ווי אין יאַנוואַר און מאַרט 1919, ווען עס איז געווען אַסאַך ערגער, וועלן מיר געטריי בלייבן אונדזערע פירער. פאַר אונדז סאָציאַ-ליסטן—און דערביי איז אייגנטלעך ניטאָ קיין שום אונטערשייד צווישן די פּאַרטייען—גרייט זיין איז אַלץ!“

עס איז שווער צו שילדערן דעם איינדרוק, וואָס האָט געמאַכט די דאָזיקע אויסבעסערונג. נאָר בעסלעכווייז איז דער אוילאַם גע-

קומען צו זיך, עס האָבן זיך געהערט שטילע באַמערקונגען: „אַזוי איז ריכטיק!“ און „צו דעם האָט געמוזט קומ ען!“

צורלינדען האָט געשריען צו אָווערזאַטן: „איך האָב דאָך שטענדיק געטיינעט, אַז מיר וועלן זיך דערוואַרטן אַף אַ פוטש פון רעכטס. איצטער האָסטו אַרויסגעשטעקט דעם צונג!“

„כאַווייריב, עס איז ניט אַזוי! אַלוא איך בין דערפאַר, אַז מיר זאָלן אָננעמען אַ רעזאָליוציע, אין וועלכער מיר זאָלן דערקלערן אונדזער איבערגעגעבנקייט דער רעגירונג עבערט — באַוער — נאָסקע, און מיר זאָלן די רעזאָליוציע איבערשיקן טעלעגראַפיש אין בערלין,“ האָט אויסגערופן דער פּאָרזיצער, וואָס איז גיך געקומען צו זיך.

„ווערט עס ניט זיין צו טייער?“ האָט אַ קאָל אָפּגעלאַכט הינטער זוקראַוון.—דאָס איז געווען דער טראַמוויי-אַרבעטער שמידט, וואָס האָט פריער געשילדערט די געפאַר פון די נאַציאָנאַליסטן. אַ וואָרט האָט גענומען טרימבאָרן:

„כאַווייריס און כאַווערטעס! איך האַלט, אַז מע דאַרף אויפרופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג דעם נאָענטסטן מאָנטיק...“

„לויטן סטאַטוט מוז מען ווענן אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג מעלדן די מיטגלידער מיט אַכט טעג פאָרויס,“ האָט אים איבערגעריסן אָווערזאַט.

„זאָל זיין דעם נאָענטסטן פרייטיק אָדער שאַבעס...“

„איך בין דאַן קראַנק; דעם קומענדיקן שאַבעס אָרדנט איין די הילף-קראַנקנקאַסע פון די מעטאַל-אַרבעטער אַ יאָנטעוו,“ האָט זיך אָפּגערופן אַן אַנדערער.

טרימבאָרן האָט אויסגעווישט זיינע פענסנע.

„איך בעט אייך, לאָזט מיר אויסרייען! איך האָב דאָך קיינעם ניט געשטערט צו ריידן. איך מיין, אַז ווענן דעם טאָג וועלן מיר שוין דורכקומען אַף דעם פּאַרטיי-קאָמיטעט. צו דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג שטעל איך פאָלגנדיקן פאָרשלאָג:

„יעדער פּאַרטיי-כאַווער איז פאַרפּליכטעט אָפּצוגעבן זיך אין רעשוס פון דער איינוווינער-מיליץ.“

„זייער גוט,“ האָבן זיך עטלעכע אָפּגערופן. „די פרויען אויך?“, האָט געפרעגט פרוי קאַביצקי.

צורלינדען האָט אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער.

„עפּשער וועסטו מאַכן אַ בעסערן פאָרשלאָג?“ האָט געזאָגט טרימבאָרן אַ באַליידיקטער. צורלינדען האָט גאָר ניט געוואַרט ביז מע האָט אים געגעבן אַ וואָרט.

„איך וואונדער זיך איבער אייער צעקראָכנקייט. ווער ווייס וואָס אין אַכט טעג אַרום קען פּאַסירן. איך האָב אַ זיכערן פאָרגעפיל, אַז מע האָט אונדז נאָך ניט אַלץ דערציילט און מיר קענען אין דער נאָענטסטער צייט איבערלעבן נאָך פאַרשיידענע איבעראַשונ- גען. די אַרבעטערשאַפט מוז איצט אַרויסטרעטן ווי אַ גאַנצעס. פון מיינטוועגן זאָל כאַווער טרימבאָרן גיין צו דער „איינזווינגער- מיליץ“, אויב ער גלויבט, אַז מע קען עפּעס אויסטאָן מיט אָט די קעז-און ציק-הענדלער. איך טראָג אָריין אַן אַנדער פאָרשלאַג, וואָס האָט אַ שייכעס צו אַלע כאַווירים, וואָס אַרבעטן אין וואַר- שטאַט. כאַווירים, דערמאָנט זיך אָן די ווערטער:

„אַלע רעדער שטייען שטיל,

ווען דיין שטאַרקע האַנט נאָר וויל!“

זאָל זיין, אַז די אַנדערע האָבן געטאָן אַמאָל זאַכן מיט וואָס מיר זיינען ניט מאַסקים. מיר האָבן אויך—און וועגן דעם איז בא אונדז קיין צוויי מיינונגען ניטאָ—מיר האָבן אויך געמאַכט געווג פעלערן. אַניט וואָלט די רעאַקציע ניט געווען אַזוי כוצפּעדיק. איך לייג פאָר, אַז מיר זאָלן זיך טייקעף ווענדן צו די אומאָפּ- העניקע און די קאָמוניסטן און בילדן געמיינזאַם אַ פּאַרטיידי- קונג-קאָמיטעט“.

„צו די פּראָפּאַריינען אָבער אויך“, האָט אַ געשריי געטאָן שמידט.

„נאַטירלעך, איבערהויפּט צו יענע אַלע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן מיט אונדז עפּעס געמיינזאַמס“ האָט דערגאַנצט דער שאַכטיאַר. אַ וואָרט האָט גענומען רייזע: „כאַווירים, וואָס האָבן מיט אונדז געמיינזאַמס, די קאָמוניסטן, מוז דער פאָריקער רעדנער נאָך דערווייזן“.

„איך וועל דאָס יעדנפאַלס ניט מיטמאַכן", האָט היסטעריש גע-
שריען פרוי קאַביצקי, און טרימבאָרן, ווי אויך עטלעכע קרע-
מערס, האָבן געמאָלדן, אַז זיי טרעטן אַרויס פון דער פאַרטיי,
אויב מע וועט גיין אויף קאָמבינאַציעס מיט לינקע ראַדיקאַלן.
„העצט נאָר ווייטער, וועט איר שוין זען צו וואָס איר וועט
דערגיין", האט געשריען דער טראַמוויי-אַרבעטער.
„קום, קאַרל, לאָמיר דאָ איבערלאָזן די אָקסן מיט זייער הי-
נערשן טעאַטער", האָט געזאָגט צורלינדען, אויסער זיך פאַר
קאַאַס. די פאַרזאַמלונג האָט זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אָן אַ אָפּ-
שטימונג אין גרויסן גערויש. קיינער האט מער ניט געלייגט קיין
אַכט אויף דעם גלעקל פון פאָרזיצער, און אָווערזאם האָט דער-
קלערט, אז דער קאָמיטעט וועט אלע פאָרשלאָגן באַטראַכטן אלס
מאטעריאַל.

* * *

אריינגייענדיק אויף מאָרגן אינדערפרי אין דער לאַבאָראַטאָריע,
האָט זוקראָוו שוין אין פירהויז דערהערט דיסקוסירנדיקע שטי-
מען. קראַפט האט אים גלייך צוגעטראָגן דעם „גענעראַלאַנצייגער".
„וואָס זאָגט איר דערצו, הער זוקראָוו?"
וואָס זאָל ער דערצו זאָגן! ער האָט זיך אליין געוווּנדערט.
מיט אַכט טאָג צוריק וואָלט אים דידאָזיקע געשיכטע שרעקלעך
אופגערעגט, איצט איז זי אים קימאט ווי ניט אָנגעגאנגען. זאָלן
זיי אראָפּוואַרפן די רעגירונג, אויב זי זעט אויס ווי די נעכטיקע
פארזאמלונג פון די ס.פּ.ד., איז זי מער ניט ווערט. דער נעכטי-
קער אָוונט האָט אים אויסגעהיילט פון אסאַך איליוזיעס, בעסער
ווי דאָס האָט געקאָנט מאַכן גיזעלאס אגיטאַציע.
וואָס וואָלט זי געזאָגט צו די די געשעענישן?—אַ ניט אָנגע-
נעמער געדאנק איז אים איינגעפאַלן. צי איז איר פּאָליטישע פּראָ-
פאַגאַנדע-טעטיקייט ניט געווען מיט דעם אלעם פאַרבונדן? צו
האָט זי ניט אייערנעכטן אין אָוונט געוווּסט מערער ווי זי האָט
גערעדט?—אייניקע אירע אויספירונגען זיינען פאַר אים פּלוצלינג
ארויסגעשווומען אין אַ נייער שיין. אָן סאָפעק איז געווען הינטער
דער פירמע פון „רוגארד-בונד" באהאלטן איינע פון די נאַציאָ-

נאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס גראָבן אונטער די רעפּובליק, טיילווייז אָפן, טיילווייז אונטערערדיש. און עפּעס זיינען זיי דאָך געריכט? — — —

דער אָרגאַן פון דער שווערער אינדוסטריע דער „גענעראַל-אַנצייגער“ האָט מיט אַ קיוון פאַרגעשטעלט די בערלינער גע-שעענישן אין זייער בלאַסע פאַרבן. ער האָט פאַרטיידיקט די באַלטישע מיליטערישע פאָרמאַציעס, וואָס האָבן גרויסע פאַר-דינסטן פאַרן פאָטערלאַנד און ער האָט זיך ביכלאַל באַמיט פאָר-שטעלן די גאַנצע זאַך אַזוי, ווי מע וואָלט געוואָלט מיטן געשריי וועגן אַ קלוימערשטן פּוטש פון רעכטס פאַרדעקן דעם פּוטש, וואָס ווערט צוגעגרייט פון די קאָמוניסטן. אין אָט דעם פרימאָרגן האָט זיך קראַפט זייער געוווּנדערט, וואָס זוקראָוו, וועמען ער האָט געהאַלטן פאַר זייער אַ באַלייענטן, האָט אים ניט אַרויסגע-האָלפן קעגן די רעאַקציאָנערע קלאָגן און איז רויק אַוועק צו דער אַרבעט. אָבער ער האָט דאָס צוגעשריבן זיין גריפּע, וואָס ער איז נאָך ניט איבערגעקומען.

געאַרבעט האָט מען אין דעם פרימאָרגן ניט איבעריק, אפילו ד״ר גרעל האָט טעלעפאָנירט, אַז ער וועט ניט קומען פריער ווי נאָך מיטאָג. דער אַלטער העווּעלמאַן האָט געבראַכט פון זאַוואָד די ידיעה, אַז די אַרבעטער זיינען זייער אומרויק, אַז די וואַלצן גייען ליידיקע און עס ווערט דורכגעפירט אַ פּאַסיווער ווי-דערשטאַנד.

„זעט איר, די אַרבעטער האָט זיך ווידער פאַרוואָלט שטרייקן“, האָט זיך געיילט אַריינוואַרפן פּייקכען.

„און איר שטרייקט טאַקע. אויב איר וועט ווייטער אַזוי אַר-בעטן וועט אייער אַנאַליז היינט ניט פאַרטיק ווערן“, האָט גע-לאַכט קראָפּט, וואָס איז דערביי געשטאַנען.

„וואָלט דאָ געווען ד״ר גרעל, וואָלט ער שוין געמאַכט אָרדע-נונג אין זאַוואָד, ער פאַרשטייט זיך אויף זיי“, האָט מיט גיפט גע-געבן אַ רעפּליק פּייקכען, פאַראָפּשלינגענדיק די אָנצוהערעניש. ער איז צוגעגאַנגען צו זוקראָוון.

„איך דאַרף אייך איבערגעבן א גערוס!" האָט ער שטילערהייט אים געזאָגט—„פון פריילן צענק!"

„גיט איר פון מיר אויך איבער א גערוס!"

„איך דאַנק!—און מער נישט?! זאָל איך מער גאָרנישט איבערגעבן?"

זוקראָוו האָט א פארכידעשטער אים אָנגעקוקט: „וואָס ווילט איר מיט דעם זאָגן? איר האָט עפעס אַן אופטראג?"

פייקבען האט זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטן, האט אים אָפּגערופן אין א ווינקל און האט געמאַכט א געהיימניספולן געזיכט:

„איך מיין דאָס וועגן „רוגארד"! איר זייט בא אונדז א קאנדידאט, און מע וואַרט שוין לאנג אף אייער באשלוס!"

„די אכט טעג זיינען דאָך נאָך ווייט נישט אוועק!"

„יע, איך ווייס, אָבער עלנפאלס... עס זיינען איצט פאַראַן געוויסע אומשטענדן, וואָס צוליב זיי דאַרף זיך יעדערער שנעל אנטשיידן".

זוקראָוו האָט דערפילט, אז דאס הארץ שפרינגט אים ארויס פון אופרעגונג, ער האט זיך אבער באמיט בלייבן רויק און מיט א געמאַכטער גלייכגילטיקייט געענטפערט:

„אָך, איר מיינט דאָס די בערלינער געשיכטע. האָט איר עפעס גענויערע יעדיעס?"

פייקבען האט א פינטל געטאָן מיט אַן אויג: „יעדער מאָמענט קען אָנקומען אונדזער באפעל. מער טאָר איך אייך נישט זאָגן. איר זייט נאָך נישט קיין אונדזעריקער!" און ער איז אוועק.

פאַר זוקראָוון איז דאָס שוין אויך געוועזן גענוג. אין דער שטיל האט מען דאָ צוגעגרייט א ברייט פאַרצווייגטע אקציע קעגן דער זיכערקייט פון דער רעפובליק, און צו דעם האט מען אים אויך געוואָלט אויסנוצן, אָדער ריכטיקער מיסברויכן. ער האָט ביטער געלאַכט אין זיך. זיין ליבע צו דער שיינער גיזעלא האָט געזאָלט זיין די פעטליע, אַף וועלכער מע האט אים געזאָלט כאַפּן און אריבערשלעפן אַף דער אנדער זייט. און זי האט דאָס געוווסט און מאסקים געווען אַף דעם, געשפילט די הויפּט-פּערזאָן אין דער קאָמעדיע, יע—זיין האַרץ האט קימאט געפּלאצט—זי,

ווייזט אויס, איז געווען דער אווטער און דער רעזשיסער גלייכ-צייטיק!

„ווער עס האָט מיך ליב—מוז זיין פעיק צו דערשיסן ארבע-טער!" צי האָט זי דאָס ניט געזאָגט? און צי האָט ער איר שוין ניט געגעבן קיין שווע?!— — —ניין, דאָס איז געווען נאָר אין כאָלעם, ווען זי האט מיט א גילדענעם מעסער אים דורכגעשטאָכן דאָס האַרץ און דערנאָך געטרונקען זיין בלוט. אָבער איצט האט ער געפילט עפעס ענלעכס. זי, די ריינע און דערהויבענע נע-שאָמע האט געשפילט מיט אים א מיעסן שפיל! די אידעאלי-סטקע, וואָס האט אים פאָרגעוואָרפן עגאָיזם און מאטעריאליזם, האט צוליב פּאָליטישע צילן אויסגענוצט זיינע הייליקסטע גע-פילן. ער האט פּאָשעט ניט געוואָלט גלויבן, אז זי זאָל זיין אזוי ראפינירט.

זיין פלוצלינגדיקער האס קעגן גיזעלא צענק איז אָפּגעשוואכט געוואָרן דורך דעם געפיל פון דערנידערונג און שאַנדע. ער איז ניט געווען דער מענטש, וואס זאָל לאָזן, אז א פרוי זאָל אים מאַכן צו נאַר, אָבער זי!— —זי וויס וואָס זי וויל! זי אַרבעט באוווסטזיניק און אויסגעהאַלטן פאַר איר אידייע און שרעקט זיך ניט פאַר קיין זאַך און ער— —ער האָט געטראַכט נאָר וועגן זיך, קעריי צו דערגרייכן זיינע פערזענלעכע נוצן האט ער קי-מאט אָפּגעזאָגט זיך פון זיינע פּאָליטישע אידייען.—זיינע פּאָלי-טישע אידייען?—האט ער נאָך אזעלכע?—צי האט ער ביכלאל ווען ניט איז געהאט א קלאָרן פּאָליטישן ציל? אלק, אין וואָס ער האט פריער געגלויבט, איז צעריבן און צעמאָלן געוואָרן אין די צען וואָכן שווערע אַרבעט און האט איצט אויסגעזען, ווי א פוסטע מייסע.

דער קליינער קיסער האט זיך ארומגעדרייט לעם אים. „דער הער נאַצערס, הער פייקכען און הער פוקסיוס זיינען נאָר וואָס אוועק. מע האָט זיי צוריסגערופן דורכן טעלעפאָן, איך ווייס ווו זיי זיינען אוועק", האָט ער צוגעגעבן מיט א וויכטיקער מינע. „די „איינוווינער-מיליץ" איז מאָבּיליזירט געוואָרן!"

* * *

אַרום צען א זייגער האָבן אָנגעהויבן צו פייפן די זאַוואָד-סירענעס.

„צווימאָל קורץ, איינמאָל לאַנג, גענוי ווי בײַ די פליער=אָנ-גריפן בעת דער מילכאָמע, דאָס באַטייט אַן אַרבעטער-פאַרזאַמלונג אַפן הויף", האט באמערקט קראַפּט.

אַ מייסטער פון דער פרעס-אָפּטיילונג איז געקומען צו לויפן אַן אויפגערעגטער.

„וואָס הייסט דער סיגנאַל? אַן אַלגעמיינער שטרייק! מיט פינף מינוט צוריק איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז די רעגירונג איז אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן און עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַן אַלגעמיינער שטרייק!"

עס האָבן זיך שוין באַוויזן אַפן הויף די ערשטע אַרבעטער. די הייצער האָבן אַרויסגעוואָרפן דאס פייער פון אונטער די קעסלען, דער דאַמף האָט מיט אַ שווערן זיפץ זיך אַרויסגעזעצט פון די געעפנטע קלאַפּאַנעס. די אַרבעטער בײַ די גוס-אויוונס האָבן צו-געשלאָסן דעם צוגאַנג פון גאַז, די עלעקטריקער האָבן אויסגע-שלאָסן דעם שטראָם. דאָס אייביקע דונערן און די בראַזגערייען אין דער וואַלץ-אָפּטיילונג איז פאַרשטאָרבן מיט אַ לאַנגדויערנ-דיקן נאָכקלאַנג: דער שטאָל-זאַוואָד איז פאַרשטומט געוואָרן.

און אַלץ נייע מאַסן פאַרשוויצטע און פאַרשמירטע מיט סאַזשע אַרבעטער האָבן געשטראָמט פון די ברייט געעפנטע ווארשטאַטן און האָבן באַלד אָנגעפילט דעם גאַנצן פּלאַץ פאַר דער פאַבריק. אין קאַנטאָר האָבן די אָנגעשטעלטע אַוועקגעלייגט זייערע פעדערס און זיך געשטעלט בײַ די פענצטערס, צוקוקן זיך אַפן אַרויס-מאַרש פון די אַרבעטער. פון דידאָזיקע רויקע מאַרשירנדיקע מיט געמאָסטענע טריט קאָלאָנעס האָט געהויכט אַ שטראָם פון קראַפט און מאַכטבאַוווסטזיין. דער גייוועדיקער ביטל-שמייכל, וואָס האָט זיך צום אָנהויב באַוויזן אַף די פּנימער פון איייניקע אָנגע-שטעלטע, איז טייקעף פאַרשוואונדן.

דער פּלאַץ צווישן קאַנטאָר, לאַבאָראַטאָריע און פאַבריק-טויער האָט איצט אויסגעזען, ווי אַ כוואַליענדיקער יאַם פון קעפּ. אַף אַ ראָג פון אַ מויער איז אַרויפגעקראָכן אַ רעדנער. די זון האָט

העל באלויכטן זיינע לאנגע בלאָנדע האָר. דאָס איז געווען מאַקס גראָטע, וואָס האָט איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פון א טעלעפאָן-שמועס. אין די פענצטער פון דער לאבאראַטאָריע האָט מען גע-קענט הערן נאָר איינציקע ווערטער, פראַזן. די מענטשן-מאסע האָט אָפּגעענספערט מיט אַן אויסגעשריי, וואָס האָט אָפּגעקלונגען פון די מויערן און זיך צעטראָגן ווייט אַרום:

„אַראָפּ די קאַפּ-רעגירונג! זאָל לעבן דער גענעראַל-שטרייק!—

—— קומט אַראָפּ! — געענדיקט! — גענעראַל-שטרייק!” ———

די אַרבעטער האָבן געוווּנקען צו די אָנגעשטעלטע זיי זאָלן אויך אַרויסגיין. די אָנגעשטעלטע זיינען ארויס. אייניקע, וואָס האָבן זיך ניט געאיילט, האָבן די דעלעגאַטן פון די וואַרשטאַטן אַרויסגעטריבן. די ארבעטער האָבן ניט געשפּאַסט! —

מיליטעריש צו פיר אין א ריי האָט זיך די געוואַלטיקע מאַסע געלאָזן אין מאַרש. פון לינקס איז אָנגעקומען א צוויי טויזנט קעפּיקע דעמאָנסטראַציע פון דער שאַכטע „האסדרובאל” און ווען זיי האָבן זיך פאַרקערעוועט פּאַרביי דער „דייטשישער געזעל-שאַפט פון באַרג און דאַמבע-אינדוסטריע” זיינען זיי באגריסט געוואָרן פון די שאַכטיאָרן און דאַמבע-ארבעטער, וואָס זיינען נאָר וואָס אַראָפּ פון דער ארבעט מיט אַ ברויזנדיקן געזאַנג:

„שטייט אויף, איר אלע ווער ווי שקלאַפן
אין הונגער לעבן מוז און נויט”.

* *
*

פון אינדערפרי אָן איז דער סעקרעטאריאט פון די פראָפּאַריי-נען אין סווערטרופער פאָלקהויז געווען באלאַגערט פון מיטגלי-דער פון די פאַבריק-זאַוואָדישע אַרבעטער-ראַטן און פון ספּע-ציעלע דעלעגאַטן פון די שאכטעס און זאַוואָדן, וואָס זיינען גע-שיקט געוואָרן אינפאָרמירן זיך וועגן דער לאגע. דער טעלעפאָן האָט אָן אויפהער געקלונגען.

ריזע איז פון אכט א זייגער אינדערפרי געזעסן בײַ א צווייטן אפּאראט און געפּרוווט זיך פאַרבינדן מיט בערלין. קעסטיירער איז גע-קומען אַן ענטפער: „די פאַרבינדונג מיט בערלין איז נאָך אַלץ איבערגעריסן”.

„דאָ מוז עפּעס זײַן!“ האָט ער געזאָגט, אָפּווישנדיק דעם שווייס.

„אַן גענויע אינפאָרמאַציעס טאָר איך ניט קומען אַפן זאַוואָד“, האָט געזאָגט קאַרפּלוס, דער מיטגליד פון ארבעטער-ראַט פון פּלאַשנער זאַוואָד.

די טיר האָט זיך גראַדע אופגעעפנט. „אין ראַטהויז ווייסן זיי אויך גאָרניט“, איז אַריינגעפאַלן אָוועָרזאַס.

„עפּעס א מאָדנע זאַך, און דערביי האָט די „איינוווינער-מיליץ“ נאָר וואָס אַרויסגעשטעלט קוילנוואַרפער אַפן באַלקאָן פון ראַט-הויז“, האָט געזאָגט רוקערס, וואָס איז גלייך נאָך אים אריין אין צימער.

„וועגן דעם האָט מיר דער בירגערמייסטער גאָרניט געזאָגט, און איך האָב אליין גאָרניט געזעען, ווייל איך בין ארויס פון דער הינטערשטער טיר“, האָט באַמערקט אָוועָרזאַס צומישט.

„די „איינוווינער-מיליץ“ איז פון היינט אינדערפרי מאָביליזירט, אָבער אונדז סאָציאַלדעמאָקראַטן האָט מען ניט גערופן. ווען איך האָב מיט מיין מיליץ-קאַרטע געוואָלט אריין, האָט מען מיך גאַנץ גראָב ארויסגעבעטן“, האָט דערציילט אַן ארבעטער.

„ליוופּנקול איז אַ יעזויט! ער ווייס אַסאַך מער ווי מיר!“ האָט אויסגערופן קאַרפּלוס.

„עס קומט זיכער עפּעס פאָר“, האָט באַמערקט ריזע, באַטאָ-נענדיק די ווערטער.

ווידער האָט געקלונגען דער טעלעפאָן. פונעם וואַלק-בלעך-זאַוואָד איז אָנגעקומען די יעדיע, אז די אַרבעטער נאָכן פרישטיק זיינען געבליבן אין עס-זאַל און וואַרטן, וואָס וועט זיין.

„האַלט אוף אייערע מענטשן זיי זאָלן בלייבן צוזאַמען, מיר וועלן אייך געבן צו וויסן, גלייך ווי נאָר מיר וועלן עפּעס געוווירווערן“, האָט אָפּגעענטפערט ריזע.

עס זיינען אָנגעקומען אַלץ מער מענטשן. אַז מע האָט סאָפּ-קאָלסאָף געשלאָסן די טיר, האָבן זיך אין קאָרידאָר און אַף די טרעפּ אופגעקליבן דיסקוטירנדיקע גרופּן. מיט מי האָט זיך איינ-

געגעבן דעם קאָמוניסט קעספעלד דורכצוקריגן זיך דורכן אוילעם. יעדערער האָט געוואָלט וויסן, וואָס קומט פאָר.

„כאַווײַרים, מע נעמט אונדז אָפּ", האָט זיך פאַרהוסט דאָס קליין מענטשל. „אין בערלין האָבן קאַפּ און ערהארט אָרגאַניזירט. דער קאַבינעט איז אַוועק אין דרעזדען און פון דאָרט — אַ נייער אַפּעל!" ... מיר זענען ... בעסער ... וועגן ...

„סוועטערופער סעקרעטאַריאַט פון די פראָפאַריינען!" — „אהא, ענדלעך!"

אלע האָבן מיט שפּאַנונג זיך צוגעקוקט צו ריזען. זיין פּאָנעם איז געוואָרן בלאַס, ווען ער האָט איבערגעכאַזערט די ווערטער:

„די יאַם-בריגאַדעס לעווענפעלד און ערהארדט — באַזעצט די רעגירונג-געביידעס אַן ווידערשטאַנד — די רייכסווער איבערגעגאַנגען — די זיכערהייטסווער אַ טייל פאַר קאַפּן, אַ טייל נייטראַל — רעגירונג רופט צום גענעראַל-שטרייק — מיט אלע מיטלען אָרגאַניזירן דעם ווידערשטאַנד!"

לאַנגזאַם האָט ער צוריק אָפּגעהאַנגען דאָס טרייבל. „דאָס האָט מען געדעדט פון דיסעלדאָרף. עס איז, הייסט דאָס, ריכטיק, מיר מוזן טייקעף אָרגאַניזירן דעם גענעראַל-שטרייק". אומבאַהאָלפן האָט ער זיך ארומגעקוקט.

„אמבעסטן וועט זיין, אז מיר זאָלן דאָ גלייך אָפּן אָרט אָרגאַניזירן אַ מין אויספיר-קאָמיטעט אָדער עפּעס ענלעכס", האָט ער אומזיכער צוגעגעבן.

רוקערס האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן פון אַ בייסיקער באַמערקונג:

„זייער ריכטיק, זייער ריכטיק! איצט, ווען אייערע קלוגע כאַווײַרים זיינען פאַרפאָרן מיטן וואָגן אין בלאָטע, קענען מיר פּראָלעטאַריער אים ארויסשלעפּן. ווו איז אייער נאָסקע מיט זיינע

בריגאַדעס, מיט וועלכע ער האָט אונדז אין פאַבריק יאָר אַזוי מוסטערהאפט אנטוויקלט?"

די גרעסטע טייל בייוועזנדיקע האָבן צוגעשטימט צו רוקערס בייסיקע ווערטער. די איבעריקע האָבן געשוויגן און נאָר ריזע האָט עפעס געשטאמלט וועגן דעם ניט צוגעפּאַסטן מאָמענט צו זוכן שולדיקע. איצט מוז ענדלעך אופהערן דער ברודער-קריג און די גאַנצע ארבעטערשאפט מוז אַרויסטרעטן אייניק.

„פריער האָט מען געהערט אנדערע דיבורים", האָט געזאָגט קארפליוס. „דער סוינע שטייט לינקס — איז געווען דער לאָזונג־קעגן אונדז האָט איר שטענדיק געהאט הארמאטן. אונדז האָט איר אַנטוואָפנט און מיט דער קאָנטער-רעוואָליוציע האָט איר זיך געצאַצקעט. זאָל זיך איצט אייער רעגירונג אליין אָן אייצע געבן, איך ריר ניט מיט קיין פינגער".

„ניין, ניין", האָט זיך ארייגעמישט רוקערס. „דאָ האַנדלט זיך, כאַווײרים, וועגן אַ גרעסערע זאַך ווי די רעפּובליק. עס האַנדלט זיך וועגן אונדז אליין. קומט דידאָזיקע באַנדע צו דער מאַכט, וועט זי זיך מיט אונדז אָפּרעכענען, ווי מיט די אונגארישע ארבעטער. מיר מוזן איצט מיט אלע מיטלען אָרגאַניזירן דעם ווי-דערשטאנד און די רעכנונגען איבערלאָזן אַף שפּעטער".

„איך האלט אויך אזוי", האָט ריזע געזאָגט, „און וואָס אָנבא־לאנגט די שולדיקע, כאווײרים, וועלן מיר זיך שוין אליין אָפּרע־כענען. אַף דעם קענט איר זיך הייליק פאַרלאָזן. איצט מוזן מיר פריער פאַר אַלץ אָפּשטעלן די זאַוואָדן און דעם טראַנספּאָרט".

„וועלכע זאַוואָדן פעלן נאָך?" האָט געפרעגט אָוערזאט. אַלע אויסער דעם צינק-זאַוואָד זיינען דאָ געווען.

„מיין פאָרשלאג איז אזא", האָט געזאָגט ריזע. „צוועלף אַ זייגער מאכן מיר אַ מיטינג אַפן הינדענבורג-מאַרק. כאווער קאר-פליוס גייט אַפן צינק-זאַוואָד, וועלכע האָבן, ווייזט אויס, זיך נאָך ניט אויסגעשלאָפן. די איבעריקע זאַוואָדן און שאַכטעס וועלן מיר אינפאָרמירן טעלעפאָניש: גלייך וואַרפן די ארבעט און אַרויס. צום מיטינג גייען מיר אין געשלאָסענע רייען. ביז צוועלף אַ זייגער

האָבן מיר נאָך אומגעפּער צוויי מיט אַ האַלבע שאָ, וועלן מיר דאָ דערוויילע אויסבילדן אַ פּראָוויזאָרישע אָנפירונג פון שטרייק".

„אַפּן מיטינג מוז אָבער אויך איינער פון אונדז ארויסטרעטן", האָט געברומט קעספּעלד. „זעלבסטפאַרשטענדלעך, פון יעדער פּאַרטיי איינער", האָט זיך צוגעיילט ריזע.

„אַלע רייסרייען אָן אַ זייט", האָט צוגעגעבן אָווערזאַט.

„אָבער קוידעמקאָל מוזן מיר זיך ארומזען, וואָס טוען די היגע רעכטע", האָט זיך אָפּגערופן רוקערס.

„דעם ראטהויז נעם איך איבער, דו, כאַווער רוקערס, קענסט..."

„איך גיי מיט דיר, כאַווער ריזע", האָט רוקערס געזאָגט אָנטשיידן.

„איך האָב געמיינט, דו קענסט די פּאָסט..."

„די פּאָסט נעם איך איבער", האָט געזאָגט דער פאָרשטייער פון זאָוואָד „דייטשישע ערד".

„איך גיי אַפּן וואָקזאַל, דאָרטן איז אַ באַזונדער וויכטיקער פּונקט", האָט געזאָגט אָווערזאַט.

„און איך צום טראַמוויי-דעפּאָ", האָט געלאָזט וויסן קעספּעלד. די גענעראַלשטרייק-לאַווינע האָט זיך אַ לאָז געטאָן! גלייך האָבן אָנגעהויבן צו פייפן די זאָוואָדן און שאַכטעס.

## 9. קאַפּיטל

די סיטואַציע איז געוואָרן אינגאַנצן קלאָר! די מיליטערישע מאַכטהאָבער האָבן געוואָלט מיט דער הילף פון קוילנוואַרפער ניט נאָר אראָפּוואַרפן די רעגירונג, וואָס זיי האָבן אַזוי געהאסט, נאָר אויך פאַרניכטן די רעוואָלוציאָנערע דערגרייכונגען פון די אַרבעטער, איינפירן צוריק די אַלטע פאַרהאַסטע דיקטאַטור און אויב מעגלעך אויך די מאָנאַרכיע. אַף דעם האָט געקענט זיין נאָר איין ענטפער:

„שטייען אַלע רעדער שטיל!"

ווי באַלד, אַז אויסער די פּראָפּאַראייגען און פּאַרטייען, האָט אויך די רעגירונג גערופן צום גענעראַל-שטרייק, האָבן אויך די

פּראָפּאַגאַנדע מיטגעמאַכט. דער גענעראַל-שטרייק איז געווען אַ פול-שטענדיקער!

די דעמאָנסטראַציע אַף דעם הינדענבורג-מאַרק איז געווען דער מעכטיקסטער פּראָלעטאַרישער אַרויסטריט, וואָס די שטאָט האָט ווען ניט איז געזען. אַ געוואַלדיקע מאַכנע האָט זיך צונויפגעזאַמלט. די מענער, וואָס האָבן טיף אין דער ערד געגראָבן דאָס ברויט פון יעדער מין פּראָדוקציע — קוילן; די אַרבעטער פון די דאַמנעס און פון די זאַוואָדן, וואָס האָבן געגאָסן דאָס אײַזן און געפורעמט און באַאַרבעט דעם ווידערשפּעניקן שטאָל; צווישן זיי האָבן געפינקלט אַף דער זון די אוניפאָרמען פון די אייזנבאַנער, פון די פּאָסט-אָנגעשטעלטע און פון די טראַמוויי-אַרבעטער; מאַכנעס פרויען האָבן באַלאַגערט דעם פּלאַץ, — אַ געוואַלדיקער ברויזנדיקער מענטשן-יאַם.

נאָר וואָס האָט מען אויסגעקלעפּט די אויפרופן פון דער רעגירונג. מיט מוירע האָבן שטילערהייט אַרויסגעקוקט פון אונטער די גאַרדינען די בירגער. דאָס געטריי דייטשיש האַרץ, וואָס האָט מיט עטלעכע שאָ צוריק געקלאַפּט אַזוי דרייסט און מוטיק, איז געפאַלן באַ זיך, דערזעענדיק די פּראָלעטאַרישע מאַסן. קיינער האָט זיך ניט געריכט אַף אַזאַ אייגמוטיקן און אַנטשלאָסענעם ענטפער. אַ געמיש פון רעציכע און פּאַכדאָנעס פלעגט זיך ווידער וויין אַף די פּענימער.

וואָס קענען שוין אויסטאָן די פּראָלעטאַריער?

שטרייקן?

זאָלן זיי שטרייקן! גאָט צו דאַנקען קיין געווער האָבן זיי ניט! דאָס מיליטער האָט באַ זיי אין פאַבריקן יאָר צוגענומען דאָס געווער! די נייע רעגירונג וועט גלייך איינפירן אָרדענונג, עס וועט נעמען אַ סאָף צום צעקראָכענעם רעזשים! דער ערשטער דעקרעט פון דער נייער רעגירונג, וואָס די באַנדע האָט ליידער גלייך אַראָפּגעריסן, האָט פאַרבאָטן שטרייקן אונטער דער דראָונג פון טויט-שטראָף. זיי קענען דערהיילע נאָך ריזיקירן. די זיכער-הייטסוועער איז היינט איינדערפרי אָפּגעפאָרן אין עסען. אין עט-לעכע טעג אַרום אָבער וועט קומען מיליטער און וועט שוין מאַכן

אָרדענונג. ביז יענער צייט קען די „איינוווינער-מיליץ" איינהאלטן די וויכטיקסטע פּאָזיציעס: דאָס ראָטהויז, וואָקזאַל, פּאָסט און שעכטהויז.

אָזן פּלאַן האָבן פון דריי טריבונעס געדעדט די פאַרטרעטער פון די דריי סאָציאַליסטישע פּאַרטייען: ריזע, רוקערס און קעס-פּעלד. „גענעראַל-שטרייק ביז וואַנען די קאַפּ-רעגירונג וועט ניט באַזייטיקט ווערן — ווידערשטאַנד מיט אַלע מיטלען — האַלטן שטרענגע דיסציפּלין — פאָלגן נאָר די דירעקטיוון פון'ם אויספיר-קאָמיטעט", דאָס איז געווען דער אינהאַלט פון זייערע רעדעס, אגעוו רוקערס און קעספּעלד האָבן קעסיידער אונטערגעשטראָכן, אַז צו דעם האָט געמוזט קומען. אָבער ריזע האָט אויך געפונען ראַדיקאַלע ווערטער.

„די מאָס פון געדולד איז איבערגעפולט, כאַווײרים! עס מוז איצט אַ סאָף נעמען מיט דער פּאָליטיק פון נאָכגיביקייט און קאָמפּראָמיסן! די געשעענישן וועלן פאַר אונדז אַלעמען זיין אַ גוטע לערע. מיר וועלן פירן פון איצט אָן אַ נייע טאַקטיק קעגן דער מאָנאַרכיסטישער באַנדע: די קני אַף דער ברוסט און דעם פויסט איבער די אויגן!" — פון אַלע רעדנער האָט ער געהאַט דעם גרעסטן דערפאָלג.

מיט גרויסע אָוואַציעס איז אויפגענומען געוואָרן די ידיעה, וואָס דער פאָרזיצער פון די אומאָפּהענגיקע, דער לערער און ראַטמאַן פון שטאָט-ראַט, יעיטנער, האָט מיטגעטיילט, אַז די פאַר-וואַלטונגען פונעם באַרגאַרבעטער-אוניאָן, פון די קריסטלעכע, פוילישע און הירש-דונקערשע פּראָפאַריינען האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן צייטווייליקן אויספיר-קאָמיטעט. זייערע צענטראַלע פאַרוואַל-טונגען האָבן אונטערגעשריבן דעם אויפרוף צום קאַמף. די איינ-הייט פונעם פּראָלעטאַריאַט אין קאַמף איז דערגרייכט געוואָרן!

גלייך נאָך דער פאַרזאַמלונג האָבן זיך אין פאָלקהויז אויפגע-קליבן די באַפולמעכטיקטע פון די זאַוואָדן, שאַכטעס, פּראָפאַריי-נען און פּאַרטייען. איבערן זאַל, וואָס איז נאָך געווען שריי-בונט אויסגעפוצט מיט קאַרנאַוואַל-גירליאַנדעס, איז געווען פאַר-שפּרייט אַן איינגנאַרטיקע אָנגעשטרענגטקייט. יעדערער האָט גע-

פילט, אז עס קומען אָן וויכטיקע געשעענישן. אַף די האַרטע, קאָנטיקע אַרבעטער-פּענימער, פון וועלכע אַסאַך זיינען נאָך אין איילעניש ניט געוועזן אפילע געוואַשן, איז געלעגן פעסטע אָנטשלאָסנקייט, וועלכע עס רופט ארויס דער איבערצייגטער באַוווסטזיין פון קויעך.

„ווי די גרעסטע פאַרטיי דאָ וועלן מיר ניט לאָזן באַ אונדז צונעמען דעם פאָרזיץ", האָט רוקערס געזאָגט צו זיינע פּאַרטייכאַווײרים. יעיטנער, אלס פאָרזיצער, איז גלייך צוגעטראָטן צום הויפּט-פּונקט פון טאָג-סײדער: „וואַלן פון אויספיר-קאָמיטעט". עס זיינען אָנגערופן געוואָרן און אויסגעקליבן געוואָרן איין און צוואַנציק פאַרטרעטער. פון די סאָציאַל-דעמאָקראטן: ריזע, אָווערזאס, פּרוי קאַביצקי, דער טראַמוויי-אַרבעטער שמידט און דער באַרגאַרבעטער צורלינדען; פון די אומאָפּהענגיקע: יעיטנער, רוקערס, לינדעמאַן, האָלקעטער, פעלגענטרוי, פּפיילער און זימאָווייד; פון די קאָמוניסטן: קעספעלד, גראָטע און קאַסאַבעק. די אוניאָן איז געווען פאַרטראָטן דורך פּאָנטאָוו און ראַוכפוס, די קריסטלעכע דורכן באַרגאַרבעטער קיפער, די הירש-דונקערשע—דורכן שלאָסער שטעפאַן און די פּוילישע—דורכן מאַשיניסט באָרינסקי.

יעיטנער האָט אַ קלונג געטאָן מיטן גלעקל.

„דער אויספיר-קאָמיטעט וועט זיך טייקעף צונויפקלייבן אין קליינעם זאַל און וועט אויסקלייבן דעם פּרעזידיום און די נויטיקע קאָמיסיעס. מיר וועלן זיך באַמיען ארויסלאָזן אַ מין אָרט ביוליעטען, קעדיי איר זאָלט זיין אינפאָרמירט וועגן אַלץ אין דער צייט, ווען די רעדעס וועט ניט דערשיינען. איך בעט אייך איצט, כאַווײרים, גייט צו אייערע קאָלעגן, זעט, אז איר זאָלט אלע זיין צוזאמען און אז עס זאָלן ניט פאָרקומען קיין שום צוזאַמענשטויסן מיט דער „איינוווינער-מיליץ". דער בירגערמייסטער ליוועקול האָט צוגעזאָגט, אַז די „איינוווינער-מיליץ" וועט נאָר באַשיצן די עפנטלעכע געביידעס און וועט זיך ניט שטעלן אַף קיין שום צאַד".

„דאָס איז אַ שווינדל", האָט איבערגעריסן אַן אַרבעטער, „ווען זיי ווילן נאָר דאָס, פאַרוואָס האָט מען ניט צוגעצויגן אונדזערע כאַווײרים?"

„אַף דער פּאָסט האָבן זיי היינט אינדערפרי אויפגעהאַנגען אַ שוואַרץ-ווייס-רויטע פאָן", האָט אויסגערופן אַ צווייטער קאָל.
„מיר דאַרפן זיי איבערהויפּט ניט האָבן, מיר וועלן אליין זאָרגן פאַר רו און אָרדענונג", רופט אויס אַ דריטער.
„גיט אונדז נאָר געווער—וועלן מיר שוין מאַכן אָרדענונג!"
יעיטנער האָט לאַכנדיק אויסגעטרייסלט זיינע אַרבל.
„כאַוויירים, די גאַנצע רייד דאָ איז אומזיסט. לאָזט דאָס אַלץ איבער פאַרן אויספיר-קאָמיטעט. וועלכער וועט די אַלע פראַגן באַטראַכטן. מיר וועלן זען אייערע אַלע גערעכטע פאָדערונגען— מעגלעך אַן בלוט-פאַרגיסונגען — דערפילן".
„געווער!" האָבן זיך דערהערט קוילעס.
„ווען עס וועט מעגלעך זיין, אויך געווער, נאַטירלעך, כאַ-וויירים, אָבער איצט בעט איך אייך גייט און לאָזט אונדז אַר-בעטן".
קאַנדידאַטן אַפן אָרט פון ערשטן פאָרזיצער זיינען געווען ריזע און יעיטנער. געוויס וואָלט אויסגעקליבן געוואָרן ריזע, נאָר אומדערוואַרטעט האָט ער זיך אָפּגעזאָגט, איבערלאָזנדיק דאָס אָרט פאַר די אומאָפּהענגיקע. אליין האָט ער זיך באַנוגנט מיטן אָרט פון צווייטן פאָרזיצער.
ווייטער האָט מען באַשטימט די פאָרזיצערס פון די וויכטיקסטע אַמיסיעס. אָווערזאַטן האָט מען איבערגעגעבן די באַזאָרגונג מיט [illegible]רנערונג, ראָוכפוסן פון די סינדיקאַליסטן האָט מען איבערגע-[illegible]בן אַכטונג צו געבן אַף די דרינגענדע אַרבעטן: אונטערהאַלטן [illegible] פייער אין די דאָמנעס, אויספּאָמפּען די שאַכטעס א. א. וו. [illegible] קאָמוניסט קעספעלד—דאָס נאַכריכטן-וועזן.
די פראַגע וועגן באַזעצן די זיכערהייט-דינסט און די צוגריי-[illegible]ג פון מיליטערישע פאַרטיידיקונג-מאַסמיטלען האָט אָנגעטראָפן אַף שוועריקייטן, ווייל איינער האָט דעם אַנדערן ניט געטרויט. ריזעס פאָרשלאַג די פראַגע פאָרלויפיק לאָזן אָפן, ווייל זי איז נאָך ניט אַקטועל, האָט באַגעגנט אַן אַנטשיידענעם ווידערשטאַנד אַפילע בא זיינע פאַרטיי-כאַוויירים. סאָפּקאָלסאָף האָט מען דעם איניען איבערגעגעבן די אומאָפּהענגיקע, ווענן וועלכע מע האָט

געוווסט, אַז זיי האָבן שוין אַן אומלעגאַלע אָפּטיילונג. רוקערט איז געוואָרן פּאָרזיצער.

ער איז גלייך מיט זיינע ביידע מיטאַרבעטער, דעם סאָציאַל-דעמאָקראַט צורלינדען און דעם קאָמוניסט גראָטע אריבער אין אַ באַזונדער צימער. דאָ האָט ער גלייך געעפנט די קאָרטן וועגן דער לעגענדאַרער אומלעגאַלער אָפּטיילונג פון די אומאָפּהענגיקע. עס איז געווען ניט מער ווי אַ צעטל פון כאַוויירים, וואָס האָבן געהאַט אַ מיליטערישע אויסבילדונג.

„און געווער האָט איר?“ האָט געפרעגט גראָטע אַן אופּגערעגטער.

„ניט קיין סך מער, ווי גאָרניט. וואָס די אַרבעטער האָבן ניט געוואָלט אָפּגעבן פרייוויליק, האָבן זיי געוואָרפן אין וואַסער אָדער פאַרגראָבן און באַהאַלטן אזוי, אַז איצטער טויג דאָס לאַכ-לוטן ניט. פאַר צוויי וואָכן האָבן מיר אויסגענומען אַ צעטל פונעם געווער, וואָס קען נאָך טויגן און האָבן פעסטגעשטעלט, אַז עס איז דאָ ניין ביקסן, צוויי אָדער צוואַנציק רעוואָלווערן און פיסטאָ-לעטן, זעקס האַנט-גראַנאַטן און אַ קליין ביסל אַמוניציע. און איר האָט גאָרניט?“

„איך בין ניט געווען באַקאַנט, אָבער מער ווי איר געוויס ניט, אויב ניט רעכענען צוויי פאַרזשאַווערטע קוילנוואַרפער“, האָט דער-קלערט דער יונגער קאָמוניסט.

„יע, באַ דער באַנדע פון דער „איינוווינער-מיליץ“ וואָלט מען געמוזט אָפּנעמען דאָס געווער, אָבער ווי אזוי? באַ אַן אָנגריף קענען מיר זיך גוט אָנרייסן“, זאָגט רוקערט.

צורלינדען האָט אַרויסגענומען פון קעשענע אַ ליסטע געשריבן אויף דער מאַשינקע און האָט אָנגעהויבן צו ציילן. „דריי און צוואַנציק ביקסן פון אונדזערע כאַווירים, וואָס געפינען זיך אין דער „איינוווינער-מיליץ“ זיינען, נאַטירלעך, אין אונדזער רעשוס“.

גראָטע האָט פּלוצלינג אַ שפּרונג געטאָן.

„די ליסטע, וואָס איר האָט דאָ, כאַווער לינדען, דאָס זיינען דאָך ניט נאָר אייערע פּאַרטיי-כאַווירים? — — וואָס, די גאַנצע

ליסטע? און דאָס זאָנטער, פערד איינער, ערשט איצט? מענטש, פון וואנען האָסטו דאָס?"

„יאָ, מיין טייערער, באצייגנגען! מיין טאָכטער איז סטענאָטי־פיסטקע בא דעם יוריסט־קאָנסולט פון דער שלאקשטיין־פאבריק און ער איז סעקרעטאר פון דער „איינגווינער־מיליץ!"

„מענטש, דאָס איז דאָך אַ גליק! היינט אין אָוונט וועלן מיר מאַכן הויז־רעוויזיעס אין סווערטרופ!" האט אויסגעשריען גראָסע, קלאַפנדיק זיך פון פאַרגעניגן איבער די קני.

אין דער צייט ווען די פירער האָבן זיך בּאראטן וועגן שאפן געווער, האָבן די אומגעדולדיקע מאסן זיך שוין גענומען לייזן די פראגע. אַן אפטיילונג ארבעטער, וואָס איז געגאנגען פון דער דעמאָנסטראציע, האָט פארבייגענדיק דעם וואָקזאַל דערזעען דאָרטן די מיליציאנערן פון דער „איינוווינער־מיליץ" מיט ווייסע לענטעס אף די הענט, מיט שטאלענע העלמס און ביקסן.

ווידער איז ער דאָ, דער פארשאָלטענער שטאלענער העלם, דער סימבאָל פון דעם נאָסקע־רעזשים, און ווידער איז ער דאָ יענער איינגעבאָרענער כוויזעק־שמייכל אף די פּענימער פון די באוואָפנטע בירגער. עס האָבן זיך דערהערט קלאַפּעס און זידל־ווער־טער. דער אוילאם האט זיך צוגערוקט נעענטער צום וואקזאַל.

פאַבדאַנעסדיק האבן זיך אפגערוקט די גדאָב־בייכיקע בירגער און האלב־דערוואקסענע גימנאזיסטן. ווען זיי האָבן געוואלט פאר־מאכן די ארייננגאנג־טיר, האָט אַ מילכאָמע־אינוואליד אריינגערוקט צווישן זיין שטעקן.

„נעמט אוועק דעם שטעקן!"

עס האָט אויסגעשאָסן א געלעכטער.

„איר זאָלט דעם שטעקן צונעמען, אַ ניט..." מיט רעציכע האָט דער מיליציאָנער געטרייסלט די טיר.

„כא—כא—כא!—און אויב ניט, דו קעלעוו? ווילסט אונדז סטרא־שען?"

אין דעם מאָמענט האָט זיך דערהערט אַ בראזג פון אַ שויב. שפּעטער האָט מען פעסגעשטעלט, אז דאָס האָט א מיליציאָנער ניט ווילנדיק מיטן ביקס אויסגעבראָכן אַ שויב. דערדאזיקער גע־

רויש האָט געהאט א ווירקונג, וואָס איז געווען ענלעך צום באַ-רימטן ערשטן שאָס, בלויז מיט דעם אונטערשייד, וואָס די דריי-סטע מיליציאַנערן האָבן אָנגעמאכט אין די הויזן. גלייך נאכן בראזג פון שויב האָט זיך דערהערט א בראזגעריי פון די א וועקגעוואָר-פענע ביקסן, אין דערזעלבער צייט זיינען די ארבעטער אריינ-געדרונגען אין וואָקזאל דורך טיר און פענצטער. עס האָט ניט געדויערט קיין פּאָר מינוט ווי די ארבעטער האָבן באזעצט דעם גאנצן וואָקזאל אָן איין שאָס. זייער רויב איז געווען פינף און צוואנציק ביקסן, אויך אָזויפיל שטאָלענע העלמס, פינף טויזנט קוילן, צוויי קאסטנס האנט-גראנאטן און צוויי קאסטנס ביסקוויט מיט פלייש-קאָנסערוון. די מיליציאָנערן פון דער „איינוווינער-מי-ליץ" זיינען אין פאניק אנטלאָפן אין שטאט.

קיינער פון די ארבעטער האָט ניט געטראכט איצט וועגן גיין א היים. מע האט גלייך אויסגעקליבן פירער, פארבאריקאדירט די אריינגאנגען און ארויסגעשטעלט פאטרולן — אלץ אַף דעם פאל, אויב פון שטאט וועט מען מאכן א פרווו צוריק צו פארנעמען דעם וואָקזאַל.

אָבער אין סווערטרופּ איז אַלץ געבליבן רויק. ווען ס'איז טונקל געוואָרן האָבן די סווערטרופּער צום ערשטן מאָל זינט זיי געדיינ-קען איבערגעלעבט קימאט א פולשטענדיקע פינצטערניש. ס'האָט ניט געברענט קיין איין גאסן-לאמטערן, קיין איין העל באלויכ-טענע געשעפט-פענצטער האָט ניט געגאָסן קיין ליכט-כוואליעס אף די גאסן. דארט, ווו עס זיינען דאָך געווען אפן קרעמלעך אדער קנייפּעס, האבן געברענט כוילעווענע ליכטלעך.

די פּלעצער לעם די שאַכטעס, וואָס זיינען שטענדיק אזוי העל באלויכטן, זיינען געווען פארהילט אין אַ אומהיימלעכער פינצטער-ניש. קיין סקריפּ פון אַ טיר, קיין קלאפּ פון האמערס, קיין שום גערויש פון די ווארשטאטן. די קוימענס האָבן אריינגעצויגן זיי-ערע אייביקע רויך-פּאָנעס און זיינען געשטאנען קאלט און פאר-גליווערט אין די מיט וואָלקנס פארהאנגענע מארט-הימלען.

דער אינדוסטריעלער געביט האט פארהאלטן זיין אָטעם!

צו אָ׳ונט צו האָט געבלאָזן אן אומאָנגעגעמער צאפּן-מיירעוו

וינט, וואָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם אומהיימלעכן געפיל, וואָס האָט יעדערן באַהערשט.

אַ זייגער אַכט איז ערנסט זוקראָוו, אַ מידער פון אַרומלויפן, געקומען אַ היים. דער מעכטיקער גענעראַל-שטרייק, די גראַנדיעזע דעמאָנסטראַציע פון דער פּראָלעטאַרישער אַרמיי האָבן אויף אים געמאַכט פונקט אַזאַ איינדרוק, ווי די לעווייע פונעם אומגעקומענעם קוילן-גרעבער. לאַנג זיינען די גייסטלעכע שוין אַוועקגעגאַנגען, אָבער נייע אַרבעטער זיינען נאָך אַלץ צוגעקומען צום אָפענעם קייווער, האָבן געפאָדערט האַרטע באַשולדיקונג-ווערטער קעגן קאַפּיטאַל און געשוואָרן, אַז דער קאָרבן איז ניט געפאַלן אומזיסט. און אַז מע האָט זיך אויסגעשטעלט אין דער שפּיץ מיט דער שוואַרץ געקליידעטער באַרג-אַרבעטער-קאַפּעליע צום מאַרש צוריק אין שטאָט, האָט זיך דערהערט אָנשטאָט דעם געוויינלעכן ליד דאָס צעשמעטערנדיקע און דראָענדיקע:

„און דאָס וועט זיין שוין דער לעצטער
און אַנטשיידענער שטרייט,
מיט דעם אינטערנאַציאָנאַל
שטייט אויף איר אַרבעט-לייט."

ער האָט זייער גערן געגאַנגען צו גראָטען אָדער צו רוקערסן זיך דערוויסן וואָס הערט זיך. זיי זיינען געשטאַנען אין צענטער פון דער באַוועגונג, זיי האָבן געוויס בעסער געוווּסט וואָס טוט זיך, זאָל ער עפּשער גיין אין האַסדרובאַל?—ער האָט אָבער גלייך פאַרוואָרפן דעם געדאַנק. ער האָט זיך געשעמט צו קוקן אין די אויגן דידאָזיקע מענטשן, ווען ער האָט מיט עטלעכע שאָ צוריק געוואָלט פאַראַטן.

בעקיוון איז ער געגאַנגען דורכן רעסטאָראַן, עפּשער וועט ער זיך דאָרטן עפּעס דערוויסן. אין גרויסן צימער האָבן אומעטיק געברענט צוויי ליכטלעך און פונקט אַזוי טרויעריק איז געווען די שטימונג פונעם פּאַרפאָלק שאַפּולאַ.

זייערע קעסט-קוואַרטיראַנטן זיינען נאָכן אָוונטברויט אַוועקגעגאַנגען ערגעץ ווו אויף אַ שטרייק-פאַרזאַמלונג און די בעקאָווערקע באַלעבאַטים האָבן געהאַט צייט צו באַטראַכטן די רעזול-

טאטן פונעם גענעראַל-שטרייק פאַר זייער געשעפט. וועט דער שטרייק דויערן לייגנגער וועט מער קיין לוין ניט זיין, קיינער וועט ניט צאָלן פאַר די קעסט, די שאַפּולאָס האָבן דעריבער געשיקט אַלע קאַפּאָווצעס צום טייוול.

מיט אַ שאָ צוריק האָט אַ יינגל געבראַכט אַ בריוו „צו הערן שאַפּולאַ פּערזענלעך", דאָס איז געווען אַן איינלאַדונג פון דער „אייגוווינער-מיליץ" זיך מעלדן אין אוונט אין ראַטהויז, וו מע וועט אים באַשטימען אַף אַ וואָך-פּאָסטן.

הער שאַפּולאַ האָט זיך בייז צעלאַכט, אַנדערש ווילן זיי ניט! אַ גאַנצע נאַכט זיך אַרומוואַלגערן, עפּשער נאָך כאַפּן אַ קויל, מיט די קוואַרטיראַנטן זיך צעקריגן?—זיי דאַרפן אים האָבן? זאָלן די, וואָס האָבן אַ פולן מויל מיט נאַציאָנאַלע פראַזן, אַליין אויס-לעקן זייער איינגעמאַכטס. ער, מאַרטין שאַפּולאַ, איז נייטראַל.

זוקראָווס קומען האָט אים געגעבן אַ מעגלעכקייט אויסריידן זיך דאָס האַרץ. זיין פרוי האָט זיך צוגעזעצט, קעדיי אויסצונוצן אַ געלעגנהייט און זיך דורכשמועסן וועגן איר יוירעש מיט זו-קראָוון. זי האָט ניט באַוויזן עפענען דאָס מויל, ווי די טיר איז אופגעריסן געוואָרן און אַן עלעקטריש לעמפל האָט זיי פאַרבלענדט די אויגן.

„הערט אוף זיך נאַריש מאַכן!" האָט אויסגעשריען פרוי שאַ-פולאַ, מיינענדיק, אַז דאָס זיינען געקומען אירע קוואַרטיראַנטן.

„יעזוס! מאַריאַ! הייליקער יאָסעף!.."

אין צימער זיינען געשטאַנען פיר פרעמדע מענער, איינער פון זיי האָט געהאַלטן אַ בלישטשעדיקן רעוואָלווער.

„בלייבט רויק, מיר זיינען געקומען נאָר וועגן געווער," האָט געזאָגט אַ שאַרפע שטימע. „אין נאָמען פון זעלבסשוץ-קאָמיטעט: גיט גלייך אָפּ דעם ביקס „דאַנציג 4211" און די פופציק פּאַטראָ-נעס. אויב ניט וועלן מיר גלייך מאַכן אַ הויז-רעוויזיע. מאַכט ניט קיין קונצן, אַלע ארויסגאַנגען זיינען באַזעצט!"

די שאַפּולאָס, בלאַסע, האָבן מיט אָפענע מיילער געקוקט אַפן פרעמדן. דער פירער האָט, ווייזט אויס געמיינט, אַז זיי קווייַ-קלען זיך, ווייל ער האָט געגעבן אַ ווונק זיינע מענטשן.

„הויבט אן! רעווידירן אַ צימער נאָך אַ צימער, אויב מע וועט אייך ניט אריינלאָזן, ברעכט אויף די טירן!"

איצט האט פרוי שאַפּולא ווידער באַקומען לאשן. וואָס? זי וועט דערלאזן, אז פרעמדע וועלן בא איר אין הויז ארומזוכן צוליב דעם ביקסל, וואָס געהערט גאר ניט אייגנטלעך זיי? ווער וועט זיין פאַראַנטוואָרטלעך, אויב עס וועלן נאָך אנדערע זאכן פאַר-פאַלן ווערן?

„ווארט נאָר אַ ווײלעטשקע, מיינע הערן, איר באַקומט גלייך, וואָס איר פאַרלאנגט. און מיין מאנס בראונינג קענט איר פאַר אַיין גאנג אויך מיטנעמען. מיר דארפן ניט האָבן קיין שום געווער. מיר זיינען אָרעמע לייט, בא אונדז וועט קיינער קיין זאַך ניט צונעמען! — מארטין, ווצס זיצסטו ווי א טאם, ברייננ אַקאָרשט פאַר די הערן אַ פאָר פלעשער „דארטמונדער". מיר האָבן אַפילע קיין איבעריקע ניט, אָבער פאַר די הערן פון זעלבסשוץ וועט זיך שטענדיק געפינען אַ פאָר פלעשער ביר! מיר האבן שטענדיק געהאלטן מיט די סאציאַלע, און אונדזערע קווארטיראנטן זיינען אלע סאציאלע ארבעטער!"

בעיס פרוי שאַפּולא איז אין באגלייטונג פון צוויי ארבעטער געגאַנגען נאָכן געווער, האָבן די איבעריקע געטרונקען די ביר, וואָס הער שאַפּולא האט דערלאנגט. דערביי האָט דער אָנפירער ניט אַרויסגעלאָזן פון האַנט זיין רעוואלווער און אַ צווייטער, אין וועלכן זוקראָוו האָט דערקענט אַ גיסער פון שטאָל-זאוואָד, האט געהאלטן זיין רעכטן פויסט דראָענדיק אין קעשענע.

„קענסט רויק אָפּלאָזן די האנט פון רעוואָלווער, דאָ וועט אייך קיינער גאָרניט טאן," האט ער געזאָגט, קלאַפנדיק אים אין פּלייצע.

דער ארבעטער האט געוויזן אַ ליידיקן פויסט: „דאָס איז אונד-זער געווער און דערמיט האבן מיר היינט אָפּגענומען זיבן און דרייסיק ביקסן, דריי רעוואלווערן, אכצן פיסטאלעטן, זיבן יאכט-ביקסן און אַ גאנצן בארג קאלטע געווער. וואס, דו כידעשט זיך? דא איז אונדזער לעצטע סטאנציע, דעריבער קען איך דיר דאס דערציילן".

„צום טייוול! אָבער אייער פּירער האָט דאָך אַ רעוואָלווער,״ האָט געזאָגט דער יונגער מאַן.—דער ארבעטער האָט כיטרע אַ שמייכל געטאָן. „איך קען דיר אים אוועקשענקען,—ער איז אָן אַ צינגל!״

ווען די ניט גערופענע געסט זיינען אוועק, האט פרוי שאפולא פאַרשלאָסן טיר און פענצטער. „גאָט צו דאנקען, וואָס מיר זיי־נען פאטער געוואָרן פון די ביקסלעך. אזוי לאַנג ווי איך וועל לעבן, זאָל עס מער צו מיר אין שטוב ניט ארייַנקומען״. האָט זי געזאָגט, אָפּכאפּנדיק דעם אָטעם.

זוקראַיו האט אין דער נאכט ניט געקענט איינשלאָפן. צו פיל געשעענישן האבן געשטורעמט בא אים אין מויעך. אף די גאסן, וועלכע זיינען אין דער צייט שטענדיק שטיל געווען, האט גע־הערשט אן אומגעוויינלעך לעבן: טריט, אַ געמורמל פון שטימען, אומפארשטענדלעכע אויסרופן. סאָפּקאלסאף האט זוקראָוו זיך צו־ריק אנגעטאן. אין פירהויז האָט ער זיך צוזאמענגעשטויסן מיט פרוי שאפולא: „יעזוס! וואס פאר אַ צייטן עס זיינען אָנגעקומען! קיינער פון מיינע קווארטיראנטן איז נאך ניט געקומען א היים. איצט קלייבט מען זיך שטורעמען די טפיסע און ארויסלאָזן די פארברעכער,״ האט געיאמערט די באלעבאסטע.

זוקראָוון האט מיטגעריסן אַ שטראם מענטשן. „איצט וועלן מיר אונדזער „קעבעס״ ארויסנעמען, מעג ער זיצן הינטער צען טירן,״ האט ער געהערט זאגן.

בא דער טירמע אין דער פלינגער-גאס איז געשטאנען אַ הא־מוין. אין דער פינצטערניש האט מען געזען דראָענדיקע פויסטן און ביקסן. עס האבן זיך דערהערט באפעלערישע אויסרופן און אַ טעמפּע קלאפּעריי אין די טפיסע טויערן. פלוצלינג ברויזנדיקע אוואציעס! ערגעץ אין דער פינצטערניש הערט זיך אַ רעדע, דער־נאך „אורא!״-געשרייען—עטלעכע מענער טראגט מען מיט טריומף אוועק אף די אקסלען. יאקאָב מיירינג, דער באליבטער פירער פונעם בארג-ארבעטער-אוניאָן איז ארויס אָף דער פריי.

# .10 קאַפּיטל

אַ פֿולקומער גענעראַל-שטרייק, ווען עס רוען ניט נאָר אַלע פֿאַבריקן, שאַכטעס און זאַוואָדן, אײַזנבאַן און טראַמוויי, נאָר עס דערשײַנט אויך קיין שום צײַטונג ניט, ווען די פּאָסט אַרבעט ניט, טעאַטער און די גרויסע געשעפֿטן בלײַבן געשלאָסן, עס פֿעלט באַלײַכטונג און וואַסער,—ענדערט דאָס אויסזען פֿון שטאָט שוין ריין אויסערלעך, ביפֿראַט נאָך אין אינדוסטריעלן געביט, ווו די ערד וויברירט שטענדיק טאָג און נאַכט פֿונעם שטאָלענעם פּולס פֿון די זאַוואָדן, ווו די ווענט קנאַקן שטענדיק און ציטערן פֿון דער אַרבעט פֿון טויזנטער מוילוורפֿן, וואָס לייגן דורך אין דער לײַנג און אין דער ברייט אונטער דער ערד זייערע גענג.

די סוּוערטרופֿער קוימענס האָבן אויפֿגעהערט צו שפּײַען מיט רויך, און דער שטורעם און רעגן אין דער נאַכט האָבן אַזוי אָפּ-גערייניקט די לופֿט, אַז אויף מאָרגן נאָכן ערשטן טאָג פֿונעם קאַפּ-פּוטש איז אויפֿגעקומען אַ שטראַלנדיקער העלער פֿרילינג-פֿרימאָרגן.

עס איז געווען זונטיק און ווי געוויינלעך האָבן זעקס אַ זייגער אינדערפֿרי פֿרײַלעך געקלונגען די גלאָקן. גאָטס שטעלפֿאַרטרע-טער. זײַנען געווען די איינציקע, וואָס האָבן זיך געמאַכט ניט ווי סנדיק פֿונעם גענעראַל-שטרייק. אָבער דער גרעסטער טייל קיר-כע-באַזוכער זײַנען היינט אַוועק אין די שטרייק-לאָקאַלן, צום פֿאָלק-הויז, אויף די גאַסן, ווו מע האָט זיך געקאָנט דערוויסן עפּעס נײַס וועגן דער באַוועגונג.

נאָך די אָנגעשטרענגטע איבערשאָ-אַרבעטן האָט דער גענעראַל-שטרייק גאָר אומדערוואַרטעט געבראַכט די קוילן-גרעבער אַן אָפּרו. אומעטום האָט מען געזען אַרומדרייענדיק זיך די געשוואַרצטע מוסקולדיקע געשטאַלטן מיט די קורצע ליולקעס אין מויל, די הענט טיף אַרײַנגערוקט אין די הויזן-קעשענעס. פֿרײַלעך האָבן זיך איבערגעווינקט די ניט געוויינטע צום טאָג-שײַן אויגן.

„מאָרגן, יופּ, נו?״ „מאָרגן, פֿלאָריאַן, נו?״

די צוגעזעדריקטע אין די ענגע שלאָג-אַויוונס קערפּערס האָבן זיך קראַפֿטפֿול אויסגעצויגן און די איבערגעפֿולטע מיט קוילן-

שטויב לוגגען האבן מיט פארגעניגן געוויגן די ווירציקע פרי־לינג־לופט.

געוויינלעך ווען דער האלבפארשלאפענער שאכטיאר איילט זיך אינדערפרי צו דער שאכטע, רויטלט זיך נאך ערשט קוים דער האריזאנט, און אין אווגט, ווען ער גייט צוריק, איז שוין די זון אוועק, אזוי ווי זי וואלט קיינמאל דא געווען. פלעגט ער ארבעטן אין דער נאכט־שיכט, פלעגט ער שלאפן באטאג, אזוי אז די זון פלעגט ער זען נאר זונטיק, אויב זי האט דאן גע-לויכטן.

איצט אבער האט זיך אלץ געטונקען ווי אין פליסיקן גאלד. און דער שאכטיאר איז געווען פריי! קיין שום פייף האט ניט גע-הערשט איבער אים.

„מיר האבן צייט, זעט, וויפל צייט מיר האבן!" האבן געוויזן זיינע מיט א קיוון לאנגזאמע באוועגונגען.

אזויפיל שאכטיארן צוזאמען האט מען קיינמאל ניט געזען: איין טייל האט געארבעט, א צווייטע האט געשלאפן. איצט אבער זיינען זיי אלע צוזאמען געקומען און האבן זיך געכידעשט, ווי א מאל די רוימישע קנעכט, ווי גרויס זייער צאל איז.

איצט האט מען געקענט אויך ארייננווארפן א ווערטל, אויב די הערן דארטן האבן ניט געקענט דורכקומען וועגן דער רעגירונג. „אראפ די קאפאוועצעס!—באשטראפן אלע שולדיקע,—אפרייניקן די דייכסווער, די פאליציי און די מאכט־ארגאנען פון אלע רעאק-ציאנערע עלעמענטן!" אבער יא, דא אין „ברונעם" מוז מען נאך אויך מאכן א שטיקל ארדענונג „אנשטאט איבערשאען—דערלאנג פיר זעקסשאיקע שיכטן, וועט שוין זיין גענוג קוילן! דערלאנג א געהעכערטן לוין און בוי איבער די שאכטעס! די רעוואכים פון די קוילן־באראנען מוז מען אנשטענדיק ארומשניידן! און וואס הערט זיך מיט דער צוגעזאגטער סאציאליזירונג? מיר פארלאנגען אן אומבאגרענעצטע באשטימונגס־רעכט פאר די פאבזאוושאכטראטן!"

באם רעאקציאנערן בירגערטום האט געהערשט א בלאסער שרעק. די ארבעטער ניט נאר זיי שטרייקן, זיי האבן שוין ווידער געווער אין די הענט. וואס וועט פון דעם אלץ ארויסקומען?

„אַזוי קען ווייטער אין קיין פאַל ניט גיין, מיינע הערן," האָט געזאָגט דער בירגערמייסטער ליוועגקול צו אייניקע מיטגלידער פון אויספיר-קאָמיטעט. „אייך האָט זיך איינגעגעבן נעכטן אַפּן וואָקזאַל און אין דער נאַכט בא דער טפּיסע און אויך באַם צו-נעמען דאָס געווער בא די מיטגלידער פון דער „איינוווינער-מיליץ", פון סאָלדאַטן-פאַריין און שיסער-פאַריין. אָבער איצט זיינען אָנ-געגאַנגען געוואָרן מישלען, אַז אַזוינס זאָל שוין מער ניט פּאָרקו-מען! די „איינוווינער-מיליץ", איך האָב אייך דאָס שוין איינמאָל געזאָגט, איז נייטראַל, און איך בין גרייט אַפּילע די שטאָטישע פּאָליציי אָנטאָן אין ציוויל. דעמאָנסטרירט זיך וויפל איר ווילט! וועט איר אָבער אָנגרייפן אַזן ראַטהויז, פּאָסט און שעכטהויז וועל איך באַפּוילן צו שיסן, איר קענט זיך אַף דעם פאַרלאָזן".

„נו, נו, הער בירגערמייסטער, מיר טוען דאָך קיינעם גאָרניט," האָט געזאָגט יעקינער געמיטלעך. „דאָס, וואָס איז פאָרגעקומען, איז פאָרגעקומען אָן אונדזער פאַראָרדענונג. די אַרבעטער האָבן דאָס אַליין געמאַכט. צוליב פּאַרטעט".

ליוועגקול האָט זיך אָנגעצונדן. „פּאַרטעט? וואָס זאָל דאָס הייסן, הער ראַטמאַן?"

„איך וועל עס אייך זאָגן," האָט אופגעברויזט דער טראַמוויי-אַרבעטער שמידט. „אין אייער נייטראַליטעט גלויבט קיין מענטש ניט. פאַרוואָס האָט איר די פּאָר אַרבעטער, וואָס זיינען ווירקלעך געווען אין דער „איינוווינער-מילץ", פאַרוואָס האָט איר זיי אויך ניט מאָביליזירט? פאַרוואָס האָבן אייערע מענטשן נעכטן אויס-געהאַנגען אַף דער פּאָסט אַ שוואַרץ-ווייס-רויטע שמאַטע? פאַר-וואָס דערקלערט איר זיך ניט אָפן אַף דער זייט פון דער רעגי-רונג עבערט-באַוער?"

„מיינע הערן, איך וועל אייך פאַרלייגן איר זאָלט מיר ניט שטעלן קיין אומנוציקע פראַגן. מיין לאַגע איז אַזוי צו זאָגן אַן אומפּאָליטישע. מיין פליכט איז צו זאָרגן פאַר דער שטאָט אין צו דעם צוועק וויל איך מיט אייך צוזאַמענאַרבעטן. דאָס איבעריקע קימערט מיך ניט," האָט ער געענטפערט.

„מיר ווען זיך דאָס פאַרצייכענען, הער בירגערמייסטער, אַף

דעם פאַל, ווען די אַלטע רעגירונג וועט זיך ווידער פּערפעסטיקן, ווי אַזוי איר, אַ באַאַמטער, וואָס האָט אָפּגעגעבן אַ שוווּע, האָט לאַווירט," האָט געזאָגט אָווערזאָט.

* *
*

פּאַרמיטאָג איז אַף די סווערטרופער גאַסן געווען אויסגעקלעפּט פאָלגנדיקער אופרוף:

## אַרבעטער! קאמף-כאַווײרים!

דער פאַרטיידיקונג-פראָנט קעגן די כוצפּעדיקע פּוטש-מאַכער קאפּ-לימוויץ שטייט פעסט אין גאַנצן לאַנד. דער אויספיר-קאָמיטעט, וואָס די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט האָט אויסגעטיילט, האָט איבערגענומען אין סווערטרופ און אומגעגנט די אָנפירונג מיט דער אַקציע ווי אויך די עפנטלעכע מאַכט ביז דער ענדגילטיקער ליקווידירונג פון דעם פּוטש. אַלע פאַראָדענונגען פון די אויספירקאָם-מיטגלידער אָדער באַפולמעכטיקטע, וואָס וועלן האָבן געשטעמפּלטע שײַנען אָדער לענטעס אַף די אַרבל, מוזן אומבאַדינגט אויסגעפירט ווערן.

עס איז פאַרבאָטן דער פאַרקויף פון אַלקאָהאָל. די געשעפטן מוזן אין אָוונט געשלאָסן ווערן. עס איז פאַרבאָטן צו באַהאַלטן און מאַכן זאַפּאַסן פון לעבן-מיטל, דאָס ארומפאָרן פון אויטאָמאָבילן און דאָס באַהאַלטן געווער. יעדער אָרט געווער און אַמוניציע מוז שפּעטסטנס ביז מאָנטיק 9 אינדערפרי אָפּגעגעבן ווערן אין פאָלק-הויז.

סווערטרופּ, דעם 14 מאַרט 1920.

פאַר דעם אויספירקאָמיטעט: יעיטנער. ריזע. קעספעלד.

עס איז געווען צו באַוווּנדערן, ווי אַזוי די אַרבעטערשאַפט האָט אומעטום אינסטיקטיוו גלייכמעסיק, נית צונויפרייידנדיק זיך, רעאַגירט אַפן פּוטש. דער גענעראַל-שטרייק איז בעעמעס געווען אַן אַלגעמיינער! אומעטום האָבן זיך געבילדעט אויספיר-קאָמיטעטן און ראַטן, וואָס האָבן איבערגענומען די אָרטיקע מאַכט. די פאַרהאַסטע פּאָליציי און די נאָך ווייניקער געליבטע „איינוווינער-מיליץ" זיינען אין אַ סאַך ערטער אָן מי אַנטוואָפנט געוואָרן. אַלע האָבן געשריגן וועגן געווער, ווייל יעדערע האָט מיט

אַ ריכטיקן אינסטינקט געפילט, אַז עס מוזן אומפאַרמיידלעך קו-
מען בלוטיקע צוזאַמענשטויסן מיט די קאַפּאָוצעס.

די גאַנצע גרינע*) פּאָליציי איז געווען קאָנצענטרירט אין
עסען. אין דאָרטמונד איז געשטאַנען ליכטשלאַגס קאָרפּוס,
אין מילהיים שולצס קאָרפּוס, אין דויסבורג, דיסעלדאָרף, רעמ-
שייד, וועזעל, אומעטום זיינען געשטאַנען גרויסע אָפּטיילונגען
פון רייכסווער און זיכערהייט-פּאָליציי, פון וועלכע קיין איינע
האָט זיך ניט ארויסגעזאָגט קלאָר קעגן קאַפּ. דידאָזיקע מילי-
טערישע פאָרמאַציעס האָבן זיך קעסיידער פאַרשטאַרקט מיט
„איינוווינער-מיליץ״ און מיט פרייוויליקע, מיטן ציל צו האלטן
אין צוים די ארבעטער, וואָס האָבן זיך אופגעהויבן קעגן קאַפּן.

בא אַ ליכט-באַלייכטונג האָט דער סוועדרופּער אויספירקאָמי-
טעט באַטראַכט די געשאַפענע ערנסטע סיטואַציע. ווען יעיטנער
האָט איבערגעגעבן דעם אינדערפריעדיקן שמועס מיטן בירגער-
מייסטער, האָבן זיך דערהערט אופגערעגטע שטימען.

„די „איינוווינער-מיליץ״ מוז נאָך היינט אנטוואָפנט ווערן,״—דאָס
איז געווען די איינהייטלעכע מיינונג.

„מיר מוזן שטעלן אַן אולטימאַטום, וועלן זיי אים אָפּוואַרפן,
וועלן מיר אָנווענדן געוואַלט. ווי האָלט עס מיט געווער, כאַווער
רוקערס,״ האָט געפרעגט שמידט.

רוקערס האָט פאַרטראַכטערהייט געקראַצט זיך דעם קאָפּ. „מיר
האבן סאַכאַקל זיבן און נײַנציק ביקסן און איין לייכטן קוילנ-
וואַרפער מיט אכט טויזנט קוילן. דערצו דאַרף מען צורעכענען
זיבעצן אלטע ביקסן פון איין און זיבעציקסטן יאָר מיט צוויי
הונדערט פּאַטראָנען, וואָס מיר האָבן אָפּגענומען באַם סאָלדאַטנ-
פאַריין. ווייטער נאָך עטלעכע און פופציק פּיסטאָלעטן, דרייהונ-
דערט האַנט-גראַנאַטן און נאָך עטלעכע יאַכט-ביקסן, וועלכע טויגן
זייער ווייניק״.

אַ אַלגעמיינע פאַרווּנדערונג.

„וואָס, אַזוי פיל?״—

*) זיכערהייט פּאָליציי, זשאנדארמעריע, גייט אין גרינע אוניפאָרמען.
דער איבערזעצער.

„אויב אַזוי, אַף וואָס וואַרטן מיר?"

„גיט אַזוי היציק, קינדער, איר האָט נאָך גענוג צייט צו לאָזן זיך פּלעטן דעם מויעך, צו וואָס בלוט-פאַרגיסונגען, אַז מיר קענען זיך באַגיין אויך אָן דעם? וואַרט נאָר איבער די נאַכט, איך האָב עפּעס צוגעגרייט—וואָס, קאָן איך נאַטירלעך נאָך ניט זאָגן, אַ ניט וועט דאָס באַלד דער גאַנצער „ברונעם" וויסן און דאָס וועט שוין טויגן אַף קאַפּאַרעס. איך בין זיכער, אַז ביז מאָרגן פרי וועלן מיר אַלץ האָבן אין די הענט".

„צו וואָס אַזויפיל קאָפּ פאַרדרייעניש, אונדזערע שאַכטיאָרן ברענען פאָשעט דידאָזיקע כעוורע אַ ביסל די בייכער אָפּסשעשען!" האָט אויסגערופן דער קוילן-האַקער פעלגענטרוי.

אין דעם מאָמענט איז אַריינגעשפּרונגען אַ ייִנגל אין זאַל: „כאַווער רוקעס זאָל טייקעף קומען צום ראָטהויז, בא דער „איינוווינער-מיליץ" קומט עפּעס פאָר".

„אַהאַ! זעט איר, כאַווירים, עס ווירקט שוין. האָט אַלזאָ געדולד נאָך אַ ווײַלע,—גראָטע, צורלינדען, קוממו!". האָט אויסגערופן דער אַלטער, אַרופציענדיק דאָס הימל.

דאָס סווערטרופער ראָטהויז, ווו די „איינוווינער-מיליץ" האָט איינגעאָרדנט איר הויפּטקוואַרטיר, איז געווען אַ נייע געביידע וואָס איז געלעגן אין מיטן פּלאַץ, פריי פון אַלע זייטן. די ביידע זייטיקע געביידעס און די הויפּט-געביידע האָבן אַרומגענומען אַ פירקאַנטיקן הויף. דער פערמער פּראָנט פונעם הויף איז געווען אָפּגעגרענעצט פון דער גאַס מיט אַן אײַזערנעם צוים.

דערדאָזיקער הויף איז אין דער נאַכט פון 14-טן אַפּן 15 מאַרט געווען ענלעך צו אַן אופגעטרייסלטן מוראַשניק. בא דעם קנאַפּן שיין פון עטלעכע קאַרביט-לאָמפּן האָט מען געזען טונקעלע געשטאַלטן מיט ביקסן און שטאָל-העלמס, וואָס האָבן אומגערעגטע אַרומגעלאָפן און דיסקוסירט צווישן זיך. איז געפאַלן אַ ליכט שטראַל דירעקט אַף די פּענימער, האָט מען געקאָנט דערזעען אונטער די שטאָל-העלמס די ווייט ניט קריגערישע געזיכט-צוגן פון איבערגעשראָקענע באַלעבעסלעך.

ווהין איז פאַרשווונדן געוואָרן דער בירגער-מוט, וואָס איז

נאָך שאַבאַס געווען אַזוי אויפגעשטאַלן?—דאַן איז נאָך געווען אַ געפיל פון איבערמאַכט; מע איז דאָך געווען באַוואָפנט ביז די ציין און די פראָלעטאַריער—גאָט און נאָסקען צו דאַנקען—האָבן געהאַט ניט מער ווי זייערע שמוציקע לאַפעס. דאָס צונויפגעזאַמלטע אין אַ געוואַלדיקן סכום ביר, קאָניאַק, ציגאַרן, שאָקאָלאַד און פלייש-קאָנסערוון האָבן געשטאַרקט דעם ווילן אויסצוהאַלטן ביז וואַנען עס וועט קומען מיליטער און וועט מאַכן אָרדענונג, אָבער דער אומדערוואַרטעטער איבערפאַל אַפן וואָקזאַל און די אַנטוואָפענונג פון די בירגער אין די הייזער האָט שנעל געענדערט די שטימונג. זונטיק פרי האָבן זיך שוין געמאָלדן ניט מער ווי אַן העלפט פון די מיליציאָנערן. יעדער ווײַלע האָט אימעצער אונטער פאַרשיידענע טערוצים געבעטן אַף עטלעכע מינוט אורלויב און איז אַוועק אַף ניט צו קומען צוריק. ווידער די, וואָס פלעגן שוין יאָ צוריק קומען, פלעגן מער ניט ווי פאַרשטאַרקן די פאַניק, איבערדערציילנדיק די קלאַנגען, וואָס זיי האָבן געהערט אין שטאָט.

אַז די אַרבעטער האָבן איצט אַ גאַנצן באַרג געווער, האָט מען געקאָנט פעסטשטעלן פון די אייגענע פאַרלוסטן. די געקומענע פון שטאָט האָבן אָבער אויך דערציילט די אומגלויבלעכסטע קלאַנגען וועגן געהיימע געווער-לאַגערס פון די רויטע. אומעטום האָבן די שאַכטיאָרן מיט געהיימניספולע מינעס גערעדט וועגן „שווערע שטיקער”, וואָס מע ברענגט אין אָרדענונג און מיט וועלכע מע וועט צעגראָמירן דאָס ראָטהויז. „אומזין”, האָט צום אָנהויב געזאָגט דער מייאָר אינזשענער נייהויז, וואָס האָט קאָמאַנדירט מיט דער מיליץ, אָבער די ידיעות, וואָס זיינען קעטיידער אָנגעקומען, האָבן אים אויך סאָפקאָלסאָף געמאַכט נערוועז.

ווען אַ ווייגער זיבן אין אָוונט האָט אַ גימנאַזיסט געבראַכט אַ ידיעה, אַז אין הויף פון אַ געוויסן הויז אַף דער ריין-גאַס שטייט אַ פוץ קוילנוואַרפער, האָט ער געשיקט זיין אימרעם, אַפן אָרט פעסטשטעלן, וואָס קומט דאָרטן פאָר. איבערגעטאָן ווי אַ שאַכטיאָר, דעם הוט אַראָפגערוקט איבער די אויגן איז דייערינגן געלונגען אַריינצוקריגן זיך אַפן אָנגעוויזענעם הויף, ווו אַרבעטער

האָבן גאַנץ אָפן זיך געפּאַרקעט באַ אַ לייכטן קוילנוואַרפער און אונטער אַ פּלאַנדעק האָבן פּרויסגעקוקט נאָך צוויי קוילנוואַרפער. דאָס האָט שוין אויך גענוג געזאָגט! די אַרבעטער האָבן געהאַט מאַסן געווער און האָבן זיך געגרייט — ווי ער האָט דאָרטן אויך געהערט — צו שטורעמען דאָס ראָטהויז.

צום אומגליק איז, ווען ער האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט, געווען דערבײַ דער געהילף-קאָמאַנדיר דער קאַצעוו גוטקנעכט.

„אום נאָסעס ווילן דערציילט ניט אונדזערע מענטשן די גאַנצע געשיכטע, זיי האָבן שוין אַזוי דעם קאָפּ פאַרלאָרן", האָט געזאָגט נייהויז. עס איז אָבער געווען שוין צו שפּעט.

„איר מיינט, אַז זיי ווייסן ניט וואָס דאָ קומט פאָר". האָט אויסגעשריען דער קאַצעוו אַן אויפגעבראַכטער. „די גאַנצע שטאָט ווייס, אַז די אַרבעטער האָבן מאַסן געווער, קוילנוואַרפער, האַר־מאַטן און שווערע מינענוואַרפער. נאָר איר ווייסט דאָס ניט, אָדער איר מאַכט זיך, אז איר ווייסט ניט, קעדיי צו ברייַנגען אַן אומגליק אַף פאַמיליען־מענטשן. מיר זיצן דאָך דאָ ווי אין אַ פּאַסקע, דאָס מוזט איר דאָך זעען! וואָס וועלן מיר, עטלעכע מענטשן קאָנען אויפטאָן, ווען זיי וועלן אָנהויבן פּרייַנשיסן אַ העך מיט מינעס? איז אייך שוין אויסגעקומען צו זעען אַ מאָל אַ בילד, ווי אַזוי אַ מינע רייסט אויף אַ הויז? ניין, ניין!" האָט ער גע-רעוועט, אַז דיירינג האָט אים געוואָלט אייַנהאַלטן פאַרן האַנט, „עס גייט שוין צו ווייט, איך מוז דאָס אַלץ דערציילן די הערן דאָרטן אונטן," און ער איז אַרויסגעלאָפן.

אַפן הויף איז דער טומל דערווייל אַלץ גרעסער געוואָרן. מער פון אַלעמען איז געווען אויפגערעגט דער דראָגיסט דאָבערשטיין, וועלכער האָט מיט איין האַנט געהאַלטן זיין ווייַנענדיקע פרוי און מיט דער צווייטער דעם ביקס.

„איך בין געוויס אַ פּאַטריאָטישער מענטש", האָט ער געשריען מיט אַ פאַרשטיקטן קאָל, „אָבער דאָס קען מען דאָך פון מיר ניט פאַרלאַנגען, אַז איך זאָל דאָ זיצן, ווען מע גראָמירט מיין געשעפט און מע הארגעט עפּשער אויס מיין פאַמיליע. צוליב וואָס זיינען מיר אין דער „איינוווינער-מיליץ?" קעדיי צו באַשיצן

אונדזער אייגנטום, קעדיי זיך אליין צו באשיצן. מיין אייגנטום איז אָבער ניט אין ראָטהויז, נאָר אין דער קראַנפרינצן-גאַס. אז איך וועל אַוועקגיין אַהין, קאָן דאָס קיינער ניט האַלטן פאַר פאַרבראָכן.

„דער הער דאָבערשטיין איז גאַנץ גערעכט", האָט אים אונטער-געהאַלטן דער סויכער גערשטענבערג. „די אַרבעטער ווייסן גאַנץ גענוי, ווער איז אין דער „איינוווינער-מיליץ". זיי וועלן זיך פריער פאַר אַלץ נעמען צו דעם, וואָס פאַר אונדז איז דאָס הייליקסטע. הערט נאָר, וואָס פאַר אַ בריוו זיי האָבן געשריבן דעם הער דאָבערשטיין.

„הער טראַונאָט דאָבערשטיין! אויב איר וועט ניט טייקעף אוועקלייגן דאָס אופגעהויבענע קעגן אונדז געווער, וועט אַף דער קראַנפרינצן-גאַס פאַרקומען עפּעס אַזוינס, אַף וואָס איר וועט אייביק באַרויקן האָבן".

„גאָט אין הימל," האָט אויסגערופן דער עלטערער פּאָסט-סעקרעטאר ליפּעל, בלייך ווערנדיק,—„אָבער עפּשער איז דאָס ניט מער ווי אַ פּוסטע דראָונג?"

„אייך איז גוט צו ריידן, איר האָט ניט קיין געשעפטן, וואָס מע זאָל קאָנען צעגראָמירן," האָט געברומט דאָבערשטיין.

„אָבער אונדזערע וווינונגען און מישפּאָכעס זיינען אויך שוצ-לאָז," האָבן זיך אָפּגערופן שטימען.

„מיר זיינען פאַראַטן און פאַרלוירן," האָט געשריען גוטקנעכט, באַ וועמען די אויגן זיינען אַרויסגעקראָכן פאַר שרעק. „מיינע הערן, עס האָט קיין שום זין ניט דאָ מער צו בלייבן!—די אַר-בעטער וועלן אונדז נאָך היינטיקע נאַכט באַפאַלן,—געוויס, זאָג איך אייך!—הער דיירינג איז נאָר וואָס געקומען פון צן אויס-שפּירונג. איך האָב אַליין געהערט, וואָס ער האָט דערציילט. גע-ווער איבער געווער האָבן די אַרבעטער. אַ הויף אַף דער ריין-גאַס איז געוועזן פול מיט שווערע קוילנוואַרפער. נייהויז האָט פאַרלאַנגט איך זאָל אייך דאָס ניט דערציילן, איך דערצייל אייך דאָך".

„יעזוס, מאַריאַ און יאָסעף! מיינע אָרעמע קינדער," האָט גע-יאָמערט דער דיקער רעסטאָראַטער קאָך.

„איך בעט דוויקייט, מיינע הערן," האָט אויסגערופן דער קאָ-מאַנדיר, וועלכער איז נאָכגעגאַנגען דעם קאַצעוו און איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אַף די טרעפ.

„שטילער, צום טייוול, שטילער! זאָג איך נאָך אַמאָל.—מיינע הערן, וועט איר ניט פאָלגן מיינע באַפעלן, וועל איך מוזן אַדאָפּ-נעמען פון זיך יעדער פאַראַנטוואָרטלעכקייט!"

„מע דערקאָנט אייך גלייך! אַראָפּנעמען די פאַראַנטוואָרטלעכ-קייט," האָט געברומט דאָבערשטיין, צושפּרינגענדיק צו אים, „מיר דאַרפן ניט האָבן מער אייערע באַפעלן, הער נייהויז. קאָמאַנדירט פון מיינטוועגן מיט רעקרוטן, אָבער ניט מיט דערוואַקסענע ביר-גער, איר—איר—איר פלאַקען-שיסער, מיר וועלן ניט דערלאָזן מער מיט זיך מיסברויכן. מיר זיינען דאָ אַף אָפּהיטן דאָס אייגנטום און ניט פאַר אייער קאָפּ און איצנבליק. ווו זיינען זיי געבליבן? האָ? מיר זיצן דאָ שוין דעם צווייטן טאָג ווי אין פּאַסקע און דער-ווײַלע באַראַבעווען מען אונדז און מע מאָרדעט אויס אונדזערע מישפּאָכעס. און דערנאָך וועט מען זיך נעמען צו אונדז! און עפּשער ווילט איר מיט אייערע זעקס קוילנוואַרפערס קעמפן קעגן הונדערטער און קעגן מינענוואַרפערס? אַף אַזוי פיל פאַרשטיי איך אויך אין מילכאָמע, האָגאָם איך בין ניט קיין געוועזענער מייאָר, נאָר ניט מער ווי אַ אונטעראָפיצער פון לאַנדווער. איך בין פאַר דעם, אַז מיר זאָלן זיך אָפּזאָגן פון אומנוציקן ווידערשטאַנד און מיר זאָלן טייקעף אָנהויבן אונטערהאַנדלונגען מיטן אויספיר-קאָמיטעט פון די אַרבעטער איידער דער שלאַכט הויבט זיך אָן".

„בראַוואָ!"—„יאָ, הער דאָבערשטיין איז גערעכט!"—„אָבער דאָס מוז גיכער געמאַכט ווערן!" האָבן געשריען די בירגער איינער נאָכן אַנדערן.

„שולדיק איז אין דעם אַלץ דער הער ליווענקול, װאָס האָט פּראָוואָצירט די אַרבעטער," האָט זיך אָפּגערופן אַ קאָל.

„יאָ, יאָ, דער בירגערמייסטער, און איצטער איז ער פאַרשוווּנדן," האָט מען געענטפערט פון אַלע זייטן,

„צו וואָס שטעלן מיר זיך ביכלאַל קעגן די אַרבעטער? מיר לעבן דאָך פון זיי! מיר האָבן שוין אַזוי אויך אַ גענוג גרויסן

שאָדן. ווער וועט מיר גאַראַנטירן, אַז מיינע קונדן וועלן ניט אַוועקגיין צו דעם ייִדן, ווייל איך בין אויך אין ראַטהויז," האָט געזאָגט דער סויכער גערשטענבערג. „לאָמיר אויסקלייבן אַ קאָמיסיע".

„אַ קאָמיסיע"!—נייהויזן האָט מען אָפּגעשטויסן אָן אַ זייט, אָבער מיטן אויסקלייבן די קאָמיסיע איז געווען שוועריקייטן. קיינער האָט ניט געוואָלט זיך רוקן אין קאָשיק אַריין. יעדערער האָט געהאַט מוירע אַרויסצוגיין אין דער אומהיימלעכע נאַכט-פינצטערניש.

„יע, מיינע הערן, ווילט איר, הייסט עס, וואַרטן ביז וואַנען מע וועט אונדז דאָ צעשיסן? דאַן גיי איך אַליין, דאָס הייסט אַמווייניקסטנס איינער מוז מיט מיר מיטגיין", האָט געזאָגט דער דראָגיסט.

„ניין, דו ניט, טראַוגאָט, פאַרוואָס עפּעס גראַדע דו, עס זיינען פאַראַן נאָך גענוג אַנדערע, פאַרגעס ניט וועגן אונדז," האָט זיין פרוי געיאָמערט אַרומנעמענדיק אים.

„אונטערהאַנדלען קאָנען מיר גלייך דאָ! לייגט נאָר אַוועק דאָס נאַנצע געווער, גייט אַ היים און מאַכט מער ניט אַזעלכע נאַרישקייטן. אַ צווייטן מאָל וועלן מיר שוין קיין אונטערהאַנדלונגען ניט פירן", האָט זיך אין מיטנדערינען פון הינטן אָפּגערופן אַ טיפע שטימע. אין דעם באַלויכטענעם קרייז פון אַ לאַמטערן האָבן זיך באַוויזן עטלעכע אַרבעטער, וועלכע האָבן עפּעס אַף אַ אומפאַרשטענדלעכן אויפן זיך אַהער אַריינגעקריגן.

„אַך, הער רוקערס, איר זייט דאָך אין אויספיר-קאָמיטעט, הער רוקערס?—אָבער ווי אַזוי זייט איר אַהער אַריינגעקומען?" האָט געפרעגט גערשטענבערג, דערקענענדיק דעם שאַבטיאָר.

„נו, דורך דער טיר", האָט געזאָגט קאַלטבלוטיק רוקערס, רויכערנדיק זיין געליבטע קורצע ליולקעלע. די טיר איז טאַקע געווען אינגאַנצן אָפן, די אַרויסגעשטעלטע וואַכן זיינען געווען אין דער גרופּע, וואָס האָט דיסקוסירט.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז לעם דער טרעפּ געלעגן אַ פאַנטאַסטישער הויפן געווער, שטאָלענע העלמס, און אַפן אָרט פון די פאַרשווּנדענע בירגער האָבן אַרבעטער אָנגעפילט דעם ראַטהויז-הויף.

„אַ נישקאָשעדיקע שטיקל אַרבעט," האָט זיך געפרייט רוקערס, „אָבער איצט צו דער אַרבעט! —כאַווער איינצעלן!"

אַ בלאָנדער יונגער באָכער איז צוגעשפּרונגען און האָט מיליטעריש אַ קנאַק געטאָן מיט די קנאַפּל.

„איך הער, פּאָלקאָוניק!"

„אָ, ווארף אַוועק די נאַרישקייטן! דו מאַכסט גלייך צו אַלע טירן, שטעלסט אַרויס טאָפּעלע פּאַטרולן, דערנאָך קוקסט אַרום די קוילנוואַרפער און דו מעלדעסט זיך ווידער בא מירן צורליגדען גיים גלייך אין אויספירקאָם מעלדן, וואָס איז פּאָרגעקומען, זאָלן זיי אויך זיך פרייען. ווו איז דער ביקסנמייסטער? אלואָ, האפריכטער, דו רעגיסטרירסט דאָס גאַנצע געווער און אַמוניציע און פּאַקסט דאָס אַריבער אין קאָרידאָר, קעדיי מע זאָל דאָס קעגן פאַנאַנדערטיילן. מענדע סאָרטירט די פּראָוויאַנט. קיינער זאָל זיך ניט דערוואגן אַליין עפּעס צו נעמען! און מיר ביידע וועלן גיין אַ קוק טאָן דעם שטאַב-צימער".

„שלעכט האָבן זיי דאָ ניט געלעבט," האָט געזאָגט גראָטע, ווען זיי זיינען אַריין אין צימער, וואָס האָט זיך געפונען אַפן צווייטן עטאַזש. אפן טיש האָט געברענט אַ קעראָסין-לאָמפּ און דערביי זיינען געלעגן פּלענער פון דער שטאָט מיט פאַרשיידענע צייכענונגען, ליסטעס און בלייפעדער-נאָטיצן, אופגעעפנטע פּושקעס מיט ראָזע כאַזער-פלייש און איינגעמאַכטע פרוכט, שאָקאָלאַד, שאַכטלעך מיט אימפּאָרט-ציגאַרן און אַ האַלב-אויסגעליידיקטע פלאַש קאָניאַק איז געשטאַנען דערביי. ווייזט אויס, דעם קאָמאַנדיר האָט מען גראַדע געשטערט זיין אָוונטברויט.

„די פּאָזיציע איז פּארנומען געוואָרן," האָט געלאַכט רוקערסי אַריינוואָרפנדיק זיך אין אַ פּאָטעל און פּאַרלייגנדיק אַ פוס אַף אַ פוס. אָבער גבאָטעט אן אויסגעשריי, וואָס האָט געעפנט אַ דערבייעדיקע טיר, האָט אים ווידער אופגעהויבן פון אָרט. קאָסטנס מיט פלייש-קאָנסערוון, מיט אויבס-קאָנסערוון, מיט ביסקוויט, געטראַנקען, טאַבאַק א. א. וו. האָבן פאַרנומען אַ האַלבן שכיינעסדיקן צימער. צוף אַ פּלאַנדעקע אין ווינקל איז געלעגן בא אַ דרײַהונדערט לעבלעך ברויט, גאַנצע זעק מיט גריק, רייז, גרויפּן און בעבלעך זיינען געשטאַנען אין צימער.

„די הערן האָבן זיך, ווייזט אויס, ציגעגרייט אַף אַ לייגערע

באלאנערונג. אונדזערע שאכטיאָרן וועלן זיי דאנקען דערפאַר," איז געווען צופרידן רוקערס. „נאָך מיין מיינונג דארף מען גלייך פאַנאנדערטיילן אַ ביסל ברויט און פלייש. די כעזורע זיינען פון אינדערפרי אַף די פיס און האָבן..."

„וואָס איז דאָס אַזוינס?"

פון א צווייטן צימער האָבן זיי דערהערט אַ גלעקל קלינגען. „עס קלינגט ווי אַ טעלעפאָן. אָדער עפּשער זאָל דאָס זיין אַ געהיימער אליארעם-סיגנאל?" האָט געפרעגט גראָטע, ניט ווילנדיק כאַפּנדיק זיך צו דער קעשענע, דאָס קלינגען איז טאקע געווען פון אַ טעלעפאָן.

„די פאָסט איז אָפילע באַזעצט, אָבער די באאמטע שטרייקן דאָך", האָט רוקערס אַ פארטראכטער געזאָגט.

ווידער האָט דער אַפּאַראַט געגעבן אַ לאנגדויערדיקן קלונג. „מיר מוזן זעען", האָט זיך אָפּגערופן גראָטע אנטשלאָסן.—„האלאָ?!... יע, דאָ איז דער ראָטהויז!... ווער איז דאָרטן?... דאָס שעכטהויז?— יע. נאָר איך הער זייער שלעכט... ווער איז באם טעלעפאָן?..."

גראָטע האָט מיט דער האנט צוגעמאַכט דאָס שפּרעך-טרייבל. „מענטש, וואָס זאָל איך זיי זאָגן?"

„זאָג, אז דאָס רעדט אינזשענער נייהויז. ווארט אַ ווײלע, איך קען בעסער נאָכמאכן זיין קאָל", האָט געזאָגט רוקערס און גענומען דאָס הער-טרייבל.

„דאָ איז נייהויז, ווער איז דאָרטן?"

ווי פון יענער וועלט האָט זיך דערהערט אַ טעמפער קאָל: „דאָ זיינען די רעוואָליוציאָנערע סווערטרופער שאכטיאָרן! מיר האָבן נאָר וואָס באזעצט דאָס שעכטהויז און מיר רעקאָמענדירן אייך דרינגענדיק אָפּצוראמען דאָס ראטהויז, אויב ניט, קומען מיר באלד און מאכן מיט אייך אַ טאָלק".

„מענטש, דאס איז דאך קעספעלד", האט אויסגעשריען רוקערס אַ צופרירענער און איבערראשטער. „האלאָ, קעספעלד!"—„דאָ איז רוקערס; מיר האָבן נאָר וואָס פארנומען אָן אַ קאמף דאָס ראָט-הויז. וואָס איז דאָרטן בא אייך נעשעען?"

„קיין שום באזונדערע זאכן", האט געענטפערט די שטימע פון

דארטן. „מיר האבן גאר אכטונג געגעבן און ווען אונדז איז אויס-געקומען, אַז עס איז עפּעס צו שטיל, האבן מיר פון נייגיריקייט אריבערגעקראָכן דעם פּארקאַן. די כעוורע האבן גלייך געמאכט פּלייטע. מיר האבן געפונען צוואַנציק ביקסן און אַ גאַנצן בארג פּראוויאַנט. צופעליק האב איך דא געפונען אַ טעלעפאָן-אינסטרוק-ציע און ווי דו זעסט, גייט דאס, דאָ מוז זיין אַ געהיימע פאַר-בינדונג".

„פארנעם דעם טעלעפאָן דערווייליקע; איך קום גלייך מיטן וועלאָסיפּעד צופארן," האט געזאגט רוקערס אופהענגענדיק דאָס טרייבל און דערציילנדיק אַלץ גראַטען.

„עס גייט אלץ ווי געשמירט; איצט בלייבט נאר די פּאָסט", האט אויסגערופן גראַטע אַ דערפרייטער.—„זייט זיכער פּעסט. דער קאָמאַנדיר איז דארטן דירעקטער גרעל, מיט אים וועלן מיר צווי לייבט ניט פּארטיק ווערן, מיר וועלן דארטן מוזן אַ ביסל אונ-טערהייצן", האט רוקערס אויסגעדריקט זיין מיינונג מיט פאַר-דרוס.

„ווען ער וועט זיך דערוויסן, אַז מיט די איבעריקע זיינען מיר פּאַרטיק, וועט ער זיך אויך אונטערגעבן. לאמיר אים שטעלן אַן אולטימאַטום." האט געזאגט גראַטע, נעמענדיק פּאַפּיר און פעדער. ער האט מיט אַ בריסער האַנטשריפט שנעל אנגעשריבן:

צו דער „אייבנווינער-מיליץ", וואס באזעצט דעם סווערטרופער פּאָסטאַמט.

דאָס ראָטהויז און שעכטהויז פונקט ווי דער וואָקזאַל סווער-טרופ זיינען מיטן גאַנצן געווער א. א. וו. איבערגעגאנגען אין די הענט פונעם רעוואָליוציאָנערן אויספיר-קאָמיטעט, וועלכער נעמט איבער די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער אָרדענונג און זיכערקייט. דערמיט פאָדערן מיר פון אייך אולטימאַטיוו די פּאָסט ווי אויך דאָס גאַנצע געווער, אמוניציע און פּראָוויאַנט, וואָס געפינט זיך אין אייער רעשות, דעם אונטנאונטערגעשריבע-נעם אויספירקאָם איבערצוגעבן. מיר זיינען מסכים צו געבן אייך אַ מעגלעכקייט זיך צו איבערצייגן, אַז אונדזערע אָנגאַבן זיינען ריכטיק. איר קענט ארויסשיקן צו דעם ציל צוויי מענטשן, ווע-

מען מיר וועלן געבן אַ פרייען וועג און גאַראַנטירן די פולע זי־
כערקייט. וועט אונדזער פּאָדערונג ניט דערפילט ווערן ביז 3 אַ
זייגער באַנאַכט, וועלן מיר לאָזן אין גאַנג מער קרעפטיקע אָרגאַ־
ניזאַציעס, וואָס געפינען זיך אין אונדזער רעשות אין אַ געוויסער
מאָס. פון דער צווייטער זייט גאַראַנטירן מיר פאַר אַלעמען אַ
פרייען וועג.

רעוואָליוציאָנערער אויספיר־קאָמיטעט.

„דו שרייבסט ווי אַ גענעראַלן—מע מוז נאָר אויך אַ פאַמיליע
אונטערשרייבן," זאָגט רוקערס.

„איך וועל זיך אונטערשרייבן, וועט זיך גרעל באַזונדער
פרייען; ער געדענקט מיך נאָך גוט פון זאַוואָד", האָט געלאַכט
גראָטע פאַרביסן. פּלוצלינג איז אים עפּעס איינגעפאַלן: „שיר ניט
פאַרגעסן דאָס וויכטיקסטע; באַ דעמאָקראַטן הונט קען מען זיך אַף
אַלץ ריכטן". און׳ער האָט צוגעשריבן פאָלגנדיקן פּאָסט־סקריפּטום:

„פאַר יעדער באַשעדיקטן ביקס וועט פאַרהאַלטן ווערן אַ מיט־
גליד פון אייער אָפּטיילונג, און איך נעם ניט איבער די גאַראַנ־
טיע פאַר זיין זיכערקייט. ד. א."

„דו טראַכטסט וועגן אַלץ, מיין יאַט; וואָס וואָלטן מיר געטאָן
ווען דו און די גרויסע קאָרטאָפל וואָלטן ניט געווען", האָט גע־
זאָגט רוקערס, וועלכער וואָלט זייער גערן אַרומגענומען דעם קאַמף־
כאַווער.

* * *

ווען די סיזערטרופּער האָבן אינדערפרי זיך אויסגעריבן די
אויגן פון שלאָף, האָבן זיי זיך צו זייער גרויסן כידעש דערוווּסט
אַז דאָס ראָטהויז, שעכטהויז און פּאָסט זיינען באַדערנאַכט באַ־
זעצט געוואָרן אָן אַ קאַמף דורך די אַרבעטער. אין די גאַסן זיי־
נען געווען אויסגעקלעפּט רויטע פּלאַקאַטן, וואָס האָבן געמאָלדן
וועגן דעם, אַז דער אויספיר־קאָמיטעט נעמט איבער די מאַכט
און אַז 3 אַ זייגער נאָכמיטאָג וועט אַזן הינדענבורג־פּלאַץ פאַר־
קומען אַ מיטינג. אַרבעטער־פּאַטרולן מיט ביקסן און רויטע
באַנדן אַף די אַרבל זייגען געגאַנגען איבער די גאַסן צום גרויסן
שרעק פון די באַלעבאַטישע, וועלכע האָבן אין איילעניש פאַר־

גראָבן אין קעלער זייער זילבער און צירונג. אָבער צו זייער גרעסטער איבעראשונג איז קיין זאַך ניט פאַרגעקומען.

די אַרבעטער זיינען אַלץ מער באגייסטערט געוואָרן מיט אַ שטאָלצן קראפּס-געפיל. עס איז געווען געווער אַף צו פּאַרטיי-דיקן זיך און אַ מעגלעכקייט צו קריגן נייע. זייער פרייד איבער די אַבּגלוטיקע ניצכויגעס האָבן די ארבעטער אויסגעדריקט דער-מיט, וואָס זיי האָבן אויסגעהאנגען רויטע פאָנעס איבער די הויב-טורעמס פון די שאכטעס. אין אויספיר-קאָמיטעט איז צוליב דעם פאָרגעקומען אַ שארפער צוזאמענשטויס מיט ריזען, וועלכער האָט ענערגיש פּראָטעסטירט קעגן דעם. קיפּער פון קריסטלעך-סאָציאַלן פאַריין האָט אים מיט אַ פּאָר ווערטער באַרויקט:

„מיר געפעלט דאָס אויך ניט", האָט געזאָגט דער שאכטיאָר, „איך בין דורכויס ניט קעגן אַ פאַרבאָט. אָבער זאָל דאָס דער קאָלעגע ריזע פערזענלעך מעלדן ווענן דעם אַף אַלע שאַכטעס, וועט ער זעען, וואָס וועט מיט אים דאן פּאסירן".

ריזע האָט זיך שטילערהייט אוועקגעזעצט אַף אַן אָרט.

אַסאַך הייזער סיי אין דער שטאָט, סיי אין די אַרבעטער-קאָ-לאָניעס האָבן אויסגעהאנגען רויטע פאָנעס. פרוי שאפולא, וואָס בא איר איז נאָך געלעגן אין דיביינער די שרעק פון דער הויז-רעוויזיע, האָט צעשניטן די שיינע שווארץ-ווייס-רויטע פאָן און אַרויסגעהאנגען אַ רויטע. „מיר זיינען שטענדיק געווען פאַר די אַרבעטער", האָט זי געזאָגט צו זוקראָוון. „מיט וועלף מוז מען וויען ווי וועלף", האָט אָבער געזאָגט הער שאפולאַ צו דעם קלעריקאלן שאכט-מייסטער פּסיקאָרעק פונעם 4-טן צימער און האָט אַף מאָרגן מיטגענומען אַ דיקע וועקסענע ליכט פאַר דעם אלטאר פון הייליקן ראָכוס.

# 11. קאפּיטל

ערנסט זוקראָוו האָט גאָרניט געוואוסט, אז דער גענעראל-שטרייק וועט אַזוי לאנג האלטן און וועט גיין אַזוי רויק. מיט ציטער האָט ער זיך דערמאנט אָן דעם גענעראל-שטרייק פאראיאָרן מארט אין בערלין, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן מיט א דונער פון האר-

מאטן. דאָ האבן די ארבעטער געהאלטן אַ פּאַשעט וואונדערבארע דיסציפלין. קיין שום עקסצעסן, קיין שום געשלעגן, עס האָבן זיך נים געזועצן קיין שיקערע, קיין כוליגאנעס! און ווי געשיקט און שמערצלאָז האבן זיי צוגענומען דאָס געווער בא דער „איינווינער-מיליץ״! צו וועט אָבער בלייבן אזוי רויק? וואס וועט זיין, אז מי-ליטער וועט צוקומען? די ארבעטער וועלן דאָך נים אָפּגעבן פריי-וויליק—וועגן דעם האָט מען אומעטום גערעדט—דאס געווער. זוקראווס גלויבן אין דער ארבעטער-זאך האָט זיך אין די לעצטע וואכן געוואקלט ביז צו פארצווייפלען און דעריבער האָט ער איצט זיך געפילט גליקלעך פארשעמט. ווי אופריכטיק גוט זיינען געווען דידאָזיקע אויסערלעך רויע און הארטע בארגאַאַבעטער! האגאם באוואָפנט ביז די ציין, האבן זיי דאָך נים דערלאָזן קיין איין נעקאָמע-אקט. און אין די דירעקטער-ווילעס, ווי אין די היי-זער פון די באאמטע, האבן געווינט גענוג א זעלכע הערן, וואָס האָבן געהאט גענוג גרונט מוירע צו האבן פאר נעקאָמע-אקטן, און זיי האבן זיך באהאלטן אין פארשיידענע לעכער און אף דעם פארשיידנארטיקסטן אויפן זיך איבערגעטאָן. אָבער קיינער האט זיך מיט זיי נים אינטערעסירט. יאָ, די זיכערהייט-קאָמיסיע האט אפילע אוועקגעשטעלט בא דער ווילע פונעם פארהאסטן דירעק-טער בוכטערקירכנער א מאָפעלן פאטרול, ווייל דערדאזיקער הער, געדיינקענדיק זיין פראָוואקאַטערישע פארהאלטן זיך בענעגייע די שאכטיאָרן פון דער „בעאטע״, האָט וועגן דעם געבעטן ראכמים בא דער זיכערהייט-קאָמיסיע.

גערן וואָלט זוקראָוו פאָרגעלייגט זיין מיטארבעט. זעענדיק אָבער, אַז די אַרבעטער שטעלן זיך מאסנווייז און מיט אייפער אין די רייען, האָט ער זיך דערפילט פאַר איבעריק און האָט באַ-שלאָסן זיך פאַרנעמען דערווייל מיט שטודירן.

דער ווארימער זוניקער פרילינג-וועטער האָט אים אָבער נים געלאָזן לאַנג זיצן אין צימער. ער איז אַוועק שפּאַצירן. נאָך קיינ-מאָל האָט ער אַזוי שטערצלעך נים געפילט דאָס פעלן פון נאַ-טור אין און ארום סווערטרופ, ווי אין דעמדאָזיקן פרילינגדיקן פרימאָרגן. ער האָט שוין ארומגעוואנדערט העכער אַ שאָ צייט

און האָט אין ערגעץ ניט געזעען ניט קיין וועלדער, ניט קיין פריש באַארבעטע פעלדער. אומעטום נאָר הייזער און פאַבריקן, רעלסן און מיסט-פּלעצער, אויף וועלכע עס האָבן געוואַקסן ער-סערווייז מיסט-גראָזן.

גייענדיק צוריק דורך דער ראַטינגער-גאַס האָט זוקראָוו דער-הערט, ווי אימעצער רופט אים בײַם נאָמען. ער האָט זיך אוי-מ-געקוקט. פאַר אים איז געשטאַנען קולענקאַמפּ, וועמען ער האָט ניט געזעען זינט יענעם אָוונט באַם רוגאַרד-בונד.

„דאָס איז אַן עמעטער גליק, וואָס איך האָב גראַדע אײַך גע-טראָפן. איר האָט אַ ווײַלע צײַט? עס האַנדלט זיך וועגן אַ וויכ-טיקן עניען," האָט געזאָגט קולענקאַמפּ, נעמענדיק אים אונטערן אָרעם.

„איך אײַל זיך גראַדע," האָט ער געוואָלט זיך אַרויסדרייען, זוקראָוו, וועמען דידאַזיקע באַגעגעניש איז געווען גאָר ווייניק סימפּאַטיש. אָבער דער צווייטער האָט זיך געמאַכט פּאַשעט ניט הערנדיק און האָט אים אַרײַנגעשלעפּט אין אַ הינטערשטן צימער פון אַ דערבײַיִקן רעסטאָראַן. נאָכדעם ווי ער האָט זאָרגפעליק צוגעמאַכט די טיר און אַרײַנגעזעצט זוקראָוון אין אַ שטול, האָט ער אים שטילערהייט געפרעגט:

„זאָגט נאָר, צי טרעפט איר זיך מיט דער קלײַנער אָווערזאַס, איר געדענקט דאָך, פון דעם אָוונט בײַ דער „אײַנוווינער-מיליץ?"

זוקראָוו, וואָס איז געזעסן ווי אויף קוילן, איז מיט קאַאַס אויפ-געשפּרונגען. „דאָס איז אײַער וויכטיקער עניען? צוליב דעם האָט איר מיך אהער פאַרשלעפּט? אין אַזעלכע צײַטן קאָן מען דאָך האָבן וויכטיקערע זאַכן אין זינען!"

„אָבער יע, דאָס איז דאָס טאַקע," האָט אים באַרויקט דער באַרג-אַסעסער. „פילײַכט ווייסט איר גאָרניט, אָדער עפּשער ווייסט איר דאָך. דער אַלטער אָווערזאַס איז דאָך אין רויטן אויספיר-קאָמיטעט. פאַר אונדז איז נאַטירלעך זייער וויכטיק זיך צו דערוויסן אײַנצלהייטן וועגן דעם אויספיר-קאָמיטעט, וועגן זײַנע פּלענער און פאַרבינדונגען און פריער פאַר אַלץ וועגן זײַנע זאַפּאַסן גע-ווער. אויסשפּירן דאָ איז ניט שווער. אונדזערע מענטשן ברענגען

פולע זעק מיט שוידערלעכע געשיכטעס. איצט האָט מען מיר דאָס איבערגעגעבן, ווייל איך בין דאָ געבליבן שטעקן צוליב דער גאנצער געשיכטע און איך קאָן ניט פאָרן צוריק אין אָבערהאוזען. איך בין דאָ גראד געווען ווען דעם אומגליק אף דער שאכטע „האַסדרובאל.״ האגאם איך בין דאָ אין גאנצן א פרעמדער, אָבער איך טו, וואָס איך קאָן. ווען מע וואָלט זיך געקאָנט צוקריגן צו די מיידלעך? מיין לוסיע שרייבט אף דער מאשינקע פאַרן אויספיר-קאָמיטעט. וואָלט איך וויסן, אז עס וועט אַזוי גיך אויס-ברעכן—מיר האָבן אלע גערעכנט, אז דאָס וועט פאָרקומען ערשט סאָף אפרעל—וואלט איך זיך געהאלטן אַ ביסל ווארעמער מיט דער קליינער, האגאם דאָס איז קעגן מיינע פרינציפן. איר פאַר-שטייט, מיט אַזעלכע פראָלעטארישע מיידלעך מוז מען מיט אַמאָל פאַרטיק ווערן, אויב ניט ווערן זיי צופיל צוגעבונדן. איך וואָלט אייך געקאָנט וועגן דעם דערציילן אַ אינטערעסאַנטע געשיכטע...״

„איך בעט אייך, לאָמיר בעסער ריידן וועגן איניען,״ האָט אים דערמאָנט זוקראָוו, וועלכער האָט קוים באוויזן צו באהאלטן זיין פאַרינטערעסירטקייט.

„די מיידלעך זיינען פאָליטיש אינדיפערענטע. די לוסיע האָט מיר צום ביישפיל דערציילט, אז זי באזוכט פלייסיק די קירכע. עס פאַלט מיר איצטער איין, אז מע וואָלט געקאָנט ווירקן אף איר דורכן פאסטער, אָבער מיט דידאָזיקע גייסטלעכע קאָן מען אייגנטלעך קיינמאָל ניט זיין זיכער.״

„איר זייט געוויס גערעכט; ערצבערגער איז אויך געווען איי-נער אזא. איך האָב אין דעם ווייניק דערפאַרונג, איך וועל אָבער גערן אלץ טאָן,״ האָט געזאָגט זוקראָוו מיט אַ גלייכגילטיקער שטי-מע, האגאם דאָס הארץ האט אים געקלאפט צום צושפרינגען.

„געלט שפילט דערביי קיין ראָליע ניט, און איך האלט, אז ווען מע זאָל זיך פאַרהאַלטן ניט גאָר אומגעשיקט, מוז זיך איינגעבן צו קריגן קאָפּיעס פון פּראָטאָקאָלן, ליסטעס, באפעלן, פאַרבינדונ-גען א. א. וו. ווי האלט איר?״

„געוויס, געוויס. איך מוז אָבער מודה זיין, אַז איך גלויב ניט, אַז ווייבער זאָלן זיין געניט אין אַזעלכע איניאָנים״, האָט

געענטפערט זוקראָוו, נאָר קעדיי עפּעס צו זאָגן. זיין מויעך האָט פיבערהאפט געארבעט איבער דעם ווי אַזוי אויסנוצן דידאָזיקע געלעגנהייט פאר דער אַרבעטער=זאַך.

„זאָגט דאס ניט, וואָס אנבאלאנגט געשיקלעכקייט איז דאָך אונדזער מייסטערן, די שיינע גיזעלא, אַ לעבעדיקער באווייז. עס איז פּאָשעט צו באוווּנדערן ווי אזוי זי ארבעט אונטערערדיש, זוכט אויס פריינט, שאפט פארבינדונגען, שפירט אויס. זי האָט שוין געקריגן אַ פארבינדונג צום אויספיר=קאָמיטעט, נאָר די פאַר=בינדונג איז נאך ניט גענוג. נעכטן איז זי אָפּגעפארן אין די=סעלדאָרף".

באַ זוקראָוון האט די בלוט אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ: „אין די=סעלדארף? זי וועט א הין זיך דורכקריגן? קיין באנען גייען דאָך ניט און פארן מיט אווטאָמאָבילן איז פּאַרבאטן?" האָט ער גע=פרעגט שטיל.

רער אסעסער האָט געלאַכט. „צו דעם דארף מען האָבן פאר=בינדונגען—נאָר דאס איז ניט אונדזער זאך. מארגן וועט זי שוין עפּשער זיין צוריק און איך וואלט זייער געוואלט צו איר קומען שוין עפּעס אופטאָן. צווישן אונדז גערעדט"—דער לאנגער האט זיך צוגערוקט נעענטער—„איך בין אין דעם גאנץ שטארק פארינטע-רעסירט. די שיינע גיזעלא... איך האב א גרונט צו רעכענען, אז זי איז ניט אינגאנצן גלייכגילטיק צו מיר. און ווען איך זאל זיך אַ ביסל אויסצייכענען, האב איך, דאכט זיך, די בעסטע שאנסן. איך זאג דאס אייך נאר, קעדיי—איר פארשטייט דאך—זי זאל זיך ניט דערוויסן, אז איר האט דא אויך מיטגעארבעט. אַ ערנ=ווארט?—איך דאנק אייך הערצלעך, און עפּשער וועל איך אייך קאָנען א מאָל עפּעס צונויץ קומען, מיט געלט אדער מיט עפּעס אנדערש..."

„איך וועל טייקעף טאָן אלץ, וואס איך וועל קאָנען און צו-שיקן אייך אַ באריכט. ווו איז אייער הויפּטקווארטיר—איך זאל שטענדיק קאָנען האלטן מיט אייך אַ פארבינדונג און אינפאָרמירן אייך?" האט געפרעגט זוקראוו מיט אַ געמאַכטער גלייכגילטיקייט.

קולענקאמפ האָט מיט כשאד אַ קוק געטאָן אָף אים.

„דאָס ווייס איך אליין ניט, און ווען איך וואָלט געוווסט, טאָר איך אייך ניט דערציילן, ווייל איר געהערט ניט צום ענגערן קרייז. אלץ איז שטרענג קאָנספּיראַטיוו. נאָר היינט אין אָוונט וועל איך דאָ זיין זיבן אַ זייגער אין דעמזעלבן צימער. אויב איר וועט וועמען שיקן, זאָלט איר הייסן פרעגן דעם הער ראַטדאָרן. דאָ האָט איר דערוויילע פינפהונדערט מארק. זייט אָבער פאָר-זיכטיק, לייגט ניט פאָר די גאַנצע מיט אַמאָל, קעדיי דער אפּע-טיט זאָל קומען באַם עסן".

„גוט", האָט געזאָגט זוקראָוו אופשטייענדיק, „דאָס איז גענוג. איך האָף, אז מיר וועלן שאפן אלץ, וואָס מיר ווילן און א דאַן..."

„מיר האָבן די בעסטע יעדיעס," האָט געזאָגט קולענקאמפ מיט אַ וויכטיקער מינע. „גענעראַל וואטער איז שוין ארויסגעטראָטן מיט זיין מיליטער. האגען, ווו די רויטע האָבן געגרינדעט אַ וויסטע ראטנהערשאַפט, זאָל צוערשט צעגראָמירט ווערן. אין לאנד זיינען גרייט ווייטערדיקע פארשטארקונגען, וועלכע וועלן אָנקומען ווי נאָר עס וועט זיך איינגעבן לאָזן די באַנען. מיט דער אנטאנט פירן זיך אונטערהאנדלונגען וועגן דערלויבן אריינפירן מיליטער אין דער 50 קילאָמעטער-זאָנע. דערוויַיל מוזן מיר גוט אויסשפּירן, וואָס טוט זיך באם קעגנער און אלץ צוגרייטן. וועמען מע קען ניט דאָ אויסנוצן,—דארף פאָרן אין עסען ווי אַ פריוויליקער אין מיליטער".

„איך האָב דאָס שוין געהאט אין זינען צו טאָן", האָט אויס-געטראכט זוקראָוו.

„ניין איר מוזט בלייבן. די ארבעט איז מער ווערט ווי הונדערט מענטשן," האָט באטאָנט קולענקאמפ, דריקנדיק אים די האנט.

אפן גאס האָט זיך זוקראָוו אַ ווײַלע פארטראכט, וווהין זאָל ער זיך ווענדן און איז גלייך אנטשלאָסן אוועק צו פאָלקהויז. בא א רעקלאמע-סלופּ איז געשטאנען אַ האמוין פאר אַ געשריבענער מיט אַ בלויען בלייפעדער מעלדונג פון אויספירקאָם. איינער האָט זילבנוויז פאָרגעלייענט אין האגאם די הינטערשטע האָבן ניט גענוי געהערט, דאָך פלעגן אלע ווײַלע אויסברעכן אָוואציעס.

עס איז, ווייזט אויס, געשען עפּעס אויסערגעוויינלעכס, ווייל דער אוילאָם האָט זיך פארהאלטן ראעשריק, געשריען בראוואָ און געפּאָכט מיט די פויסטן. סאָפּקאָלסאָף האָט זיך זוקראָוון מיט דער הילף פון די איילנבויגנס איינגעגעבן אדורכצורייסן זיך פאָרויס און מיט די אייגענע אויגן איבערלייענען דעם באריכט וועגן דער פארניכטונג פון אַ טייל פון ליכטשלאגס קאָרפּוס אין הערדעקע און וועטער. האזענקלעווערס אָפּטיילונג, וואָס איז געגאנגען קעגן האגען און וואָס האָט זיך אפּן דערקלערט פאר ליטוויצן, איז נאָך פארביטערטע גאסן-שלאכטן אין שמאָלן רור-טאָל אינגאנצן צעשלאָגן געוואָרן. לאנגעס אָפּטיילונג איז גענומען געוואָרן אין געפאנגנשאפט. אין וועטער אליין האָבן די קאפּאָוצעס פארלאָרן פיר און זעכציק דערהארגעטע, און בא די ארבעטער זיינען געפאלן נאָר זיבן. אַ סאַך געווער און אמוניציע, אין דעם אַ גאנצע באטארייע, זיינען ארייגעפאלן אין די הענט פון די ארבעטער.

זוקראָוו האָט זיך צוגעיילט. וואָס ער האָט דאָ זיך דערוווסט האָט אינגאנצן געשטימט מיט קולענקאמפּס אָנגאבן. די שפּיל האָט זיך אָנגעהויבן! די קאפּאָוצעס מאכן אַן ערנסטן פּרווו צו דערשטיקן דעם רורער גענעראל-שטרייק אין בלוט. די דיוויזיעס זיינען שוין אין מארש, און דערווייל ציען זייערע נעגל אהער שפּיאָנאזש און פּאראט, קעדיי צו צעשטערן די פארטיידיקונג.

אָבער עס איז געווען גאָר ניט אזוי גרינג ארייגקריגן זיך אין אויספּירקאָם. באם ארייננגאנג אין פּאָלקהויז זיינען געשטאנען באוואָפנטע ארבעטער. זוקראָוו האָט געוויזן זיין פארטיי-ביליעט.

„דאָס קען יעדערער האָבן", האָט געזאָגט אַ שאכטיאָר גאנץ קאלט-בלוטיק, ניט רירנדיק זיך פון אָרט.

„איך דארף אָבער איבערגעבן וויכטיקע יעדיעס וועגן די קאפּאָוצעס," האָט געזאָגט זוקאָוו שוין מיט פארדרוס.

„דאָס איז עפּעס אנדערש, צווייטער עטאזש, צימער 14," האָט געענטפערט דער ארבעטער, דורכלאָזנדיק אים.

זוקראָוו איז שוין געווען אף די טרעפּ, ווי עס איז אים עפּעס איינגעפאלן. ער איז צוריקגעגאנגען.

„דו ביזט אַ בראווער יאט. ווייזט אימעצער אַ פארטיי-ביליעט

לאָזט אים ניט דורך. ווען ער זאָגט אָבער, אז ער דאַרף איבער-געבן וויכטיקע ידיעות — לאָזט אים יאָ דורך. דאָס איז גאָר ניט פאָרזיכטיק: עס דרייען זיך איצטער אַזוי פיל שפּיאָנען אַרום."

דער יאָט איז געוואָרן צומישט. "איך קען מיט דיר ווען מיטשיקן, — איך האָב נאָר געטראַכט, אַז אַ מענטש קומט אַזוי זיכער..."

זוקראָוו האָט אים געלאָזן שטיין און איז שנעל אַרויף אויפן צווייטן שטאָק. בײַ דער טיר פונעם צימער 14 איז ער אָבער אָנגעשפּרונגען אויף אַ נאָך שטאַרקערע שטערונג: דאָרטן איז געשטאַנען א הויקערדיקער אַרבעטער, געמיטלעך רויכערנדיק זיין ליולקעלע.

"אויב דו ווילסט מיט ווען ריידן, — מוזט קומען אין אַנדער-האַלבן שאָ אַרום. איצט איז אַ זיצונג," האָט ער געזאָגט, שטע-לנדיק זיך פאַר דער טיר.

"אָבער עס האַנדלט זיך וועגן זייער אַ וויכטיקן עניען", האָט געפּרוווט אים זוקראָוו איבערצייגן.

"איצט איז אַלץ וויכטיק, און עפּשער מיינסטו, אַז די, וואָס זיצן דאָרטן, שפּילן אין קאָרטן?" האָט געענטפערט דער הויקער.

זוקראָוו איז געוואָרן צוקאָכט. "צום טייוול, זייט איר אַלע דאָ אידיאָטן אָדער מענטשן? איך דאַרף איבערגעבן זייער דרינגענ-דיקע ידיעות. אין אַנדערהאַלבן שאָ אַרום וועט שוין עפּשער זיין צו שפּעט. ווילסטו נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט דער-פאַר?"

"איך בין פאַראַנטוואָרטלעך נאָר פאַר דעם, אַז די זיצונג זאָל ניט געשטערט ווערן, דאָס איבעריקע גייט מיר ניט אָן. אויב דו האָסט טאַקע עפּעס וויכטיקס איבערצוגעבן — איך צווייפל אין דעם שטאַרק, מיין ליבער פריינט — קענסטו דאָס מיר איבערגעבן."

זוקראָוו האָט אים מיט קאַאַס געגעבן אַ שטויס אָפּ פון דער טיר און זיך אַ כאַפּ געטאָן אין דער קליאַמקע, נאָר ער האָט דער-פילט, אַז צוויי אייזערנע פויסטן האָבן אים פון הינטן אַ נעם געטאָן פאַר די הענט. אין דעם מאָמענט האָט זיך די טיר אויפ-געעפנט, אין טיר איז אַ פאַרכידעשטער געשטאַנען מאַקס גראָטע-

„איר האָט דאָ אוועקגעשטעלט אַ ריכטיקן צערבער פאַר דער טיר. שוין אַ פערטל שאָ טייגע איך מיט אים איין, אז איך האָב אייך איבערצוגעבן וויכטיקע ידיעות, און דערדאָזיקער לעקעש הייסט מיר קומען אין אַנדערהאלבן שאָ ארום", האָט זיך געזידלט זוקראָוו.

„עס איז טאקע אזוי וויכטיק? נו, קום ושע אריין. דערצייל שנעל און קורץ, וואָס ווייסטו," זאָגט אים גראָטע.

אינעם צימער, וואָס איז געווען פול מיט רויך, זיינען געזעסן בא אַ טיש אן ערעך א טוץ מענטשן.

„כאַווערים, איך בין נאָרוואָס צופעליק אַנגעשפרונגען אף אַ שפור פון אַ קאָנטר-רעוואָליוציאָנערער פארשווערונג קעגן דעם אויספיר-קאָמיטעט. איך ווייס ניט, צי זאָל איך אין אזא גרויסן קרייז וועגן דעם דערציילן, עפשער וועט זיין צוועקמעסיקער..."

„דערציילט, דערציילט, וואָס איר ווייסט, מיר זיינען דאָ אלע מיטגלידער פון אויספירקאָם." האָט אים אופגעמונטערט קעספעלד.

„ניין, ניין, ער איז אינגאנצן גערעכט. לאָזט מיר אפריער אויס-הערן וואָס איז געשעען," האָט אויסגערופן פעטער רוקערס און האָט אים אריינגעצויגן אין שכיינעסדיקן צימער. שווייגעדיק, מיט פארשטשימעטע ציין האָט דער אלטער בארגארבעטער-פירער אויסגעהערט דעם קורצן באריכט. אין זיינע אויגן האָבן זיך אָנ-געצונדן דראָענדיקע פייערן.

„עס איז זייער גוט, וואָס דו האָסט דאָרטן ניט גלייך אלץ ארויסגעלייגט, פאר אונדז זיינען די ידיעות זייער וויכטיק. דו האָסט דאָך שוין געהערט וועגן די שלאכטן אין וועסטפאליע. די שפיל גייט אין גרויסן, מע קלייבט זיך אונדז ווידער אויסשעכטן. לייען נאָר איבער, וואָס האָט אונדז געבראכט אונדזער קוריער פון עסען."

רוקערס האָט ארויסגענומען פון פאָרטפעל א געדרוקט בלעטל, וועלכע איז שוין דורכגעגאַנגען ווייזט אויס אַ סאַך הענט. פאָל-גנדיקע שורעס זיינען געווען אונטערגעשטראָכן מיט רויטן:

„...אין סווערטרופ ווילדעוועט דער רויטער טעראָר! די ארבע-טער האָבן זיך פון די געהיימע געווער-סקלאדן באַוואָפנט פון

קאָפּ ביז די פיס. די מיטגלידער פון דער „איינזווינער-מיליץ", וואָס האָבן ניט באוויזן צו אנטלויפן, זיינען בא דער נאַכט ארויסגע-שלעפּט געוואָרן פון זייערע געלעגערס, פאר די אויגן פון זייערע ביז טויט איבערגעשראָקענע פאמיליעס געפּייניקט און דערנאָך דערשאָסן געוואָרן, אויב זיי האָבן ניט באַצאָלט קיין גרויסע אויסלייז-געלט. די פּאָליציי האָט זיך אונטערגעגעבן נאָך אַ צווייטאָגיקן שלאכט. מע האָט זיי צוגעזאָגט אַ פרייען וועג, נאָר ווי זיי האָבן אָפּגעגעבן דאָס געווער, האָט מען זיי פארעטעריש צעשאָסן. דעם פארהאסטן באַ די קאָמוניסטן פּאָליציי-קאָמיסאר בעקער האָט מען אריינגעלייגט אַ דינאמיט-פּאַטראָן אין מויל און אופגעריסן דעם קאָפּ.

באנדעס רויבער גראָמירן די געשעפטן און פריוואט-הייזער. דעם אויספיר-קאָמיטעט, וואָס האָט אינגאַנצן פארלאָרן די מאַכט איבער די מאַסן, האָט פאנאַנדערגעטריבן דער באַפרייטער פון טפיטע אַנאַרכיסט-קאָמוניסט יאקאָב מיירינג. מיירינג האָט אין ראָטהויז פראָקלאמירט אַ ראָטן-רעפּובליק! די מיטגלידער פון אויספיר-קאָמיטעט צוזאמען מיט דער שטאָט-פארוואַלטונג און מיט אלע פראַקציעס פון דער שטאָט-פארוואַלטונג, אויך די פראַקציע פון די אומאָפּהענגיקע סאָציאל-דעמאָקראַטן האָבן זיך געווענדעט צו דער מיליטערישער קאָמאנדירונג וועגן הילף!"

זוקראָוו האָט הילפלאָז אַ קוק געטאָן אפן אלטן.

רוקערס האָט אַ קריץ געטאָן מיט זיינע שטארקע געל-געוואָ-רענע ציין. „דידראָזיקע מענטשן האָבן דאָרטן אַ לעגענדארע מאָרד-פאַנטאַזיע, בעטמעס."

„איך וואָלט קיינמאָל ניט געגלויבט, אז אף צוזאַ פיצל פּאַפּיר קען מען אָנשרייבן אזוי פיל ליגנס," האָט געשעפּטשעט זוקראָוו נאָך אינגאנצן אויסער זיך.

„יע, דאָס איז די בארימטע נאָסקע-סיסטעם! אין ליכטענבערג איז אויך געווען אַ טייטע מיט הונדערט פופציק קלויםטערשט דערמאָרדעטע זשאנדארן און דידראָזיקע מייסע איז געוואָרן די סיבה פון די מארט-שלאַכטן און פעלד-געריכטן. פונקט אזוי גרייט מען איבט אויך אַ פּאָגראָם-שטימונג. דאָסראָזיקע בלעטל—וועגן

אנדערע ערטער איז דאָרטן אויך דאָ ענלעכע געשיכטעס—ווערט פאַרטיילט צווישן מיליטער און ווערט פאַנאַנדערגעוואָרפן פון עראָפּלאַנען.״

„אָבער קיין מענטש וועט דאָך ניט גלויבן,״ האָט מיט אופרעגונג געשריען זוקראָוו.

פון אונטער רוקערס וויעס האָט פּזאַ בליק געטאָן, אז זוקראָוו האָט ניט ווילנדיק אַ ציטער געטאָן.

„אזוי מיינסטו? דו ביזט פאראיאָרן געווען אין בערלין. זאָג אָפנהארציק, האָסטו געגלויבט אין דער שוידערלעכער געשיכטע פון ליכטענבערגז—יאָ אָדער ניין?״

„די ערשטע טעג יעדנפאלס!״

„נא זעסטו!—אָבער דאָסמאָל וועט זיי, די בלוטיקע הינט, די זאַך ניט אַזוי לייכט זיך איינגעבן. מיר וועלן זיך פאַרטיידיקן! אין וועסטער און דאָרטמונד איז שוין געמאַכט געוואָרן אַן אָנהויב״, האָט געזאָגט רוקערס, גלעטנדיק זיך די וואָנצעס.

„עס וועט זיין שרעקלעך, אויב דאָ וועט אויך דערגיין צו גאַסן-שלאַכטן״, האָט אופגעציטערט זוקראָוו. די שרעקלעכע בילדער פון ליכטענבערג זיינען דייטלעך אופגעשווומען פאַר זיינע אויגן. „אָבער״, האָט ער צוגעגעבן מיט א זיכערקייט, „די רעגירונג וועט געוויס געפינען מיטלען און וועגן, ווי דערצו ניט צו דערלאָזן. דאָ איז דאָך אַלץ אין אָרדענונג און די באָבע-מייסעס בלייבן דאָך באָבע-מייסעס. ווען די געזעצלעכע רעגירונג וועט צונויפזאַמלען גענוג געטרייע מיליטער, וועט קאַפּ האַלטן שמאָל. איר האָט נאָך קיין שום יעדיעס ניט פון בערלין?״

רוקערס האָט ניט דערהערט די לעצטע פראַגע. „דו ביזט נאָך אַלץ דער אַלטער פאַנטאַזיאָר, וואָס פאַרלאָזט זיך אַף גאָט און אַף עבערטן. עס זיינען פאַראַן מענטשן, וואָס קומען קיינמאָל ניט צום סיכל! די רעגירונג און רעפּובליקאנישע מיליטער? ווו זאָל מען עס נעמען? ווען עס וואָלט זיך געהאַנדלט נאָר וועגן שלאָגן די קאַפּאָוצעס, וואָלט געווען גענוג זיי זאָלן אונדז געבן פרייע הענט. מיר וואָלטן שוין מיט זיי זיך אָפּגערעכנט. נאָר דערפאַר האָבן זיי טאָקע מוירע, ניט וואָלטן זיי דאָך ניט אַנטוואָפנט

אונדז און באַוואָפנט די קאָנטער־רעוואָליוציע. מיר טרויען איצט נאָר איין זאַך", און ער האָט געוויזן זיינע פויסטן.

„און וואָס ווילסטו אייגנטלעך טאָן מיט דער שפּיאָנאַזש־געשיכטע?" האָט זוקראָוו דערמאָנט וועגן דעם אייגנטלעכן ציל פון זיין קומען.

רוקערס האט זיך געטאָן א קלאַפּ אין שטערן. „מיט דער פלאַפּלעריי האָבן מיר קימאט פאַרגעסן וועגן דער הויפּט זאַך. איך בין שוין האַלב מעשוגע. פון שאבעס אָן האָב איך ניט מער ווי צען שאָ געשלאָפן. וואַרט א ווײַלע!" — ער איז גלייך געקומען מיט קעסטעלרן, גראָטען און צורלינדען, און זוקראָוו האָט געמוזט בעקיצער נאָכאמאָל דערציילן זיינע איבערלעבענישן.

„מיר וועלן א נעם טאָן דעם כעווירעמאַן. איך וועל ארומשטעלן היינט אין אָוונט דעם לאָקאַל, א נעם טאָן אים און גאַנץ ענערגיש פאַרהערן. ווען מען אים אַביסל אָנשרעקן, וועט ער געבן לאָשן", האָט געזאָגט אנטשלאָסן צורלינדען.

„דאָס העט ווייניק וואָס נוצן, ווייל איידער ער וועט ווירקלעך געבן לאָשן, וועלן דערווייל זיינע שוטפּים מאַכן פּלייטע און עפּעס ערגעץ אנדערש ווו א קרעמל", האָט געצווייפלט גראָטע.

פּלוצלינג האָט קעסטעלד אָנגעהויבן אונטערצופּייפן אזוי פרייד־לעך, אז אלע האָבן פאַרכידעשטע אומגעקוקט זיך אף אים. „אזוי וועט דאָס מוזן זיין", האָט ער געזאָגט מיט אזא אויסזען ווי ער וואָלט געמאַכט א וויכטיקע אנטדעקונג. און ער האָט זיך איינגעבויגן צו זיינע כאַווייירים און עפּעס זיי אריינגעשושקעט, מיט א קיוון אזוי שטיל, אז זוקראָוו, וואָס האָט אויפגעכאַפּט דעם אומצוסרוי־בליק פון דעם קליינעם מענטשל, האָט גאָרניט געהערט. זיין איידייע איז, ווייזט אויס, געווען ניט שלעכט, ווייל אַף רוקערס פאַרכווישעטן פּנים האָט זיך באַוויזן א בייזער שמייכל. צורלינדען האָט אויפגעעפנט א מויל און גראָטע האָט פון פרייד געפּאַטשט מיט די הענט.

„דאָס דאַרף דורכפירן מאַקס, ער קען בעסער פון אונדז אלעמען שווינדלען", האָט רוקערס געזאָגט.

קעספעלד האָט ווידער ארײַנגעשאָסן א פּאָר ווערטער, אָבער רוקערס האָט אים באַרויקט, זאָגנדיק מיט א קיוון אָפן קאָל:

„פאַר דעם כאַזער זוקראָוו גאַראַנטיר איך, אגעוו גראָטע קאָן אים שוין אויך גאַנץ לאַנג. ווי דער, וואָס וועט האַלטן די פאַר-בינדונג, מוז ער נאטירלעך וויסן, וואָס פאַר א באַריכטן מיר וועלן מאַכן. אויב ניט קאָן א מאָל פאָרקומען א מיספארשטייעניש״.

„דו ביזט גערעכט, פעטער!—קעספעלד האָט א פּאָר סעקונד באטראכט דעם יונגן מאַן דורך זײַנע פינקלדיקע ברילן, ווי ער וואָלט אים געוואָלט דורכקוקן אױף דורך און דורך, און האָט אים לאנגזאם דערלאנגט די האַנט.

„אויב די צוויי כאוויירים גאראנטירן פאַר איך, איז דאָס פאַר מיר גענוג, האגאם איך קען אײַך ניט פערזענלעך. אומצוטרוי אין אזא קאמף-סיטואציע איז אַן אומפאַרמײַדלעכע זאַך. עס רינגלען אונדז ארום אױף טריט און שריט שפּיאָנען און צי דער מענטש איז אָרנטלעך אָדער ניט קאָן מען פון די אויגן ניט ארויס-לייענען״.

„מיר וועלן זיי פירן אין כיידער, מיר וועלן שיקן אזוינע באַ-ריכטן, וואָס זאָלן פאַרפירן אונדזערע סאָנים״, האָט דערקלערט גראָטע.

„אױף דעם אופן האָבן מיר טאַקע צונישט געמאַכט די גאַנצע „איינוווינער-מיליץ״. די כעוורע-לייט האָבן אָנגעהויבן צו זען אַף דער וואָר אזויפיל געשפּענסטער, אַז סאָפקאָלסאָף האָבן זיי שוין ניט געוווסט וואָס זײַנען זיי אליין—מענער אָדער פרויען״, האָט געלאַכט רוקערס.

זוקראָוו האט זיך ערשט איצט געכאפּט. „אָט פון וואַנען עס האָבן זיך גענומען די קלאַנגען אין שטאָט וועגן מינענוואַרפער און וועגן אַן אָנגריף אַף דער פּאָסט און אַפן ראַטהויז?—איצט ווערן פאַר מיר א סאַך זאַכן קלאָר״.

די פינף מענער האָבן זיך פריילעך פאַנאַנדערגעלאַכט.

„נו, לאָמיר זיך גלייך נעמען צום אייסעק, איך וועל גיין דיק-טירן לוסיען. דו גייסט מיט מיר״, האָט גראָטע קורץ א זאָג גע-

טאָן צו זוקראָוון. אין קאָרידאָר האט ער זיך אָבער פאַרטראַכט.
„וואַרט א ווײַלע!"—

אין עטלעכע סעקונדעס אַרום איז ער געקומען צוריק א צו-פרידענער. „מערי רוקערס שרײַבט אויך אַף דער מאַשינקע און זי געפינט זיך דאָ".

זיי האָבן געפונען מערין אין אונטערשטן עטאַזש. צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע פרויען און מענער האָט זי סאָרטירט א באַרג באַנ-דאַזש-מאטעריאַלן: שאַכטלען וואטע, באנדאַזשן א.א.וו. אַפן טיש זיינען געשטאנען פלעשער מיט סוליעמא, יאָד א. א. בא דער וואַנט זיינען געשטאנען קעסטלעך. ס'האָט זיך געפילט א רייעך פון ליזאָל און יאָדאָפאָרם.

„קענסט עפשער זיך באַפרייען אַף א האלבע שאָ?" האט גע-פרעגט גראָטע. זי האט אויסגעטאָן איר ווייסן שירץ און איז אוועק מיט זיי. גלייך האט גראָטע אָנגעהויבן דיקטירן, גייענדיק מיט גרויסע טריט איבערן צימער. פאַרענדיקנדיק איז ער אוועק מיטן אָנגעשריבענעם צו די כאַוויירים קעדיי צו ווייזן זיי. זוק-ראָוו איז געבליבן מיט דער מיידל אַליין.

„איר זייט אויך מיט אונדז?" האט זי אים געפרעגט מיט אַזאַ טאָן, וואָס האט אים געקרענקט.

„אייך כידעשט דאָס?"

„אָפן גערעדט, יע! אורטיילנדיק לויט אייערע פריערדיקע ריידן! איך האב שוין אָבער געהערט, אז איר זייט געוואָרן א סאָציאל-דעמאָקראַט, און זיי גייען אויך מיט אונדז,—ווייניקסטנס דער-ווײַלע נאָך", האט זי צוגעגעבן.

ער האָט פאַרשטאנען איר אָנצוהערעניש און האָט איר געענט-פערט מיט א גערייצטן טאָן: „איך בין געקומען אַהער ניט ווייל וועלכע ניט איז פאַרטיי האט מיר געהייסן, נאָר ווייל איך בין מיטן גאַנצן האַרצן און נעשאָמע אַף דער זייט פון די ארבעטער. און וואָס שייעך מיינע פריערדיקע רייד,—איך בין ניט אַף אזוי-פיל פאַכדאָניש, אז איך זאָל ניט מודע זיין, אַז פאַר דער צייט האָב איך אסאך אויסגעלערנט זיך. קיין מייסטער פאַלט פון הימל ניט אַראָפ".

„איר דאַרפט ניט זיין אין קאַאס אף מיר, אַזוי האָב איך יעדנ-פאַלס ניט געמיינט", האט זי געזאָגט, בעטנדיק אים מיט אירע סאַמעטענע אויגן.

„איר מוזט האָבן צו מיר געדולד, יעדער מענטש איז דאָך א פראָדוקט פון זיין דערציונג און סוויווע", האט ער געענטפערט מיט אַן אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ. „איר ווייסט דאָך מיין לעבן, מערי, און איך האָב געגלויבט, אז איר וועט מיך פאַרשטיין. וואָלט איך דערצויגן געוואָרן אין אייער סוויווע, וואָלט איך שוין לאַנג גע-ווען אַפן ריכטיקן וועג".

מערי האָט שפּילנדיק געקלאַפּט אף דער מאַשינקע. „איר האָט געזאָגט, אז איר האט געגלויבט, אַז איך וועל אייך פאַרשטיין, פאַרוואָס גראָד איך?" האָט זי שטיל געפרעגט.

ער איז געוואָרן צומישט און ניט געוווסט, וואָס צו ענטפערן אַף דערדאָזיקער פראַגע. און מאַכנדיק זיך ניט פאַרשטייענדיק האָט ער געזאָגט: „ניט נאָר איר אליין, מערי, עס פאַרדריסט מיר ביכלאל, וואָס מע פאַרשטייט מיך ניט, אייער פאָטער, האַ-נעס, מאקס".

„אזוי!"—ער האָט ניט באַמערקט די אנטוישונג, וואָס האָט גע-קלונגען אין אויסרוף, ווייל זי איז אופגעשטאַנען און האָט אָנ-געהויבן איינגאַנצן מיט אַן אַנדער טאָן: „איך באַנעם דאָס, אנעוו איז דאָס ניט פאַרשטיין פון אונדזער זייט גאָר ניט אזוי גרויס, ווי איר מיינט. דער פאָטער, צום ביישפּיל, האַלט פון אייך, ער זאָגט..."

„וואָס זאָגט ער?"—האט ער נייגעריק געפרעגט, ווייל זי האָט פלוצלינג איבערגעריסן. זי האָט אים א קוק געטאָן אין די אויגן.

„אז איר וועט נאָך געפינען א וועג אין אונדזערע רייען!"

א ווײַלע האָט זוקראָוו געשוויגן—ער האט זיך דערמאָנט אין דעם מאָמענט ווען אַן אנדער מיידל און אַן אַנדער פאַרטיי—דערנאָך האט ער זיך געגעבן א כאַפּ.

„איר זעט, אייער פאָטער איז ניט גאָר אומגערעכט. איך האָב לאַנג געקעמפט און זיך געוואַקלט און געשטרייט מיט זיך אליין און מיט אַנדערע, איידער איך האָב געפונען דעם וועג, איצט איז

דער וועג קימאַט קלאָר און אָפן פאַר מיר, און אויב איך בין נאָך ניט קיין אומאָפּהענגיקער, בין איך שוין אויך קיין סאָציאַל-דעמאָקראַט ניט מער. בא מיר דויערט לאַנג, אָבער אז איך האָב זיך שוין דורכגעקריגן, איז עס שוין פעסט".

אירע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן.

„אזוי געפעלט איר מיר בעסער ווי דאַן, ווען איר האָט געוואָלט פּיקן קוילן פאַר דערדאָזיקער געלט-זאַק רעפּובליק".

גראָטע איז געקומען צוריק א צופרידענער. „אַלץ איז אין אָרדענונג, דעם בריוו וועלן מיר זיבן אוייגער אָפּשיקן מיט א יינגל אָפן אָפּגערעדטן אָרט. זעלבסטפאַרשטענדלעך וועלן מיר נאָכשפּירן דעם געהיימניספולן הער ראָטדאָרן, עפשער וועלן מיר דערגיין עפּעס וויכטיקס. איצט איז שוין אָבער צייט צו גיין אַפן הינדענבורג-פּלאַץ צום מיטינג. דער קאָפּ דרייט זיך שוין פּאָשעט".

„א טייערע מיידל, זי אַרבעט אָן אָפּרו", האָט ער געזאָגט, ווען מערי איז אַרויסגעגאַנגען.

„איך וואָלט אויך געוואָלט נעמען אַן ארבעט", האט זוקראָוו זיך ארויסגעכאַפּט.

גראָטע האט אים אומערקזאַם באטראַכט. „דו ביסט דאָך געווען אַן אָפּיצער אָדער קאַנדידאַט-אָפּיצער? עפשער וועלן מיר דיך אויסניצן, ווען מיר וועלן אָנהויבן אָרגאַניזירן אַן אַרבעטער-מיליץ. מיר האָבן גלייך צום אָנהויב געשטעלט די פראַגע וועגן דעם, נאָר ריזע און אָווערזאט האָבן בעשום אויפן ניט געוואָלט הערן וועגן דעם. אפילע די אנטוואָפענונג פון דער איינוווינער-מיליץ איז פאָרגעקומען קעגן זייער ווילן. מיר מוזן זיך איצט באנוגענען מיט אַן אַרבעטער-שוץ-אָפּטיילונג אַף איינהאַלטן די אָרדענונג".

„קעגן אָרגאַניזירטן מיליטער װעט איר גאָרניט אויפטאָן דערמיט", האָט זוקראָוו אים איבערגעריסן.

„דאָס איז ריכטיק, זיי ווילן דאָס אָבער ניט פאַרשטיין", אַן אופגעבראַכטער האָט אויסגעשריען גראָטע. „אין דער עמעסן ווייסן זיי גאַנץ גענוי, אַז מיר זיינען גערעכט, אָבער זיי ווילן אויסמיידן צו טאָן א שריט ווייטער ווי זייערע הויכגעשטעלטע

כאווירים הייסן. אפילע א טייל פון זייערע אייגענע כאַוויירים זיינען קעגן דיראָזיקע טאָרמאָזן. איצטער, ווען די יעדיעס פון וועסטפאַליע האָבן געוויזן די גאנצע ערנסטקייט פון דער לאַגע וועלן מיר עפשער עפעז אויספירן. און אויב ניט — — — אויב ניט וועלן מיר די פראַגע לייזן זעלבשטענדיק. מיירינג שטורעמט שוין פון לאַנג: לאָזט אַרויס אַן אופרוף צו בילדן א רויטע ארמיי! און ער האָט אסאַך אָנהענגער צווישן די אַרבעטער, באזונדער פון דער „בעאטע״. צוליב פּאָליטישע טיימים זיינען מיר קעגן דעם נאָמען: מיר וועלן דאָס אָנרופן ארבעטער-שוץ; די הויפט זאַך איז אָבער עס זאָל זיין אַ רעגלמעסיקע מיליטערישע אָרגאניזאציע און דיסציפלין״.

„איך בין מיט דיר פולקום מאסקים. דאָס פעלט, ווייזט אויס, אויך דאָ אין אויספירקאָם. איר מוזט זיך פאַנאַנדערטיילן מיט דער ארבעט, איינער דעם אַנדערן פאַרבייטן, אויב ניט וועט איר אויסגעמאַטערט ווערן צום טויט און אין נויטיקן מאָמענט צו גאָר-ניט ניט טויגן״.

„איך האב שוין וועגן דעם אופגעהויבן די פראגע, אָבער וואָס וועט זיין מיט דיר? אונדז פעלט מיליטערישע פאַכלייט. איך האָב אפילע אויך פיר יאָר מילכאָמע-דערפאַרונגען און איך האָב אויך שטודירט די טעאָרעטישע זייט פון אויסבילדן אַן ארבעטער-ארמיי. ווען עס וועט דערביי האַלטן, וועל איך עפשער מוזן ווערן דער פירער, נאָר איך וואָלט גערן אָפּגעטראָטן דעם אָרט א מענטשן מיט מער דערפאַרונג״.

„בעייס דער מילכאָמע איז מיר אויסגעקומען אָנצופירן מיט ראָטעס און אין אַ נויט וואָלט איך זיך אונטערגענומען צו אָנפירן מיט א פּאָלק, אויב עס וועט ניט זיין קיין מער פּאַסיקער״, האָט בעגנספערט זוקראָוו, א צופרידענער, וואָס עס האט זיך דאָך גע-פונען א געביט, ווו ער שטייגט איבער גראָטען.

גראָטע איז געווען שטאַרק דערפרייט. „נעם איך דאָס אָן ווי א צוזאָג״.

זיי האָבן אָפּגערעדט, אַז דערווייל האַלטן זיי דאָס נאָך בע-

סאָד. גראָטשע האָט אָבער געזאָגט, אז ער וועט באַלד זעען קריגן די האסקאָמע פון רוקערסן און צורלינדען.

## 12. קאַפּיטל.

צום מיטינג אפן הינדערבורג־פּלאַץ איז געקומען א נאָך גרע־סערע מאָסע ווי אין פאָריקן שאבעס. די יעדיעס וועגן דעם אָנ־גריף פון די קאַפּאָוצעס אין ווערספאַליע האָבן אופגעברויזט די ארבעטער. און דעריבער זיינען זיי געווען שטאַרק אנטוישט הערנדיק ווידער אלגעמיינע פּאָליטישע רעדעס. נאָכן שליסן דעם מיטינג האָבן זיך אומעטום געבילדעט גרופן, וואָס האָבן לעב־האַפט דיסקוסירט. אַרום מייערינגען האָבן זיך צונויפגעקליבן עט־לעכע הונדערט אַרבעטער.

„ברידער", האט ער געשריען מיט זיין פאַנאטישן שטייגער פון רײדן, „אין דאָרטמונד און רעטשייד קעמפן אונדזערע ברידער אַף לעבן און טויט, און מיר האַלטן די הענט אין די קעשענעס און לאָזן זיך פאַרשיקערן מיט שיינע רעדעס. דער אויספיר־קאָ־מיטעט טוט גאָרנים, מע פלאַפּלט און מע פלאַפּלט. ווו זיינען די טאַטן? מיר ווילן שוין א מאָל זעען מייסים, איידער עס וועט ווידער שפעט ווערן".

„און וואָס טוסטו אוף, קעבעס, דו פּלאַפּלסט דאָך אויך נאָר דעם גאַנצן טאָג; ווו זיינען דיינע מייסים?" איז קעגן אים אַרויסגע־טראָטן א וווקסיקער ווערספאַלער.

פאַר קאאס איז מייערינג געוואָרן בלייך ווי קרייט, נאָר זיינע אויגן האָבן געפינקלט ווי בא א קאַץ. „איך כאווײרים?—איר־קענט דאָך מיר. איך טרייסל אוף די מאַסן, יע, זיי זאָלן ניט איינשלאָפן".

„דו העצט זיי אוף, קעבעס, טראָגסט אַריין א שפּאַלטונג, ווו זיינען דיינע פּראַקטישע פאָרשלאגן?" האָט אים אָן מוירע גע־פרעגט א צווייטער, האנאם ארום האָבן זיך אופגעהויבן פויסטן.

„מיר האָבן געפאָדערט באַוואָפענען דעם פּראָלעטאריאט און אָרגאניזירן א רויטע אַרמײ", האָט א צערייצטער געשריען מייערינג.

„געפאָדערט? פאָדערן קענסטו אַלץ. האָסטו עפּעס אויך אופגע-טאָן?—מיר האָבן ארויספאקוטען געוועהר פון דער איינוווי-נער-מיליץ, זיינען דאָס ניט קיין מייסים? און דערמיט ווילן מיר זיך פאַרטיידיקן, ווען מע וועט דאַרפן. ווילסטו עפּשער פליען מיט אן עראָפּלאַן קיין דאָרטמונד, קעדיי דאָרטן צו העלפן? זיי וועלן שוין אַליין זייער שטעטל באַשטיין", האָט געענטפערט דער וועסטפאַלער רויק.

עס האָבן זיך געשאַפן צוויי פאַרטייען איינע פאַר און די אַנ-דערע קעגן דעם אויספיר-קאָמיטעט. פלוצלינג האָט זיך אן אַר-בעטער ארופגעדראפּעט אויף די פּלייצעס פון אַ צווייטן.

„כאַוויירים", האָט ער אָנגעהויבן צו שרייען מיט אַ פאַריסע-נעם קאָל. „איך בין נאָך ניט לאַנג אין סוועטערטרופּ און וווּנדער מיך, וואָס דאָ איז אַלץ אַזוי רויק. בא אונדז אין אויבערשליעזיע איז גאָר אַנדערש. די בארג-שקלאַפן ריידן דאָרטן שוין מער ניט, זיי האַנדלען. איר זייט דאָך ניט קיין קינדער! און איר דערלאָזט מע זאָל אייך באַהאַנדלען ווי קינדער. דער אויספירקאָם איז ניט ווערט קיין שמעק טאַבעק. סירינג איז פולקום גערעכט. צו וואָס דאַרף מען דעם אויספיר קאָמיטעט? מיר ווילן זיין פריי! מיר דאַרפן ניט קיין ביוראָקראַטן! מיר ווילן אַ רויטע רור-רעפּובליק, אַ ראַטן-רעגירונג, ווי אין רוסלאַנד! מיר שטרייקן און שטרייקן און פון דעם קומט גאָרניט אַרויס! מיר וועלן אויסגעהונגערט ווערן און די הארט-קעפּיקע וועלן אויסהאַלטן! זיי האָבן פולע קיכן און קעלערס און לאַכן אין פויסט. פאַרוואָס גייען מיר ניט אַ הין און נעמען ניט צו וואָס זיי האָבן בא אונדז געגאַנוועט?—ווער וועט אונדז דערביי שטערן?—דער אויספירקאָם מיט זיין „רויטער" איינוווינער-מיליץ? זאָלן זיי זיך נאָר דערוואַגן"!

„בראַוואָ! בראַוואָ!" האָט זיך דערהערט פון פאַרשיידענע זייטן. דער רעדנער האָט זיך ווי אַ שלאַנג אַראָפּגעגליטשט פון זיין לע-בעדיקער טריבונע.

„נעמט מיך דער רוח, אויב דאָס איז ניט קיין שפּיאָן", האָט אַ ברום געטאָן דער וועסטפאַלער און זיך צוגערוקט נעענטער, קעדיי צו כאַפּן אַן ערנסטן שמועס מיטן סיפּ.

„דו ביזט אין נעוויסע פראַטים געךעכט, קאָלעגע.—ווו אַר־בעסטו איינגעלעך"?

„אין?—איך בין נאַר וואָס געקומען", האָט זיך פארקעקעט יענער און געפרווט ארויסרייסן זיין האַנט, וואָס דער וועסטפּאַ־לער האָט פעסט געהאַלטן.

„יע, דאָס זעט מען גלייך, עס פרעגט זיך נאַר: ווער האָט דיך אהער געשיקט, וואָרעם דו איינער, ווער האָט דיך געשיקט אונדז אופצוהעצן איינעם קעגן צווייטן", האָט געשריען דער וועסטפּאַ־לער.

„וואָס ווילסטו פון אים"?—„לאָז אים צו רו"!—„ער איז גע־רעכט"!

דראָענדיקע געשטאַלטן האָבן ארומגערינגלט דעם וועסטפאַלער.

„דאָס איז אַ פּראָוואָקאטער, מיר מוזן אים פאַרהאַלטן", האָט ער געשריען, אָבער אַ פעסטער זעץ מיט אַ פויסט אונטערן איי־לנבויגן האָט אים געצוווּנגען אָפּלאָזן.

„איר איילט, האַלט דעם העכט, דאָס איז אַ פּראָוואָקאטער, גיט נאָר אַ קוק אָף זיינע הענט, זיי האָבן נאָך קיינמאָל אין לעבן נים אָנגערירט קיין העקער", האָט געשאָלטן דער אַרבעטער, האַלטנדיק זיך פאַר דער האַנט, וואָס איז געווען ווי פּאַראַליזירט פון דעם קלאַפּ. עס איז געוואָרן אַ געלאַף הין און צוריק און אין טומל איז דער שפּיאָן מיט זיינע געהילפן פארשווונדן געוואָרן.

* * *

פאַר דער ווילע פון דעם דירעקטער בוכטערקירכנער איז נאָך אַלץ געשטאַנען די אוועקגעשטעלטע פון אויספירקאָם ארבעטער־וואַך מיט געלאָדענע ביקסן.

די ווילע גופא, אַ שרייעדיק בונטע געביידע אין באַראָק-סטיל, איז געווען פארזונקען אין פינצטערניש. נאָר אין איין פענצטער פונעם אויבערשטן שטאָק האָט קוים געלויכטן אַ שוואכע שיין.

אזוי טויט ווי די ווילע האָט אויסגעזען פון דרויסן, איז זי אין דער ווירקלעכקייט ניט געווען. אין דעם באַלויכטענעם מיט אַ ליכטל קאַבינעט זיינען געזעסן דריי מענער, וואָס האָבן ווי עס שיינט אָף עפּעס געוואַרט. אלע האָבן געשוויגן און נאָר די אויגן

האָבן אַלע ווײַלע ווידער געקוקט אויף קאַמין-זייגער. עס איז געווען אַכט אין אָוונט.

„עס איז שוין אַכט, קולענקאַמפּ לאָזט אויף זיך וואַרטן", האָט ענדלעך געזאָגט אַ הויכער הער מיט אַ שטימע, וואָס איז געווען צו באַפעלן און וואָס האָט די גאַנצע צייט אומגעדולדיק געפּויקט מיט די פינגער אין טיש.

„לאָמיר האָפן, אַז מיט אים איז גאָרניט געשען, איך האַלט די גאַנצע זאַך פאַר ווייער געפערלעך, הער פאַלקאָווניק", האָט געזאָגט דער, וואָס איז געזעסן קעגניבער, רויכערנדיק אַ ציגאַר נאָך אַ ציגאַר.

דער פאַלקאָווניק האָט געפּרווט שמייכלען. „געפערלעך, מיין ליבער נייהויז, איז אַלץ, וואָס איז פאַרבונדן מיט מילכאָמע און נאָך מער מיט אַ בירגער-קריג. אַ ביסל מוט און געשיקטקייט, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט איבערגעגעבנקייט פאַר דער נאַציאָנאַלער אידייע מוז מען דערביי האָבן; אָבער דאָס פעלט אויס זייער שטאַרק דאָ אין סווערטרופּ".

א צעקאָכטער האָט זיך נייהויז אַ הויב געטאָן, אָבער דער קאַלטער שמייכל פון דעם צווייטן האָט אים אַנטוואָפנט. „איר דאַרפט דאָס גאָרניט נעמען אויף אייער פּערזענלעכן כעשבן, דאָס ליגט שוין אין דער סיסטעם פון דער איינוווינער-מיליץ, וועלכע איך האַלט פאַר ניט קיין געלונגענע. דידאָזיקע איינוווינער-מיליץ איז באַטאָג אומזיכער און באַנאַכט טויג זי ניט. אַזוי איז אומעטום. אָן מי נעמען די אַרבעטער בא זיי צו דאָס געווער. מיר וועלן פון דעם זיך לערנען פאַר דער צוקונפט".

ער איז אויפגעשטאַנען און האָט אָנגעהויבן מיט גרויסע טריט מעסטן דעם צימער.

„עפּשער וועט איר זיך בעסער זעצן, איר ווייסט דאָך, מע באַוואַכט אונדז", האָט געוואָרנט נייהויז.

דער דריטער באַם טיש, אַ הער אין אָנהויב פון פערציקער מיט אַ גרוילעכער באָרד און גילדערנע פענסנע, האָט ביז איצט איבערגעבלעטלט נאָטיצן. איצט האָט ער זיך געשטעלט און איז פאַר-

זיכטיק צוגעגאנגען צום פענצטער און אַ קוק געטאָן פון הינטערן פאָרהאנג.

„אונדזער ערן־וואך שטייט דאָרטן רויק, מיינע הערן, בא דער ליכטל זעט מען פון אונטן גאָרניט", האָט ער געזאָגט אומקערנדיק זיך צום טיש.

„איך מוז אייגנטלעך זאָגן, הער דירעקטער,—האָט ניט קיין פאריבל אף מיין אויסדרוק—עס איז גאַנץ כוצפעדיק, וואָס מיר לאָזן, אז אונדזער קאָנספיראטיווע טעטיקייט ווערט באוואכט דורך דעם אויספיר־קאָמיטעט. איר זייט אָבער גערעכט. קיין בעסערן אָרט וואָלטן מיר אין גאַנץ סווערטרופ ניט געפונען. קיינעם וועט ניט איינפאַלן אונדז צו זוכן דאָ". האָט דער אָפיצער פריילעך געלאכט. „אגעוו, הער קולענקאמפ ווייס גוט דעם וועג ווי צו קומען אהער"?

בוכטערקירכנער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.—„קולענ־קאמפ איז פאָרזיכטיק און גייט דורך עטלעכע הייוער, פון וועלכע ער גייט ארויס הינטן ארום, איידער ער קומט אַ הער. באם פאר־קאַן פון גאָרטן שטייט מיין שאָפער מיט אַ לייטער, קעדיי אים אריבערצוהעלפן".

„אייער שאָפער? דאָס איז אַ זיכערער מענטש"?

„זייט רויק, אַ געוועזענער אָפיצער און אַ מיטגליד פון רו־גארד־בונד", האָט געזאָגט דער דירעקטער. „דעם גאנצן איבע־ריקן הויז־פערסאָנאל האָב איך אָפּגעלאָזן".

פלוצלינג האָבן זיך אלע דריי אופגעהויבן, אף די טרעפּ האָבן זיך דערהערט טריט.

„דאָס איז ער", האָט אויסגערופן נייהויז און האָט אופגעעפנט די טיר. מיט אַ „גוטן אָוונט מיינע הערן"! איז אריינגעגאנגען קולענקאמפ, וועלכער איז געווען איינגעוויקלט אין אַ גומענעם מאנטל מיט אַ צוקנייטשטן פילצענעם הוט איבער די אויגן. אף זיין פּנים האָט געשיינט אַ שטילער טריומף.

„עס האָט לאַנג געדויערט, האָט איר עפעס רעכטס געבראכט"? האָט געפרעגט דער אָפיצער, וואָס האָט קוים באהערשט זיין אומגעדולד.

„איך האָב געמוזט מאַכן אַסאַך אומוועגן, מיר האָט זיך גע־דאַכט, אַז מע גייט מיר נאָך. ערשט באַם פּריזירער זילבערגלייט בין איך פון זיי פּאָטער געוואָרן“.

„אין דעם זיינען שולדיק די שגיטן אויף אייער פּאָנעם, הער אַסעסאָר! איר קענט זיך איבערטאָן ווי איר ווילט, פאַר די אַר־בעטער וועט איר אַלציינס אויסזעען פאַרדעכטיק“, האָט באַמערקט איראָניש נייהויז.

„איך קאָן דאָך ניט אָפּשניידן צוליב דעם קאָפּ.—יאָ, עפּעס שיקן אַן אַנדערן? ווען מיר מוזן קימאַט אין יעדער איינציקן זען אַ פאַררעטער? איך בעט אייך, ליידענט“, האָט קולענקאַמפּ אומצו־פרידן געזאָגט.

אַלע דריי האָבן זיך פאַרוואונדערט איבערגעקוקט.

„זייזט נאָר אַהער“! מיט אומזיכערע פינגער האָט דער אָפּי־צער פאַנאַנדערגעוויקלט די מיט מאַשינקע פאַרשריבענע בויגנס פּאַפּיר.

„פינף אָפּטיילונגען אַרבעטער-מיליץ באַשלאָסן—הם, דאָס ווייס איך שוין פון זעקס אַ זייגער אָן. די באוואָפענונג איז נאָך ניט פעסטגעשטעלט—אַזוי געגנוי ווילן מיר דאָס גאָרניט וויסן.—איינ־געשטעלט פאַרבינדונגען אויף אויסן—דאָס האָב איך זיך פאָרגע־שטעלט אַליין.—אָנפירער אַ העכערער עסטרייכישער אָפיצער?—דאָס איז מיסטאַמע אַ רוסישער?—אָבער קיין נעמען רופט אייער פאַרטרויונג-מאַן ניט אָן, פונקט ווי ער גיט ניט אָן קיין איינ־צלהייטן. נאָך מיין מיינונג איז דאָס ניט ווערט קיין פינף הונ־דערט מאַרק“, האָט ער געזאָגט, קוקנדיק אויף קולענקאַמפּן.

„אַנטשולדיקט, עס זיינען אָנגערופן נעמען אויך, נאָר בײַ זייער גיט קיין פריילעכער געלעגנהייט“, האָט באַמערקט דער אַסעסער דערלאַנגענדיק נאָך אַ בלאַט.

„וואָס“?

דער אָפיצער האָט דערלאַנגט אַזאַ געשריי, אַז אַלע אַנוועזנדע האָבן אויפגעשפּרונגען. „מיר זיינען דאָך ניט זיכער מיט אונדזער לעבן“!

„וואָס איז געשען, וואָס איז דאָרטן?“ האָט געפרעגט בוכטער-
קירכנער מיט א דערשראָקענער שטימע.
דער פאָלקאָווניק האָט זיך סאַרקאַסטיש פאנאנדערגעלאכט. „אזוי
זעט דאָס אויס אייער וואונדערבארער אויסשטיר-אפאַראַט, פון
וועלכן איר האָט געמאַכט אַזאַ ווע̇זן? ער איז קיין ציבעלע-שאָ-
לעכץ נים ווערט, אויב עס קאָנען פאַסירן אזעלכע זאַכן! דער
רויטער אויספיר קאָמיטעט באַקומט קעסיידער יעדיעס וועגן אונדז
און ער האָט באקומען נים נאָר די מיטגלידער-ליסטע פון דער
אייגווינער-מיליץ, נאָר ער האָט אויך אינפאָרמאציעס וועגן אונד-
זערע געווער-סקלאדן. דאָס זיינען אייערע רוגארד-העלדן, הער
אסעסער,—זיי לאָזן זיך אונטערקויפן מיט רוסישע רובלען“!
„אנטשולדיקט, הער פאָלקאָווניק, איך האָב דידאָזיקע ארבעט
איבערגענומען ערשט מיט צוויי טעג צוריק, איך בין אליין זייער
איבעראשט“, האָט זיך פארטיידיקט קולענקאמפ א נידערשלאָ-
גענער.
„און ווער האָט פריער געפירט דעם אויסשפיר? מע מוז טייקעף
צוציען אים צו פאראנטוואָרטלעכקייט“!
קולענקאמפ האָט זיך אומבאהאָלפן ארומגעקוקט, נאָר אינזשע-
נער נייהויז האָט געענטפערט פאר אים.
„די צענק, הייסט דאָס, הם,—זי קען איך אויך, א גאַנץ פאָר-
ויכטיקע און אויסגערעכנטע פרוי, אָבער—צי קענט איר דעם
בעווערמאַן, דעם פייקבען, דעמדאָזיקן שמוציקן כאוער“? האָט
געפרעגט דער פאָלקאָווניק מאָליי רעציכע.
„אינפאָרמאַציעס וועגן אים וואָלט געקענט געבן פריילן צענק.
י האָט אים ווערבירט, ווען זי האָט געארבעט בא פלאשנערן, זי
איז אָבער נאָך נים געקומען פון דיסעלדאָרף. איך קען אים פון
ויימן, דאָס איז אַ יונגער מאַן פון אַ יאָר צוואנציק. דעם עמעס
אָגנדיק איז ער מיר נים געפעלן פון אָנהויב אָן, ווייל ער האָט
יב צו רוקן אומעטום די נאָז“, האָט געענטפערט דער אסעסער.
„דאָ ווערט אָנגעגעבן, אז מיר פלעגן דערהאלטן פאלשע יעדיעס
עגן די רויטע. יע, דאָס האָבן מיר שוין געפילט. ערשט איצט
ייסן מיר פון וואנען דאָס נעמט זיך, די פירמע קולענקאמפ און

צענק", האָט אָפּגעלאַכט נייהויז, וועלכער האָט איבערגעלייענט אַ ביסל ווייטער און האָט ניט ליב געהאַט קולענקאַמפּן.

„הער גייהויז, דערמאָנט זיך בעסער וועגן אייער איינוווינער־מיליץ מיט זייער שרעק פאַר די מינענוואַרפערס, וואָס די אַרבע־טער האָבן געזאָלט באַהאַלטן אין זייערע קלאָזעטן. דאָס האָט זיך ניט גענומען פון דער פירמע קולענקאַמפּ און צענק. זאָרגט זיך בעסער אַביסל וועגן אייערע מענטשן! וואָס זיי האָבן היינט פאַר אַ נאַרישקייטן אָפּגעטאָן אויפן הינדענבורג־פּלאַץ,—דאָס איז פּאָשעט אַ סקאַנדאַל. ווען די אַרבעטער וואָלטן טייקעף ניט דערקענט דעם שווינדל, וואָלטן זיי עפּשער געפאָלגט די אייצעס פון אייערע פּראָוואָקאַטערס און זיי וואָלטן זיך געלאָזט גראָמירן די ווילעס. איך גלויב, אַז איינע פון די ערשטע וואָלט אָט די ווילע געווען, און דאָס וואָלט אונדז ניט זייער באַקוועם געווען. איר זעט, ליבער נייהויז, מיר באַקומען דאָך אַביסל ריכטיקע יעדיעס אויך", האָט מיט גאַל געענטפערט קולענקאַמפּ.

„איר הויבט אָן צו באַליידיקן!"

„איך בין גרייט!"

בוכטערקירכנער האָט זיך אַריינגעמישט.

„נאָר זיך ניט קריגן, מיינע הערן, אום גאָטס ווילן, איצט איז קיין צייט ניט דערצו! מיר מוזן בלייבן קאַלטבלוטיק. יעדערער קאָן מאַכן אַ פעלער. פריער פון אַלץ מוזן מיר איזאָלירן יענע מענטשן, וואָס האָט אונדז פאַראַטן".

„אין דעם פּראַט קאָן דער הער דירעקטער זיך פאַרלאָזן אָפן רוגאַרד־בונד, וואָס האָט אַזעלכע אומפאַרמיידלעכע פאַלן פאַרויס־געזען אין זיין סטאַטוט", האָט קולענקאַמפּ געזאָגט און זיינע וואַ־סער־בלויע אויגן האָבן דראָענדיק אַ פינקל געטאָן.

אַלע האָבן זיך געווענדעט צום פאָלקאָווניק, וועלכער האָט זיך אופגעהויבן.

„מיינע הערן, איך וועל זיין קורץ", האָט ער אָנגעהויבן לאַנג־זאַם, באַטאָנענדיק יעדן איינצלנעם וואָרט. „לויט דער היינט דער־האַלטענער ראַדיאָגראַמע, האָט זיך די לאַגע אומעטום אַזוי פאַר־שאַרפט, אַז מע וועט מיסטאַמע מוזן פאַרלאָזן דעם גאַנצן געביט

צווישן רור און ליפע, ווי עס איז געשעען אין וועטער און הערדקעך". — ער האט פאַרביסן די בלוטלאָזע ליפן, — „יעדנפאַלס האט קיין מענטש ניט געקאָנט רעכענען, אז דער האמוין וועט ארויסווייזן אזוי פיל קוראזש. אָבער דאָס וועט ברענגען דעם שטיין אין באוועגונג און וועט אונדז פאַרשאַפן די מעגלעכקייט איינמאָל פאַר אלעמאָל; אָפּראַמען — גאַנץ גרינטלעך — אָפּראמען".

„אויך אין סווערטרופ?" האט געפרעגט בוכטערקירכנער, וועלכער האט די גאַנצע צייט געלויערט אף יעדן קלאַנג — זיין באָרד האט קענטיק געציטערט.

„אויך אין סווערטרופ, און דאָ גאַנץ באזונדער, מיינע הערן", האָט באשטעטיקט דער אָפּיצער. „דאָס וועט ניט לאָזן לאַנג אַף זיך וואַרטן. מיליטער און פּריוויליקע האבן מיר געגוג, ווי אויך געווער. צוויי זאַכן מוזן מיר זיך נאָך דערשלאָגן: ערשטנס, אַז עס זאָל אופהערן דער אַלגעמיינער שטרייק און מיר זאָלן זיך קאָנען באַנוצן מיט די אייזנבאַנען, צווייטנס, אַז די אַנטאַנט זאָל אונדז דערלויבן אַריינצודרינגען אין דער 50-קילאָמעטער-זאָנע. איך גלויב, אז איך האָב רעכט צו זאָגן, אַז די האָפענונגען אַף דורכפירן דיביידע זאַכן זיינען ניט קיין שלעכטע. די הערן רעכטע סאָציאליסטן האבן זיך שוין אליין דערשראָקן פאַר די גייסטער, וואָס זיי האבן ארויסגערופן. דער רעגירונג-קאָמיסאַר מיילינג, צום ביישפּיל, האט עפנטלעך דערקלערט, אַז עס איז ניט דערלאָזבאַר, די אַרבעטער זאָלן זיך באוואָפענען און דעריבער מוז מען שיקן מיליטער אין אינדוסטריעלן געביט. נאַטירלעך האבן זיינע ברידער פון לינקס גאָר אַ פאַרקערטע מיינונג און איך גלויב, אַז דאָס וועט ווידער אַרויסרופן שטרייטן צווישן זיי. באַ דידאָזיקע אומשטענדן האב איך דאָ ניט וואָס צו טאָן. אייער אופגאבע אין איצטיקן מאָמענט איז אָפּצוּרייניקן דעם אויסשפיר-אַפּאַראַט און באַזאָרגן אונדז קעסיידער מיט גוטע אינפאָרמאציעס. קעדיי צו פאַרלייכטערן אונדזער אופגאַבע, איז אויך גוט צו פאַרשפּרייטן פאַרשיידענע קלאַנגען. און פריער פון אַלץ נאָך איין זאַך. איר קאָנט דאָך מיינע הערן די וויכטיקסטע פירער און אונטערהעצער.

שטעלט צונויף אַ ריכטיקן צעטל, ווייל דאָס מאָל וועלן מיר זיכער אָפּהאַקן דעם קאָפּ בא דער הידרע פון דער רעוואָליוציע".

„פאַר דער ליסטע וועל איך שוין זאָרגן, איר קאָנט זיך פאַרלאָזן". האט זיך ארויסגעכאַפּט דער דירעקטער בוכטערקירכנער. ער האָט פערזענלעך באַגלייט זיין גאַסט דורך דער פיגצטערער טרעפּ ביז צום לייטער.

* * *

דאָס, אַף וואָס דער אָפיצער פון שטאַב האט געגעבן אָנצוהערעניש אַף דער געהיימער באַראַטונג אין דירעקטערס ווילע, איז איבער נאַכט געוואָרן בלוטיקע ווירקלעכקייט. קאָלזמאַן די באוואָפּנטע קאָנטר-רעוואָליוציע האט זיך אָפּגעהאלטן פון ארויסטרעטונגען, זיינען אויך די שטרייקנדיקע ארבעטער פונעם אינדוסטריעלן געביט געווען רויק. און אויב זיי האָבן זיך ניט פאַרלאָזן בלויז אַפן פּאַסיוון געווער פון צונויפגעלייגטע הענט, איז דאָס גאָר געווען אַ סימען, אַז די ארבעטער האבן זיך שוין פון די פריערדיקע געשעענישן עפּעס וואָס אויסגעלערנט. אומעטום האבן זיי צוגענומען דאס געווער בא דער איינוווינער-מיליץ, באַ די סאָלדאטישע און שיסער-פאַרבאַנדן און אויך דאָס געווער פון די אויסגעשפּירטע געהיימע סקלאדן פון די אומלעגאלע מיליטערישע פאָרמאציעס. אין באָכום אליין האָבן זיי צוגענומען אָפן באַן צוויי טויזנט ביקסן. און האַגאַם דאָסדאָזיקע געווער איז אין ערגעץ ניט באַנוצט געוואָרן צו וועלכע ניט איז געוואלט-מאַסן, האָט זיך דאָך אופגעהויבן אַ גרויסער געשריי. געשריען האבן ניט נאָר די רעאַקציאָנערן, וואָס האבן זיך געכיינדלט צו קאַפּן, נאָר אויך די אזוי גערופענע רעפּובליקאנער!

„געווער אין די הענט פון די אַרבעטער!" — — —

אין די אויגן פון די עבערט-באַוערס האט דאס אויסגעזעען פונקט אזוי געפערלעך, ווי דאס האט אויסגעזעען אין די אויגן פ ן די קאפּ-ליטוויצעס. ביידע פּאַרטייען, וואָס זיינען ווי שׂאָנים געשטאנען איינע קעגן דער אנדערער, איז טייקעף קלאָר געוואָרן, אַז מע מוז ניט דערלאָזן צו דעם „פאַרברעכן".

צום אָנהויב האבן די קאפּאָווצעס נאָך געהאָפט, אז זיי וועט

זיך איינגעבן ווייניקסטן צו נייטראַליזירן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער מיט פאַרשיידענע האַסטאָכעס, ביז וואַנען זיי וועלן אַרייננעמען פעסט אין די הענט די מעלוכע-מאַכט. אָנשטויסנדיק זיך אָבער אַף דעם אַנטשלאָסענעם קאַמף-ווילן פון די אַרבעטער, האָבן זיי גלייך געביטן זייער טאַקטיק. דעם 13-טן מאַרט איז אויסגעבראָכן דער פוטש, אין עטלעכע שאָ אַרום דער אַלגעמיינער שטרייק און שוין אין אַ טאָג אַרום האָט דער שטאַב אין מינסטער פאַראָרדנט אַ מיליטערישן מאַרש קעגן רור. געוויס האָבן זיי זיך פאַרזאָרגט מיט אַ שטילער האַסקאָמע פון די אַנטשפּרעכנדיקע סאָציאַלדעמאָקראַטישע רעגירונג-קאָמיסאַרן — זעווערינג און מייליך. די אַלטע רעגירונג האָט שפּעטער פולקום באַוויליקט דידאָזיקע האַנדלונג.

איבער נאַכט האָט מען פאַרגעסן, אַז דאָסדאָזיקע מיליטער האָט נאָר וואָס די ערשטע געשטערט די רו און אָרדענונג. נאָר אומזיסט האָבן זיי געוואַרט, אַז די אַרבעטער וועלן זיך לאָזן אָן ווידערשטאַנד אַנטוואָפענען דורכן בלוטיקן מיליטער פון גענעראַל וואַטער און זיך איבערגעבן אָף זיין גנאָד. דעם 16-טן מאַרט זיינען צעשטערט געוואָרן טיילן פון ליכטשלאַגס קאָרפּוס נעבן וועטער און הערדעקע. מיט דער הילף פון דעראָבערטן געווער, האָט זיך איינגעגעבן אין אַ טאָג אַרום, נאָך פאַרביטערטע גאַסן-שלאַכטן, פאַרניכטן אין דאָרטמונד דעם גרעסטן טייל פון דעם קאָרפּוס און די פאַרבונדענע מיט אים פּאָליציי און איינוווינער-מיליץ.

אין דערזעלביקער צייט זיינען פאָרגעקומען גרויסע שלאַכטן אין ווערדען, לענעפּ, באַרמען, עסען, הייליגענהאַוז און אין אַנדערע ערטער, און אומעטום זיינען די אַרבעטער אַרויס די זיגער. אין רעמשייד האָט ליטצאָווס קאָרפּוס געמאַכט אַ פּראָוואָקאַטאָרישן פאַראַד מיט אָרקעסטערן און שוואַרץ-ווייס-רויטע פאָנעס. די אַרבעטער האָבן פון דאָרטן פאַריאָגט די קאַפּ-באַנדיטן אין אַן אַכצןשעהיקן שלאַכט אין געביט, וואָס איז געווען באַזעצט פון די ענגלענדער. אומעטום האָט דאָס מיליטער געהאַט שווערע בלוטיקע פאַרלוסטן, די אַרבעטער האָבן גענומען אַסאַך געפאַנגענע און אַ גרויסע צאָל שווערע און לייכטע קריג-מאַטעריאַל.

די לאַנגע פּאַר שולצס קאָרפּוס, וואָס איז געשטאַנען אין מיל-היים, דויסבורג און האַמבאָרן, ווי אויך פאַרן מיליטער אין די-סעלדאָרף און עסען איז געוואָרן אומדערטרעגלעך. אונטערן דרוק פון די באַוואָפנטע אַרבעטער, זיינען זיי אָפּגעטראָטן צו צאָפן, צו דער פעסטונג וועזעל. באַם אָפּטרעטן האָבן זיי געהאַט קעסיידער-דיקע שווערע קאַמפן מיט די ארבעטער און פאַרלאָרן אַסאַך מענטשן און געווער.

אין עטלעכע טעג איז דער גאַנצער אינדוסטריעלער געביט געווען אָפּגערייניקט פון די קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע מיליטערישע באַנדעס. די אַרבעטער האָבן זיך באַוואָפנט. אין קאַמף האָבן זיך פאָרמירט אַרבעטער-אָפּטיילונגען, פאַריאָגנדיק דעם אַנטלויפנדיקן סוינע ביז די ווענט פון דער פעסטונג וועזעל. אין וועסטפאַליע האָבן די באַוואָפנטע ארבעטער-אָפּטיילונגען דערגרייכט ביז זיבן קילאָמעטער פאַר מינסטער. אָבער אין רוקן פונעם געשלאָ-גענעם מיליטער איז אַלץ געבליבן רויק און דעריבער איז זיי געלונגען זיך איינהאַלטן באַ דער ליפּע, ווו ס'האָט זיך געשאַפן אַן עמעסער שלאַכט-פראָנט פון האַם ביז וועזעל.

סווערטרופּ, וואָס ליגט אַפן וועג צו וועזעל, איז אויך אריינ-געצויגן געוואָרן אין די שווערסטע שלאַכטן. די שאַכטיאָרן און די אַרבעטער פון די דאָמנעס, וואָס זיינען דאָ געווען באַזונדער אַק-טיוו; האָבן דורכגעפירט, ניט געקוקט אַפן ווידערשטאַנד פון איי-ניקע אויספירקאָם-מיטגלידער, אַ באַשטימונג וועגן אָרגאַניזירן אַן אַרבעטער-מיליץ. עס האָבן געזאָלט אָרגאַניזירט ווערן פינף אָפּ-טיילונגען צו הונדערט מאַן, וואָס זאָלן זיך גרופּירן ארום די אַרבעטער-קווארטאַלן. עס האָבן זיך אָבער געמעלדעט צום פאַר-שרייבן זיך פיר מאָל אַזוי פיל ארבעטער. נאָר פאַר אַ קנאַפער העלפט האָט געסטייעט ביקסן, נאָך איינינקע שלאָג-גרופּעס האָט מען באַוואָפנט מיט פּיסטאָלעטן, באַגנעטן און האַנט-גראַנאַטן; אַלע האָבן געפאָדערט, מע זאָל זיי וואָס גיכער ערגעץ ווו פירן, קעדיי זיך צו פאַרמעסטן מיט דער קאָנטר-רעוואָלוציע און אוועק-נעמען באַ זיי נאָך געווער.

„וואָס די דאָרטמונדער שאַכטיאָרן קענען, קענען די סוואָר־טרופּער אויך".

אזוי איז געווען די אלגעמיינע שטימונג.

לוים ריזעס פאָרשלאג, האט דער בירגערמייסטער ד״ר לי־וועגקול אָנגעהויבן ווידער צו פירן די געשעפטן פון דער שטאָט־פאַרוואלטונג. יעיטנער און ריזע,ביידע פּאַרזיצער פון אויספיר־קאָמיטעט, זיינען פרייטיק אינדערפרי געקומען צום בירגערמייס־טער זיך דורכריידן וועגן דער באַזאָרגונג מיט לעבנס־מיטלען. עס האָט זיך אָפּגעשטעלט דער צופיר און דעריבער זיינען די זאַפּאַסן געוואָרן אַלץ קלענער. ניט געקוקט אף אלע דעקרעטן זיינען בא די סאָכרים פאַרשוואונדן געוואָרן אלע פּראָדוקטן. עס איז געווען קלאָר, אַז אויב עס וועט זיך ניט איינגעבן ווי ניט איז איינשטעלן די באַזאָרגונג, דראָט אַן ערנסטע געפאַר פאַרן דורכפירן דעם גענעראַל־שטרייק.

פאַרן ראַטהויז האָבן ביידע פּאַרזיצערס דערזעען אַ גרויסע מאַסע, וואס האט אַרומגערינגלט אַ פאַרשפּריצטן פון אויבן ביז אַראָפּ מיט בלאָטע מיליטערישן אווטאָמאָביל אונטער אַ ווייסן פלאג. דער שאָפער, אַן אונטער־אָפיצער, איז געזעסן מיט אַ פאַר־שטיינערטן געזיכט אין אַווטאָמאָביל, ארום זיך האָט ער געהאט אַ האלבע טוץ געלאָדענע ביקסן און אַ הויפן צוגעגרייטע צום ווארפן האַנט־גראנאטן.

דאָס באַוויזן זיך פון די ביידע באקאנטע אַרבעטער־פירער האט איבערגעריסן די פיינטלעכע שטילקייט פונעם אופגעזאַמלטן אוילעם.

„צוויי אָפיצערן זיינען נאָר וואָס אריין צום בירגערמייסטער", האט מען געשריען זיי אַנטקעגן.

„מוזן מיר אַ קוק טאָן", האט געזאָגט יעיטנער און האט אָנ־געהויבן צו לויפן ארוף, שפּרינגענדיק איבער צוויי טרעפּלעך. נאָך אים זיינען געגאַנגען ריזע און דער נאָר וואָס אָנגעקומענער צור־לינדען.

„עס איז זייער גוט, מיינע הערן, וואָס איר זייט גראדע גע־קומען", האט זיי אופגענומען דער בירגערמייסטער, דערלאנגענ־

דיק די האנט. „מע האט מיר נאָר וואָס מיטגעטיילט, אַז אין אַ האַלבע שאָ אַרום וועט בא אונדז דורכמאַרשירן דער מילהיימער פּאָלק". און האט אָנגעוויזן אף צוויי אָפיצערן, וואָס זיינען דערביי געשטאַנען. „די הערן זיינען פון אויספיר-קאָמיטעט", האָט ער געזאָגט צו די אָפיצערן.

דער עלטערער פון ביידע אָפיצערן האט זיך מיליטעריש באַגריסט, געשטעלט אַ טריט פאָרויס און מיט אַ קלינגענדיקער שטימע באַמיענדיק זיך ניט צו קוקן אף קיינעם, געזאָגט: „מיר ווילן ניט פאַרנעמען סוועדטרופּ, מיר מוזן אָבער דורכמאַרשירן און וואָלטן וועלן אויסמיידן צוזאַמענשטויסן מיט דער ארבעטערשאפט".

„דאָס וואָלטן מיר אויך וועלן", האט זיך צוגעיילט ריזע.

„עס ווענדט זיך נאָך, צוליב וועלכע צוועקן דער פּאָלק דאַרף דאָ דורכמאַרשירן און מיט וועלכער רעגירונג ער האלט", האט שאַרף אַ זאָג געטאָן יעיטנער, אַ צערייצטער פון ריזעס ארויסשפרינגען.

„מיר מאַרשירן לויט אַ באַקומענעם באפעל, וועגן דעם צוועק פון דעם מאַרש האט מען מיך ניט באפולמעכטיקט אייך צו אינפאָרמירן. וואָס שייעך אונדזער פּאָליטישער שטעלונג"—דער פּאָלקאָווניק האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם — „מיר זיינען סאָלדאטן, קימערן זיך ווייניק וואָס וועגן פּאָליטיק און מיר פּאָלגן נאָר די באַפעלן פון אונדזער שעף".

אַ מאָמענט האט יעיטנער זיך ניט געפונען וואָס צו ענטפערן אף די דיפּלאָמאטישע רייד און צורלינדען האט אומבאהאָלפן געקוקט אף זיינע ביידע כאוורים. ריזע האט דאס אויסגענוצט און זיך געיילט דערקלערן, אַז די היגע ארבעטערשאפט איז פאַר רו און אָרדענונג און אַז דער אויספירקאָם וועט זאָרגן דערפאַר, אַז עס זאָל ניט קומען צו קיין צוזאמענשטויסן.

„דערלויבט, ריזע, דו ביזט דאָך ניט דער אויספירקאָמיטעט. אויב די הערן ווילן פירן אונטערהאנדלונגען, מוזן זיי זיך באַמיען אין פּאָלקהויז", האט אַ דערצאָרנטער אויסגעשריען צורלינדען. די אָפיצערן האבן מיט האס אַ קוק געטאָן אַף ארבעטער.

„מיר זיינען ניט געקומען פירן אונטערהאנדלונגען מיט וועלכן ניט איז אויספיר-קאָמיטעט", האט געזאָגט דער פּאָלקאָווניק. „מיר זיינען געקומען נאָר מיטיילן דעם בירגערמייסטער. אויסער דעם האבן מיר נאָר קיין צייט ניט אף אונטערהאנדלונגען. איך האב שוין געהערט, אז איר האט דאָ אַ באַוואָפנטע אַרבעטער-מיליץ. אונדזערע סאָלדאטן זיינען פרירלעך, אָבער זיי זיינען זייער אופגערעגט..."

„מיר אויך", האט אים איבערגעריסן צורלינדען.

— „זייער אופגערעגט", האט פאָרגעזעצט דער אָפיצער מיט אַ שאַרפערן טאָן. „ווען מען אונדז באפאלן, וועלן מיר שיסן פון הארמאטן".

„דאָס איז ווייניקסטנס קלאָר, אָבער מיר וועלן זיך ניט לאָזן מער אָנשרעקן, די צייטן זיינען פאַרביי", האט דערווידערט דער שאכ-טיאָר אָן אופגעבראכטער.

„דאָס איז ניט קיין דראָונג, נאָר אַ וואָרענונג, ווייל עס זיינען דאָ געוויסע דערפאָרונגען", האט געזאָגט דער פאָלקאָווניק מיט אייזערנער רויקייט.

„אָבער, מיינע הערן, באַטראכט זיך, וואָס וועט ווערן פון אונדזער ליבער שטאָט, די פאָלגן וועלן דאָך זיין שרעקלעכע", האט געפרוווט דער בירגערמייסטער זיך אריינצומישן.

„איר קענט דאָך אונדזערע שאַכטיאָרן", האט געזאָגט יעיטנער. „די הערן מיידן דאָ אויס צו געבן א קלאָרע דערקלערונג וועגן זייער שטעלונג צו דער רעגירונג. זיי באהאלטן זיך הינטערן שעף, דעם גענעראל וואטער. אף וויפל איך ווייס, איז וואטער אף דער זייט פון קאפּ-ליטוויץ. איר ווייסט דאָס געוויס אויך".

די ביידע אָפיצערן האבן זיך איבערגעקוקט און אָנגעטאָן די לעדערנע הענטשקעס. דער עלטערער האָט כיטרע געשמייכלט אזוי, אז עס האָבן זיך געזען זיינע גילדענע ציין.

„אויב זיין עקסעלענץ וואטער איז פאַר קאפּ-ליטוויץ זיינען מיר אויך אזוי!"

„דאָס איז גענוג, דאַן האָבן מיר ניט וואָס צו ריידן", האָט געזאָגט יעיטנער און איז אַרויס צוזאַמען מיט ריזען און צורלינ-

דען, ניט גריסנדיק קיינעם ניט. דיביידע אָפיצערן האָבן זיך מיליטעריש געזעגנט מיטן בירגערמייסטער און זיינען אַראָפּ פון די טרעפּ, קלינגענדיק מיט די שפּאָרן.

ווי נאָר דער האַמוין, וואָס האָט זיך דערהיילע שטאַרק פאַנאַנדער-געוואַקסן, האָט זיי דערזעען אַרויסגייענדיק, האט זיך אָנ-געהויבן א פייפעריי און א געשריי. דערשראָקענע זיינען זיי גע-בליבן שטיין. ארבעטער האָבן פונקט אַרויסגעשלעפּט דאָס געווער פון אַוטאָמאָביל.

„מיר זיינען פאַרלאמענטיארן, מיר פאַרלאנגען שוץ און א פרייען וועג", האָט זיך געווענדעט, בלייך ווערנדיק, דער לייטע-נאַנט צום בירגערמייסטער, וואָס איז זיי נאָכגעגאַנגען. ליוועגקול האָט נאָך באַוויזן צו כאַפּן יעיטנערן.

„הער ראטמאַן, זעט וואָס עס טוט זיך! אום גאָטס ווילן, זעט, זאָרגט וועגן דער אומבארירלעכקייט פון די פאַרלאמענטיאָרן", האָט ער זיך געשטיקט. ריזע האָט אויך געפּרוווט פאַרמיטלען.

„קיינער וועט זיי גאָרניט טאָן. מע קאָן זיי אויך מיטגעבן א פּאָר מענטשן, וואָס זאָלן זיי באַגלייטן פון שטאָט", האָט מיט פאַראכטונג אַרויסגעזאָגט יעיטנער.

„איר זייט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אונדזער זיכערקייט, מיין הער", האָט געזאָגט דער פאָלקאָווניק, וואָס איז אין גאַנצן גרין געוואָרן. „מיר זיינען געקומען ווי פאַרלאמענטיאָרן. איך בעט אייך, זעט מען זאָל אונדז צוריקגעבן אונדזער געווער".

„פאַרלאמענטיאָרן און געווער?—ווי פּאַרט זיך דאָס? וואָלטן אַרבעטער ווי פאַרלאַמענטיאָרן געקומען מיט געווער, וואָלט איר זיי טייקעף זיכער געשטעלט צום וואַנטל. זייט צופרידן, וואָס נאָך אייערע קלאָרע דיבורים, לאָזן מיר אייך אָפּ", האָט קאַלט געענטפערט יעיטנער.

דער אָפיצער האָט פאַרביסן די ליפּן און האָט שטיל געוואַרט, ביז מע האָט פאַר זיי פריי געמאַכט א וועג צום אַוטאָמאָביל. זיי האָבן זיך שנעל אַריינגעזעצט. צוויי באַוואָפנטע ארבעטער האָבן זיך געשטעלט אף די טרעפּלעך און דער אַוטאָמאָביל איז לאַנג-

זאם אָפּגעפּאָרן. דער אווילאָם האָט אים באַגלייט מיט א פּייפּעריי און זירלעריי.

אין פֿאָלקהויז, ווו עס האָבן זיך שוין פֿאַרזאַמלט די מערהייט מיטגלידער פֿון אויספּירקאָם, וואָס האָבן זיך דערוווּסט וועגן דעם אָנקומען פֿון מיליטער, האָט זיך געטאָן אַף טיש און אַף בענק. קיינער האָט נים געוווּסט, וואָס הויבט מען אָן צו טאָן.

„אַליאַרמירן די אַרבעטער-מיליץ!"—„מיר מוזן אויסבויען באַ-ריקאַדן!"—„ווו איז רוקערס?" אָבער קיין איין מיטגליד פֿון דעם זיכערהייט-קאָמיטעט האָט מען נים געזעען.

ריזעס קאָל האָט זיך דורכגעריסן דורכן טומעל.

„וואָס זייט איר מעשוגע געוואָרן? מיט א פּאָר ביקסלעך ווילט איר ארויסטרעטן קעגן א גאַנצן פּאָלק. די קאַפּאַווצעס האָבן האַרמאַטן.—די גאַנצע שטאָט וועט איר פֿאַרוואַנדלען אין כורוועס", האָט ער געררעוועט, שפּריצנדיק מיט שפּייעכץ.

„זאָלן מיר עפּשער וואַרטן ביז וואַנען דיין כאַווער נאָסקע וועט אונדז אויך געבן האַרמאַטן?" האָט סאַרקאַסטיש געפֿרעגט דער שאַכטיאָר פּעלגענטרוי.

„איר ווייסט נים וואָס איר טוט! געדענקט וועגן אייערע פֿרויען און קינדער!" האָט זיך געבעטן דער פּראָפּאַריינישער סעקרעטאַר, וועלכער האָט צו זיין שרעק דערפֿילט, אַז ער וועט דאָ גאָרנישט פּויעלן.

„וועגן זיי טראַכטן מיר טאַקע", האָט געענטפֿערט זיין פּאַר-טיי-כאַווער שמידס.

יעיטנער האָט געפֿילט די שווערע לאַסט פֿון דער פֿאַראַנטוואָרט-קייט, וואָס עס ליגט אַף אים, ער האָט אויך אינגאַנצן פֿאַרלאָרן דעם קאָפּ. „וואָס קאָנען מיר טאָן? מיר וועלן נים קענען די אַר-בעטער איינהאַלטן", האָט ער שטיל געזאָגט.

ריזע האָט זיך ווידער א כאַפּ געטאָן. „מיר מוזן די זייטיקע גאַסן פֿון דער ראַטינגער-גאַס פֿאַרשפּאַרן מיט דער הילף פֿון דער אַרבעטער-מיליץ, ווייניקסטן אַף צוויי הונדערט מעטער אין דער טיף, קעדיי נים דערלאָזן צו צוזאַמענשטויסן", האָט ער מיט קויכעס אויסגעשריען.

„דערצו איז די ארבעטער-מיליץ ניט געשאָסן געוואָרן, אויסער-דעם וועט קיין איין באוואָפנטער פּראָלעטאריער ניט גיין אַף דעם. די גאַס איז אונדזערע", האט זיך דערהערט א באקאנטער קאָל בא דער טיר. די דריי מיטגלידער פון זיכערהייטס-קאָמיטעט זיינען גלייך אַרומגערינגלט געוואָרן. „שטילער", האָט געהייסן רוקערס, און עס איז גלייך געוואָרן שטיל.

„נאָר וואָס", האָט ער אָנגעהויבן, „האָבן מיר דערהאַלטן ידיעס, אז אומעטום, ווו דאָס מיליטער גייט דורך, קומען פּאָר שלאַכטן. מע דאַרף זיי פאַר קיין פאַל ניט דורכלאָזן, ווייל בעלי סאָפעק וועלן זיי מיט פאַרשטארקטע קרעפטן קומען צוריק. אונדזערע כעוורע ווילן דורכויס אָנגרייפן, זיי ברענען פאַשעס. די פערטע אָפּטיילונג שטייט שוין גרייט אַפן הויף פון דער „בעאטע", די אנדערע זיינען נאָך ניט אליארמירט, אָבער..."

„וואָס, נאָך ניט אַליאַרמירט? וואס טראַכט איר זיך, צום טייוול?" האָט געפרעגט קעספעלד.

רוקערס האט א מאך געטאָן מיט דער האַנט. „אליארמירן איז ניט אזוי שווער, אונדזערע שאַכטיאָרן שלאָפן מיטן שפייער און טערן קישן. אָבער אוועקשיקן צוריק א היים איז ניט אזוי איינ-פאַך אין פאַל, אויב איר וועט ניט וועלן ברייגגען קיין קאָרבאָ-נעס. איר מוזט וויסן, אז אין קאַמף וועט ארייגגעצויגן ווערן ניט נאָר די ארבעטער-מיליץ, נאָר די גאנצע באפעלקערונג און עס וועט קאָסטן גרויסע, גרויסע קאָרבאָנעס אויך צווישן די, וואָס וועלן ניט קעמפן, צווישן די פרויען און קינדער!"

„דאָס זאָגט דאָך כאווער ריזע אויך, נאָר מע לאָזט אים ניט ריידן", האט זיך ארויסגעכאפּט קיפער.

יעיסנער האט זיך אומבאהאָלפן ארומגעקוקט. „כאוויירים, איך בין ניט קיין סאָלדאט, מיר פעלן די גויטיקע קענטעניש.—אויב דער זיכערהיים-קאָמיטעט, וואָס דאַרף זיך פאַרשטיין אַף אזעלכע זאַכן, מיינט—דאָס הייסט, די איין פראַגע מוזט איר פאַרענטפערן: צי בא דער געגעבענער איצטיקער קרעפטן-פאַרהעלטעניש האָט אַן אָנגריף פון אונדזער זייט וועלכן ניט איז זין, צי האט ער

אויסזיכטן אַף דערפֿאָלג, און צי ווּעט דאָס ניט בלייבן ניט מער ווי א בלוטיקער זשעסט?"

אף רוקערס שטערן האָבן זיך די פֿאַלדן נאָך מער פֿאַרטיפֿט. „ריין מיליטעריש זיינען זיי שטאַרקער פֿאַר אונדז. אויך וועלן מיר דאַרפֿן נעמען אין אַכט די עסענער און דיסעלדאָרפֿער אָפּטיילונגען. קיין גאַראַנטיע קאָן קיין מענטש ניט געבן. סע הענגט אָפּ אויסשליסלעך פֿון דער קאַמף-שטימונג פֿון אונדזערע ארבעטער און פֿון דעם צושטאַנד פֿון מיליטער פֿון דער צווייטער זייט".

„אָבער געוועד! איר האט דאָך ניט קיין געווער!" האָט געשריען ריזע, קלאַפּנדיק מיטן פֿויסט אין טיש.

פֿעלגענגנטרוי האט זיך א קלאַפּ געטאָן מיט די פֿינגער אין שטערן. „די כאוויירים אין וועטער האָבן אויך די האַרמאטן דעראָבערט אין שלאכט, און מיר וועלן דאס אויך אַזוי מאַכן, איך האַלט, אז אף צום אָנהויבן האָבן מיר אסאך מער ווי די כאוויירים ערגעץ אנדערשוווּ".

„כאוויירים, באשליסט, די צייט וואַרט ניט. בא אזעלכע מיינונג-פֿאַרשיידנהייטן קאָן איך אליין ניט איבערנעמען די פֿאַראנטוואָרטלעכקייט", האָט געיילט רוקערס, וועמעס נערוון זיינען געווען ביז גאָר אָנגעשפּאַנט. „אָדער מיר וואַרפֿן אונדזערע מענטשן אַפֿן וואָגשאָל און קעמפֿן ביז אַף מעסערס, אָדער מיר גייען זיך לייגן שלאָפֿן".

פֿלוצלינג איז גאָר שטיל געוואָרן. יעדערער פֿילנדיק אף זיך די לאַסט פֿון פֿאַראנטוואָרטלעכקייט, האט אראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, זיך פֿאַרטראַכט. דאן האָט זיך דערהערט, ווי ערגעץ פֿון ווייטן קומענדיק, א שטימע, וואָס האט געציטערט פֿון שלעכט פֿאַרבאַהאלטענער אופרעגונג:

„עפּשער, כאוויירים, נעמענדיק אין באטראַכט די אומגלייכקייט פֿון די קרעפֿטן, וועלן מיר זיך אָפּזאָגן פֿון א שלאַכט אין שטאָט!"

דאָס האָט געזאָגט דער טראַמוויי-ארבעטער שמידט.

„איך וועל אָפּשטימען. ווער איז פֿאַר דעם, אַז מיר זאָלן ניט

אָנגרייפֿן, זאָל אופהויבן די האַנט", האָט אויסגערופֿן יעיפּנער אנטשלאָסן.

א צאָל הענט האָבן זיך אופגעהויבן.

„ווער איז קעגן?"

„הויבט די הענט", האָבן מיט אמאָל אויסגעשריען גראָטע און פעלגענטרוי.

„צווייפלהאַפט!"

„נאָכאמאָל אָפּשטימען!"

„ציילן" — — —

אין דעם מאָמענט האָבן זיך דערהערט פֿון אלע זייטן אַליאַרעם-סיגנאַלן פֿון די זאַוואָד סירענעס. אלע האָבן ווי אונטערגעשאָסענע אופגעשפרונגען.

„דער אליאַרעם-סיגנאַל!" — — —

„צו שפעט, זיי זיינען שוין דאָ, און איר האָט אזוי לאַנג גע-פּלאַפּלט!"

קעספעלד האָט א זעץ געטאָן מיט שטול אָן דער פּאָדלאָגע, אז די פיסלעך האָבן צעפלויגן זיך אף שטיקלעך.

רוקערס האט געגעבן א קרעכץ, ווי א כייע, וואָס איז שטערב-לעך פאַרווונדעט. ריזע האָט זיך געשטיקט ווי א היסטערישע פרוי:

„פאַר דעם, וואָס קומט איצט פאָר, טראָגט איר אליין די פאַר-אנטוואָרטלעכקייט, איך מיש זיך ניט מער, איך גיי אהיים!"

„מיר מוזן איצט פּרובּירן מיט אלע קרעפטן, אָרגאניזירן אַף וויפל דאָס איז נאָך מעגלעך. טוט אלע אָן די לענטעס אף די ארבעל, פאַרנעמט ערטער לענגויס דער ראטינגער-גאס, מיר מוזן פאַרהיטן פֿון ערגסטן, פֿון א פלאַנלאָזן שלאַכט", האט רוקערס אויסגעשריען און איז דער ערשטער ארויסגעלאָפן אַף דער גאס. — — —

## 13. קאפּיטל

ערנסט זוקראָוו איז אין דעם פרימאָרגן ארויס שפּאַצירן אין דער ריכטונג פֿון זידערהאָלט. די פריילינגדיקע זון האָט געקעמפט

מיטן דורכזיכטיקן נעפל, וואָס האָט פאַרדעקט די קוימענס, די אופּצי-טורעמס, די דאָמנעס. אף דער וויסטער לאָנקע באַם קאַ-נאַל האָבן א פּאָר אויסגעמאָגערטע ציגן געלעקט דאָס ביסל גרינס, און אַ פויגעלע האָט אין דער ווייט געטרילערט. „דער פרילינג האָט זיך פאַרבלאָנדזשעט אין דער כווישעכדיקער געגנט", האָט געטראַכט זוקראָוו. זיינע געדאנקען האָבן ווייט איבערגע-יאָגט זיינע טריט, זיי זיינען פאַרלאָפן אהין, ווו עס זיינען ניטאָ קיין מיעסע, איבערגעפּולטע מיט קראנקע מענטשן, אינדוסטריעלע שטעט. זיינע געפילן האָבן זיך סאָפּקאָלסאָף אויסגעדריקט אין א פריילעכער באַסיאַקישער ליד, וועלכע ער פלעגט אמאָל אָפט זינגען אין די סטודענטישע קרייזן.

ערשט איצט באַ די ערשטע פרילינג-ווינטלעך האָט ער דער-פילט, דאָס, וואָס האט אים אף אים געדריקט דעם גאנצן ווינטער. ער האָט זיך ניט געפּאסט אהער, ער וועט קיינמאָל ניט קאָנען צוגעוווינען זיך צום קוילן-שטויב, צו די אש-רעגנס, צו דעמדאָ-זיקן שטענדיק גרויען הימל. וועלן דאָ ווידער אָנהויבן צו רוי-כערן די קוימענס, וועט גלייך א סאָף ווערן צום שטיקל פרילינג.

שפּאַנענדיק ווייטער איז ער געקומען צו א באַשטימטן באַשלוס: ער וועט דאָ ניט בלייבן! זיינע טרוימען האָט ער דאָ אינגאַנצן אויסגעטרוימט, סיי פון דער שאַכטיאָר-פּאָעזיע, סיי פון דער סאָ-ציאלער רעפּובליק. אויך די ליבע-ליד איז אויסגעזוּנגען. די קינ-דער-מייסע וועגן אָרעמען פּאַסטעכל און שיינער פרינצעסן! ער האָט געלאַכט און געשעמט זיך אין איין צייט, און האט געפילט אַ באַפרידיקונג דערין, וואָס ער האט צו זיך איבערגעכאַזערט: „דו ביזט אַ אייזל, דו ביזט א גרויסער אייזל, דו ביזט אזא גרוי-סער אייזעל, ווי עס איז נאָך קיינמאָל ניט געווען!"

אָבער. גאָט צו דאַנקען! דאָס אַלץ איז שוין נעווען ווייט פון הינטן. די האַרטע שול דאָ איז ניט געווען קיין אומזיסטע! ער האט געפּרוווט נעמען דאס לעבן פאַר די הערנער און איז גע-בליבן א זיגער. ער איז קענטיק רייפער געוואָרן און פון דעם איז ער אווי צופרידן, אַז ער קאָן פריילעך זינגען.

ווי נאָר עס ענדיקט זיך דער אלגעמיינער שטרייק, גייט ער

אוועק! זיין הויכשול זאָל איצט ווערן דער וועג. צופוס לענגויס דעם ריין, ווי גראָסע האט עס אזויפיל מאָל דערציילט. מיט זיינע פּאָר הענט, וואָס זיינען שוין געוויינט צו אַרבעטן, וועט ער אומעטום דורכקומען.

דאָ האַלט אים קיין זאַך ניט אויף.

„מערי?" — — —

א לייכטער שטאָך אין האַרצן האט געוויזן, אז עס זיצט נאָך דאָרט א דאָרן. אָבער דאָרטן, אַף די פרייע פעלדער וועט זיך דאָס פאַרהיילן. זי און גראָסע פאַסן אסאַך בעסער איינער צום אַנדערן. גראָסע האט זיך שוין גענוג ארומגעיאָגט איבער דער וועלט און דאַרף שוין דאָ פאַרוואַרפן אַן אַנקער. זאָלן זיי ביידע גליקלעך זיין. ער ווינטשט זיי אַלדאָס גוטס.

פון ווייטן האָט זיך דערהערט אַ זינגענדיקער טאָן. ער איז געבליבן שטיין, דאָס איז דאָך געווען דער פייף פון „דייטשישער ערד"?

אַן אַליארעם-סיגנאל!? — — —

מיט גרויסע טריט איז ער אַוועק צוריק צו דער שטאָט. איצט האָט ער דייטלעך דערקענט דעם שאַרפן פייף פון „בעאטע", דעם טעמפּן ברומען פון „קאלטענבאָרן און אַפּליער"! ער האָט אָנגעהויבן צו לויפן.

פּלוצלינג איז ער געבליבן ווי א צוגעשמידטער שטיין. דורך דעם וויען פון די אַליאַרעם-סירענעס האט דורכגעדרונגען דאָס אזוי גוט באקאנטע „טאק-טאק-טאק" פון א קוילן-וואַרפער. אַן צווייפל, די סווערטערופער ארבעטער שלאָגן זיך.

א ווילדער קאַאָס האט אים אָנגעכאפּט, א ווילדע רעציכע אי-בער זיין אייגענער לאַגע. ערשט נעכטן אין אָוונט האט ער ווי-דער מיט גראָסען גערעדט וועגן ארבעט בא דער ארבעטער-מי-ליץ. ער האָט געוואָלט ארבעטן, באַשעפטיקן זיך, ברענגען נוצן.

„וועט ווערן די לאַגע ערנסט, וועסטו ווערן קאָמאנדיר און איך דיין אדיוטאנט", האט געזאָגט גראָסע. דערנאָך האָבן זיי א גאַנצע שאָ געשמועסט וועגן פאַרשיידענע אָרגאניזאטארישע און טעכנישע איינצלהייטן. די מיליטערישע קענטעניש פון דעם יונגן קאָמו-

ניסט, וואס איז געווען אַ פּאַשעטער אינפּאַנטעריסט, האָבן אים דערביי פּאַשעט איבערגעשט. בעלי סאָפּעק וועלן זיי ביידע צוזאַמען עפּעס קאָנען אופּטאָן. „זיי נאָר צוגעגרייט, מיר וועלן דיך שוין אויסנוצן", האט אים צולעצט גראָטע געזאָגט. איצט האט מען זיך געגויטיקט אין אים און ער איז דאָ ארומגעלאָפן—ווייל ער האט ניט געהאט קיין געדולד צו וואַרטן, ווייל ער האָט זיך באַצויגן ניט געגוג ערנסט און האָט ניט געגלויבט, אז עס וועט אויסקומען זיך צו שלאָגן.

באַם ברעג פון קאנאל האט ער דערזעען אַן ארבעטער אף א וועלאָסיפּעד. ער איז צו אים צוגעלאָפן.

„אין סווערטרופ גייט א שלאַכט; איך מוז דאָרטן זיין; נעמט מיך מיט!" האָט ער אַ געשריי געטאָן צום אַרבעטער.

„שטעל זיך אוועק פון הינטן", האט יענער געענטפערט, אונטערהאַלטנדיק מיט דער רעכטער פוס די גלייכגעוויכט. פון דער שטאָט, צו וועלכער עס איז נאָך געבליבן בא א צוויי קילאָמעטער, האָט זיך דערהערט א טעמפּער גערויש.

„דאָס ארבעטן מינענוואַרפער!" האט א געשריי געטאָן דער ארבעטער און האָט אָנגעהויבן צו יאָגן מיט אלע קרעפטן.

אין א פּאָר מינוט ארום זיינען זיי אַריינגעפאָרן אין שטאָט. די העל באלויכטענע פון די זונען-שטראַלן גאס איז געווען ווי אויסגעשטאָרבן, אָבער פון דעם נאָענטסטן ראָג איז אָנגעקומען אַן אופגערעגטער האמוין מענער, פרויען און קינדער. זידל-ווערטער, געוויין און וויסטע קלאָלעס! אינמיטן די וויינענדיקע פרויען און זשעסטיקולירנדיקע מענער האָט אונטערגעהינקט אַן אַלטער מאַן, האַלטנדיק אַפן רעכטן אַקסל אַ נעבעכדיק בינדל פּאַרוויקלט אין שמאַטעס. פון בינדל איז אַראָפּגערונען רויטע בלוט.

„העלעלמאַן! — — — גאָט אין הימל, וואס איז געשען?"

דער אלטער האָט געגלאָצט אף אים מיט ווילדע אויגן, ווי ער וואָלט אים ניט געקענט.

„פיר יינגלעך זיינען אומגעקומען אף דער מילכאָמע, דעם לעצטן האבן פּאַראַיאָרן נאָסקעס באַנדיטן געשאָסן אין באָטראָפּ און איצט אויך די האַנבען!" האט געמורמלט דאָס אָנציינעדיקע

מויל. דאָס קינדערקערפּערל, וואָס האָט אַראָפּגעהאַנגען אָן אַ שפּור לעבן מיט גלעזערנע אויגן, האָט געזאָגט, אַז קיין דאָקטער וועט דאָ שוין ניט העלפן. אָן אַרבעטער האָט דערציילט:

„אַ פּאַנצער-אויטאָמאָביל איז געפאָרן לענגאויס דער גרעפּראַ-טער-גאַס און האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן צו שיסן פון קוילנוואַר-פער לינקס און רעכטס איבער די הייזער. דאָס קליין ווערן איז דערהאַרגעט געוואָרן אין זיין בעטל".

דורכן האַמוין איז דורכגעגאַנגען אַ כאַיעש ברומען. אַן אַרבע-טער האָט אַ הויב געטאָן אַ פאַרזשאַווערטן ביקס.

„נעקאָמע! נעקאָמע!"

„גיב מיר!" האָט אַ ריס געטאָן זוקראָוו, כאַפּנדיק זיך אינ-סטינקטיוו צום ביקס.

„ביזט מיר צו קלוג!" האָט נעענטפערט יענער, געגעבן אים אַזאַ שטויס, אַז ער האָט זיך אָפּגעקלאַפּט אָן דערבייַיקן פאַרקאַן און איז אַוועקגעלאָפן אין דער ריכטונג, ווו ס'האָט זיך געהערט די טראַסקעריי פון די קוילנוואַרפער.

*

מיט אַ קורצער צייט צוריק איידער עס האָבן אָנגעהויבן צו פייפן די אַליאַרעם-סיגנאַלן האָט זיך אָפן הינדענבורג-מאַרק אָפּ-געשטעלט אַ ראָטע מיליטער. ניט אַראָפּנעמענדיק די ראַנצעס און ניט אַוועקשטעלנדיק די ביקסן, האָבן זיי אָנגענומען וואַסער און געטרונקען פונעם ברונעם, וואָס איז געווען אָפן פּלאַץ. אונטער די שטאָלענע העלמס האָט מען געזען יונגע אָבער אויסגעמאַ-טערטע פאַרכוישעכטע פּנימער.

די אָפיצערן זיינען אַרומגעלאָפן, טרייבנדיק די סאָלדאַטן, זיי זאָלן זיך איילן. דער האַמוין, וואָס האָט זיך אַרומגעקליבן אַרום זיי האָט זיי קענטיק נערוועז געמאַכט:

הינטער דער ראָטע איז אָנגעפאָרן אַן אָפּטיילונג מיט שווערע קוילנוואַרפער; נאָך זיי איז געגאַנגען אַן אָבאָז. אַ סאַניטאַר מיט אַ פולן עמער וואַסער איז צוגעגאַנגען צו איינער פון די פורן און האָט אָפּגעדעקט די פּלאַנדעקע. דער אוילאָם האָט דערזעען ליגנדיקע און זיצנדיקע פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן מיט געל געוואָ-

רענע פענימער און בלוטיקע באַנדאַזשן. איינצלנע אויסדרוקן פון מיטגעפיל, וואס האָבן זיך דערהערט צווישן אוילאָם, זיינען גלייך ברוטאל פאַרשריען געוואָרן.

„וויפל פון אונדזערע כאַווײרים האבן זיי אָפּן געוויסן?"

„איר האט שוין פאַרגעסן פאַראַיאָריקן פייסעך?"

„אין האמבאָרן האט מען זיי געגעבן צו שמעקן!"

„א שאָד די קוילן, וואס האָבן ניט געטראָפן!"

די סאָלדאַטן האבן גוט געהערט די אַלע אויסרופן.

„ענדיקן!" האט באַפוילן דער אָנפירער צו די סאָלדאטן, ווייל ער האט גוט באַמערקט, ווי עס וואקסט די פיינטלעכע שטימונג אין פאַרזאַמלטן אוילאָם. בא די לעצטע סאָלדאַטן, וואס זיינען נאָך צוגעגאַנגען צום ברונעם, האט ער ארויסגעריסן די בעכערס און אַוועקגעטריבן.

„אָפּטיילונג — — — שטעל זיך אויס!"

א געפילדער און א פייפעריי פון האַמוין.

„איר לאָזט זיי רויק אוועקגיין, זיי זאָלן קענען ווייטער אויס־שעכטן אונדזערע ברידער. איר זייט גאָר קיין מענער ניט, שטינ־קערס זייט איר", האט אָפּגעלאָכט א פרוי פון די מענער, וואָס האָבן געדראָט מיט די פויסטן. אין דעם מאָמענט האבן אָנגע־הויבן צו יאָמערן די אַליאַרעם־סיגנאַלן. — — —

דער ערשטער צוזאַמענשטויס איז פאָרגעקומען אַף דער בריק. וואָס איז געגאנגען איבער דער אייזנבאַן. א גרויסער לאַסט־אַווטאָמאָביל, אָנגעפילט מיט סאָלדאָטן, האט געמאַכט זיך א וועג דורכן האַמוין. פון הינטן האָט/ער געהאט אָנגעבונדן א מינען־וואַרפער.

באַם אַרופאָרן אַפן בריק האט זיך דער מינענוואַרפער אָנגע־הויבן אַראָפּצוגליטשן און איז געבליבן הענגען. דער האמוין האָט זיך צוגערוקט נעענטער און א יונג יינגל האט געפרווט אָפּשניידן מיט א מעסערל די שטריק, וואס האָט געהאלטן דעם מינען־וואַרפער.

אין דעם מאָמענט איז פונעם אווטאָמאָביל אַראָפּגעפלויגן א קליינער געגנשטאנד און איז אַריינגעפאַלן צו א פרוי אין קאָ־

שיק. אינסטינקטיוו האט די פרוי דעם שוואַרצן געגנשטאַנד אַ שליידער געטאָן צוריק.

דאָס איז געווען אַן „אייער"-גראַנאַטע און זי האט אופגעריסן איבער די קעפּ פון די סאָלדאַטן אין אַווטאָמאָביל. די ווירקונג איז געווען אַ סאַפּעלע. פון איין זייט האט מען דערזעען פאַר-שפּריצטע מיט בלוט, האַלב פאַר שרעק צודולטע סאָלדאַטן, וואָס זיינען געשפּרונגען פון אוטאָמאָביל. פאַר דעם האַמוין, פון וועלכן אַסאַך האָבן די גאַנצע געשיכטע בּיכלאל ניט באַמערקט, איז דער אופרייס געווען ווי אַ סיגנאַל. בּאַ דער מערהייט איז דאָס איינ-ציקע געווער געווען די פויסטן, אָבער מע האט אראָפּגעריסן די דערשראָקענע סאָלדאַטן, מע האָט זיי געטראַסן מיט די פיס, מע האָט ארויסגעריסן דאָס געווער.

„איר הינט, איר ווילט אונדז שיסן?" — — —

פויסטן, קאָשיקעס, מעסערלעך, שליסלען, — — — קאָלבעס, באַגנעטן זיינען געלאָזן געוואָרן אין גאַנג. דער אָנדראַנג פון דער מאַסע איז געווען אַזוי גרויס, אז אין קנויל האט מען באלד פאַ-שטעט ניט געקאָנט א האַנט אופהויבן.

„דערהאַרגעט זיי, די בלוטיקע הינט!"

פּלוצלינג האָט דורכגעריסן די לופט א געדיכטע שיסעריי פון דער אנדער זייט גאַס. די שיסעריי איז געגאַנגען לענגויס דער גאַס. אין איין מאָמענט איז דער האַמוין זיך צעלאָפן. אָבער די מענער, וואָס האָבן געקראָגן דערווייל ביקסן, האָבן אָנגעהויבן צו ענטפערן פון די הייזער און פון הינטער די ראָגן.

די גאַסן-שלאַכט האָט זיך אָנגעהויבן!

פון אַלע זייטן זיינען געלאָפן אהער באַוואָפנטע און נאָך מער אומבאוואָפנטע אַרבעטער. די קנאַקעריי פון די ביקסן, די בילעריי פון די קוילנוואַרפערס, צונויפגעמישט מיט די טעמפּע אופרייסן פון די האַנט-גראַנאַטן, האָבן אופגעטרייסלט די גאַנצע שטאָט. אָבער נאָך מער האָט געווירקט דאס קעסיידערדיקע יאָמערן פון די אליארעם-סיגנאַלן.

אַף דער זייט פון די אַרבעטער איז צום אָנהויב ניט געווען קיין שום אָנפירונג. יעדערער האט געטאָן וואָס ער האָט געקענט און

וואָס ער האָט געפונען פאַר נויטיק. אָבער ביסלעכווייז, אין גאַנג פון דעם דריישאָיקן שלאַכט, האָבן זיך אויסגעבילדעט גרופן, וואָס האָבן געפירט א פלאַנמעסיקן קאַמף, האבן זיך אויסגעטיילט אין פאַרשיידענע ערטער פירערס, וואָס האבן אָנגעפירט מיטן קאַמף. האגאם די סאָלדאטן האָבן פאַרנומען די גאנצע ראטינגער־גאס, זייער איינציקן וועג צום צאָפּן, אָבער אלע זייטיקע גאַסן האָבן פאַרנומען ארבעטער, האבן דאָרט פון ברוק־שטיינער, ווע־גענער, קאסטנס אויסגעבויט באריקאַדן און פון הינטער זיי גע־האלטן אונטער א פייער די דורכגייענדיקע אָפּטיילונגען. אייניקע אָפּטיילונגען פלעגן זיך לאָזן אין די זייטיקע גאַסן, נעמען מיט שטורם די באַריקאדן, פלעגן אָבער קיינעם ניט געפינען הינטער די באַריקאדן, ווייל די ארבעטער פלעגן איבערלויפן אין די שכיינעסדיקע הייזער און פון דאָרטן שיסן אין די סאָלדאַטן.

אן אָפּטיילונג פון אַ מאַן דרייסיק, וואָס איז צו ווייט אריין אין דער ליכס-גאַס, האָט זיך פלוצלינג דערזעען ארומגערינגלט און איז געוועזן געגויט זיך אונטערגעבן און אָפּגעבן דאָס געווער. די אַרבעטער האָבן אויך געמאכט אין אסאך ערטער געלונגענע קאָנטר-אטאקעס און אין איין אָרט האָבן זיי אף אַזאַ אויפן פאַר־כאַפּט אַסאַך וואָגנס מיט ברויט און אמוניציע און פינף שווערע קוילנוואַרפער.

די אָפּטיילונגען מיליטער, וואס האָבן זיך שוין געהאַט דורכ-געריסן צו צאָפּן צו, האָבן זיך אומגעקערט און האָבן אָנגעהויבן באָמבאַרדירן די שטאָט מיט שווערע מינעס, מיט אַ מוירעדיקער בראַזגעריי האָבן זיך געריסן די מינעס, וואָס פלעגן גרעסטנטייל אריינפאלן אין די הייזער, וואָס זיינען געלעגן אויסערן שלאַכט־פעלד.

אָבער ניט דידאָזיקע אומזיניקע באָמבארדירונג, ניט די אַטאַ-קעס פון פייערשפּריצנדיקע פאנצער-אוטאָמאָבילן אין די זייטיקע גאסן האָבן ניט באוויזן איינצושטילן דעם קאמף-צאָרן פון די אַרבעטער. די שאכטעס. וואָס זיינען געלעגן ווייטער צו צאָפּן, האָבן איצט אויך ארויסגעשיקט זייערע אָפּטיילונגען אין שלאַכט. דאָס מיליטער איז אלץ מער ארומגערינגלט געוואָרן. עס איז

צווישן זיי אַנטשטאַנען א ווילדע פּאַניק. גאַנצע אָפּטיילונגען סאָל-דאַטן, אויסגעמאַטערטע פון די קעסידערדיקע שלאַכטן, מאַרשן און דעזאָרגאַניזירטע פון די פאַרשיידענע קלאַנגען, פלעגן צוועק-וואַרפן זייער געווער און זיך אונטערגעבן פאַר אַ קליין הייפל שלעכט-באַוואָפנטע שאַכטיאָרן.

אַ פּאָלקאָווניק מיט זיין אָפּטיילונג האָט צוליב דעם, וואָס די בריק איז געווען פאַרשטאָפּט, געפּרוווט איבערגיין די באַן אין אַן אַנדער אָרט. צום אָנהויב איז געגאַנגען גוט: זיי האָבן ניט באַ-געגנט קיין שום ווידערשטאַנד. אָבער באַלד איז דאָס געזעל שמע-לער געוואָרן. פון לינקס האָט זיך געצויגן אַ הויכער פאַרקאַן פון אייזנבאַן. רעכטס די הויכע ווענט פון אַ פאַבריק. פון פאָרנט האָט זיך ארויסגערוקט א ריזיקער לאַגער פון שלאַק, ארומגערינגלט מיט בעטאָן-ווענט.

„דאָרטן אויבן זיצט ווער”, האָט אַ געשריי געטאָן אַ אונטער-אָפיצער.

„די כוורע האָבן ניט קיין געווער”, האָט באַרויקט דער אָפי-צער, וועלכער האָט זיך אויפגעהויבן אין זאָטל און האָט דערזעען דורכן בינאָקל אַ האַלבע טוץ אַרבעטער, וואָס זיינען געשטאַנען אויבן איבערן וואַנט און געדראָט מיט די פויסטן. פּלוצלינג אָבער האָט אויבן אָנגעהויבן צו רוישן און שיטן זיך, און שטיינער און שטיקער שלאַק ביז אַ קוואַדראַט מעטער גרויס האָבן אָנגעהויבן צו אַראָפּגליטשן זיך פון אויבן.

„פאַנאַנדערלויפן זיך שנעלער — שנעלער!” האָט אַ געשריי גע-טאָן דער פּאָלקאָווניק. אָבער אַ שאַרפער שטיין האָט שוין אַ זעץ געטאָן זיין פערד איבער די פאָדערשטע פיס. דאָס פערד איז גע-פאַלן אַף די פאָדערשטע פיס, דער פּאָלקאָווניק איז איבערגעפאַלן איבערן קאָפּ. אַנטלויפן האָט מען געקאָנט נאָר פאָרויס. נאָר אַ ביסל ווייטער איז די גאַס געווען פאַרצאַמט מיט אַ באַריקאַדע. אַלע האָבן זיי געוואָרפן דאָס געווער און אונטערגעגעבן זיך.

* * *

לויפנדיק ווייטער איז זוקראָוו אָנגעשפּרונגען אַף דער הינטער-שטער וואַנט פון זאַוואָד, פון דער געזעלשאַפט פאַר באַרג און

דאָמנע-אינדוסטריע „דייטשישע ערד". לעגנוים דער וואנט וואָלט ער געקאָנט דערגרייכן ביז דער ראטינגער-גאס. אלץ שטארקער איז געוואָרן די שיסעריי, ער איז געגאנגען און געגאנגען און די וואַנט האָט זיך נאָך אלץ געצויגן. שוין ניט ווייט פון דער ראַ-טינגער גאס איז געשטאנען אַן אלטער שפייכלער מיט הויכע בעטאָן-ווענט פון דער זייט פון גאס. אונטן זיינען געשטאנען בא אַ צוואנציק ארבעטער, פון וועלכע איינער האָט געהאלטן אַ ביקס מיט אַ צעבראָכענער קאָלבע, אַ צווייטער האָט געהאלטן אַן עמער מיט האַנט-גראנאטן. זייער שנעל זיינען די גראנאטן צענומען גע-וואָרן, זוקראָוו האָט קוים באוויזן פאקן די לעצטע.

„אויבן האָבן זיי באפעסטיקט צוויי קוילנוואָרפער און באהערשן אזוי די גאנצע ראטינגער און ליכט-גאס. מיר מוזן זיי אראָפּנע-מען". האָט אימיצער געזאָגט.

זוקראָוו האָט פון געוויינהייט די ערשטע זאך אויסגעשרויפט די הענטל פון דער גראנאטע און האָט קוים געגלויבט זיינע אויגן: אין דער גראנאטע איז ניט געווען קיין פיסטאָן.

„צו ווייסט איר, כעוורע, איבערהויפט ווי באגייט מען זיך מיט די צאַצקעס?".

א יינגל האָט געמאכט אַ באוועגונג ווי מע וואָרפט אַ האנט-גראַנאַטע: „איין און צוואַנציק — צוויי און צוואַנציק — דריי און צוואנציק!"

„פערדישע קעפּ אייערע, עס פעלן דאָך די פיסטאָנעס, אזוי וועלן זיי דאָך ביכלאל ניט אופרייסן", האָט אַ געשריי געטאָן אַ נידעריקער באָכער אין אַ שמוציקן מאַטראָסן-קאָסטיום.

זוקראָוו ארומקוקנדיק זיך האָט דערזעען, ווי אַ קינד שפּילט זיך מיט אַ הילצערן שאָכטל. ער האָט טייקעף דערקענט די געפער-לעכע צאַצקעס, אין איין אויגנבליק זיינען די גראנאטן אָנגעלאָדן געוואָרן.

פון אויבן האָט מען דערהערט אַ טראסקעריי פון די קוילנ-וואָרפער.

דער קליינער מאטראָס האָט אָפּגעמאָסטן מיט די אויגן די הויך פון דער וואַנט. „בלאָטע, די אַכט מעטער וועלן מיר שוין ארופ-

קלעטערן", האָט ער אַ זאָג געטאָן, אריינגעשטעקט די האַנט-גראנאט אין קעשענע און אָנגעהויבן ניט אומקוקנדיק זיך אַרופקלעטערן איבער די רעגן-רינעס. די איבעריקע זיינען אַוועק נאָך אים. אַפילו עס-לעכע האָבן זיך אראָפּגעגליטשט צוריק, נאָר דער גרעסטער טייל האָבן דערגרייכט ביז אויבן.

די סאָלדאטן בא די קוילנוואַרפערס זיינען געווען זיכער, אז דער אָפּגרונט פון הינטן שאפט זיי אַן אַבסאָליוטע זיכערקייט און זיי זיינען ניט ווייניק איבעראַשט און דערשראָקן געוואָרן דערהערנדיק פון הינטן אַן אופרייס פון אַ האנט-גראַנאַט. אלע האָבן זיי אופגעהויבן די הענט, אויסער איין אונטער-אָפיצער, וועלכער האָט זיך געכאפט צום רעוואָלווער. אָבער איידער ער האָט באוויזן א דריי צו טאָן זיך, האָט אים אַ האנט-גראַנאַטע דערלאנגט אין פּאָנעם און איינגאנצן צעבלוטיקט.

זוקראָווס דערפאַרענע אויג האָט גלייך דערקענט די סטראטע-גישע וויכטיקייט פון דער פארנומענער פּאָזיציע.

„אַלע הערן מיין קאָמאַנדע!" האָט ער מיליטעריש איבערגע-נומען די אָנפירונג.

ד אַרבעטער האָבן פארכידעשטע אַ קוק געטאָן אַף אים און האָבן געפּאָלגט.

„די געפאַנגענע לייגן זיך דאָרטן בא דער וואנט. צוויי מאַן בלייבן בא זיי ווי אַ וואַך. וועט זיך איינער פון זיי רירן—גלייך האַנט-גראנאטן אין זיי! — ווער קען זיך אומגיין מיט אַ קוילן-וואַרפער?"

עס האָבן זיך געמאָלדן דער מאַטראָס און נאָך צוויי מאַן. זוק-ראָוו האָט אַליין אָנגעשטעלט איין קוילנוואַרפער אַף דער נאָענט-סטער גאסן-קרייצונג, דורך וועלכער עס זיינען פונקט געגאנגען גע-דיכטע רייען אינפאנטעריע. גלייך נאָכן ערשטן שאָס פון די קוילן-וואַרפער, וואָס איז אַגעוו געגאנגען צו הויך, האָט זיך די באווע-גונג פון מיליטער אָפּגעהאלטן. אַ טייל סאָלדאטן האָבן געפּרוווט באשיסן דעם פייער-שפּריצנדיקן שפּייכלער. אַן אַנדער טייל האָט געמאַכט אַ רעציכעדיקע קאָנטר-אַטאַקע קעגן די ארבעטער, וואָס האָבן אָנגעגריפן אַף זיי פון הינטן. דערביי האָבן זיי גענומען אַסאַך

געפאנגענע. דערנאך האבן זיי ארויסגעטריבן פון די הייזער אלע מענער, פרויען און קינדער. און איצט איז געשעען דאס אומגליקלעכסטע, וואס נאך די פארביטערונג פון בירגער־קריג האט געקענט ארויסרופן. די אלע געפאנגענע האט מען אונטערגעטריבן אונטער די קוילן פון די קוילנווארפער און אזוי ארום געצווונגען אפצושטעלן די שיסעריי און געעפנט זיך א וועג.

„א רועך נעמט זיי", האט געשריען דער מאטראס, „לאמיר אויך שטעלן אונדזערע געפאנגענע אונטער די קוילנווארפער".

„דאס טויג אף קאפארעס, מיר וועלן שטיין און קוקן איינער אפן אנדערן. די גאנצע גרופע טרעט אפ הינטערן שפייכלער", האט געגעבן א קאמאנדע זוקראוו.

„א זעלכע אויסוורפן!" האבן זיך געזידלט די ארבעטער, וואס האבן כיישעק געהאט אויסצולאזן זייער קאאס צו די געפאנגענע.

„אכט מאן מיט איין קוילנווארפער בלייבן אף דער פאזיציע, קעדיי די נאסקעס זאלן זיך ווידער ניט ארייןכאפן אהער. מיר די איבעריקע מוזן מיר פרובירן אטאקירן זיי אין פלאנג", האט געזאגט דער פירער. דורך די ליידיקע ווארשטאטן זיינען זיי ארויס אף א זייטיקע גאס, ווו עס זיינען צו זיי צוגעשטאנען נאך ארבעטער.

ארום דריי אזייגער האט די שלאכט זיך איבערגערוקט צו צאפן צו. הינטער די געשלאגענע אנטלויפנדיקע מיליטער־טיילן האבן זיך געצויגן מאכנעס ארבעטער. די ראטינגער־גאס האט געציטערט פון די איבערגעפולטע לאסט־אווטאמאבילן, וואס האבן פארפאלגט דאס אפטרעטנדיקע מיליטער. אף די שאפער־ביידלעך זיינען געשטאנען גרייטע צום שיסן קוילנווארפער. אף די טרעפלעך, אף די קילערס, אף די בוטשעפ־קייטלעך, ווו מע האט נאר געקאנט שטעלן א פוס און זיך פארטשעפען מיט דער האנט, אומעטום זיינען געשטאנען אין די לעבנסגעפערלעכסטע פאזיציעס די דרייסטע געשטאלטן פון די האטבארנער און רורארטער שאכטיארן. די הוט אף א זייט, דער שפייער גרייט צום שיסן אין פויסט. א באפעל—און ווי די קעק שפרינגען זיי אראפ גרייט צום אנגריף.—

אונטער גרויסע אָוואַציעס און דורכגעפאָרן אַ פאַנצער-אָוטאָמאָ-ביל מיט א רויטער פאָן אַפן טורעם.

זוקראָווס אָפטיילונג האָט אויך פארכאַפּט אַן אָווטאָמאָביל. די אַרבעטער האָבן זיך געריסן נאָכצויאָגן דעם סוינע. נאָר דער סאָרזיכטיקער פירער האָט געהייסן אָפריער אָנצאפּן אין שכיינעס-דיקן הויף בענזין. דערוויילע האָט ער געבראכט אין אָרדענונג זיין אָפּטיילונג, וואָס איז שוין אויסגעוואקסן ביז 50 מאַן און וואָס האָבן געטרן זיך אונטערגעוואָרפן זיין אָנפירונג. באם אָרגאַ-ניזירן די אָפּטיילונג, פאנאנדערטיילן זי אף גרופּעס א. א. וו., האָט אים ווידער געהאָלפן קלייניאָהאַן, דער מאטראָס, אַ געוועז-זענער מיטגליד פון דער בערלינער פאָלק-דיוויזיע פון מאטראָסן. פון די שכיינעסדיקע הייזער זיינען אָנגעלאָפן פרויען מיט קאַ-ווע און ברויט פאר די קעמפער. אַ קרעמער האָט געטיילט ציגאַרן.

פלוצלינג האָט אַ באקאנטע שטימע אָנגערופן זוקראָוון מיטן נאָמען. מאַקס גראָטע מיט דער ביקס אף דער פלייצע, צוויי האַלב לײדיקע פאטראָנען-גארטלען ארום האַלדז און מיט אַ בלוטיקן באנדאַזש אַפן שטערן האָט אים שטורמיש באגריסט.

„דו ביזט פארוואונדעט?" האָט געפרעגט זוקראָוו מיט זאָרג.

„נאַרישקייטן, אַ ראַץ פון אַ שטיין.—אָבער ווו ביסטו געווען, מיר האָבן דיך אומעטום געזוכט".

„מיר האָבן גענומען דעם שפּייכלער באַ דער „דייטשישער ערד"! פארכאַפּט צוויי קוילנוואָרפער", האָט זיך באריהמט אַ יונ-גער ארבעטער.

„האַ! דאָס האָט איר אופגעהאַלטן דעם דורכמארש אַף דער ראַטינגער גאַס? — אין דער צייט האָבן די האַמבאָרגער גענומען באַ זיי צוויי האַרמאטן", האָט זיך געפרייט דער יונגער קאָמו-ניסט. „אָבער איצט מוזטו מיט מיר גיין צום פאָלקהויז, ווו דער אויספירקאָם דארף באשטימען אַ מיליטערישן פירער".

אין דעם מאָמענט איז צוגעפאָרן דער אווטאָמאָביל און די אר-בעטער זיינען ארופגעשפּרונגען, נאָך איידער ער האָט זיך אָפּ-

געשטעלט. זוקראָוו האָט ניט געוווּסט וואָס צו טאָן. „איך וואָלט ניט וועלן פאַרלאָזן מיינע כעווריע!"

גראָסע האָט אים אָבער געדופן. „דודאָ, דער מיליטערישער פירער פון מילהיים, ווען מען מיר האָבן זיך אונטערגעוואָרפן, באַשטייט דורכויס אױף דעם, אַז מיר זאָלן שאַפן אַ געהעריקע מיליטערישע אָרגאַניזאַציע. עס זיינען געניג יאָטן אַוועקגעפאָרן אױף צו פאַרפאָלגן די נאָסקעס. מיר מוזן אָבער שאַפן אַ ריכטיקע רויטע אַרמיי, זי זאָל בילדן אַ פעסטן רוקנביין, קעדיי צו פירן ווייטער דעם קאַמף, ווען די קאַפּאָוועס וועלן צוריק איבערגיין אין אָנגריף. מיר האָבן פאַרכאַפּט אַ מוירעדיקע צאָל געווער און דו מוזט אָרגאַניזירן די אָפּטיילונגען".

זוקראָוו האָט זיך ניט געקאָנט באַשליסן. „גראָדע צוליב דעם, וואָס מע דאַרף די פאַרפאָלגונג אָנפירן ווי געהעריק, וואָלט איך וועלן פאָרן. אָרגאַניזירן די אָפּטיילונגען קאָנסטו זייער גוט אָן מיר אויך. מיר האָבן דאָך שוין אַלץ אָפּגערעדט. אויסערדעם ביזטו בעסער באַקאָנט מיטן אוילאָם ווי איך".

די שאָכטיאָרן אָפן אווטאָמאָביל זיינען געוואָרן אומגעדולדיק, און דער שאָפער איז צוגעפאָרן מיטן אווטאָמאָביל.

„גוט, פאָר, האָב אַ פריילעכן שליטוועגס, מאָרגן אינדערפרי יאָג איך דיר אָן מיט די פאָרמירטע אָפּטיילונגען", האָט באַשלאָסן גראָסע, דריקנדיק אים די האַנט. אַ סוף העגט האָבן זיך אויסגעזעגנט צו זוקראָוון און האָבן אים געהאָלפן אַרופקלעטערן אויפן אווטאָמאָביל.

די איבערגעבליבענע האָבן געמאַכט מיט די היטלען.

„הוראַ!" — „הוראַ"! — „דערלאַנגט זיי אין פיסק, יאַטן!" — „מיר וועלן אייך אָניאָגן!" האָט מען נאָכגעשריען. פריילעך האָט אױפן ווינט געפלאַטערט די רויטע פאָן.

## 14. קאַפּיטל

שטיל שטייענדיק, מיט אַנטבלויזטע קעפּ, האָבן די מיטגלידער פון אויספיר־קאָמיטעט אויסגעהערט אַ קורצן וואָרט צום אָנדענקען פון די געפאַלענע פראָלעטאַריער.

„פון װאַנען איז ארויסגעריסן דער כאַוועד קעספעלד. — פעלט נאָך װער?"

„נאָר דער כאַוועד ריזע", האָט זיך אָפּגערופן דער טראַמוויי-ארבעטער שמידט, בא וועמען די רעכטע האַנט איז געווען פאַר-בונדן.

„צי ווייס ווער וועגן דעם כאַוועד ריזע? צי האָט אים אימע-צער געזען אין שלאַכט?" האָט געפרעגט יעיטנער.

„דערדאָזיקער און... שלאַכט? — ער זיצט נאָך געוויס און קע-לער", האָט זיך אָפּגערופן אַ שטימע. אַלע האָבן געלאַכט.

אַ נידעריקער מענטש מיט אַ פליכעוואַטן קאָפּ, וואָס האָט באַם ריידן ניט ארויסגענומען די הענט פון די מאַנטל-קעשענעס, האָט זיך אופגעהויבן פון אָרט.

„דאָס איז דוראָ", האָט מען זיך געשושקעט. דער געהיימניס-פולער פירער מיט דער אנטצונדענע רויטע אויגנלעפלעך, אַן אָפּ-געלאָזענער אפן אויסזען, האָט געמאַכט אַן איינדרוק ווי ער וואָלט שוין אכט טעג ניט אויסגעשלאָפן זיך.

„כאַוויירים, ס'איז איצט ניט די צייט באַקלאָגן די טויטע", האָט ער אָנגעהויבן. „עס וועלן פאַלן נאָך מער קאָרבאָנעס, איידער מיר וועלן דערגרייכן אונדזער גרויסן ציל. קעדיי אָבער עס זאָל זיין וואָס ווייניקער קאָרבאָנעס, מוזן מיר ווייניק ריידן, נאָר שנעל און אנטשלאָסן האַנדלען! עס קומען באַלד דריי אָפּטיילונגען פון מילהיים און איין אָפּטיילונג פון סטירום אַף וועלאָסיפּעדן. פון דיסעלדאָרף זיינען אין וועג פערצן הונדערט מאַן. די סוועדטרו-פער מוזן זיך אָנשליסן, אָבער ניט ווי אַ סטאַדע שעפּסן, נאָר פעסט אָרגאַניזירט און דיסציפּלינירט. אָן דעם קאָן ניט זיין קיין רויטע אַרמיי, און פריער פון אַלץ מוזט איר אויסקלייבן אַ מי-ליטערישן אָנפירער".

„לאָמיר באַשטימען דעם זיכערהייט-קאָמיטעט", האָט איינער פאָרגעלייגט. — אַ וואָרט האָט גענומען גראַטע. „כאַוויירים, מיר זאָגן זיך, זעלבסטפאַרשטענדלעך, ניט אָפּ, מיר האָבן שוין אַגעוו געמאַכט אייניקע צוגרייטונגען. אָבער פאַר אַ קאָמאַנדיר מוז מען אויסקלייבן אַזאַ מענטשן, וואָס זאָל האָבן מער פאַך-קענטעניסן,

ווי אונדזערער אַ מענטש. דעריבער לייג איך פאָר דעם כאַווער זוקראָוו — אַ געוועזענעם אָפיצער. — אייניקע פון אונדז קענען אים שוין".

„בראַוואָ, זוקראָוו פאַסט זיך זייער גוט — ווו איז ער אייגנט-לעך?" האָט אונטערגעהאַלטן אָווערזאַס, אַ צופרידענער, וואָס מע האָט פאַרגעלייגט אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט.

„ער יאָגט נאָך מיט אַן אָפטיילונג די קאָסאָוועס", האָט גע-ענטפערט גראַטע.

דער פאָרזיצער האָט דערווידערט. „איך ווייס ניט צי קאָן מען באַשטימען אַף אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכן אמט אַ מענטשן, וואָס מע קאָן אים אַזוי ווייניק?

„איך קאָוויר פאַר אים!" האָט אַ געשריי געטאָן רוקערס.

„וואָס הייסט קאָווירן? ער האָט דאָך איינגענומען דעם שפּייכ-לער באַ „דייטשישער ערד", האָט אַן אויסגעבראָכטער געשריען צורלינדען, דיראָזיקע באַמערקונג האָט באַשלאָסן די פראַגע. איינ-שטימיק איז אויסגעווײלט געוואָרן דער דעגראַדירטער אָפיצער פון דער פרייסישער אַרמיי זוקראָוו פאַר אַ קאָמאַנדיר פון רויטן סווערטרופער באַטאַליאָן.

* * *

ראַטינגער גאַס און דער אַרומיקער קוואַרטאַל האָבן שווער גע-ליטן פונעם פאַרביטערטן גאַסן-שלאַכט. אָבער טויזנטער פּלייסי-קע הענט האָבן זיך גענומען באַגראָבן די טויטע, פאַרזאָרגן די פאַרוווּנדעטע, אויפזאַמלען דאָס געווער, אַמוניציע און די איבע-ריקע מילכאָמע-מאַכשירים, באַזייטיקן די באַריקאַדן-כורוועס. אי-בער די גאַסן זיינען אַרומגעגאַנגען פּאַטרולן פון באַהאָפנטע אַר-בעטער מיט רויטע לענטעס אַף די הענט.

די געפאַנגענע, וואָס האָבן גאַנץ קלאָגעדיק אויסגעזען, האָט מען צונויפגעקליבן אין קאָנצערט-זאַל. די גרעסטע טייל סאָל-דאַטן און באַזונדער די אָפיצערן זיינען געווען זיכער, אַז מע וועט זיי באַלד אַרויספירן אַפן הויף און אַלעמען אויסשיסן, און דעריבער האָבן זיי זיך אַליין ניט געגלויבט, ווען זיי האָבן דער-הערט אַרום זיבן אַזייגער אַ באַפעל:

„אויסשטעלן זיך צו צווײ, מע וועט גלײך טײלן קאווע און ברויט!"

די סווערטרופּער ארבעטער אָבער, אַלע, וואָס האבן זיך געפּילט פריש און יונג, זײנען געווען אפן הויף פון דער אָרטיקער גימ-נאזיע, ווו מע האָט פאַרשריבן פרייווילִיקע אין דער רויטער אר-מײ. צוזאַמען מיט יונגינקע ײנגלעך, וואָס האָבן נאָר וואָס פאַר-לאָזן די שול-באַנק, זײנען געשטאַנען דאָרטן שאַכטיאָרן מיט גע-בויגענע רוקנס און אײז-גרויע קעפּ, אפילע אינוואלידן, און דער פּאַרדראָס איז געווען גרויס בא יענע, וואָס מע האָט זײ ניט צו-גענומען, טרײסטנדיק זײ מיט דעם, וואָס מע וועט זײ נעמען שפּעטער.

די צוגענומענע האבן זיך אויסגעשטעלט אפן הויף. אַף אַ באַנק איז געשטאַנען גראָטע און האָט זיך באמיט שאַפן אָרדענונג אין דעם כאַאָס.

„זײט רויק און הערט!" האט ער גערונערט. „אַלע, וואָס קאָנען נאָך ניט באַגײן זיך מיט געווער, שטעלן זיך אויס אין צווײ רײען אַף דעם הינטערשטן הויף".

„מיר וועלן ניט קריגן קײן ביקסן?" האָבן זיך דערהערט אומ-צופרידענע שטימען.

„געוויס וועט איר קריגן, אָבער מע מוז אײך אַ ביסל צולער-נען, איר זאָלט ניט מאַכן קײן לעכער אין דער לופט," האָט זיך געוויצלט גראָטע.—אומגעפּער אַ העלפט איז אַוועק.

„אַלע געוועזענע קאָמאַנדירן פון אַ יעפרײטער ביז אַ פעלד-פאַרשאַל גײען אין קאָנפערענץ-צימער אפן צווײטן שטאָק!" ווי-דער איז אַ טײל פארשוואונדן געוואָרן.

„אַרטילעריסטן און מינענוואַרפער גײען אין גימנאַסטישן זאַל, אַהין גײען אויך מאַטראָסן," האָט באַפוילן גראָטע, ווענען עס איז שטארק געפעלן, וואָס מע פאָלגט אים אַזוי גערן.

„וואָס ווילסטו מיט זײ מאכן? אַ רײטנדיקן בארג-פּלאָט?" האָט געפרעגט רוקערס.

„נײן, נאָר אין דעם פאַל, אויב עס וועט אויספעלן אַרטיליע-ריסטן, וועלן מיר זײ מאַכן פאַר ארטיליעריסטן. אַפן שיף האָבן

זיי אויסגעלערנט ווו די הינטערשטע, ווו די פאָדערשטע טייל באם האַרמאַס".

„שיסערס בא קוילנווארפער קלייבן זיך אין יענעם ווינקל; אַלע ספּעציאַליסטן: סאפּיאָרן און דגל. גייען אהין. די אַלע איבעריקע שטעלן זיך אוים אין צוויי רייען. אָבער שנעלער אַ ביסל, מאַרש, מאַרש!"

„ווו בלייבן די קאוואלעריסטן?" האָט געפרעגט אַ קאָל.

„שפּעטער וועט איר קריגן הילצערנע פערדלעך, פּאָרלויפּיק גייט איר צו פוס מיט דער אינפאנטעריע," איז געקומען אַן ענטפער.

„מענטש, דו ביסט דאָך אַ געבאָרענער קאָמאַנדיר, פונקט ווי מיין אַ מאליקער פּאָלקאָווניק," האָט זיך געוווּנדערט רוקערס.

„וואָס פאר אַ קאָמאַנדע אַזאַ אויספירונג! — איצט וועסטו צוטיילן די פוסגייער אַף גרופּעס צו פינף מאן, וועלכע זאָלן פון זיך אויסקלייבן אַ צייטווייליקן גרופּן-פירער. צורלינדען וועט דיר צוגעבן צו יעדער גרופּע פיר ניט קיין געלערנטע, דער גרופּן-פירער זאָל דערנאָך טייקעף פארשרייבן דעם נאָמען, עלטער, באַרוף און די אָרגאַניזאַציע פון זיינע מענטשן. איך גיי איצט צו די קאָמאַנדירן. יעדער גרופּן-פירער און אָפּטיילונגס-פירער, וואָס איך וועל דיר שיקן, קריגט מיט אַ צעטל".

„געמאַכט, עקסעלענץ!" האָט געלאַכט רוקערס,—„אָבער וואָס וועסטו טאָן, אויב דיר וועט ניט סטייען קיין קאָמאַנדירן?"

„וועלן מיר מיט אונדזער פולמאכט באַשטימען נייע," איז גראָטע ארופגעלאָפן אַף די טרעפּ, ווו דער לערער פארענהאָרסט איז אים שוין אַנטקעגנגעקומען מיט אַ ליסטע.

„עלף יעפרייטערס, דריי און צוואנציק אונטעראָפיצערן, פינף פעלדפעבעלס און צו איין אָפיצער-שטעלפארטרעטער, לייטענאַנט און אָבערלייטענאַנט," האָט ער געמאָלדן.

„דער לייטענאַנט זייט איר; אָבער פון וואנען האָט איר אַן אָבערלייטענאַנט?" האָט גראָטע אַן איבעראַשטער געפרעגט.

אַן עלטערער מענטש פון אַ יאָר פערציק מיט אַ געלבלעך בערדל אין פענסנע האָט זיך פאָרגעשטעלט (ער האָט גערעדט מיט אַ

קענטיקן עסטרייכישן דיאליעקט): אַלץ איז ליובאש—בוכהאלטער בא קאלטענבאָרן און אָפּליער—פון דעם 16-טן קעניגלעכן און קיי־זערלעכן ארטילעריע-פּאָלק!"

גראָטע האָט ניט געקאָנט באהערשן אַ געפּיל פון אומצוטרוי.

„און איר ווילט אריינטרעטן אין דער רויטער ארמיי? האָט איר זיך גוט באטראכט?"

„איך בין געווען אנדערהאלבן יאָר אין געפאַנגענשאפט אין רוס־לאנד. בא קאַזאַן האָב איך אָנגעפירט מיט אַ רויטע טשעכישע אָפּטיילונג. איך קאָן אייך דאָס אין דעם מאָמענט נאטירלעך ניט דערווייזן, איך פאַרשטיי פולקום אייער אומצוטרוי, און איך יאָג זיך ניט דעריבער צום אָנפירן. אמבעסטן ווען איר גיט מיר אי־בער אַ שלאָג-גרופּע, וועט איר זען, ווער איך בין," האָט פּאַ־שעט געענטפערט דער עסטרייכער.

„מיר וועלן שפּעטער ריידן וועגן דעם, דערווילע גייט אראָפּ אונטן, באקאנט זיך מיט די מענטשן," האָט זיך שנעל אנטשלאָסן גראָטע און האָט זיך געווענדעט צו די איבעריקע. אין א האלבע שאָ האט ער פאַנאַרערגעטיילט די גרופּן און אָפּטיילונג-פירער.

בא דער טעכנישער גרופּע איז נאָך געווען אַ כאַאָס. „איך האָב פון זיבן סאפּיאָרן געמאכט איין גרופּע," האָט געזאָגט פעל־גענטרוי. „די דריי סאניטארן און דעם פעלדשער וועלן מיר אויך קאָנען אויסנוצן. אַ ביקסנמייסטער האָב איך אַוועקגעשיקט אין געווער-סקלאַד. אָבער וואָס וועלן מיר טאָן מיט די איבעריקע? דאָ זיינען פאראן פליער, פייערווארפער, טרומייטערער א. א. וו".

„דאָס איז דאָך ניט שלעכט. שיקט זיי אָפּ אין די גרופּעס, ווו זיי וועלן ווערן אויסגענוצט בא אַ באדערפעניש".

דערווילע איז רוקערס מיט נאָך עטלעכע אַרבעטער געווען פארנומען אין אונטערשטן עטאזש מיטן סאָרטירן, רעגיסטרירן און נאָכזען דאָס פארכאפּטע געווער. עס זיינען דאָרטן געווען גאַנצע בערג ביקסן, אַ טייל פון זיי האָבן שוין נאָרגיט געטויגט, ווייטער זיינען דאָרטן געווען באגנעטן, שווערדן, רעוואָלווערן, האנט-גראַנאַטן. אין קאָרידאָר זיינען געווען אויסגעשטעלט אין לאנגע רייען לייכטע און שווערע קוילנוואַרפערס און איין גראַ־

נאַטן-וואָרפער. אין אַ צווייטן צימער זיינען געלעגן ראַנצעס, פּאַ-לאַטקעס, שטאָלענע העלמס; אין אַ דריטן צימער — בינאָקלען, קאַרטעס, פעלד-לעמפּלעך. אויפן הויף זיינען געשטאַנען לייכטע פעלד-האַרמאַטן, פינף מינענוואַרפער און אַ געוויסע צאָל פעלד-קיכן. און מע האָט נאָך קאָסיידער געבראַכט איינצלנע שטיק און האַנט-וועגעלעך געווער און אַמוניציע. רוקערס, בא וועמען די נערוון זיינען שוין געווען גענוג אָנגעשטרענגט, האָט אומזיסט געפּרוווט מאַכן אַ שטיקל אָרדענונג, געהייסן טאָן דאָס און יענס, אָפּגעגעבן פאַראָרדענונגען און אין א מינוט אַרום זיי אָפּגערופן און זיך געזידלט, ביז אַ שאַכטיאָר האָט אים מיט צאַרטער גע-וואַלט אוועקגעזעצט אַף אַ קעסטל פון האַנט-גראַנאַטן:

„אָט, ליבער פעטער, כאַפּ אַ ביסל איבער דעם אָטעם און רו זיך אָפּ; מיר וועלן דערוויילע אַליין די זאַך שאַפן".

גראָטע האָט געהאָפט, אז ביז עלף אַ זייגער אין אָוונט וועט ער אַלץ האָבן פאַרטיק און ער וועט קענען אַ פּאָר שאָ אויסרוען זיך. נאָר עס איז שוין געוואָרן דריי אַ זייגער, ווען ער האָט געקאָנט אַ לייג טאָן זיך אף א באַנק אין פיזיק-צימער און כאַפּן אַ קורצן שלאָף, וואָס האָט אים גאַנץ ווייניק אָפּגעפרישט. דער באַטאַליאָן-דאָקטער, דירשאוער, האָט זיך איינגעאָרדנט גאַנץ באַ-קוועם אַף דריי שטולן. אומעטום אף די טישן, אף שטולן, בענק און איינפאַך אַף דער פאָדלאָגע זיינען געשלאָפן די אַרבעטער-סאָלדאַטן. די גאַנצע געביידע איז געווען פול מיט שלאָפעדיקע אין די סאַמע פאַרשיידנאַרטיקסטע, אומגלעכסטע פּאָזעס. אָבער ניט לאַנג האָבן זיי געשלאָפן, פינף אַ זייגער אינדערפרי האָט זיי אַ טרומייטער אויפגעוועקט און אין מעשעך פון גאָר אַ קור-צער צייט זיינען אַלע פאַרטיק געוואָרן צום מאַרש.

אין דעם זונטיקדיקן פרימאָרגן האָבן ווי אַלעמאָל געקלונגען די גלאָקן פון די סוועטרופער קירכעס צו די אינדערפריעדיקע ספּילעס. די גאַנצע שטאָט איז אָבער אַרויס אויפן הינדענבורג-מאַרק צו באַגלייטן די רויטע אַרמיי. אין רייען צו פיר, די ביקסן אַף די אַקסלען זיינען געקומען די אָפּטיילונגען און האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ פירעק. בראַוזגענדיק איבערן ברוק זיינען

נאָכגעפאָרן די האַרמאַטן, די קוילנוואַרפער, די קיכן און דער איבעריקער באַגאַזש.

אַן אויג, וואָס איז געוויינט צו די אויסגעצאַצקעטע, אויסגע-מושטירטע סאָלדאטן, וואָלט עפשער ניט געפעלן געוואָרן אַט די-דאָזיקע בונטע אַרבעטער-כאַיאָלעס. די מערהייט האָבן געטראָגן זייערע אַרבעטער-אנצוגן, שמוציקע, צעריסענע, פארלאָטעטע, ווי זיי פלעגן גיין אין דער שאכטע אָדער דאָמנע. איניקע האָבן געהאַט אַלטע סאָלדאטן-אוניפאָרמען, וואָס האָבן אָבער אריינגע-טראָגן אַ מאָדנעם קאָנטראַסט אין דער ארמיי. ניט געקוקט אַף די אייצעס פון דערפארענע מענטשן, האָט קיינער ניט געוואָלט אָנטאָן די פאַרכאַפּטע שטאָלענע העלמס: אַן אינסטינקטיווער האַס צו דידאָזיקע סימבאָלן פון דער נאָסקע-הערשאַפט האָט זיי אָפּגעהאַלטן.

פון אַלע זייטן האָבן זיך געשטויסן פרויען, קינדער און אַנ-דערע פריינט און קרוויוים פון די רויטע סאָלדאַטן. יעדערער האָט געוואָלט נאָכאַמאָל כאַפּן אַ וואָרט מיט די, וואָס גייען אַוועק, איבערגעבן זיי א פעקל, אַ מאַטאָנע. די אָרדענונג-האַלטער האָבן געהאַט געגוג צו שוויצן. האַלב אַכט אַ זייגער איז געקומען דער אויספירקאָם אין פולן באַשטאַנד, קעדיי צו געזעגענען זיך מיט די רויטארמייער. פלוצלינג האָט מען דערהערט אויסרופן: „אהא!”—„אהא!”

„ריזע איז אופגעשטאַנען טכיעס האַמייטים”.

„ווי איז דאָס דיר, ריזע, געגאַנגען אין קעלער?”

„קום מיט אונדז, עמיל, בײַ דער פעלד-קיך האָבן מיר פאַר דיר איבערגעלאָזן א פלאַץ!”

אַ שטורמישער געלעכטער האָט זיך געקייקלט איבערן פלאַץ.

דער, פאַר וועמען דידאָזיקע שטעכווערטלעך זיינען געווען באַשטימט, איז געוואָרן רויט ווי אַ בורעק און ניט געהאַט ווּ די אויגן היגצוטאָן. אומקערן זיך איז שוין געווען צו שפעט. האָט ער זיך געמאכט ניט הערנדיק און האָט זיך קלוימערשט פאַר-טיפט אין אַ שמועס מיט זיין שאָכן. דער אויספירקאָם האָט אים באַשטימט צו ארויסטרעטן אין זיין נאָמען. איצט האָט ער זיך

אָבער קאטעגאָריש אָפּגעזאָגט. יעיטנער איז געווען אינגאנצן היי-זעריק, רוקערס דענערווירט און די אַלע איבעריקע האָבן דער-קלערט, אַז זיי זיינען ניט צוגעגרייט. איז געבליבן איין גראטע, וואס האט געדארפט איבער זיך אַליין האלטן, ווי ער האָט זיך איראָניש אויסגעדריקט, זיין העספּעד.

ווען ער האט געקלעטערט אַפן אמוניציע-וואָגן, וואס האט געדינט פאַר אַ טריבונע, האט ער נאָך גאָרניט געוווסט, וואס זאָל ערריידן און ער האט געהאט אַ געפיל, אז ער וועט געוויס ארויסשפּרינגען מיט נאַרישקייטן. אָבער ווען ער האט אַ קוק געטאָן אין די אויגן פון די כאוויירים, וואָס האבן געבליצט מיט פולקומען צוטרוי, האט אים ארומגענומען אַן עלעמענטארע באַ-גייסטערונג, וואָס האט אים אונטערגעזאָגט אלע נויטיקע ווערטער.

„כאוויירים!"—האט ער אָנגעהויבן מיט אַ קלינגעדיקן קאָל וואס האט אָפּגעהילכט איבערן גאַנצן פּלאַץ, — „עס איז געקומען דער גרויסער מאָמענט, ווען מיר טרעטן ארויס ווי אַ רויטע ארמיי צו קעמפן פאר דער הייליקער זאַך פונעם פּראָלעטאריאט. אַסאַך פון אונדז זיינען שוין ניט איינמאָל ארויסגעשיקט געוואָרן אף די שלאַכט-פעלדער פון דעם אימפּעריאליזם, קעדיי זיך צו שלאָגן פאַר דעם, אז די רייכע זאָלן ווערן נאָך רייכער און גייוועדיקער און די אָרעמע נאָך מער אָרעם און אונטערגעדריקט. מיר אָבער, כאוויירים, טרעטן ארויס, קעדיי צו קעמפן פאַר דער ארבעטער-זאַך און צו פאַרטיידיקן זיך. איר אלע ווייסט, אז ניט די סוווער-טרופּער ארבעטער, ניט די ארבעטער פון וועלכער ניט איז אנדער שטאָט אין דייטשלאנד האבן זיך גענומען צום געווער. די רייכס-ווער, וואָס ווערט אָנגעפירט דורך רעאַקציאָנערע אָפיצערן, האט זיך אינגאַנצן ארויסגעגליטשט פון די הענט פון דער אומפּעיקער רעגירונג. די רעגירונג האט גערופן צום אלגעמיינעם שטרייק און צום קאַמף קעגן די קאַפּאָוצעס „מיט אלע מיטלען".

מיר שווערן, אז מיר וועלן ניט פריער אוועקלייגן דאס געווער, איידער מיר וועלן ניט האבן די גאראנטיע, אז מע וועט אונדז ניט מער אזוי נידערטרעכטיק באַפאַלן.

דער אויספיר-קאָמיטעט האט מיך באַופטראגט מיטצוגעבן אייך

זיין דאַנק און די ווונטשן צו נייע ניצחונעס. יעדער פראָנט-קעמפּער וועט אויסער קעסט באַקומען פופציק מאַרק אַ טאָג. דער אויספירקאָם וועט זאָרגן פאַר די קרוויוּוים פון די פאַרוווּנדעטע און געפאַלענע.

כאַווײרים! באַ אונדז מוז הערשן שטרענגע אָרדענונג און דיסציפּלין. דאָס רויבעווען, פאַכדאָנעס, ווי אויך דאָס זיך ניט אונטערוואַרפן די באַפעלן וועט דורך דעם רעוואָליוציאָנערן גע-ריכט באַשטראָפט ווערן מיט דערשיסן. קיינער איז נאָך ניט פאַר-בונדן און קאָן נאָך איצט אַוועקגיין. איך האָב געהערט, אַז עס האָבן זיך געפונען כאַווײרים, וואָס האָבן זיך באַקלאָגט, וואָס זיי איז אויסגעקומען צו שלאָפן היינט אָן שטרוי, אָדער וואָס זיי האָבן היינט קיין קאַווע דערהאַלטן. פאַרפאַלן, ליידער קלאָפּט נאָך ניט אַלץ באַ אונדז. אַ צווייטן מאָל וועלן מיר בעטן ליטוויצן ער זאָל אונדז פאָרויס אָנזאָגן, ווען ער גייט מאַכן אַ פּוטש און מיר וועלן אַלץ בעסער צוגרייטן, אָנהויבנדיק פון אַ קישן ביז אַ רעגן-שירעם".

דער גאַנצער פלאַץ האָט אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער.

„כאַווײרים", האָט זיך צעשריען גראָטע, און אַלץ איז ווידער שטיל געוואָרן. „איצט איז ניט די צייט צו לאַכן. די זאַך איז צו ערנסט. פאַר ווילהעלמס גרויסקייט-מאַניע האָט איר זיך יאָרנ-לאַנג געבאָדן אין שמוץ און בלאָטע, געלאָזן זיך אויסהונגערן, אָפּנאַרן, מאַטערן און טרעטן מיט די פיס. און איר האָט געהאַלטן דעם פּיסק פאַרמאַכט. אָבער ווען עס האַנדלט זיך וועגן אייער אייגענער זאַך, ווען אייערע פרויען און קינדער, דאַן הויבט מען אָן צו בורטשען. דאָס וועלן מיר ניט דולדן! ווער עס קאָן זיך ניט אָנעמען צו ליידן פאַר אונדזער גרויסער זאַך, דער קאָן נאָך ווייניקער אָפּגעבן זיין לעבן אויפן שלאַכט-פעלד. פון אַזעלכע עלע-מענטן זאָגן מיר זיך אָפּ!"

„זאָלן זיי גיין צו דער רייכסווער", האָט זיך אָפּגערופן אַ גרויער שאַכטיאָר.

„ריכטיק, גראָטע איז גערעכט! — זאָל לעבן דער כאַווער גראָטע!"

פאַרגעסנדיק וועגן דער דיסציפּלין, האָבן אים די נאָענטסטע אַרומגערינגלט, געדריקט אים די האַנט און אַ צעפּאַקטער פּוילישער אַרבעטער האָט אים אַרומגענומען און שטורמיש אַ קוש געטאָן.

אַ באַפעל, און די רייען זיינען ווידער אין אָרדענונג. די פירערס פון די אָפּטיילונגען זיינען אַרויס פאַר זייערע אָפּטיילונגען.

„אָפּטיילונג ראָזאַ: מאַרש!"

„אָפּטיילונג דייטשישע ערד: מאַרש!"

„אָקטיילונג ליבקנעכט: מאַרש!"

„אָפּטיילונג שאָכטע „בעאַטע": מאַרש!"

„קאַנאָנירן און אָבאָז: אַרופּוצען זיך!" — — —

„באַמבאַרדיע: מאַרש!"

באַ דעם קלאַנג פון די טרומייטערס הויבט אויף אַן אַלטער פינף-און זעכציק-יאָריקער שאַכטיאָר זימאָווייד די רויטע פאָן. דער אוילאָם אָפּן פלאַץ מאַכט מיט די היט און טיכלעך. —

„זאָל לעבן אונדזער רויטע אַרמיי!" —

„אַראָפּ די קאַפּ-באַנדיטן!" —

„אַראָפּ!" —

און פּלוצלינג האָט די שאַכטיאָרן-קאַפּעליע אָנגעהויבן צו שפּילן דעם „אינטערנאַציאָנאַל", און מיט אַנטבלויזטע קעפּ האָבן די טויזנטער מיטגעזונגען:

„און דאָס וועט זיין שוין דער לעצטער
און אַנטשיידענער שטרייט.
מיט דעם אינטערנאַציאָנאַל
שטייט אויף איר אַרבעט-לייט!"

ביז צום איבערגאַנג איבערן באַן איז אין דער שפּיץ געגאַנגען באַגלייטנדיק, דער גאַנצער אויספיר-קאָמיטעט. ריזע איז ווידער ערגעץ ווו פאַרשווונדן. — —

* * *

מיט אַ מוירעדיקן זעץ פון זיין שטאָל-האַרטן פויסט האָט דער טיפאַן, דער פּראָלעטאַריאַט פריי געמאַכט דעם רור-געביט. איבער

נאַכט זיינען ווי שווימען נאָך אַ רעגן אויסגעוואקסן קאַמף פאַר-מאציעס פון די אַרבעטער, די „רויטע אַרמיי״.

עס איז געשען אַ וואונדער! די ארבעטערשאפט, וואס איז געווען צעריסן צוליב די פאַרשיידענע פאָליטישע און פראָפעסיי-נישע שטרעמונגען, האט געשאַפן איין רויטן פראָנט. דיזאָזיקע איינִיקייט האט געשאפן דער געמיינזאַמער האַס צו דער נאַסקע-סיסטעם.

אין געוויינלעכן לעבן פאַסירט גאַנץ אָפט, אז ווען אימיצער מישט זיך אריין אין אַ שטרייט פון צוויי דורכגייער, קריגט ער סאָפקאָלסאָף קלעפּ פון זיי ביידן. אזוי איז אויך געשען מיט די רור-אַרבעטער אין מארט 1920, וואָס האָבן פלוצלינג דערזעען קעגן זיך אַ פראָנט, וואס האט זיך געצויגן פון די קאַפּאָוצעס איבער די רעפובליקאנער ביז די סאָציאַל-דעמאָקראטן.

די איימע פאַר די באַוואָפנטע אַרבעטער האט זיי אלעמען צוזאַמענגעשמידט. קאפּ און אייניקע זיינע שוטפים זיינען אוועק אין אויסלאַנד, זייערע באַוואָפנטע קרעפטן אָבער — פונקט ווי אין 1919 — האבן זיך איבערגעגעבן אין רעשוס פון דער „געזעצלעכער רעגירונג״—קעגן די ארבעטער! — — —

אין דער צייט ווען די פוטשיססישע בריגאדעס האבן זיך קאָנצענטרירט הינטער ליפע, האט די רעגירונג דורך אירע קאָ-מיסאַרן אָנגעווענדעט אלע מיטלען, קעדיי ארויסצונאַרן בא די ארבעטער דאס געווער. עס זיינען פאָרגעקומען קאָנפערענצן, עס זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן אויפרופן — אלץ מיט דער האָפענונג אופצורייסן דעם איינהייטלעכן אַרבעטער-פראָנט.

פון דער צווייטער זייט זיינען געפאָרן דייטשישע מיליטער-באַפולמעכטיקטע אין פאַריז, קעדיי זיך צו דערשלאָגן אַ מעג-לעכקייט אַרומצינגלען די רויטע ארמיי. דעם דריי און צוואנ-ציקסטן מארט האט אַ דייטשישער אָפיצער מיכאעליס געבעטלט באם „געשוואָרענעם סוינע״ אַ דערלויבעניש ארייננצודרינגען אין רור-געבים מיט אַכט און פערציק באטאליאָנען, פערצן עסקאד ראָ-נען און פערציק באטארייעס. דיזעלביקע באַקאַשע האט מיט דריי טעג שפּעטער איבערגעכאזערט דער דייטשישער געזאנדטער מייער,

דערביי האט ער דערמאָנט די הילף, וואס ביסמאַרק האט געגעבן די ווערסאלער קעגן די פּאַריזער קאָמונאַרן.

אויסער דעם, איז אין אַרבעטער-לאגער אַנטשטאַנען נאָך איין מוירעדיקער פאַרבינדעטער פון דער רעאַקציע — דער הונגער. די זאַפּאַסן זיינען אויסגעגעבן געוואָרן אָדער זיי זיינען פאַרשוווּנדן געוואָרן אין די אונטערערדישע קאַנאַלן, דער צופיר איז געווען איינגאַנצן אָפּגעשטעלט, און דעריבער זיינען אַלע אויספיר-קאָמיטעטן גלייך געווען געצווּנגען אַריינצופירן אַ שטרענגע ראַציאָנירונג. די רויטע ארמיי האָט ניט באַקומען קיין פּראָדוקטן און איז געווען גענויט דורכפירן רעקוויזיציעס, וואס האט געגעבן איבעראַנייס אַ מעגלעכקייט אופהויבן אַ געשריי וועגן רויבערייען און רויטן טעראָר. סאָף מאַרט האט מען אין אסאך ערטער ארויסגעגעבן דער ציווילער באפעלקערונג אַף יעדער מענטשן אַ וואָך נאָר צוויי פונט ברויט און פיר פונט קאַרטאָפל.

* * *

אזוי האט אויסגעזעען אויך די לאַגע אין סווערטרופּ, ווען דינססיק נאָכמיטאָג נאָך דעם רויטן שאבעס, האט זיך באוויזן אָפּן דיסעלדאָרפער שאָסיי אַ איינשפּאַניקער פויערשער וואָגן, וואס איז געפאָרן צום שטאָט. אין וואָגן איז געזעסן געקליידעט אין גרויען אַ מאָנאַשקע — אַן אורסולינערן. דער שלייער אירער איז געווען אַראָפּגעלאָזן איבערן פּאָנעם אזוי, אז מע האט געקאָנט זעען נאָר די אויגן און אַ ווייסע בינדע איבערן נאָז. דאָרט, ווו דער שאָסיי האט זיך געקרייצט מיט דער באַן-ליניע, איז געשטאַנען אַ פּאַטרול פון דער ארבעטער-מיליץ. בײַ אַ האַלבע טוץ אַרבעטער זיינען געזעסן נעבן הייזל פון דעם וועכטער, געשפּילט אין קאָרטן און זיך געוואַרעמט אַף דער מאַרט-זון.

„ווי פאָר איך דורך צום שפּיטאָל פון דער הייליקער אורסולא?" האט געפרעגט דער פויער, וואס האט געפירט דאס וועגל.

„האָסט אַ רייזע-שיין?" — דער פויער האט פאָרזיכטיק ארויסגעשלעפּט און דערלאַנגט אַ צונויפגעלייגט פּאַפּירל.

דער פּאָסטן האט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. „דאס איז אלץ זייער שיין. דאָ שרייבט דער הויכגעערטער פּאַטער בענעדיקט פון

דיסעלדאָרף, אַז ער שיקט איבער אין שפּיטאָל פון דער הייליקער אורסולא די שוועסטער וועראָניקא, וואס האט זיך אָנגעשטעקט מיט צאראאס, היילנדיק קראַנקע אין פּאַלעסטינע, אָבער אָן אַ רייזע-ערלויבעניש פון דיסעלדאָרפער אויספירקאָם טאָר איך דיך ניט דורכלאָזן". דער קוטשער האט געקוועטשט מיט די פּלייצעס. די וואכלייט האבן געוואָרפן האלב-נייגיריקע, האלב-מיטליידנדיקע בליקן אַף דער איינגעוויקלטער פיגור.

„צאראאס איז עפּעס אַ מין שרעקלעך אָנשטעקנדיקע קראנקייט", האט געזאָגט איינער, אַ טרייסל טוענדיק זיך.—„גאָט מיינער, דאָס איז דאָך אַ קראַנקע, און מע דאַרף ניט אזוי פאָרמאַל צוגיין", האט געזאָגט אַ צווייטער.

„ווייסט קיינמאָל ניט, ווי וועט בעסער זיין", האט געזאָגט דער פּאָסטן. „פון איין זייט דאַרף מען יעדערן, וואס האט ניט קיין שיין, פאַרהאלטן און אָפּפירן צום קאָמענדאנט, פון דער צווייטער זייט הייסט מען זיך רעכענען מיט די געפילן פון די אַרבעטער! אַלזאָ לאָזט זיי דורך און ווייזט זיי דעם וועג!"

לאנגזאַם האט זיך דערשלעפּט דאס פורל ביז דעם שפּיטאָל פון דער הייליקער אורסולא. דאָרט האט מען די קראַנקע ארופגעפירט צום גייסטלעכן, דעם פאַרוואלטער פון שפּיטאָל. דער אַלטער גאַלעך האט געבענטשט די קראַנקע, דערלאַנגט איר דערנאָך אַ שטול, און זיך אליין אוועקגעזעצט לייענען דעם געבראַכטן בריוו.

דערהערנדיק הינטער זיך אַ גערויש, האט ער זיך אומגעקוקט און פאַר שרעק איז פון זיינע ציטערנדיקע הענט אַרויסגעפאַלן דער בריוו. אנשטאט דער קראַנקער מאָנאַשקע, איז פאַר אים געשטאַנען דער סאָטן אין געשטאלט פון אַ יונגער שיינער פרוי אין אַ גרויען רייזע-קאָסטיום.

„איר דאַרפט זיך ניט ציילעמען, הויכגעערטער הער", האט געלאַכט גיזעלא צענק, וואס האט זיך געקוויקט מיטן שרעק פון דעם אַלטן גאַלעך. — „איך בין געצוווּנגען, — ווי איר וועט דאס זען פונעם בריוו — אויסנוצן אף אַ פּאָר שאַ אייער גאסטפריינטשאפט. איך זאָג אייך צו, אַז אויב איר וועט מיר באזאָרגן מיט

אַ זיכערן שאָליעך דעמאָקראַטישן בריוו, וועל איך נאָך פאַרנאַכט אָוועקגיין פון דאַנען".

„איר האָט אַסאַך ריזיקירט, גנעדיקע פרייליין", האָט געזאָגט דער אַסעסער קולענקאַמפּ, קושנדיק צום צווייטן מאָל גיזעלאַס האַנט.

„עס לוינט זיך ניט צו ריידן וועגן דעם, מיין ליבער", האָט זי גייוועדיק געלאַכט און האָט אַריבערגעלייגט אַ פוס אַף אַ פוס. „איך האָב פון שטענדיק אָן ליב געהאַט מאַסקאַראַדן און נאָך מער האָב איך האַנאָ געהאַט פון דעם, ווייל ער האָט געדינט פאַר אונדזער גוטער זאַך. עס איז בעעמעס געווען אַ שטיקל ריזיקע, ווייל אויב די הערן פון אויספּירקאָם וואָלטן מיך מיט מיין פּאָסט געכאַפּט, וואָלטן זיי זיך מיט מיר באַגאַנגען ניט גאָר צערטלעך. אָבער אַלץ, וואָס רעגט אויף און קיצלט די נערוון—דאָס איז ביין לעבן! איך פאַרשטיי ניט איבערהויפּט ווי האָבן דאָס מענטשן געקאָנט לעבן אין די לאַנגווייליקע צייטן פאַר דער מילכאָמע? וואָלט איך געווען אַ מאַנספּאַרשוין, וואָלט איך געוויס געוואָרן אַ סאָלדאַט. ליידער זיינען נאָך ניטאָ קיין פּאָלקן פון וואַלקיריעס, ווו מע קאָן הערן פייפן קוילן".

„ווי עס פייפן קוילן, האָט איר געקאָנט האָבן גענוג געלעגנהייטן דאָ צו הערן אין סווערטראָפּ דעם פאַריקן שאַבעס. אַזאַ מין קעגנזייטיקע פאַרביטערונג האָב איך אַפילע אין פראַנקרייך ניט געזען", האָט געזאָגט קולענקאַמפּ. „אַגעוו, אויב איר וועט פאָרן אַרויף צו דער ליפּע, וועט איר הערן גענוג קנאַלן. די רויטע האָבן אַפילע האַרמאַטן און מינענוואַרפער".

„איר באַגלייט מיך, הייסט דאָס, איבערן ריין און איר וועט מיר העלפן אָפּליפערן דעם פּייקטען לויטן ריכטיקן אַדרעס", איז איבערגעשפּרונגען גיזעלאַ אַף אַן אַנדער טעמע.

„איך האָב מוירע, אַז ער וועט זיך אַמפּערן, זיין מוטער איז שווער קראַנק אַף אַ גריפּע", האָט באַמערקט קולענקאַמפּ.

„פאַרלאָזט זיך שוין אַף מיר. — איך האָב געשוואָרן..."

זי האָט איבערגעריסן, נאָר איר פּאַרטניאָר איז אַ קעלט ארי-

ער איבערן לייב פאר דעם הנ"ס, וואס האט געשפריצט פון אירע שיינע אויגן. — — —

בא דער סטאנציע פון דעם פאסט-אויטאבוס האבן זיי זיך געטראפן מיט פייקכען.

„עס פרייט מיך זייער, וואס איר האט מיך ניט אפגעזאגט", האט געזאגט גיזעלא, ווען ער האט איר ווי געוויינלעך געקושט די שפיץ-פינגער. —קולענקאמפ, איבערגעטאן אין אן אפגעטראגע-נעם ארבעטער-אנצוג מיט א פלאסטער איבערן שניט, קעדיי מע זאל אים ניט דערקענען, איז ניט הייט ארומגעגאנגען הין און צוריק.—פייקכען האט אין זיין מינע אויסגעדריקט גרויס באדויערן. „איך קאן אייך גארניט זאגן, ווי אומגליקלעך איך בין, וואס גראדע איצט איז מיין מוטער זייער שווער קראנק און איך..."

„וואס? איר ווילט ניט מיטפארן?" — — — דער יונגערמאן האט זיך געבעטן בא איר. „עס הענגט דאך ניט אפ פון מיין ווילן..."

„אך, אנטשולדיקט, איך האב פארגעסן וועגן אייער קראנקער מוטער! האגאם אין רוגארד האבן מיר א שווע: „אף דער יאַ-באשע, אפן וואסער און אין דער לופטן—צו יעדער צייט פון יאר, פון טאג און פון נאכט—ניט געקוקט אף העזייקעס אדער געווינסן!" אין דער צוקונפט וועט מען נאך בעסיירעש מוזן אריינשטעלן: „אויך בא קראנקהייט-פאלן אין דער פאמיליע!"

פייקכען, וואס איז באגאסן געווארן מיט אייזיקן שפאט, איז געווארן בלאס ווי קרייט: „אויב די גנעדיקע פריילן באפעלט..."

„איר האט זיך ניט וואס צו באמיען, הער פייקכען! איר האט מיר טאקע אפגענארט, נאר איך וועל אויך אן אייער הילף דורכ-קריגן זיך דורך די רויטע און דורך די בעלגיער. הער קולענ-קאמפ קאן מיר ליידער באגלייטן נאר ביז דעם ריין, ווייל ער האט צו דערליידיקן אן אנדער איניען. צוא הילף קאן מען ניט מאכן נאר אונטער א באפעל!"

פייקכען האט זיך אויסגעגלייכט, ווי ער וואלט געקריגן מיט א בייטש.

„אנטשולדיקט ג. יר, וואס איך האב זיך געקווייקלט, איך בין

אינגאַנצן אין אייער רעזשוס", האָט ער אויסגערופן, גרייט צו פאַלן צו אַ־רע פיס.

„שרייט נים אזוי, אז ניט ווען מיר מוזן אייך דאָ איבער־לאָזן", האָט געזאָגט גיזעלא, און אַ טריומפירנדיקער בליק האָט באַגעגנט קולענקאמפס אָפּלאַכנדיקע אויגן. „הערט נאָר: אין וועג דאַרפט איר זיך איינהאַלטן פון אויסדריקן אייערע געפילן, איר דאַרפט אויך ניט באַנוצן אַזעלכע אויסדריקן ווי „גנעדיקע פריילן" און ד. גל. וועט מען אייך עפעס פרעגן, שיקט אָפּ צו מיר. מיר פאָרן אונטערן פלאַג פון די כאַווייַרים. איך בין פרוי גיזעלא קרי־גער, קולענקאמפּ הייסט עוואלד שומאַן און איר הייסט וואלטער שטיינבאָק! מיר מוזן זיך אויך פון איצט אָן דוצן — האָסטו פאַרשטאַנען? — — —?"

„אייער... יע, כאַווערטע גיזעלא", האָט געענטפערט פייק־כען. — — —

## 15. קאַפּיטל

אין הערזום זיינען די רייזנדער אָנגעשפרונגען אַף אַן אומ־דערוואַרטעטע שטערונג. דער טראַמוויי, מיט וועלכן זיי האָבן גערעכנט פאָרן ביז ריינפעלדען, איז ניט געגאַנגען און האָט גע־זאָלט ערשט מאָרגן אינדערפרי אָנהויבן צו גיין. אין האָטעל האָבן זיי געפרעגט, ווי ווייט איז ביזן פראָם. דער באַלעבאָס האָט צו־גערופן איינעם פון די ארבעטער, וואָס זיינען געווען אין לאָקאַל. דער אַרבעטער האָט אָפּגעשאַצט דעם וועג ביז דעם פראָם אַף צוויי שאָ. „גייען מיר", האָט באַשלאָסן די יונגע מיידל.

„דאָס וועט אייך גאָרניט נוצן, ווייל דער פראָם גייט נאָר ביז אַכט אַ זייגער", האָט באַמערקט דער אַרבעטער. דער אַסעסער האָט זיך געשאָלטן מיט אַלע דייטשישע און פוילישע קלאָלעס, וואָס ער האָט אויסגעלערנט בעת די שאַכטיאָרן. — „איר איילט זיך אַזוי שטאַרק?" האָט געפרעגט דער באַלעבאָס. מיט אַ געהיימניס־פולער מינע האָט גיזעלא פאַנאַנדערגעוויקלט אַ פּאַפּיר. צווישן די אָנוועזנדיקע איז געוואָרן אַ באַוועגונג. אַלע האָבן זיך אינטערעסירט

מיט דעם דאָקומענט, וועלכן גיזעלא האט אָבער ניט אַרויסגעלאָזן פון די הענט.

### צייגעניש

די כאַווירים שומאַן, שטיינבאָק און פרוי קריגער זיינען פון דעם אונטערגעשריבענעם אויספיר-קאָמיטעט באַופטראַגט צו פאָרן מיט דעם קירצסטן וועג אין אמסטערדאם, קעדיי דאָרטן צו פירן אונטערהאנדלונגען וועגן אַריינפירן לעבנס-מיטלען פון האָלאנד. מיר בעטן אַלע אויספיר-קאָמיטעטן און די איבעריקע מאַכט-אָרגאַנען צו דורכלאָזן זיי אומגעשטערט און העלפן זיי מיט אַלע מעגלעכקייטן.

סוועטרופ, דעם 23 מארט 1920.

אף דער צייגעניש איז געווען דער שטעמפל פון דעם ביר-גערמייסטער מיטן אונטערשריפט פון ד"ר ליווענקול און דער שטעמפל פון אויספירקאָם מיט אַן אונטערשריפט, וואס האט זיך אָנגעהויבן מיט עפעס ענלעכס צו אַ לייטיינישע „ב" און וואָס מע האט ווייטער ניט געקאָנט לייענען.

„דאָ מוז מען עפעס געפינען אַן אייצע", האט אויסגערופן אַ מילכאָמע-אינוואליד. „מיר, די גרויסע, זיינען שוין געוווינט צו הונגערן פון דער מילכאָמע, אָבער ווען מע זעט די קליינע ווייַנענדיק פון הונגער, רייסט דאָס האַרץ".

„צי קאָנט איר פאָרן אַף וועלאָסיפעדן?" האט געפרעגט אַ יונגער ארבעטער. „אַף וועלאָסיפעדן קומט איר צום פראָם אין צוואנציק מינוט". אַז זיי האבן געענטפערט פאָזיטיוו, איז ער אין צען מינוט ארום געקומען מיט דריי וועלאָסיפעדן. „קיין פרויען-וועלאָסיפעד האב איך ליידער ניט געקענט קריגן", האט ער זיך אַנטשולדיקט.

„עס מאַכט ניט אויס, איך בין געוווינט צו פאָרן אַף אַ מענער-וועלאָסיפעד", האט אים באַרויקט גיזעלא, באַטראַכטנדיק מיט אַ מינע פון אַ מייוון די קימאט נייע מאשינע.

„די וועלאָסיפעדן זאָלט איר איבערגעבן אין האָטעל באַם פראָם פאַר יעשקען. מאָרגן אינדערפרי וועל איך זיי אָפנעמען. מיין וועלאָסיפעד האב איך ערשט מיט פערצן טעג צוריק גענומען

אַף אויסצאָלן, ווייל איך אַרבעט אין קענקערן און מיט דער באַן קאָן איך ניט קומען צו דער צייט. איך וואָלט אים ניט יעדערן געגעבן, איך האָב אגעוו קאווירט אויך פאַר די איבעריקע צוויי״, האָט געזאָגט דער אַרבעטער, דריקנדיק זיי די הענט.

„זעט, מע זאָל אייך אין האָלאַנד ניט אָנשמירן קיין שמאַלץ פון פּאַדלע״, האָט מען זיי נאָכגעשריען.

„באַלד וועט פון אייך אליין ווערן פּאַדלע״, האָט געברומט קולענקאַמפּ, וועלכער איז געפאָרן אין דער שפּיק. דפּרווילע איז געוואָרן טונקל. פייקכען איז געפאָרן דער לעצטער און האָט אַזוי איינגעשטעלט זיין לעמפּל, אַז די גאַנצע שיין איז געפאַלן אַף די וווּנדער-שיין אויסגעפורעמטע גרוי-זיידענע פּיסלעך פון דער הייליק געליבטער מיידל און ער האָט אופריכטיק באַדויערט, וואָס אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן זיי דערזעען דעם טונקל-שטאָלענעם וואַסער-שטראָם.

„דריי פּערזאָן און דריי וועלאָסיפּעדן״, האָט געמאָלדן קולענקאַמפּ דעם פּראָמשטשיק. „מיר וועלן דאָ ניט איבערלאָזן די וועלאָסיפּעדן?״ האָט ניט דרייסט געפרעגט פייקכען. „נוילעס, מיר וועלן זיי דאַרפן האָבן אויך אַף יענער זייט״, האָט דער צווייטער קורץ געענטפערט.

דער מאָטאָר-פּראָם האָט געהאַט שווער צו קעמפן קעגן דעם העפטיקן שטראָם, איידער ער איז אָנגעקומען צום צווייטן ברעג. דאָס בריקל איז געווען אונטערן וואַסער און עטלעכע אַרבעטער האָבן אַרויסגעטראָגן די רייזנדע אַפן ברעג. דער בעלגישער פּאָסטן האָט זיי אָפּגעפירט אין קאָמענדאַנטור, וואָס האָט זיך געפונען ניט ווייט אין אַ רייכן האָטעל. צוליב פייקכען, וועלכער האָט ניט געהאַט קיין שום פּאַפּירן, האָט דער שוואַרצבאָרדיקער קאַפּיטאַן געמאַכט שוועריקייטן. צו זיין באַדויערן, האָט פייקכען אַ וואָרט ניט פאַרשטאַנען פונעם שמועס, וואָס האָט זיך געפירט צווישן גיזעלא און דעם קאַפּיטאַן, ווייל זיי האָבן גערעדט פראַנצויזיש. קולענקאַמפּ איז גלייך צום אָנהויב פאַרשוווּנדן.

מיט פעסט צוזאַמענגעדריקטע ליפּן איז גיזעלא געזעסן און עקוקט אונטער די פיס. דער בעלגיער האָט מיט זיין גאַנצן פאַר-

האַלטן זיך ווי געזאָגט: „איך האָב צייט!״ — ביגנייווע האט זי[ך]
געוואָרפן צו אים אַ בליק און האט באַגעגנט זיין אויסוואַרטנדי[קן]
קוק. ביידע האָבן אַ שמייכל געטאָן און האָבן אָנגעהויבן ווידע[ר]
צו ריידן אין דער אַזוי פאַרהאַסטער פאַר פייקבען שפּראַך. — וואָ[ס]
פאַר אַ כוצפּע האט דערדאָזיקער הונט צו ריידן מיט דייטשן אַ[ן]
פראַנצויזיש אין זייער לאַנד? —

גיזעלא האט זיך געווענדעט צו איר באַגלייטער: „עס האנדל[ט]
זיך וועגן אייערע פּאַפּירן; זיי מוזן נאָך באַקומען אינפאָרמאַציע
דורכן טעלעפאָן. אונדזער צוג גייט ערשט נאָך צען אַ זייגע[ר]
פירט דערווײלע אָפּ דעם הער קולענקאַמפּ צום באַן און דערנאָ[ך]
וועט איר קומען אַהער נאָך מיר. אין דער צייט האָף איך ווע[ט]
די מיספאַרשטייעניש באַזייטיקט ווערן״.

אָן אַ פּלאַן און אָן אַ ציל האט פייקבען ארומגעקראָכן איבע[ר]
די טונקעלע אומפריינטלעכע גאַסן. פאַרשיידענע ווידערשפּרעכנ[...]
דיקע געדאַנקען האָבן אים ניט געלאָזן רוען. געטריבן פון די[...]
דאָזיקע געדאַנקען, איז ער געקומען צוריק אין האָטעל און א[...]
ארײן אין רעסטאָראַן-זאַל. דאָרטן האט געהערשט אַ קליינשטעט[...]
דיקער אומעט. עטלעכע בירגער פון די „בעסערע״ האָבן געשפּי[...]
אין קאָרטן, אין צווייטן צימער האט מען געשפּילט אָפּן ביליאר[...]
ער האט דערפילט, אַז ער איז הונגעריק און איז צוגעגאַנגען צ[...]
בופעט פרעגן, צי קאָן ער באַקומען עסן אָן קאַרטן. גראַדע ה[...]
מען דאָרטן צוגעגרייט אַ טאַץ מיט אַ רייכן אָוונט-ברויט אָף צ[...]
פּערזאָן. „צוויי גלעזער שאַמפּאַניער״, האט אויסגערופן דער
לעבאָס. אַ פאָרגעפיל האט געטריבן אים צו באַאָבאַכטן און
האָט געזען ווי אַ סאָלדאַט איז פאַרשוווּנדן געוואָרן מיט ד[...]
דאָזיקן אָוונט-ברויט אין צימער פון דעם קאַפּיטאַן. ווען דער ז[...]
דאָס איז ווידער אַרײן אין זאַל, האָט ער זיך צו אים ז[...]
העפלעך געווענדעט מיט דער פראַגע, צי די אונטערהאַנדל[...]
מיט דער דאַמע זיינען נאָך ניט געענדיקט. דער בעלגיער
אים פון אויבן ביז אונטן באַטראַכט מיט אַ שפּאָטישן שמייכ[...]

„נאָן, מאָן אַמי! מסיעי ליע קאָמאַנדאַנט אונטערהאַנדלט ני[...]
מיט מאַדעמואַזעל; מע טאָר זיי ניט שטערן!״

אַ גרענעצלאָזע אײַפֿערזוכט האָט אים ארומגעכאַפּט און ער
ין אַרויסגעלאָפֿן צוריק אין גאַס. דאָ איז ער געקומען צו זיך.
ורכטראַכטנדיק די גאַנצע געשיכטע, האָט ער זיך געמוזט מודע
ן, אַז ער שפּילט דאָ זייער אַ לעכערלעכע ראָליע. און צוליב
ם האָט ער פֿאַרלאָזן זײַן שוועך קראַנקע מוטער? — אמבעסטן
אָלט געווען, ווען ער וואָלט זיך גלײַך אומגעקערט צוריק. נאָר
ײַנט קאָן ער שוין ניט איבערפֿאָרן דעם רײַן. און מאָרגן אינ-
דערפֿרי ווערן אים די אַרבעטער פֿאַרהאַלטן צוליב די וועלאָסי-
פּעדן. דערמאָנענדיק זיך וועגן דעם איז אים געוואָרן ניט גוט
אויפֿן האַרצן. קולענקאַמפּ האָט פֿון אים געלאַכט, ווען ער האָט
געפּרוווט ווירקן אויף זײַן געוויסן: „דאָס מוז איר וויסן, אַז אויף
דער מילכאָמע און באַזונדער בעת אַ בירגער-קריג מוז מען
ברענגען שאָדן דעם פֿײַנט מיט אַלע מיטלען". פֿונעם געלט אָבער,
וואָס קולענקאַמפּ האָט דערהאַלטן פֿאַר די פֿאַרקויפֿטע וועלאָסי-
פּעדן, האָט ער אים אָפּגעגעבן בלויז הונדערט מאַרק.
נײַן אַ זייגער איז ער ווידער געקומען אין האָטעל. דער סאָל-
דאַט האָט אים איבערגעגעבן אַ צעטל פֿון גיזעלאַן:
„ליבער פֿרײַנט! זײַ ניט אין כּעס, וואָס איך לאָז דיך
אַזוי לאַנג וואַרטן. איך קאָן גאָרניט מאַכן. דער קאַפּיטאַן מוז
נאָך שאַפֿן נאָך איין אונטערשריפֿט. זאָלסט זײַן פּינקטלעך
בײַם וואָקזאַל 20 מינוט אויף עלף.
גיזעלאַ."
דער גלאָק אויפֿן וואָקזאַל האָט שוין געקלונגען צום צווייטן
מאָל, ווען עס איז צוגעפֿאָרן אַ פֿאַרמאַכטער אויטאָמאָביל און
גיזעלאַ צענק איז אײַליק אַרויסגעשטיגן. דער אָפֿיצער האָט איר
געהאָלפֿן, געקושט איר די האַנט און צום געזעגענען סאַליוטירט.
פּייקכען וואָלט אים געשאָסן אויפֿן אָרט.
„דו ביזט דאָ; דער צוג וועט מיסטאָמע באַלד קומען", האָט
זי געזאָגט בײַענדיק צום פּעראָן. — „אָן בילעטן וועט מען אונדז
דאָ ניט דורכלאָזן — אָדער אפֿשר האָט דאָס דער ליבער קאָמענ-
דאַנט אויך אײַנגעאָרדנט?" האָט פּייקכען געפֿרעגט מיט טיפֿן צאָרן
אין דער שטימע.

גיזעלא איז געוואָרן רויט און פאַרלעגן: „איך פאַרשטיי ד
ניט. יעדנפאַלס בילעטן האב איך שוין". — — —

אין קופע פון צווייטן קלאַס, מיט וועלכן זיי זיינען געפאָר
זיינען געזעסן נאָך מענטשן און דעריבער האבן זיי די גאַנצ
וועג געשוויגן. זי האט אָנגעשפאַרט איר בלאָנדן קאָפּ און דאס
זיך געדרעמלט, ער האט אַ פאַרכוישעכטער געקוקט אין דער נאַ
אַרויס. ווען דער צוג איז אַרופגעפאָרן אַפן מעכטיקן בריק איבע
ריין, האט זי געמאכט אין אָרדענונג איר קלייד און האט זי
געשטעלט לעם אים באם פענצטער.

„הער, וואלטער, טו מיר צוליב און זיי ניט אזוי פאַרכו
שעכט.—אָדער עפשער ביסטו נאָך אַלץ אייפערזיכטיק?" האט
שטיל געזאָגט צו אים. — פייקכען האט דערפילט אַ שטאָך א
האַרצן. צום ערשטן מאָל האט זי אים אָנגערופן באַם נאָמען.

„גיזעלא, איך האב דאָך דיך אזוי ליב", האט אַ קרעכץ גז
טאָן דער יונגער מאן, דריקנדיק איר די האַנט אַזוי שטאַרק, ז
זי האט שטיל אַ געשריי געטאָן.

זי האט אַ שמייכל געטאָן, ווייזנדיק אירע גלאנצנדיקע ציינע
„דאַרף מען דעריבער זיין אזוי אייפערזיכטיק און דערצו נאָך ז
אַ בעלגיער? פע! ווי קאָנסטו דאס טראַכטן אַזעלכע זאָכן! אי
ווייס", האט זי אים ניט געלאָזן קומען צום וואָרט, „איך הא
דיך היינט שלעכט באַהאַנדלט — געמוזט באהאנדלען, אָבער זאָ
דאס זיין דאָס לעצטע מאָל. נאָך היינט וועט דיין ליבע און טריי
הייט פאַר מיר און פאַר אונדזער זאך באלוינט ווערן אזוי, וו
נאָר אַ דייטשישע מיידל פון רוגארד-בונד קאָן באַלוינען ליב
און טרייהייט", דערביי האט זי אזוי געשמייכלט, אַז פייקכען הא
אינגאַנצן פאַרלאָרן דעם קאָפּ.

דער וואָקזאַל וועזעל איז געווען געגליכן צו אַ סטאַנציע הינ
טערן פראָנט בעיים דער וועלט-מילכאָמע. עס איז שוין אפילי
געווען ארום צוועלף דער זייגער, דאָך איז דער וואָקזאַל פו
געווען מיט אָפיצערן און סאָלדאטן פון אַלע מינים. מיט דע
לעצטן צוג זיינען אָנגעקומען ציווילע מיט די באקאנטע רעזערו
וויסטן-שאכטלעך. דאַמען געקליידעס ווי באַרמהערציקע שוועסטע

מיט רויטע קרייצן אויפן הארצן, האבן געטיילט פון ריזיקע בלעכ-
אנענעס קאקאא און גאנצע בערג פוטער-ברויטן. פעלד-זשאנדארמען
האבן קאנטראלירט די שיינען. פייקכען, שוין צוגעוווינט, אז
זיין באגלייטערן ערליידיקט אלץ, האט צוגעביסן, בעיס זי איז
אוועק צום קאמענדאנט פון וואקזאל. מיט גרויס אינטערעס האט
ער באאבאכטעט דעם מילכאמע-בילד אויפן וואקזאל פון דער פעס-
טונג. קעניגבער איז געשטאנען א מיליטערישער מאסאזש-צוג.
פייקכען האט דייטלעך דערקענט אונטער די פלאנדעקן די קאנ-
טורן פון הארמאטן. ער האט זיך געפילט שטאלץ, וואס ער וועט
אויך באלד באטייליקן זיך אין דעם.

„פארטיק. דא איז דאס געגאנגען אסאך שנעלער. מיר וועלן
באקומען אפילו אן אויטאמאביל און מיר וועלן קאנען גלייך פארן
אום פראנט", האט געזאגט גיזעלא, אומקערנדיק זיך צוריק אין א
האלבע שא ארום.

„וואס? גלייך איצט?" — — —

„יע, געפעלט דאס דיר ניט? — דו פארסט צו די בייערן".

בא אנדערע אומשטענדן וואלט אים זייער געפרייט די אויס-
זיכט אריינצוטרעטן אין די בייערישע פאלקן, וואס זיינען געווען
באוווסט מיט זייער מוט און דרייסטקייט. ער האט אבער איצטער
גערעכנט בלייבן מיט די איבעריקע פרייוויליקע אין וועזעל, קעדיי
אביסל צו ווערן אויסגעבילדעט, און דעריבער האט ער ניט גע-
קאנט באהאלטן דאס אומאנגענעמע געפיל, וואס האט אים ארומ-
געכאפט.

גיזעלא צענק האט בייז געשמייכל: „דו ביזט א מאדנער
מענטש! איך וועל אן מיין גאנצן איינפלוס, קעדיי דורכצופירן,
אז מע זאל דיך טייקעף איינשליסן אין דער ארמיי, וואס שטייט
אויפן פראנט—ווארשיינלעך וועט מען דיך באשטימען פאר אן אפיצער-
אספיראנט—און דו ביזט ווידער אומצופרידן. איך האב דיך אפילו
געוואלט באגלייטן ביז די פאזיציעס. אדער עפשער האסטו..."

זי האט ניט אויסגערעדט דעם ווארט, אבער פייקכען האט זיך
שוין אזוי אויך געפילט געטראפן אין זיין שוואכן ארט. — „איך
האב מוירע? — איך, איך וועל דיר נאך היינט דערווייזן דאס

פאַרקערטע. צום ערשטן פאטרול, וואָס וועט דאַרפן אַרויסגיין וועל איך זיך מעלדן פרייוויליק".

דער אַפּענער פיראַטיקער אָפּעל-אַווטאָמאָביל האט זיך פאַר האַלטן גלייך הינטער דער שטאָט. דער שאָפער האט זיך איבער געבויגן צו זיי: „ביז דאנען ווייגען שוין געווען דערגאַנגען ד רויטע!"

„איז דאָך דער פראָנט ניט ווייט"? האָט געפרעגט פּייקכען. ב ווען דער פולס האָט מיט אמאָל אָנגעהויבן צו קלאַפּן האַסטי קער.—„דאָרטן, גראָד, קוים צוואנציק מינוט פאָרן! דער שלאָ „ליפּע" איז שוין פיר מאָל אריבער פון האנט אין האַנט. ב הינקסטע ווייגען די רויטע אף דער זייט ליפּע און האָבן אופנעריכ די באן-ליניע אף מינססקער. מיר וועלן זיך איצט פאַרנעמען מיזורעך צו שארמבעק".

דער אווטאָמאָביל האָט זיך ווידער געלאָזן שנעל אין וועג. ע איז געווען אַ קילע שטערנדיקע נאכט. דער אווטאָמאָביל א געפאָרן מיט האלב אויסגעלאָשענע פייערן, אזוי אז די פינצטער ניש איז געווען נאָך געדיכטער. די ווייסגעקאלכטע שאָסיי-שטי נער האָבן פארבייגעפלויגן ווי אַ שנור פערל. פון רעכטס, וויי איבערן פעלד האָט מען געזעען ווי עס פלאקערן אוף העל-גרינ ליכט-קוילן. איינמאָל האָט מען געהערט א פּאָר שאָסן אין דע נאכט-פינצטערניש. וואלטערן איז געוואָרן אזוי פייערלעך אומ טיק אפן הארצן. דער שענסטער טאָג פון זיין לעבן, ווען ער גיי ארויס זיך שלאָגן פאר זיין פאָטערלאנד, איז געקומען. עמעס, ז האָט זיך דאָס אַ ביסל אנדערש פאָרגעשטעלט: מוזיק, טיכעלו ווינקען, בלומען אפן ביקס, מאטאנעס!—נאָר ער האָט אייגנטל קיין שום גרונט ניט צו באקלאָגן זיך. מע דארף אים, וואלט פייקכען, זייער נויטיק האָבן און דעריבער פירט מען אים אפיי מיט אן אווטאָמאָביל צו די פאָזיציעס און די שענסטע מייז באגלייט אים א הין.

„ביזטו איצט צופרידן?" האָט זי געפרעגט. ביז איצט איז געזעסן שווייגנדיק און געקוקט אפן אויסגעשטערנטן הימל.—פּיי

ליבן האָט גענומען איר האַנט און אַ קוש געטאָן. „פּולקום גליק-
קלעך און צופרידן וועל איך ערשט זיין, ווען איך וועל וויסן...״
„וואָס ווילסטו וויסן״? האָט זי געפרעגט און אים געגעבן
אַ לייכטן פּעטשל איבערן באַק.

„גיזעלא, פאַרוואָס מאַטערסטו מיך אַזוי״?

„גרויסער, נאַרישער יונג, ווער מאַטערט דיך נאָך״?

פּייקכען האָט אינגאַנצן פאַרלאָרן דעם קאָפּ. אין דער פּינצ-
טערניש איז זי אים אויסגעקומען נאָך טויזנט מאָל מער צוציענ-
דיקער. זי האָט זיך צוגערוקט גאָר נאָענט צו אים, גענומען זיין
קאָפּ צווישן ביידע הענט און אַ ווײַלע באַטראַכט אים מיט אירע
וי אַן אָפּגרונט טיפע ספינקס-אויגן. דערנאָך האָט זי אים אַזוי
ועסט אַ קוש געטאָן אין די ליפּן, אַז צוזאַמען מיטן ווייטיק האָט
נר דערפילט דעם זאַלציקן בלוט-געשמאַק.

„גיזעלא, דו ביסט די ערשטע מיידל, וואָס איך האָב ליב״. האָט
נר געקרעכצט.

„איצט ביזטו מײַן אייגנס. נאָכן אַלטגערמאַנישן מינהג נוץ
וויס דײַן צייט״, האָט זי געשעפּטשעט און ציטערנדיק אינגאַנצן
ואָט זי זיך איבערגעגעבן אין זיינע יינגלשע הענט.

דער אויטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט באַם אריינפאָר אין א
יערפל. פּייקכען איז דער ערשטער אַראָפּגעשפּרונגען פון אויטאָ-
מאָביל און געהאָלפן איר אַראָפּגיין.

„דער לייטענאַנט פאָן לונקוויטץ איז דאָ״? האָט זי געפרעגט
א דער וואַך, וואָס איז צוגעגאַנגען. דער סאָלדאַט האָט זיי אָפּ-
עפירט צו אַ הייזל, וווּ עס האָט זיך געפונען דער אָרטיקער
קאָמענדאַנט. אים האָט מען געבעטן וואַרטן אין דער וואַך-
זטוב. אַ טוץ סאָלדאַטן אין די שטיוול און שפּאָרעס זיינען גע-
עגן אף שטרוי און געדרעמלט, אַנדערע זעקס זיינען געזעסן באַם
יש און באַ דער שיין פון אַ קליין קעראָסין-לעמפּל געשפּילט
ין קאָרטן. די פּאַנטאַסטיש באַלויכטענע שפּילער, וועלכע האָבן
פּילע ניט אַראָפּגענומען די שטאָלענע העלמס, האָבן דערמאָנט
עם יונגן מאַן אַ בילד פון „וואַלענשטיינס לאַגער״, וואָס ער האָט
נומלט געזען אין סוּוערטרופער שטאָט-טעאַטער.

די מיר האָט זיך אופגעפענט: „צוויי מאַן צו באַגלייטן געפאַנ-
גענע אין וועזועל"! האָט זיך דערהערט די שטימע פון אונטער-
אָפיצער. צוויי סאָלדאַטן האָבן זיך געשטעלט און האָבן אָנגעלאָדן
זייערע ביקסן. ערשט איצט האָט פייקכען באמערקט אין פינצ-
טערן ווינקל אַ געפאַנגענעם ארבעטער. דאָס איז געווען אַן על-
טערער מענטש מיט גרוילעכע האָר. אף זיין אש-בלאסן פּאָנעם
האָבן געפינקלט דערשראָקענע אויגן. די הענט זיינען געווען אופ-
געבונדן אף הינטן.

„אַ פּאַטרול פון פינף מאן איז אריבער דעם טייכל. פיר האָבן
מיר אוועקגעלייגט, דער פערטער האָט אופגעהויבן די הענט, ווען
מיר האָבן אים צוגעשטעלט די ביקסן צום ברוסט, איז ער געוואָרן
ריידעוודיק און האָט ארויסגעגעבן אלץ, וואָס מיר האָבן פאר-
לאנגט", האָט דערקלערט איינער פון די סאָלדאטן.

פייקכען האָט זיך אליין געווידלט אינערלעך פאר זיין ווייכ-
הארציקייט, ווייל ער האָט נאָך מיט מי אונטערגעדריקט אַ גע-
וויסן מיטלייד מיטן געפאנגענעם רויטארמייער.—אַ בלייענע מי-
דיקייט האָט אים באהערשט. קעדיי ניט איינצושלאָפן האָט ער
זיך צוגעזעצט שפילן אין קאָרטן מיטן געלט, וואָס קולענקאמפ
האָט אים געגעבן. פלוצלינג האָט ער זיך א הויב געטאָן. ניט ווייט
האָט זיך דערהערט אַ שאָס, באלד אַ צווייטער.

„דער פראָנט איז אזוי נאָענט?", האָט ער געפרעגט בא די סאָל-
דאַטן. זיי האָבן זיך איבערגעקוקט און איינער האָט אים געענט-
פערט: „דער פראָנט איז אף דער אנדער זייט"!

„פון וואנען קומסטו"? האָט אים געפרעגט אַ אונטעראָפיצער
פייקכען האָט בעקיצער דערציילט ווי אזוי ער איז געקומען פו
סווערטרופ איבער וועזועל,—איצט האָבן די סאָלדאטן אָפּגעלייגט
די קאָרטן אָן אַ זייט און אים אָנגעקוקט:

„צו וועלכן טייוול האָסטו זיך אזוי געיילט. וועסט נאָך בא-
וויזן צו קריגן אין קאָלנער, די לאגע איז דאָ ניט פון די גרינ-
גע"!

„פון דעם בין איך צופרידן, ווייניקסטנס קאָן מען זיך דאָן
צויסצייכענען. גיט מען דאָ אויך אייזערנע קרייצן"?

„ווען דו וועסט אפריער קריגן אן אייזן אין קרייץ״, האָט איִם טרוקן געענטפערט איינער מיט אַן עכטן מינכענער דיאַלעקט.

„האָסטו גאָרניט געהערט אין ווערזעל וועגן דעם וואַפּנשטיל־שטאַנד, וואָס זיי האָבן געוואָלט שליסן אין ביליעפעלד״? האָט געפרעגט א צווייטער.

„אכטונג״!—האָט פלוצלינג א רעווע געטאָן אַ שטימע, און אלע סיי די זיצנדיקע, סיי די שלאָפנדיקע האָבן אופגעשפּרונגען און זיך אויסגעשטעלט.

„איך דאַרף האָבן נאָך אַ דריטן צו אַ פּאַטרול״, האָט געזאָגט דער אריינגעקומענער לייטענאַנט.—גלייך האָבן זיך אַסאַך סאָל־דאַטן אָנגעגעבן, אָבער דער אָפּיצער איז געגאַנגען ווייטער, ווי ער וואָלט זיי ניט באַמערקט, און איז צוגעגאַנגען צום ציווילן, וועלכער האָט געמאָלדן: „פּרייוויליקער פייקכען פון סוועטטרופּ״!

„מע האָט מיר געזאָגט, אז איר זייט אויסגעבילדעט אין רו־גאַרד־בונד און איר וואָלט גערן געגאַנגען אין פּאַטרול, דערצו האָט איר היינט—עפּשער צום לעצטן מאָל—א געלעגנהייט. די צעקראָכענע פאַרפלוכטע יידן האָבן ווירקלעך נעכטן אונטערגע־שריבן אַ וואַפנשטילשטאַנד מיט די באָלשעוויקעס. אין דער זייט פון מינסטער איז שוין אלץ רויק. נאָר אונדזערע מילהיימער פריינט זיינען קליגער און לאָזן אונדז ניט צורו.—ווילט איר״?

א פראגע צי ער וויל?

„איך בין גרייט, הער לייטענאַנט. איך קאָן זיך אומגיין מיט אן אכס און נײַנציקער ביקס און מיט אַ לייכטן קוילנוואַרפער, איך האָב נאָר בלויז ניט קיין אוניפאָרם״.

„דאָס מאַכט ניט אויס, די רויטע האָבן דאָך אויך ניט קיין או־ניפאָרמען״, האָט געענטפערט דער אָפּיצער מיט שפּאָט.

אפן הויף האָבן שוין געוואַרט צוויי טונקעלע פיגורן. מע האָט אים דערלאַנגט אַ ביקס און פּאַטראָנעס. „פאָלגט אלע אָנווייזונ־גען, וואָס מע וועט אייך געבן, און קוידעמקאָל רעדט ניט!—קלאַפּ־קאָרן! איר ווייסט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך!״ „גרייט״, האָט געענטפערט א טיפע שטים פון אונטערן שטאָלענעם העלם.

„איך האָב שיר ניט פארגעסן״, האָט געזאָגט דער אָפיצער. די

דאַמע, מיט וועלכער איר זייט געקומען אהער, איז שוין אָפּגעפאָרן, קעדיי אייך צו פארלייכטערן דאָס שיידן זיך. זי האָט אייך געלאָזן נאָך אמאָל גריסן און אָנגעזאָגט, אז בעייס איר וועט דערהערן דעם פייף פון די ערשטע קוילן זאָלט איר געדיינקען וועגן איר און וועגן דער שוועסטער פון רוגארד-בונדי".

פייקבען האָט אופריכטיק באַדויערט, וואָס ער קאָן איר נים זאָגן נאָך אַ פּאָר ליבע-ווערטער בײַם געזעגענען זיך. ער האָט זיך געפילט שולדיק פאר איר. אָבער טייקעף ווי ער וועט קומען צוריק ווי אַ באַלוינטער העלד וועט ער מיט איר פאָרן צו איר פאָטער בעטן בײַ אים די האַנט פון זיין טאָכטער. אזוי טרוימענדיק וועגן צוקונפט איז ער נאָכגעגאַנגען זיינע שווייגעדיקע פירער. זיי זיינען איצט געגאנגען איבער אַ שמאָל וועגל צווישן די אקערס, וואָס איז געגאַנגען בארג אראָפּ. דאָרטן אונטן אין ווייסגרויען נעפּל איז געווען דאָס טייכל, ס'איז געווען דער סוינע!

בײַ אן אלטער ווערבע איז געווען אַ פלאכע גרוב. „קריך אריין"! האָט אים אַ שושקע געטאָן דער פירער. ווי נאָר פייקבען האָט זיך איינגעבויגן, האָט ער באַקומען אַ מוירעדיקן זעץ אין שלייף און איז געפאלן אין כאלאָשעס.

ווען ער האָט זיך אופגעכאַפּט האָט ער צו זיין גרויס איימע דערזעען, אז ער איז פעסט צוגעבונדן צום בוים, אויסער דעם האָט מען אים דאָס מויל פארבונדן מיט אַ זאַמד-זאַק, אַזוי אז ער האָט נים געקאָנט עפענען דאָס מויל.

די רויטע, הייסט דאָס, זיינען זיי באַפאלן!—נעפאנגען? אלע שרעקלעכע געשיכטעס וועגן די פייניקונגען, וואָס די באָלשעוויקעס טוען אָן זייערע געפאַנגענע, זיינען אים דורכגעלאָפן אין זינען. צי דען וועט שוין דאָ זיין סאָף זיין, אַ שרעקלעכער טויט פון אומראכמאָנעסדיקע סאָנים?—אָבער ווו זיינען זיינע כאַווירים? זיינען זיי אויך אריינגעפאלן, געהארגעט געוואָרן אָדער באַוויזן אנטלויפן?

נאָר אָט שטייען זיי ביידע, דריי טריט פון אים, און באַאָבאַכטן אויפמערקזאַם ווי ער קומט צו זיך. עפּשער האָבן זיי זיך דאָס ערלויבט מיט אים אַ שלעכטן שפּאַס?

„אהא, ער איז שוין געקומען צו זיך, דער העלט", האָט גע-

זאָגט איינער. „מיר האָבן דיך אייגנטלעך געקאָנט גלייך אוועק-פּטערן, מענוול דו איינער, אָבער פּאַר אַזאַ כעווּרעמאַן, וואָס גיט ארויס די רויטע סקלאַדן מיט געווער און ליסטעס פון דער איינווינער-מיליץ, פאַר אַזאַ מין כעוורעמאַן איז אַ שאָד צו פּאַטשקען אַ גוטן פּייערישן מעסער, דעריבער האָבן מיר פאַר דיר אויסגעפונען גאָר אַן אַנדער מין שטראָף. אַלזאָ הער זיך גאָר גוט צו, מיין טייערינקער: דו וועסט שטאַרבן פון די קוילן פון דיינע אייגענע פריינט, וואָס ליגן דאָרטן קעגנאיבער אַף יענער זייט לי-פּע. מיר וועלן פון דאַנען אַנהויבן שיסן. דאָרטן שטייט אַ רויטער קוילנוואַרפער, זיי וועלן אונדז ענטפערן און מאַכן פון דיר אַ שניצל".

פייקכען האָט ניט געוואָלט גלויבן זיינע אייגענע אויערן, וועל-כע האָבן אים נאָך געשמאָכן פון קלאַפּ. וואָס זאָל דאָס הייסן?—ער א פאַרעטער?—דער קוק פון דיביידע סאָלדאַטן האָט אים געזאָגט, אז דאָס איז אַ בלוטיקער ערנסט. דאָ איז פאָרגעקומען אַ שרעקלעכע מיספאַרשטייעניש, ווילד האָט ער געריסן די שטריק, זיי האָבן אָבער אפילע אף קיין איין צאָל ניט נאָכגעגעבן.

„לאָזט מיך אָפּ, —לאָזט מיר ווייניקסטנס דריי ווערטער אויס-ריידן, איר ווילט דערמאָרדן אן אומשולדיקן", האָט ער געוואָלט שרייען, אָבער נאָר אַ פאַרשטיקט ברומען איז ארויס פון זיין צו-געבונדענעם מויל. גאַנץ באָענט האָט ער געזעען די פּענימער פון די ביידע טאַליאָנים, וואָס זיינען געווען פול מיט שפּאָט און האַס, זיי האָבן בעשפיגן אף אים און דערנאָך זיינען זיי פארשוווּנדן געוואָרן.

דער ווייטיק פון די שטריק, דאָס אומדערטרעגלעכע שטעכן אין אויער און די פייכטע קעלט, וואָס האָט געצויגן פון דער לאָנקע, האָבן אים געזאָגט, אז דאָס איז ניט קיין בייזער כאָלעם, נאָר אַ בלוטיקע ווירקלעכקייט. געניוי האָט ער זיך דערמאָנט אלע איינצלהייטן פון זיין אנטלויפן פון סווערטרופּ. זיין שווער קראַנ-קע מוטער האָט ער פארלאָזן, קעדיי צו דינען דער נאציאָנאַלער זאַך. און איצט?—געהיים פּאַרמישפּעט אָן אַ פאַרהער און אַ מעג-לעכקייט צו פאַרטיידיקן זיך!

שווערע טרערן האָבן זיך געקייקלט איבער זיינע באַקן. „אָרעמע גיזעלאַ!—וועט זי וויינען?—צו וועט זי איבערהויפט דערוויסן זיך ווען ניט איז, ווי מיעס ער שטאַרבט אוועק״?

א שרעקלעכער געדאַנק האָט זיך אים פּלוצלינג ווי מיט נעגל אריינגעקריצט אין מויעך.

איז דאָס אלץ אַ קאָמעדיע געווען?—פון וואַנען האָבן די בייערן געוווסט זיין נאָמען, פון וואַנען האָבן זיי געוווסט וועגן די סווער-סרופער געשעענישן, ווי אזוי זיינען זיי געקומען צום מיעסן פאַר-דאַכט?—אָט פון וואַנען עס שטאַמט די פאַרדעכטיקע איילעניש, מיט וועלכער מע האָט אים פאַרנאַרט און גלייך אָפּגעשיקט אין די פאָדערשטע ליניעס?—באַם פייף פון די ערשטע קוילן זאָל ער זיך דערמאָנען וועגן איר און וועגן דער רוגאַרד-שוועע!

„פאַרעטער ווערן געהיים באַשטראָפט מיט טויט״! האָט זיך אים געדרייט מיט פלאַמיקע אויסיעס פאַר די אויגן!—אָן סאָפעק, זי געהערט דאָך צום „אינערלעכן קריין״! מיט אַ קאַלטער אויסרע-כענונג האָט זי אים איבערגעגעבן צום טויט, נאָכדעם ווי זי האָט אים געלאָזן געניסן פונעם העכסטן מיינעג פון ליבע.

פון דערווייטנס האָט אַ בלעכענער טורעם-גלאָק געשלאָגן דריי אַ זייגער. ער האָט זיך דערמאָנט די אידילישע קירכע, ווו ער פלעגט גיין, ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין יינגל. דער פאַרור-טיילטער צום טויט האָט אָנגעהויבן מיספּאַלעל צו זיין:

„געלויבט ביזטו, מוטער מאַריע! די געבענטשטע צווישן די פרויען! בעט פאַר מיר באַם טראָן פונעם אויבערשטן איצט און אין דער שעה פון טויט״.

צוויי שאָסן האָבן זיך דערהערט פון הינטן. ער האָט דייטלעך געהערט ווי די קוילן זיינען פאַרבייגעפלויגן. דאָס איז געווען דער סאָף! גלייך וועט פון יענער זייט אָנהויבן זיך די מוזיק פון טויט!

אָבער וואָס קומט דאָרטן פאָר?—פון דעם נעפל הויבן זיך אויף טונקעלע געשטאַלטן. פאַר אים און הינטער אים האָט אָנגעהויבן נאָכאַנאַנד צו בליצן און קנאַלן, ווי א פייער וואָלט געכאַפּט לענ-גויס דער גאַנצער ליניע. לייכטנדיקע קוילן האָבן געפלויגן אין דער לופטן, קוילנוואַרפער האָבן געטראַסקעט.

ער האָט ווידער געכאַלעשט.
ווען ער איז געקומען צו זיך איז שוין געווען טאָג. זיין ער-שטער בליק איז געפאַלן אף אַ שול-באַנק. ער איז געלעגן אף א סעניק און ארום זיינען געלעגן אַ סוך בלאַסע געשטאַלטן מיט ווייסע באַנדאַזשן. א דאָקטער אין אַ ווייסן כאַלאַט און אַ יונגע באַרמהערציקע שוועסטער זיינען געשטאַנען בא זיין געלעגער.
„ער האָט באַקומען אַ קויל אין בויך, רעריבער קאָן מען אים ניט אָפּטראַנספּאָרטירן. גיט אכטונג מע זאָל אים ניט געבן עסן און טרינקען. נאָר דעם מויל אַ ביסל אָפּנעצן", האָט ער געהערט זאָגנדיק.
אין דעם מאָמענט האָבן די שויבן אָנגעהויבן צו בראַזגען פון אַ טעמפּער קנאַקעריי.—„זיי האָבן אָפּגעוואָרפן אונדזער אול-טימאַטום וועגן זיך אונטערגעבן. איצט באָמבאַרדירט אונדזער אַרטילעריע די פעסטונג וועזעל", האָט געזאָגט אַ שטימע.
ער איז שווער פאַרוואונדעט און געפאַנגען, און ליגט אין אַ רויטן פעלד-לאַזאַרעט!—איצט איז אים אַלציינס, און אַ מידער צום טויט האָט ער ווידער פאַרמאַכט די אויגן.

## 16. קאַפּיטל

פאַר די רויטע איז די סיטואַציע פון טאָג צו טאָג געוואָרן ערגער. עטעס, זיי האָבן אָפּילע אָפּגעשלאָגן די אַטאַקע פון דער רייכסווער אַפן מיירעוו-פלאַנג אין דער ריכטונג צו פרידריכס-פעלד. אָבער די רויטע סאָלדאַטן האָבן שטאַרק געליטן דערפון, וואָס זיי האָט עלץ געפעלט, וואָס אַ סאָלדאַט דאַרף האָבן אין פעלד. פּראָדוקטן פלעגט מען צוברענגען ניט רעגלמעסיק און קנאַפּ. לוין האָט מען איבערהויפּט באַצאָלט נאָר פאַר די ערשטע פינף טעג. וועגן פאַרבייטן די צעריסענע קליידער און שטיוול איז ניט געווען וואָס צו טראַכטן, קיין דעקעס איז אויך ניט געווען, אַזוי, אַז די אַרבעטער האָבן ביטער געפרוירן אין די קאַלטע מאַרט-נעכט. אַמוניציע איז אויך געווען גאָר ווייניק, און עס זיינען געווען פאַלן, ווען מע פלעגט שיקן אָפּטיילונגען אין שלאַכט, פאַנאַנדערטיילנדיק צו דריי קוילן אַף אַ מענטשן.

די אויספיר-קאָמיטעטן פלעגן אָנשטויסן זיך בײַ זייערע באַמיונגען אַף קימאַט אומבאַזיגבאַרע שוועריקייטן: פון אײנפאַכן מאַנגל אין אַלץ ביז סאַבאָטאַזש און אָפּענעם ווידערשטאַנד. קיין שום מאַנגל האָט אָבער נים אַזוי אָראָפּגעשלאָגן דעם קאַמף-גייסט בײַ דער רויטער אַרמיי, ווי דער געפיל פון אײנזאַמקייט, דער געפיל, אַז אַלע האָבן זיי פאַרלאָזן, דער געפיל, וואָס האָט זיך זייער שנעל פאַרשפּרייט אין דער רויטער אַרמיי. דיזעלבע סאָלדאַטן, וואָס האָבן אַזוי העלדיש געקעמפט, וואָס זיינען מיט פרייד געגאַנגען אַף די גרעסטע קאָרבאָנעס און אָנשטרענגונגען, זיינען געוואָרן דעמאָראַליזירט, ווען זיי האָבן דערפילט, אַז זייער זאַך האַלט שמאָל.

אין דער שטאַב-קוואַרטיר פון דעם סווערטרופער באַטאַליאָן זיינען געזעסן די פירער פון די אָפּטיילונגען און געוואַרט אַפן פאַראָל. דער קאָמאַנדיר זוקראָוו איז היינט אינדערפרי אַרויסגערופן געוואָרן טעלעפאָניש אין מילהיים צו אַן אַנטשיידענער זיצונג פון די אָנפירער מיט די קריג-אָפּעראַציעס. עס איז שוין פינף נאָכמיטאָג און ער איז נאָך אַלץ ניטאָ.

דער אָפּטיילונג-פירער שולץ האָט מיט זיין מוליער-האַנט אַזוי אַ זעץ געטאָן איבערן טיש, אַז דער טיש האָט אַ קרעכץ געטאָן. „די האַגענער און די ביליעפעלדער קענען אונדז קושן... ווער האָט זיי באַפולמעכטיקט אונטערהאַנדלען וועגן אונדז?—האָבן מיר זיי דעלעגירט?—אופהענגען דאַרף מען די מענוואָלים, וואָס האָבן אונטערגעשריבן דעם אָפּמאַך, מיט זיי צוזאַמען זעוועריגגן“.

„מיר האָבן דאָך ביז איצט זיך ווייניק געקימערט איבער דעם און פאַרגעזעצט דעם קאַמף“, האָט באַמערקט קלייניאָהאַן, דער מאַטראָס.

שולץ האָט סאַרקאַסטיש געלאַכט. „דאָס הייסט בײַ אייך קעמפן? בײַ אַזאַ מין קאַמף וועלן די קאַפּאָוצעס זיך זייער גוט פילן. איך וואָלט באָמבאַרדירט וועזעל אַזוי, אַז אַ שטיין אַף אַ שטיין וואָלט נים געבליבן און דערנאָך אַ גענעראַלער אָנגריף מיט אַלע קרעפטן! מיר מוזן די פעסטונג האָבן ווי אַ שטיצפּונקט! ווי רעכנט איר וויפל וועלן מיר דאָרטן געפינען אמוניציע, פּראָסעכץ און קליי-

דונג אין די מאגאזינען? און הינטער וועזעל איז אויך פאַראַן אַ ריכטיקע לאנדווירטשאַפט, ווו מע קאָן נאָך עפּעס געפינען, ניט ווי דאָ אין סטעפּ. גייט מען אריין אַהער צו אַ פויער דאַרף מען נאָך אים עפּעס אוועקשענקען, אַזוי הונגעריק זיינען זיי".

„דערלויב, ליבער שולץ", האט איבערגעריסן דער לערער פארענהאָרסט, „אזוי פּאַשעט איז די זאַך ניט. אַף צו באָמבאַרדירן דאַרף מען האבן גראַנאַטן און מינעס און ווי האלט דערמיט, קאָנסטו. פרעגן באַם כאַווער ליובאַש,—ניט עמעס?— ווי האלט עס מיט אמוניציע פאַר דער אינפאַנטעריע, ווייסטו אליין. מיט קאלטע געווער און באַגייסטערונג אליין קאָן מען היינטיקע צייטן ניט שטורעמען קיין פעסטונגג".

„טראָג זיך אָפּ מיט דיינע שול-דראָשעס. אַזוי פיל וויפל דו פאַרשטיי איך אויך וועגן מילכאָמע פירן, האָגאָם איך בין געווען ניט מער ווי אַ פעלדפעבעל", האט זיך שולץ צוקאַעסט. „מיר האבן געזאָלט גלייך קלאפּן ווייטער און ניט דאָ זיך אוועקלייגן און וואַרטן ביז די פאַרקויפטע נעשאָמעס וועלן אָנהויבן אונטערהאנדלען וועגן אונדז".

„געזאָלט, געזאָלט! וואָס נוצט אונדז דאס? ווי האלט דאס? מיר זיינען, אין דעם צווייפל איך איצט ניט מער, מיר זיינען פּאָליטיש באַזיגט געוואָרן..."

„זאָג בעסער פאַראַטן", האט אַ געשריי געטאָן דער יונגער איינצעל.

„פון מיינטוועגן זאָל זיין אַזוי, דער סאַכאַקל איז דערזועלבי-קער", האט פאָרגעזעצט פארענהאָרסט. „פון וואנען נעמט זיך דאָס, איז אַ באַזונדער זאַך. באַ די איצטיקע באַדינגונגען צו מאַכן נאָך אַן אָנגריף, הייסט שיקן אַף אַ זיכערן טויט אַן אַ צאָל מענטשן, אָן קיין שום אויסזיכט אַף דערפאָלג. אַזאַ מין זאַך קאָן זיך ערלויבן אַ ליודענדאָרף, אָבער ניט מיר. דאס מוז מען זיך קלאָר פאָרשטעלן און האבן דעם מוט דאָס אַרויסזאָגן. און דעריבער מוזן מיר, ווי מענטשן מיט אַ געפיל פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט, פרווון אַרויסציען פון דעם בילינפעלדער זאַמאַך וויפל עס וועט זיך

לאָזן. אַזוי שלעכט, ווי אַסאַך כאַוויירים ווילן אים פאָרשטעלן, איז ער לויט מיין מיינונג ניט".

„איך ווייס, איך ווייס", האט זיך אַריינגעמישט גראָטע. „סאָציאַליזירן אַלע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, וואָס זיינען רייף דערצו—אָפּרייניקן די רייכסווער, די „זיפּאָ" און די מאַכט-אָרגאַנען—אַנטוואָפּענען אַלע פאַרבאַנדן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין קאַפּ-פּוטש—אמניסטיע פאַר אונדז—באַשטראָפן אַלע שולדיקע—און אזוי ווייטער, א. א. וו. — —"

„פאַר אונדז איז נאָר איין פאראגראף מאָסגעבנדיק, דאָס איז דער עלפטער, ווו עס שטייט: „מע גיט גלייך אָפּ דאָס געווער און אמוניציע ווי אויך די רעקווירטע און דעראָבערטע מיליטערישע מאַכשירים און די ארבעטער קערן זיך גלייך אום צו דער אַרבעט", האט מיט אַ פאַרביטערונג געזאָגט קליינייאָהאַן.

„אָפּן פּאָשעטן לאָשן הייסט דאָס", האט אויסגערופן גראָטע, „איר הויבט אָן, נאַכהער קענט איר זיך מיטן אָנגעשריבענעם פּאַפּיר אונטערווישן, ווען זיי וועלן אייך דיקטירן מיט קוילנוואַרפער! וואָלט די רעגירונג געוואָלט האלטן איר צוזאָג, וואָלט זי קוידעמקאָל געדאַרפט פאנאנדערלאָזן די רייכסווער, ווייל די גאַנצע רייכסווער שטייט אַף דער זייט פון קאַפּן. איז דאָס ריכטיק, צי ניט?"

אַלע האבן לעבעדיק צוגעשטימט, נאָר פארענהאָרסט האט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

„ביז איצט האט מען נאָך ניט פאנאנדערגעלאָזן קיין איין אָפּטיילונג קאַפּס, ווייל די רעגירונג האט דערצו ניט די מאַכט, שוין ניט ריידנדיק ווילן. דערצו וואָלט זי געדאַרפט האָבן אין איר רעשוס זיכערע מיליטערישע פאָרמאציעס, וועלכע זי האט טאקע ניט".

„און מיר, מיר זיינען דאָך פאראן", האט געזאָגט קליינייאָהאַן.

„אָט דאָס איז דאס טאַקע", האט אונטערגעשטראָכן גראָטע, „מיר זיינען די איינציקע, וואס וואָלטן דאס געקאָנט מאַכן, מיר, דער אָרגאניזירטער, באַוואָפנטער פראָלעטאריאט! אָבער אונדז וויל מען ניט. אונדז וויל מען ווידער אַנטוואָפּענען און דערפון קאָן

דער גרעסטער גוילעם פּאָרשטיין, ווען וואָס עס האַנדלט זיך. צי דען האָבן מיר געקעמפּט און געבלוטיקט פאַר דעם, אַז די פאַרקויפטע נעשאַמעס זאָלן זיך ווידער קאָנען רויק אַריינזעצן אין די פאָטעלן?"

„בעשום אויפן ניט!" האָבן אַלע מיט איין קאָל אויסגעשריען, נאָר דער לערער האָט געשוויגן און געדרייט זיך אַ פּאַפּיראָס.

שולץ האָט אַף אים געוואָרפן אַ פילבאַדייטנדיקן בליק. „אויב מיר זאָלן אָפּגעבן אונדזער געווער אין סוועטערטרופּער ראַטהויז, קאָנען מיר עס בעסער גלייך אָפּגעבן די קאַפּאָווצעס, סיי ווי סיי וועט דאָס אַריינפאַלן אין זייערע נעגל".

„בעסער אַלץ אין ריין אַריינוואַרפן, איידער אָפּגעבן כאָטש איין שטיק", האָט געקריצט מיט די ציין איינצעל.

„און דערנאָך זיך אַליין, ווייל דאָרטן וועלן מיר ווייניקסטנס זיין זיכער", האָט ביטער געלאַכט שולץ.

„אומזין", האָט באַמערקט צורלינגדען, „זיי טאָרן דאָך ניט באַזעצן דעם רור-געביט, דאָס הייסט אויב מיר וועלן אָנעמען די באַדינגונגען".

גראָטע האָט אים באַטראַכט מיט מיטלייד.

„ווער וועט זיי שטערן, ווען מיר וועלן זיך אונטערגעבן? — וואַטערס גאַנצע באַנדע ליגט דאָרטן גרייט צום שפּרונג און טראַכט נאָר וועגן נעקאָמע. די הערן אָפיצערן האָבן דאָך אַסאַך אַן איי-דעלערן ערע-געפיל, ווי מיר פּראָלעטאַריער. די קלעפּ, וואָס זיי כאַפּן, פאַרגעסן זיי ניט דעם גאַנצן לעבן! און אַזאַ כאַרפּע קאָן לויט זייער ערע-קאָדעקס אָפּגעוואַשן ווערן נאָר מיט בלוט!"

פּארענהאָרסט איז אופגעשפּרונגען.

„דאָס איז אַלץ אומפאַראַנטוואָרטלעכע ריידערייען, כאַווײרים! דעם אָפּמאַך האָבן דאָך אונטערגעשריבן ניט נאָר די רעגירונג און דאָס מיליטער, נאָר אויך די פּאַרטייען און פּראָפּאַריינען. און איך האָב נאָך געגוג צוטרוי צו די דייטשישע אַרבעטער, אַז זיי וועלן אונדז ניט פאַראַטן. אויב עס וועט געשען דאָס, וואָס גראָטע מאָלט דאָ אַף דער וואַנט, וועט גאַנץ דייטשלאַנד ווידער אופלאַ-קערן אין אַ גענעראַל-שטרייק".

„וואָס זאָגסטו?“—גראָטע האָט אָפּגעמאָסטן דעם לערער פון אויבן ביז אַראָפּ. „אַ גענעראַל-שטרייק קעגן אַ נייעם פוטש? ווען מיר דאָך ווידער זיין אַף דעמזעלבן אָרט אומגעפער, ווי מיר האבן אָנגעהויבן דעם 13 מאַרט, בלויז מיט דעם אונטערשייד, וואָס די רעגירונג וועט אויך זיין קעגן אונדז. גענעראַל-שטרייק?— האט אונדז דער אַלגעמיינער שטרייק אליין געשיצט פון די אָנ-גריפן פון די קאַפּאָוצעס? צי האָבן מיר ניט געמוזט נעמען זיך צום געווער?“

פארענהאָרסט האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, האט אָבער גאָרניט געענטפערט.

„דו זיצט אין קלאָש?“ האט אָפּגעלאכט שולץ.

„זוקראָוו פאַרט“, האט אַ געשריי געטאָן קליינ-יאָהאַן, וואָס האָט דערהערט, ווי עס דערנעענטערט זיך דער אווטאָמאָביל פון שטאַב.—אַלע אויגן האָבן זיך געווענדעט צו זוקראָוון, וועלנדיק אויסלייענען פונעם פּנים-אויסדרוק וועלכע נייס ברענגט ער. דער פינצטערער אויסדרוק פון זיינע טיף איינגעפאַלענע אויגן האט קיין גוטס ניט צוגעזאָגט. שווער האט ער זיך אַנידערגעזעצט און אַ וואָרף געטאָן דעם פּאָרטפעל אַפן טיש.

„כאַוויירים“ — — — האט ער אָנגעהויבן מיט אַ קלאַנגלאָזער שטימע, וואס פלעגט זיך איבעררייסן פון אינערלעכער אופרעגונג. „דאס, פאַרוואָס איך האב מוירע געהאט — — — איז געוואָרן ווירקלעכקייט — — — מע האט אונדז פאַראַטן!“

לאַנגע מינוטן האט מען אין צימער געהערט נאָר דעם קלאַפּן פונעם וואַנט-זייגער און דעם שווערן אָטעם פון די מענער, וואס האבן ווי פאַרשטיינערטע געבליבן זיצן. נאָר שולץ האט מיט פיבער-אויגן ווייטער געקוקט אַפן באַטאַליאָנעם קאָמאנדיר, ווי ער וואָלט וועלן אַרויסלייענען פון זיין פּנים עפּעס אַ טרייסט. און פּלוצ-לינג האט ער אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ אין די הענט און האט אָנ-געהויבן וויינען ווי אַ קינד.

„וואס זאָל איצט זיין?“ האט געפרעגט גראָטע.

זוקראָוו האט זיך גענומען אין די הענט, האט אַ זופּ געטאָן

פון דער פלאַש ביר, וואָס איז געשטאַנען אױף טיש, און האָט אָנ-געהויבן:

„פּרייטיק האָט אונדזער צענטראַל-ראַט אָנגענומען מיט אַ גרויסער מערהייט אַ רעזאָלוציע, אַז לויט די פּאַפּירענע צוזאָגן פון דער רעגירונג לייגן מיר ניט אַוועק דאָס געווער. עס איז אָבער באַשלאָסן געוואָרן פירן ווייטערדיקע אונטערהאַנדלונגען. און אויב דיראַקטע אונטערהאַנדלונגען וואָלטן אונדז ניט געזיכערט די נויטיקע גאַראַנטיעס, האָט געזאָלט געגעבן ווערן אַ לאָזונג, אַז בעסער איז צו שטאַרבן קעמפנדיק, איידער זיך אונטערגעבן! אין דעם פאַל האָט מען גערעכנט זיך ניט אָפּהאַלטן אַפילו פאַרן צעשטערן די שאַכטעס".

„דאָס איז ווייניקסטנס אַ וואָרט", האָט אריינגעוואָרפן שולץ.

„אָבער שאַבעס", האָט זוקראָו פאָרגעזעצט, „איז געווען אַ זיצונג פון האַגענער צענטראַל-ראַט מיט פאָרשטעער פון אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען. לערער שטעמער האָט רעפערירט וועגן דער „אומדערטרעגלעכער" מיליטערישער סיטואַציע, און עס איז באַשלאָסן געוואָרן אונדז אויפצופאָדערן, אַז מיר זאָלן טייקעף אָפּשטעלן דעם קאַמף און אָפּציען אַף צוריק אונדזער פראָנט אַף דריי קילאָמעטער אַף דער ליניע דינסלאַקען—הינקסע—דאָרסטען. דער אומאָפּהענגיקער ערנסט איז אליין געקומען אין מילהיים, קעדיי דורכצופירן זיינע אַ רעזאָליוציע אַף דער קאָנפערענץ פון אונד-זערע אָנפירער. ער האָט געזאָגט, אַז וואַטערס און זעווערינגס ערנוואָרט זיינען פאַר אים פולקום גענוג".

„האָט איר אים ניט דערלאַנגט אין זיין פּאַכדאַנישער מאָרדע אריין?" האָט געפרעגט קליינישאָהאַן.

„ער האָט געזאָלט ווערן אַרעסטירט ווי אַ פאַרעטער, אָבער זיינע פריינד האָבן אים געהאָלפן אנטלויפן".

פאַרענהאָרסט האָט אומצופרידן געשאָקלט מיטן קאָפּ און גע־פרעגט: „און וואָס איז באַשלאָסן געוואָרן?"

„נייע אונטערהאַנדלונגען מיטן ציל: דאָס געווער בלייבט אין די הענט פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט! דערווייל פירן ווייטער די מיליטערישע אַקציע. און אויב די רעגירונג וועט געבן

אַ פֿאַראָרדענונג וועגן אַן אָנגריף, דאַן רופֿן מיר צו אַ נייעם גענעראַל-שטרייק!"

„ריכטיק!" „בראַוואָ!" האָט זיך דערהערט; פֿארענהאָרסט האָט אומרויִק זיך געדרייט אַף זיין פּלאַץ.

„איך האָב אייך נאָך ניט אַלץ דערציילט, כאַווײרים", האָט געזאָגט זוקראָוו. „דאָס שענסטע קומט נאָך ערשט. — קומענדיק צוריק אין האַגען, האָט ערנסט ניט געפֿונען קיין הייליקערע זאַך, ווי צו שיקן דעם רעגירונג-קאָמיסאַר מייליך פֿאָלגנדיקע טעלע-גראַם:

„קעגן מילהיים און וועזעל מוז מען אין פֿאַל ווען עס איז נויטיק, נאָך אַ פֿאַרשטענדיקונג, שיקן זיכערע מיליטער אונטער אַן אויפֿזיכט". *)

„דאָס איז ניט עמעס, דאָס איז אַ ליגן", האָט זיך צעשריִען פֿארענהאָרסט.

„ווילסטו מיך מאַכן פֿאַר אַ ליגנער", האָט זיך אַ הויב געטאָן זוקראָוו.

„ניט דיך", האָט אַן אופּגערעגטער געשריִען דער לערער, „מע האָט דיך פֿאַלש אינפֿאָרמירט".

זוקראָוו האָט מיד געשמייכלט. „כאַווײרים, עס איז נאָך וואָס פּאַסירט. „אין פֿאַל ווען עס איז נויטיק" און „נאָך אַ פֿאַרשטענ-דיקונג!" — ווייסט איר, וואָס דאָס באַטייט? הער זיך איין, אָפּ-טיילונגס-פֿירער פֿארענהאָרסט! די האַגענער קלייבן זיך ארויסשיקן קעגן אונדז אַרבעטער-אָפּטיילונגען, וואָס זאָלן אונדז ארייננגיין פֿון הינטן און צווינגען אונדז אָפּצוטרעטן. צי זיי וועלן קריגן דערצו געגנוג מענוווואַלים, צווייפֿלען זיי נאָך דערווייל אליין, און דעריבער זאָל „אין פֿאַל ווען דאָס וועט נויטיק זיין", „נאָך אַ פֿאַרשטענדיקונג" — דאָס הייסט מיט די האַגענער פֿארעטער — גע-לאָזן ווערן אין גאַנג די רייכסווער. דאָס איז דער ריינער עמעס, כאַווײרים, איך קאָן דאָס דערווייזן שוואַרץ אַף ווייס!"

„צום טייוול, און דאָס זיינען אַרבעטער-פֿירער!" האָט זיך

*) היסטאָריש.

געשטיקט פאַר קאַעס שולץ, וואס האט געטרייסלט זיך מיט אלע גלידער און אויסגעזען שרעקלעך.

„דאָס זיינען אוזורפּאַטאָרן, שמאַטעס, ווייבער צום יאָמערן, וואס ווילן זיך מאַכן אַ נאָמען, און אונדז פאַראַטן זיי און פאַר־קויפן”, האט געשריען איינצעל.

„זיכער איז אָבער, כאַווײרים, אַז אָן דעם וועסטפּאַלישן פראָנט וועלן מיר זיך ניט איינהאלטן, ווייל מע קאָן אונדז ארומרינגלען פון רעכטן פלאַנג. ערגער פון אַלץ איז אָבער דאס, וואס די אי־בעריקע טיילן דייטשלאנד האבן אונדז פאַרלאָזן. אין בערלין האט עטעס אַ באַהאלטענע קאַמף־אָנפירונג פון די אומאפהענגיקע אַכט טעג ארומגעפירט די מאַסן פאַרן נאָז און האט געטרייסט מיט דער הילף פון קלומערשטע רעפובליקאנישע רייכסווער־טיילן, — ביז וואנען עס איז געוואָרן צו שפעט. דידאַזיקע אָנפירונג האט אפילו ניט געוווסט, אז די ארבעטער פון אלע בערלינער פאָר־שטעט האבן זיך באַוואָפנט, פונקט ווי מיר, און האבן געוואַרט נאָר אָף אַ צייכן צום ארויסטרעטן. אַזוי זיינען פאָרגעקומען איינצלנע קאַמפן אין העניגסדאָרף, קעפעניק א. א. וו., ווו די קאפּאָווצעס האבן גענומען בלוטיקע געקאָמע.

ענלעכע זאַכן זיינען אויך פאָרגעקומען אין מעקלענבורג, זאַקסן און טירינגיע! אין פאָכטלאנד האלט זיך נאָך מאַקס העלץ מיט עטלעכע הונדערט מענטשן, אָבער דאס איבעריקע דייטשלאנד איז רויק, ארבעט און האט נאָר דעם איינציקן ווונטש, אז מיר זאָלן זיי נאָכמאכן. די „פרייהייט” אין בערלין באַגראָבט אונדז צוויי מאָל אַ טאָג: „עס איז ניטאָ קיין רויטע ארמיי”. און „נאָר אונ־טערהאַנדלונגען קאָנען אונדז ראַטעווען!” עס פאָרן שוין פון צאָפן, פון מיזרעך און דאָרעם צוגן מיט מיליטער און אמוניציע קעגן אונדז. די אנטאנט וועט זיכער געבן אַ דערלויבעניש אריינצו־מאַרשירן און דאַן וועט זיך אָנהויבן די גרויסע יאַכט. —

מיר דאַרפן אָבער איצטער ניט פאַרלירן דעם קאָפּ. זיך ניט פאַנאַנדערלויפן, ניט מאַכן קיין פאַניק! אין ערגסטן פאַל, בלייבט נאָך אַלץ פאַר אונדז די מעגלעכקייט אָפּצוטרעטן אָפן ענגלישן געביט. וועלן מיר אָפּטרעטן, מוז דאס געשען איינהייטלעך און

געשלאָסן, קעדיי ניט אַרויסצושלאָגן באַ דעם צענטראַל-ראַט דעם לעצטן פאַרהאנדלונג-פּאַקטאָר פון די הענט".

פארענהאָרסט האט געברומט: „דאָס איז זייער גוט געזאָגט באַ מיר האבן היינט אינדערפרי ווידער געפעלט זעקס בענטשן. קוים וואָס מע האַלט איין די איבעריקע".

„דאס איז אַלץ אַ רעזולטאַט פון די פאַרשאָלטענע ביליעפעלדער אונטערהאַנדלונגען. פאַר דעם האט קיין איין מענטש ניט געטראַכט וועגן דעזערטירעריי", האט זיך געזידלט שולץ, און גראָטע האט צוגעגעבן: „עס וועט זיך נאָך אויך פון דעם, ווי עס האַלט זיך דער אומיטלבארער פירער!"

פארענהאָרסט האט זיך אַ כאַפּ געטאָן, ווי ער וואָלט וועלן זאָגן אַ שאַרף וואָרט, אָבער זוקראָוו האט ארויסגענומען אַ בויגן פּאַפּיר און האט איבערגעלייענט פאָלגנדיקן כאַנ-באַפעל:

„אויפן גרונט פון דער מאַכט, וואָס די צענטראַלע אָנפירונג האט מיר איבערגעגעבן, באַפעל איך אַט וואָס:

די אַלע רויט-אַרמייער, וואָס זיינען אוועק פון די אָפּטיילונגען אַפן סמאַך פון דעם פאַרעטערישן אָפּמאַך וועגן וואָפנשטילשטאנד, וואָס האט געשלאָסן די ניט קאָמפּעטענטע דערצו קאָנפערענץ, ווערן אויפגעפאָדערט אין מעשעך פון זעקס שאָ נאָכן ארויסגעבן דעם איצטיקן באַפעל זיך מעלדן באַ זייערע טיילן. פאַר ניט אויסטילן קומט טויט-שטראָף.

דער קאַמף ווערט ניט איבערגעריסן, ביז וואנען עס וועלן ניט געגעבן ווערן די נויטיקע גאַראַנטיעס פאַר דעם, אַז די צו-זאָגן פון דער רעגירונג וועלן אויסגעפילט ווערן. די אַזוי-גערופענע ביליעפעלדער באַשלוסן עקזיסטירן פאַר אונדז ניט.

געגעבן אין געלזענקירכען, דעם 27 מאַרט 1920.

דער קאָמאנדיר פון דעם פראָנט-טייל מיירעוו

פון דער רויטער אַרמיי.

אונטערגעשריבן: ג אָ ט פ ר י ד  ק א ר ו ז י י ט" *).

„דערדאָזיקער באַפעל דאַרף אומעטום אויסגעהאַנגען ווערן און

*) היסטאָריש.

פאַרגעלייענט פאַרן גאַנצן מיליטער", האט צוגעגעבן זוקראַוו, פּאַנאַנדערטיילנדיק קאָפּיעס אַלע פירער.

פארענהאָרסט האט זיינע גענומען מיט אַ גלייכגילטיקן שמייכל.

„זיי האבן אַראָפּגעכאַפּט דעם שניט וויניקסטנס בא ליודענדאָרפן, נאָר דערמיט וועלן מיר קיין פליג ניט פאַרנאַרן".

„אָפּטיילונג-פירער פארענהאָרסט!" — — —

דער שאַרפער טאָן פונעם קאָמאנדיר האט געצווונגען דעם לערער ניט ווילנדיק אַ טרייסל טאָן זיך. זוקראָוו האט אים אַ ווײַלע אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט אים וועלן צערייסן,—ער האט זיך אָבער באַהערשט און שוין מיט אַ רויקן טאָן, אָפּטאָקנדיק יעדן וואָרט געזאָגט:

„קאָלומבאַן איך האָב דאָ נאָך וואס צו זאָגן, פּאַרוועד איך אַזעלכע באמערקונגען! איך בין פעסט אַנטשלאָסן—און איך בעט וועגן דעם אויך צו מעלדן, קעדיי קיינער זאָל קיין טאָעס ניט האָבן,—דעם באַפעל מיט אַלע מיטלען דורכפירן. דער כאווער פארענהאָרסט, ווי אַן אַמאָליקער אָפיצער, מוז זייער גוט ווינ[ צו אַזעלכע מאַפּאָליסטישע באַמערקונגען טאָר מען ניט דולדן".

„אין די צייטן פון קייזער האבן זיי קיינמאָל ניט געהאט די האָזע אופעפענען אַ פּיסק", האט אויסגערופן שולץ.

„גאָט צו דאַנקען מיר זיינען דאָ ניט אין דער קייזערלעכער אַרמיי, מיט איר שקלאַפּישער געהאָרכזאמקייט", האט נאָך העכער געשריען דער אָנגעגריפענער.

אַלע זיינען אופגעשפּרונגען און זיך אַ לאָז געטאָן צו אים שרייענדיק און זידלענדיק זיך. שולץ האט זיך געכאַפּט צו אים מיט די פויסטן: „ווילסטו פּאַכראָניש קאַפּיטולירן, טראָג זיך צו דיין קאָלעגע שטעמער, וואס איז אויך אַזאַ ניוויזיק ווי דו! מיר דאַרפן דיך דאָ ניט האָבן! מיר דאַרפן ניט קיין אינטעליגענטלען! איר מאַכט אַלעמאָל אַ מינע און אַז ס'קומט צו עפּעס, זייט איר די ערשטע גרייט צו מאַכן די פּלייטע!"

„כאווער זוקראָוו, מע באַלײַדיקט מיך דאָ, דאס וועל איך ניט דולדן", האט זיך אופגערעגט פארענהאָרסט.

מיט גרויס מי האט זיך איינגעגעבן זוקראָוון איינצושטילן

דעם שטורעם. „דו וואָלסט זיך ניט געהאט צו באַקלאָגן וועגן באַליידיקונגען, ווען דו וואָלסט זיי אליין ניט אַרויסגערופן. איך מוז דיר נאָכאַמאָל וואָרענען, אַז אויב דו וועסט זיך ווידער דער-לויבן אַזעלכע באַמערקונגען, וועל איך מוזן אָנעמען קעגן דיר דיסציפּלינאַרע מאָסמיטלען".

פּארענהאָרסט האט געווישט זיינע ברי‍ל‍ן און האט ווייזט אויס געקעמפּט מיט זיך. סאָפקאָלסאָף האט ער שטיל געזאָגט: „איך זע, אַז איר זייט אַלע קעגן מיך, דאס איז דעו׳פּאַר, וואס איך האב זיך אָנגעשלאָסן אָן דער רויטער ארמיי. נו, דאס מאַכט ניט אויס.! אָבער בא אַזעלכע באַדינגונגען קאָן איך ניט בלייבן אַף מיין פּאָסטן. זאָג איך זיך אָפּ פון אים".

ער האט רויק אראָפּגענומען די שמאָלע רויטע לענטע פון זיין אַרבל און האט זיך געשמעלט.

„שטיי !"

זוקראָוו האט אים אַ נעם געטאָן פּאַרן אַקסל. „דו האָסט אַ טאָעס, מיין ליבער פּארענהאָרסט, וועגן זיך אָפּזאָגן קאָן קיין רייד ניט זיין. דו מיינסט מיסטאָמע, אז אַ שטעלע פון אַן אָנפירער אין דער רויטער ארמיי איז אלציינס ווי אַ שטעלע פון אַ סעק-רעטאר אין אַ סוועטערופער קלוב. דער באפעל, וואס איך האב דאָ נאָר וואָס געלייענט, איז גילטיק פאַר אַלעמען, אויך פאַר דיר. איך פרעג דיך צום ערשטן און לעצטן מאָל: ווילסטו זיך אונ-טערוואַרפן דער דיסציפּלין אָדער ניט?" — —

דער אויסדרוק פון פּאָנעם און דער טאָן פון יונגן פירער האבן, ווייזט אויס, געראָטן פּארענהאָרסטן ניט צו פאַרשאַרפן נאָך מער דעם קאָנפליקט.—„מוזטו מיך אָבער שיצן פון באַליידיקונגען", האט ער אויסגעמיטן צו ענטפּ‍ערן.

„איך וועל דאָס טאָן, אויב דו וועסט ניט אונטערגראָבן די דיסציפּלין און ניט אַראָפּרייסן די שטימונג. אָבער..."

פּארענהאָרסט האט געוואָלט צוריק אָנטאָן די אָפּצייכענונגען, אָבער איצט האט אים דער קאָמענדאנט ניט געלאָזן. „דיין אופירונג, כאוועד פּארענהאָרסט, האט געוויזן, אז דו האָסט ניט די נויטיקע מאָראלישע קוואַליפיקאַציעס קעדיי צו זיין אַ פירער און בעייס

אַ שווערער סיטואַציע געבן אַנדערע אַ ליכטיקן בײַשפּיל. וואָלסטו זיך דאָ געהאַלטן בײַ דײַן אָפּזאָגן זיך פון פאָלגן די דיסציפּלין, וואָלט איך דיך געשטעלט צום וואַנט אָט דאָ אַפן הינטערשטן הויף, אָדער איך וואָלט דיך מיט דעמדאָזיקן רעוואָלווער אַליין דערשאָסן! מיר האָבן דיך געשעצט ווי אַ פּאָרזיכטיקן גוט קוואַליפיצירטן און דרייסטן פירער. איצט אָבער גייען זיך אונדזערע וועגן פונאַנדער, ווײַל דו האָסט פאַרלאָרן דעם גלויבן אין אונדזער זאַך. דו קאָנסט איצט גיין, וווּהין דו ווילסט, נאָר ניט צו דײַן אָפּטיילונג צוריק! דערווײַל נעמט איבער דײַן אָפּטיילונג גראָטע. די זאַכן דײַנע וועט מען באַלד ברענגען. ביז בולדינגראַט קאָנסטו פאָרן מיטן אַוטאָמאָביל פון שטאַב".

ווידער איז אין צימער שטיל געוואָרן אַזוי, אַז מע האָט געהערט נאָר דעם טיק-טאַק פון וואַנט-זייגער. — אַ באַטויבטער איז פאַרענהאָרסט געזעסן אַף זײַן שטול. ער האָט ניט גאָר געכאַפּט מיטאַמאָל וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. ער איז סאַקע געווען צופרידן פאַרלאָזן די רויטע אַרמיי, נאָר דער איצטיקער אוועקגיין האָט אים באַליידיקט. אַ מידער איז ער אויפגעשטאַנען און זוקראָוו האָט אים געדריקט די האַנט אַסאַך הערצלעכער, ווי ער האָט געהאַט בעדייע. אָבער ווען פאַרענהאָרסט האָט געוואָלט דערלאַנגען די האַנט איינצעלן, וואָס איז געשטאַנען דער נעענטסטער, האָט 'ענער זיך אָפּגעקערט און געזאָגט: „א מענטשן, וואָס פאַרלאָזט זײַנע כאַווײַרים אין אַ מאָמענט פון געפאַר, גיב איך ניט די האַנט".

פאַרענהאָרסט איז שטילינקערהייד ארויס פון צימער. — — —

* *
*

די פאַרווונדעטע פונעם פעלד-לאַזאַרעט פון סווערטרופּער באַטאַליאָן זײַנען אַלע אָפּגעשיקט געוואָרן אין סווערטרופּער שפּיטאָל. עס איז געבליבן נאָר איינער מיט אַ ווונד אין בויך, וועלכן מע האָט ניט געקאָנט אָפּשיקן. אָבער דער איינער האָט פאַרשאַפן דער יונגער קראַנקנשוועסטער מער זאָרג, ווי אַלע איבעריקע קראַנקע צוזאַמען. ער איז שוין געלעגן דעם דריטן טאָג, געווען באַם פולן זינען — ער האָט אָבער ניט אויסגערעדט קיין

איין וואָרט, האגאַם מע האָט געקאָנט זעען, אַז ער ליידט שרעקלעך
פון זיינע פעסטע צוזאַמענגעפרעסטע ליפּן איז ניט ארויס קיי
איינציקער קרעכץ. ער פלעגט זיי נאָר עפענען, ווען שוועסטע
מערי פלעגט אים אָפּווישן די ליפּן מיט אַ נאַסער גובקע.

מערי רוקערס האָט אלץ געטאָן, כדי אים פאַרלייכטערן זי
לאַגע. איצט, אַז זי האָט געהאַט מער צייט, איז זי ארומגעגאַנגע
נאָך אים נים ווערנדיק מיד און פלעגט אים ברענגען די ערשט
פרילינג-בלומען צום געלעגער. וואָס האָבן געזעען דידאָזיק
שטומע, ברייט אופגעמאַכטע קינדער-אויגן, איידער זיי האָבן בז
קומען דעמדאָזיקן אויסדרוק פון אַ גרונט-טיפע ליידן, דעם אויו
דרוק, וואָס האָט דערמאָנט אָן דעם אויגן-אויסדרוק פון אַ שווע
פאַרוווּנדעטן הירש?

מיט געמישטע געפילן האָט וואלטער פּייקכען באַאָבאַכטעט
ליבעפולע זאָרגעוודיקייט פון דער רויטער קראנקנשוועסטער. ז
האָט געוווּסט, אַז זיי האלטן אים פאַר זייערן א כאַווער. אין די
מאָמענט, ווען זיי וועלן אין אים דערקאָנען אַ סוינע, וועלן
זיך אָפּקערן פון אים מיט עקל, אָדער זיי וועלן אים איבערגע
אין די הענט פון די רויטע סאָלדאטן, וועלכע וועלן אים אָנט
די גרעסטע פּייניקונגען און דערנאָך דערשיסן. דערום האָט
אַזוי אַקשאָנעסדיק געשוויגן אַף די פראגן וועגן נאָמען און אַ
שטאַם. זיין לעבן איז דאָך בעמיילע צעטראָטן, ווי זיין ליבע
זיינע אידעאַלן!

אינדערפרי האָט מען געבראַכט אַ ווירטעמבערגישן אונטע
אָפיצער פון אַן אולאַנער פּאָלק. דער אונטער-אָפיצער איז געו
דורכגעשאָסן מיט צוויי קוילן אין קני און איז אריינגעפאַלן
געפאַנגענשאַפט. מיט געשפּאַנטער אופמערקזאמקייט האָט פּייק
אַכטונג געגעבן אַף די סאַניטאַרן, אף דער שוועסטער און די
טער, וואָס האָבן זיך אזוי פיל אָפּגעגעבן מיטן פאַרוווּנדעטן סוי
ווי דאָס וואָלט געווען די זעלבסטפאַרשטענדלעכסטע זאַך אין ד
וועלט. מע האָט אים איבערגעבונדן, מע האָט אים געגעבן מי
פיום, כדי אים פאַרלייכטערן זיינע שמערצן, די שוועסטער ה
אים אָפּגעווישט, האָט אים געבראַכט צוויי אייער און שרי

…אַבעריאַל, ער זאָל קאָנען אָנשרײַבן צו זײַנע קרויווים. שפּעטער …ז צוגעפֿאָרן דער אויטאָמאָביל אַף אָפּצופֿירן דעם פּאַרוואַנדעטן. …אַדזיכטיק האָט מען דעם קראַנקן אַרויסגעטראָגן און מערי האָט …ים נאָך מיטגעגעבן בלומען אין וועג.

זי איז געווען זייער דערפֿרײט, דערהערנדיק, ווען זי איז …וריק אַרײַן אין צימער, אַז דער שווײַגעדיקער פּאַציענט האָט …אָנגערופֿן באַם נאָמען.

„און וואָס, כאַווער, פֿילט איר זיך שוין בעסער?" פֿרײַנטלעך …מייכלענדיק, האָט זי זיך אַוועקגעזעצט לעם זײַן געלעגער.

…דער פֿאַרוואַנדעטער האָט זי אָנגעכאַפּט בײַ דער האַנט. …מאַגייט איר זיך שטענדיק אַזוי מיט די נאָסקעס?"

…מערי האָט אים צאַרט אָפּגעשאַרט די האָר פֿון שטערן. „רייד …ט אַזוי העסלעך, כאַווער! דאָס איז געווען ניט קיין נאָסקע, …ר אַ הילפֿלאָזער, וואָס האָט געטראָגן אַן אוניפֿאָרם פֿון אַ רײַכס- …נר-סאָלדאַט. אָבער דאָס שפּילט דאָך ניט קיין ראָליע. עמעס, …ר ווייסן, אַז דאָרטן באַגייט מען זיך גאַנץ אַנדערש מיט געפֿאַנ- …נע אַרבעטער. מע העצט אויף צו פֿאַרשיידענע גרויזאַמקייטן, דו …סט דאָך דאָס אַליין אויסגעפּרוווט. אָבער מיר, כאַווער, מיר …רפֿן זיך ניט לאָזן פֿירן פֿון נעקאָמע-געפֿילן".

„פֿאַרוואָס ניט?"

„ווײַל מיר, כאַווער, זײַנען געצוווּנגען צו קעמפֿן מיטן געווער די באַרבאַרן, אָבער מיר דאַרפֿן ניט קעמפֿן מיט די מעטאָדן די באַרבאַרן! מיר זײַנען די טרעגער פֿון אַ נײַער, אַ בעסע- …ר קולטור און מיר מוזן דאָס דערווײַזן מיט טאַטן. איך פֿריי …יעדעס מאָל, ווען איך קאָן העלפֿן אַ פֿאַרוואונדעטן מוינע. דער …טעמבערגער, ווען ער וועט קומען צוריק אַהיים אָדער אין …עסקאַדראָן, וועט געוויס ניט ריידן מער מיט פֿאַראַכטונג וועגן „באָלשעוויקעס".

…פֿייקכען האָט איר אָנגעקוקט מיט פֿייכטע אויגן און עס האָט …געדאַכט, אַז ער גיט זיך אָן מי צו פֿאַרשטיין דאָס געהערטע. …האָט געשעפּטשעט: „זײַנען אַלע דאָ מיט דערזעלבער מיינונג?" …די יונגע שוועסטער האָט געשמייכלט: „אַלע טאַקע ניט, אַזוי

צום בײַשפּיל דו! אָבער ביז איצט זײַנען די אײנצלנע שטימ
וואס האבן גערופן צו נעקאָמע, אלעמאָל און אָן מי דע
שטיקט געוואָרן פון דער גרויסער מאַסע, וואס דײַנקען בעס
דער קעמפּנדיקער פּראָלעטאריאט פון אלע פעלקער און פון א
צײַטן איז שטענדיק געווען גרויסמוטיק צו זײַנע סאָנים!"
דער פּאַרווונדעטער האט געשלאָסן זײַנע אויגן, אָבער ז
ברוסט האט שווער געאָטעמט. פון אונטער די פאַרמאַכטע ווי
האבן זיך אראָפּגעקײַקלט צווײ שווערע טרערן איבער דעם אוי
געמאגערטן געזיכט, און פּלוצלינג האט ער אָנגעהויבן צו ווײנ
"גאָט מײנער, וואס איז מיט דיר, כאוועֶר, — מאָרסט זיך נ
אופרעגן! טראַכט וועגן דער ווונד אין בויך", האט א דערשר
קענע אויסגערופן מערי, ווײַל דער קערפּער פון פּאַרווונדעטן ה
זיך קאָנוווּלסיוו געוואָרפן איבערן געלעגער. "מאָרפיום וועט א
באַרויקן", האט זי אַ טראַכט געטאָן און האט זיך אַ וואָרף געט
פון צימער.
ווען זי איז אין אַ מינוט ארום געקומען צוריק אין צימ
איז די דעקע געלעגן צונויפגעדרייט אַף דער פּאָדלאָגע און
אונטער דעם באנדאזש האט געגאָסן אַ שוואַרצלעך-רויטער שטר
בלוט. אין אײן אויגנבליק האט זי געבראַכט אין אָרדענונג ז
געלעגער און האט זיך באמיט אים צו בארויקן. ער איז אי
געלעגן גאַנץ רויק מיט פאַרמאַכטע אויגן, אָבער דער אויסדרו
פון פּאָנעם האט געוויזן, אַז עס דערנעענטערט זיך דער טויט.
"ליגט רויק און מאַכט ניט קײן נאַרישקײטן, איך וועל ז
גלײַך ארויסרופן דעם דאָקטער דירשאוער דורכן פעלד-טעלעפאָ
האט געזאָגט מערי און האט געוואָלט אופשטײן, אָבער א שוו
כער רוף פון גויסעסדיקן האט זי פאַרהאלטן.
"קײן שום דאָקטער וועט מיר ניט העלפן, שוועסטער מע
איך האב שוין גאַנץ ווײניק צײַט צו לעבן, לאָזט מיך ניט איב
אלײן, בלײַבט מיט מיר", האט ער זיך געבעטן מיט אַ שוואַכ
שטימע.
בא מערין האבן זיך געגאָסן טרערן פון די אויגן, זי האט
אָבער באַהערשט, האט אים אין אָרדענונג געמאַכט די קישן

האט זיך גענומען צו דער גובקע. באמערקנדיק אָבער די בעטנ־דיקע אויגן פון שטאַרבנדיקן, האט זי זיך אנטשלאָסן און גענומען דאס גאַנצע גלאָז. דער פאַרווונדעטער האט געטרונקען לאַנג און געקוקט אף איר מיט דאַנקבאַרע אויגן.

„ס׳איז מיר איצט אַביסל בעסער און איצטער, שוועסטער מערי, זעצט זיך צו גאָר נאָענט צו מיר, איך דאַרף אייך אַסאַך זאָגן״.

מיט זיינע מאָגערע פינגער האט ער אָנגענומען איר האַנט און האט אָנגעהויבן מיט אַ שטילער שטימע צו דערציילן:

„מיין נאָמען איז וואלטער פייקכען, איך בין אויך פון סווער־טרופ, אָבער איך בין ניט געווען פון אייערע. זוקראָוו, אייער קאָמאנדיר, קען מיך, מיר האבן צוזאַמען געאַרבעט בא פלאשנערן. איך וואָלט זייער גערן מיט אים נאָכאַמאָל געשמועסט, אָבער דערצו איז שוין איצט צו שפּעט. מיר האבן צווישן זיך געשטריטן, איך בין געווען פאַר שוואַרץ־ווייס־רויט, געטרוימט וועגן קייזער, הינדענבורג, מיליטער און וועגן דער אלטער גוטער צייט! פון קינדהייט אָן האט מען מיך אַזוי געלערנט. איך האב געהאסט, פאַראַכטעט און באַקעמפט די אַרבעטער, ווי און ווו איך האב נאָר געקאָנט. אָ! מע האט אונדז ריכטיק באשווינדלט און אויס־געהעצט! איך בין געווען אַ מיטגליד פון „רוגארד״, אַ נאציאָ־נאלער קאַמף־בונד, וואָס האט זיך געשפּעלט פאַר אַ ציל צוריק איינפירן די מאָנארכיע. מיר האבן אלע געמוזט שווערן מיט אַ מוירעדיקער שווּע און זיך אליין דעם טויט ווינטשן אין פאַל פון אַ פאַראַט. איך האב די שוווּע געהאלטן... ביז היינט!

מע האט אונדז געהיים געגעבן א מיליטערישע אויסבילדונג. איך האב פאַר דעם רוגארד געטאָן אַלץ, וואס איך האָב געקאָנט. מיר האבן געזאָלט אויך ארייננציען דעם הער זוקראָוו, איך האב זיך אליין שטאַרק באמיט, אָבער ער איז דאָך אוועק אַף יענער זייט... און דאס איז געווען זיין גליק! או מע האָט מיר געהייסן, האב איך פאַרלאָזן מיין שווערקראַנקע מוטער און איך בין אַוועק אַהין, ווו מע האט מיך באדארפט צו האבן,—קעדיי מיך צו דער־מאָרדן! איך ווייס ניט פון וואַנען האט זיך דאָס גענומען, וואָס

מע האט מיר פלוצלינג אָנגעהויבן צו האַלטן פאַר אַ פּאַרטעטער. איך בין דאָרטן אף יענער זייט געווען נאָר אַ פּאָר שאָ, אָבער וואָס איך האב דאָרטן געזעען איז געווען נאָר נידערטרעכטיקייט און ברוטאַלקייט. די געפאַנגענע ווערן קאַלטבלוטיק, קלוימערשט באַם אַנטלויפן, דערשאָסן. מיך האבן זיי אָבער אָפּגעשיקט צום פראָנט. פון הינטן האט מען מיר געגעבן איבערן קאָפּ, געבונדן און פאַרשטיקט דעם מויל! ניט אויסהערנדיק מיך, ניט געבנדיק קיין מעגלעכקייט זיך צו פאַרטיידיקן, האָבן זיי מיך צוגעבונדן צו אַ בוים, קעדיי איר זאָלט מיך דערשיסן. אייער קויל האט נאָר צו גוט געטראָפן, זיי האָבן זייער ציל דערגרייכט... אָרעמע מוטער מיינע..."

דער שטאַרבנדיקער האט געשוויגן אַ ווײַלע, אַ אויסגעשעפּטער, ניט אָפּלאָזנדיק די הענט פון דער שוועסטער. דערנאָך האט ער פאָרגעזעצט:

„איך בין אָבער ניט געווען קיין פארעטער. ניין, בא גאָט, איך בין ניט געווען! אָבער עס פאַרדריסט מיר אף יעדער שאָ, וואס איך האב פאַר יענע אָפּגעגעבן. דאס איז געווען אַ גרויסער טאָעס און אים מוז איך אויסקויפן מיט טויט. איצט ערשט ז איך זיך ארום, ווי מע האט מיך גענאַרט, מיך און נאָך אסאך אסאך אנדערע, וואס גלויבן נאָך אויך אין דידאָזיקע אַלטע געטער. איר, שוועסטער מערי, האט מיר געמאַכט זעעדיק! פאַר מיר איז שוין איצט צו שפּעט פאריכטן מיין פעלער. איך פאַרשטיי אייך ניט, נאָר איך פיל, אז איר מוזט קעמפן פאַר א גרויסע, הייליקע, גוטע און גערעכטיקע זאַך, אניט וואָלט איר ניט געווען אזוי איירל. גריסט... דעם כאווער זוקראָוו. און אז איר וועט עפּשער מיינע עלטערן שרייבן... זאָגט ניט... שפּעטער ערשט... אַ גרויכן, גרויסן דאַנק אייך ליבע, ליבע כאווערטע... זוקראָוו זאָל... קיין פארעטער בין איך אָבער ניט... פייער־אָוונט!" —

ער האט ארויסגעשטויסן דאָס לעצטע וואָרט ווי אַ האַנט־ווערקער, וואס לייגט אוועק זיין געצייג נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, ער האט זיך אויסגעצויגן, און איז געשטאָרבן.

מיט טרערן אין די אויגן, האט מערי רוקערס באאָבאַכטעט

ווי זיינע פּאָנעם-שטריכן גלעטן זיך אויס, דערנאָך האט זי אים פאַרמאַכט די אויגן און אריינגעלייגט אין האַנט דעם קליינעם בוקעט פיילכלעך און אף די שפּיץ פינגער פאַרלאָזן דעם צימער. — — —

„אָרעמער יונג", האט געזאָגט זוקראָוו, אריינגייענדיק אין ציטער אין אַ פערטל שאָ ארום מיט גראַטען און מערי.

„וואָלט איך פריער געוווסט, אָבער ער האט קיין וואָרט ניט גערעדט", האט מערי געזאָגט.

„ער האט בא זיך גאָר קיין פּאַפּירן ניט געהאט?"

„גאָרניט, קיין געלט ניט, קיין זייגער ניט, ווי מע וואָלט אים באַראַבעוועט, נאָר אין דער קעשענע פון דער וועסט האב איך געפונען אַ צעטל, אָבער פון אים קאָן איך גאָרניט פאַרשטיין", האט געזאָגט מערי. זוקראָוו האט אַ כאַפּ געטאָן דעם צעקנייטשטן צעטל און בעיס ער האט אים געלייענט איז זיין געזיכט געוואָרן מאָדנע פאַרשטיינערט.

„ליבער פריינט! זיי ניט אין קאַעס, וואס איך לאָז דיך אזוי לאַנג ווארטן. איך קאָן גאָרניט מאַכן. דער קאפּיטאן מוז נאָך שאַפן נאָך איין אונטערשריפט. זאָלסט זיין פּינקטלעך בּאַם וואָקזאַל 20 מינוט צוּ עלף.

ג י ז ע ל א".

„איר פאַרשטייט דאָס?" האט געפרעגט מערי, וואס האט באַמערקט ווי עס האט זיך געענדערט זיין געזיכט באַם לייענען.

„יע", האט ער געזאָגט ווי אַ פאַרהיפּנאָטיזירטער, „איך פאַרשטיי אַלץ!" אַ שווערער זיפץ האט זיך ארויסגעריסן פון זיין ברוסט. ער האט זיך ניט געשעמט מיט זיינע טרערן. „אָרעמער יונג! ער איז געפאַלן ווי אַ דרייפאכער קאָרבן! פון דער נאַציאָנאַליסטישער העצע, פון אַ דעמאָנישער פרוי און פון אונדזער סטראַטעגיע. פאַנאַנדערלאָזנדיק מיט אַ קיוון פאַלשע קלאַנגען, כּדי צו דעמאָראַליזירן דעם קעגנער, האבן מיר דערוועקט דעם כשד, וואס האט געבראַכט צו דעמדאָזיקן שרעקלעכן מאָרד, אָבער דאָס האבן מיר ניט געוואָלט!"

„וואס מיינסטו?" האט הארט געפרעגט גראַטע. „און אויב

דער דערפּאָלג פון דער גאַנצער קאָמעדיע באשטייט נאָר אין דעם איינעם, מיט וועלכן עס איז ווייניקער געוואָרן קעגן אונדז, באַ-דויער איך דאס נים. אניט וואָלט ער זיכער געשטאנען דאָרטן, וואָלט געשאָסן ארבעטער. און אזוי איז ער כאָטש בעם שטאַרבן געוואָרן זעעדיק—דאָס איז פאַר אים ווי פאַר אונדז בעסער, איי-דער ער וואָלט געפאַלן אַף דעם באַרימטן „פעלד פון ערע!" — — —

## 17. קאפּיטל

פון אויכן האט זיך געקאָנט דאכטן, אַז אין סוועטערווא גייט נאָך אַלץ ווי פריער, און דאָך איז דאָס שוין געווען גאָר אַן אַנדער לעבן. מיט פּאַרדרוס און מיט אַ ליידיקן מאָגן איז גע-גאַנגען דער שאכטיאָר אינדערפרי צו דער פּאַכטע, ווייל מיט פּראָדוקטן איז געוואָרן מיט יעדן טאָג ערגער. מע האט געאַרבעט נאָר קעדיי צו אַרבעטן. און ווער האט דאָס געקאָנט זיצן אונטער דער ערד און פּיקן קוילן, ווען אויבן אַף דער ערד איז רייף געוואָרן די אנטשיידונג און יעדן אויגנבליק האָבן ווידער געקאָנט אָנהויבן צו פייפן די אליארעם-סירענעס?

ווו איז הינגעקומען די איינהייטלעכע גליענדיקע קאַמף-שטי-מונג, וואָס האָט באַהערשט מיט צען טעג צוריק אלע ארבעטער? רעכטע סאָציאַליסטן און אומאפּהענגיקע, קאָמוניסטן און קריסטלעך-סאָציאַלע, הירש-דונקערשע און סינדיקאליסטישע ארבעטער זיינען דעמאָלט געגאַנגען צוזאַמען, אפילע בירגערלעכע האבן סימפּאַ-טיזירט. איצט אָבער אונטער דער דעמאָראַליזירנדיקער ווירקונג פון די בּיליעפעלדער אונטערהאנדלונגען און פון הונגער זיינען ווידער ארויסגעשפּרונגען און האָבן זיך נאָך מער פאַרפּאַרפט די פריערדיקע קעגנזאַצן. מוטלאָזיקייט, בּערישנקייט, פּאַראָט און פאַר-צווייפלונג האָבן אופגעהויבן זייער קאָפּ.

דערווייל זיינען נאָך יענע, וואָס זיינען געווען פאַר אונ-טערגעבן זיך, געווען אין דער מינדערהייט. די מערהייט האָט פאַרשטאַנען, אז דאס אונטערגעבן זיך וועט ברענגען שטראָף-עקספּעדיציעס, און די פּלענער פון די קאפּאָווצעס וועלן דורכ-געפירט ווערן אַף אַ לעגאַלן וועג. די ווענדונג צו דער פּראָלע-

טארישער סאָלידאַריטעט מיט די ברידער, וואָס זיינען צפּן פּראָנט, האָט איינגעהאַלטן די שוואַכערע.

די זיצונגען פון סוועטראופער אויספיר-קאָמיטעט האָבן געטריי אָפּגעשפּיגלט דידאָזיקע קעגנזעצלעכע שטראָמען. ריזע, אָוועראַט, קיפער און נאָך אַ האַלבע טוץ אַנדערע האָבן געפּאָדערט טייקעף פאַנאַנדערלאָזן דעם פראָנט, פאַנאַנדערלאָזן די מיליטערישע אָפּטיילונגען און אָפּגעבן דאָס גאַנצע געווער אין ראָטהויז, לויט די באַדינגונגען פון דער רעגירונגס אולטימאַטום, דער טערמין פון וועלכן עס איז אויסגעגאַנגען צוועלף אַזייגער באַמאָג דעם 30-טן מאַרט.

זייער שאַרפסטער קעגנער איז געווען דער סינדיקאַליסט מיירינג, וועלכער האָט געפּריידיקט אַ קאַמף ביזן סאָף און איז ניט מיד געוואָרן צו וואָרענען די אַרבעטער פון פאַראַט פון די ביוראָקראַטן. ווי אַן אומדירעקטער רעזולטאַט פון זיין אַגיטאַציע איז געווען צו פאַרצייכענען, אַז אַ גרופּע באַוואָפנטע אַרבעטער זיינען אַוועק צו דער רעדאַקציע פון „גענעראַלאַנצייגער", האָט אַרויסגעשלעפּט דעם שעף-רעדאַקטער און אים געצוווּנגען זיך צו אַנטשולדיקן פאַרן אוילם פאַר אַן אַרטיקל אין צייטונג, וואָס האָט אַנטהאַלטן שאַרפע אָנפאַלן אויף די אַרבעטער.

פעטער רוקערס האָט געהערט צו די, וואָס פאַרשטייענדיק די פּאָליטישע לאַגע און די שוואַכקייט פון דער אַרבעטערשאַפט, האָבן זיי מיט אַ ווייטיק אין האַרצן אָנערקענט די נוצלאָזיקייט פון ווייטערדיקן ווידערשטאַנד. ניט געקוקט אויף זיין שטאַרקן באַגער צו גיין צום פראָנט, האָט מען אים איבערגעגעבן צו אָרגאַניזירן אין סוועטראופ די באַזאָרגונג פון פראָנט. אויספילנדיק דידאָזיקע אומדאַנקבאַרע אויפגאַבע איז ער אויף צען יאָר עלטער געוואָרן. ווי שווער האָט ער געאַרבעט, גערעדט, געבעטלט, געדראָט, קאָמאַנדירט און געשאָלטן—און ווי ווייניק האָט ער באַוויזן אויפצוטאָן!— פאַר יעדער זאַק האָבערנע גרויפּן, פאַר יעדער קאַסטן מאַקאַראָנען האָט ער געמוזט קעמפן ניט נאָר מיטן בירגערמייסטער און מיט די צושטעלער, נאָר אויך מיט די אייגענע כאַווערים פון אויספיר-קאָמיטעט, וואָס האָבן זיך ניט געוואָלט רעכענען מיט דער לאַגע

פון דער אַרמיי. לויט זיין איניציאַטיוו, האָט מען באַ אַ סויכער רעקווירירט אַ האַלבן וואַגאָן קונסט-האָניק, אָבער מע האָט אים דאָס ניט געגעבן פאַרן פראָנט, נאָר געוואָלט פאַרווענדן פאַר קינדער, קראַנקע און מוטערס.

נאָר איידער דער שטרייט אַרום דעם איז געענדיקט געוואָרן, איז אין שפייכלער, ווו דאָס איז געלעגן, אנטשטאַנען אַף אַן אומפאַרשטענדלעכן אויפן אַ סרייפע און דער גאַנצער זאַפּאַס איז פאַרברענט געוואָרן.

אף אויסצאָלן לוין די רויטאַרמייער, האָט דער בירגערמייסטער ליווענקול איינמאָל ארויסגעגעבן 120 טויזנט מאַרק. דאָס איז געווען גלייך צום אָנהויב, אונטערן איינדרוק פון די אַרבעטער-זיגן. דערנאָך האט ער דערקלערט, אז ער האָט ניט קיין געלט און סאָפּקאָלסאָף האט ער זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו געבן געלט אָן אַ באַפעל פון דעם רעגירונג-פּרעזידענט פון דעם געביט-די אונטערנעמער, וועלכע מע האט געצוווּנגען צו געבן געלט, זיינען מערוצע געוואָרן צו אויסשטעלן טשעקן, אָבער פון דעם איז קיין געלט ניט געוואָרן, ווייל אין די בענק איז אויך פלוצלינג ניט געוואָרן קיין געלט. רוקערס האט באַשיימפערלעך געפילט, אז הינטער דעם פלוצלינגדיקן מאַנגל אין מעזומאָנים איז פאַרשטעקט אַ שוואַרצער סאַבאָטאַזש, ער האט זיך אָבער אומזיסט געבראָכן דעם קאָפּ ווי בייצוקומען אים. ארויסגעבן אייגענע געלט—האָט ער גוט געוועזן, וועט קיין שום נוצן ניט ברענגען, ווייל קיינער וועט ניט וועלן אָננעמען אַזעלכע ניט זיכערע פּאַפּירן.

אַן ענלעכע זאַך איז פאָרגעקומען מיט קליידונג און מיט שטיוול אין די געשעפטן איז קיין זאַך ניט געווען. סאָפּקאָלסאָף איז אים איינגעפאַלן אין קאָפּ אַן איינפאַך מיטל, וואס איז אים געווען באַקאַנט פון דער געשיכטע פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָליוציע. יעדער בירגער פון שטאָט זאָל פאַרפליכטעט ווערן דורך אַ דעקרעט אָפּצוגעבן פאַרן פראָנט אַ פּאָר שטיוול אָדער שיך, אָבער קעגן דעם איז ארויסגעטראָטן ניט נאָר ריזע און זיינע געטרייע, נאָר אויך זיין פאַרטיי-כאַווער יעיטנער. — „מיר זיינען

דאָך ניט קיין רויבער!" — פונקט אזוי האט זיך אים ניט איינגעגעבן צו לאָזן די מאַשינען אף אויסאַרבעטן גראנאטעס, וועלכע זיינען געווען אַפן זאַוואָד „דייטשישע ערד". מע האט צוגעזאָגט, נאָר מיט אלע מיטלען עס פאַרשלעפּט.

אזוי איז ער אויך געצווונגען געווען איינצוגיין אף צו פירן אונטערהאַנדלונגען. און דער אויספיר-קאָמיטעט, וואס איז אין זיין גרעסטער מערהייט אויך געווען אזוי געשטימט, האט שוין אָנגעהויבן צו מאַכן צוגרייטונגען אף אָפּטראַנספּאָרטירן צוריק פון פראָנט די אָפּטיילונגען פון דער רויטער ארמיי. אָבער ווי אַ בליק פון קלאָרן הימל איז אָנגעקומען די באַשטימונג פון גענעראַל וואסער וועגן אָפּגעבן דאָס געווער, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורך ראַדיאָ.

ביז צוועלף אַזייגער באַטאָג דעם 31 מאַרט האט מען געדאַרפט אַרויסגעבן פיר שווערע הארמאטן, זעכצן מינענווארפער, צוויי הונדערט קוילנווארפער, צוואנציק טויזנט ביקסן, פיר הונדערט אַרטילעריע-שאָסן, הונדערט טויזנט ביקסן-פּאַטראָנעס. אויב דאָס וועט ניט ארויסגעגעבן ווערן, וועט דאָס הייסן, אז די באַדינגונגען פון וואפנשטילשטאנד זיינען ניט אויסגעפילט געוואָרן, פונקט אויך אזוי, אויב עס וועלן נאָך בלייבן וועלכע ניט איז טיילן פון דער רויטער ארמיי אָדער אַנדערע באַוואָפנטע אָפּטיילונגען, אָדער עס וועט נאָך עקזיסטירן אַן אויספיר-קאָמיטעט, אָדער אַ געפאַנגענער וועט ניט אָפּגעלאָזן ווערן א. א. וו. *)

איצט איז געוואָרן קלאָר, אַז מיט די אונטערהאנדלונגען איז מען ארייננגעפאַלן אין אַ פאַסטקע. די מיליטערישע מאכט האט געפּייפט אף אַלע אָפּמאכן און האט ארויסגעגעבן אירע אייגענע באַשטימונגען. ווען אַפילע די גאַנצע אַרבעטערשאפט וואָלט געשטאַנען דערפאַר, מע זאָל זיך אונטערגעבן, וואָלט מען אויך די באַדינגונגען ניט געקאָנט אויספילן. דאָס איז געווען טעכניש אומעגלעך. די מיליטערישע מאַכט האט מיט אַ קיוון געשטעלט אַזעלכע משוגענע פאָדערונגען, קעדיי צו האָבן אַ טערעץ צו אַריינמאַרשירן און נעמען בלוטיקע נעקאָמע.

*) היסטאָריש.

ווידער האָבן געקאָטערט די אליארעם-סיגנאַלן איבער דער אויסגעמאַטערטער שטאָט. אַף די עפנטלעכע פּלעצער האָט מען באַקאַנט געמאַכט מיט די באַדינגונגען פון די גענעראַלן. טויזנטער שטימען האָבן אויסגעדריקט אין אויסגעשרייען זייער אופרעגונג. אַפילע מענטשן, וואָס האָבן נאָך פאַר מיטאָג געשטימט פאַר קאַפּיטוליאַציע, האָבן איצט געפאָדערט אַ נייעם גענעראַל-שטרייק.

„בעסער די נעגערן פון סענעגאַל, איידער די רייכסווער", האָט מען געשריען איינער צום אַנדערן, ווען עס איז באַוווּסט געוואָרן, אַז דער עסענער צענטראַל-ראַט האָט געשיקט אַ קאָמיסיע אין קעלן, קעדיי צו מאַכן אופמערקזאַם די אַנטאַנט אַפן פּראָוואָקאַטאָרישן אַריינמאַרש אין דער פאַרבאָטענער 50-קילאָמעטער זאָנע.

די לאַסט-אויטאָמאָבילן אַפן הינדענבורג-מאַרק, וואָס זיינען צוגעגרייט געוואָרן צום אָפּטראַנספּאָרטירן דאָס מיליטער פון פראָנט, זיינען באַלאַגערט געוואָרן פון באַוואָפנטע און אומבאַוואָפנטע, וועלכע האָבן געפאָדערט מע זאָל זיי שיקן אַפן פראָנט. פון זיך אליין האָבן זיך געבילדעט אופרייס-גרופּעס, וואָס האָבן זיך געגרייט אופרייסן באַם ערשטן סיגנאַל די שאַכטעס.

ווידער האָבן זיך אָפּגעשטעלט די זאַוואָדן. דורך ספּעציעלע קוריערן האָט יעדענער צוזאַמענגערופן די מיטגלידער פון אויספיר-קאָמיטעט אין פאַלקהויז. ווען מע האָט געוואָלט עפענען די זיצונג איז אָנגעקומען אַ בריוו פון ריזען, ווי ער האָט געמאָלדן, אַז ער טרעט ארויס פון אויספיר-קאָמיטעט. דערדאָזיקער בריוו האָט ארויסגערופן מער נידערשלאָגנקייט, ווי אופרעגונג.

„די מייז פאַרלאָזן די שיף", האָט באַמערקט רוקערס מיט אַ ביטערן הומאָר. דער פאָרזיצער האָט איבערגעלייענט אַ נייע טעלעגראַם, לויט וועלכער די רעגירונג האָט פאַרלענגערט דעם טערמין פון אָפּגעבן דאָס געווער ביז 12 אַזייגער באַטאָג דעם 2-טן אַפּרעל. ביז יענער צייט האָט די רייכסווער באַקומען אַ שטרענגן באַפעל ניט ארויסצוטרעטן. זעווערינג פערזענלעך האָט באַקומען די פולמאַכט אַכטונג צו געבן אַף דעם, ווי אַזוי פאַרהאַלט זיך די רייכסווער.

הייסט דאָס, אַז גענעראַל וואַטער מיט זיינע מעשוגענע פּראָ-

וואַקאַציעס איז דעזאַוווירט! די רעגירונג בויט גאָלדענע בריקן, קעדיי ניט צו דערלאָזן צום ערגסטן. קיינער אין זאָל האָט ניט געהאַט דעם מוט אין אַזאַ סיטואַציע פּאָרצולייגן אָפּצוּוואַרפן דעם אָנבאָט פון דער רעגירונג. נאָר איין עלטער באַרג-ארבעטער האָט מיט אַ האַלבן קאָל געזאָגט:

„דאָס פּאַסט זייער גוט פאר קאַרל זעווערינגן" — — —

אַ וואָרט האָט געבעטן אָוועראַזאַט, ער איז אָבער אופגענומען געוואָרן מיט שפּאָט-באַמערקונגען. „דו ביזט נאָך דאָ? — גיי בעסער גלייך צו דיין פריינט ריזע!"

דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי-פּאָרזיצער איז געוואָרן ווייס, ווי קרייט:

„איך דאַנק אייך פאר אייער גוטער אייצע, איך ווייס אָבער אליין וואָס איך האָב צו טאָן. וועגן אַסאַך זאכן האָב איך אַן אנדער מיינונג, ווי איר. אָבער אין מאָמענט פון געפאר פארלאָז איך ניט מיין פּאָסטן. יעדנפאלס זאָג איך אָפן ארויס וואָס איך מיין און איך לאָז איבער פאר אַנדערע צו ריידן פון אונטערן אויוון".

יערערער האָט פארשטאַנען וועמען מיינט מען דאָ מיט די „אַנדערע". אייניקע האָבן געשריען „בראַוואָ", אָוועראַזאַט האָט אָבער פאָרגעזעצט: „די נייע פארלייגנגערונג פון אולטימאַטום און די אנדערע מאָסמיטלען פון דער רעגירונג ווייזן, אז וועגן איבערגעבן אין די הענט פון די גענעראַלן איז קיין רייד ניטאָ. איצט ווענדט זיך פון אונדז מיר זאָלן ניט געבן קיין אויס-רייד פארן אריינמארשירן. דער נייער פּאָרשלאָג פארלייכטערט דאָס אונדז, דעריבער לייג איך פאָר, אז דער שטרייק זאָל אָפּ-געשטעלט ווערן טייקעף און עס זאָלן מאָביליזירט ווערן אַלע לאַסט-אויטאָמאָבילן, קעדיי מאָרגן ביז מיטאָג ברייננגען פון פראָנט אלע אונדזערע כאַווייריב".

„און ווער גאַראַנטירט דערפאַר, אז די רייכסווער וועט ניט גלייך אריינמארשירן?" האָט אָפּגעפאָכט מיירינג.

„אונדזער כאַווער זעווערינג, וועלכער איז צו דעם באַפולמעכ-טיקט", האָט פעסט געענטפערט אָוועראַזאַט.

מיירינג האָט זיך אַ פּן קאָל פאנאנדערגעלאכט.

„אייער זעווערינג? לאָמיר אפילע אָנעמען, אַז ער וויל טאָן דאָס בעסטע. אָבער די גענעראלן פייפן אף זיינע פולמאכטן! אין אזאַ סיטואַציע האָט איין ביקס מער ווערט ווי צען טויזנט פּיסקעס".

יעיטנער האָט אָנגעקלונגען אין גלעקל. „איצט איז ניט די צייט צו שטרייטן מיט ווערטער, כאַווער מיירינג, קאָנסטו אונדז מאכן אַ פּראקטישן פאָרשלאָג. דערלאנג אהער!"

„מויכעל, איר האט גערופן די אַרבעטער און איצט פאַראַט איר זיי! אייערע אונטערהאַנדלונגען האבן געבראכט צו דער איצ-טיקער מאַפּאָלע! מיט אייך וועלן מיר שוין מער קיין שום אקציע ניט פירן!"

מיט א געוואַלטיקן זעץ מיטן פוס האט דער אָרנטלעכער רע-וואָליוציאָנער אָפּגעוואָרפן דעם שטול, וואס איז אים געשטאנען אין וועג און איז ארויס, ניט אומקוקנדיק זיך אף קיינעם.

„ליידער איז ער גערעכט, אָבער עס איז שוין צו שפּעט", האט געזאָגט רוקערס. „איך רעכן, אז איך דריק אויס אלעמעס מיינונג, אַז מיר וועלן אונדזער מיליטער טייקעף צוריקנעמען פון פראָנט. איצט איז צוויי אַזייגער נאָכמיטאָג. ווער וועט באַזאָרגן די אָווטאָמאָבילן?"

דאָס האט זיך אָנגענומען אָווערזאט.

„גוט!—כאַווער יעיטנער וועט זיך טייקעף פאַרבינדן מיט לי-ווענקולן, קעדיי צו רעגולירן דאס אופנעמען דאס געווער. לויטן אָפּמאַך האבן מיר דאס רעכט איבערצולאָזן אַן אַרבעטער-מיליץ, וואָס זאָל באַשטיין פון דריי מאַן אַף יעדע טויזנט איינוווינער. דאס מוז ווער פון אייך איבערנעמען".

„פאַרוואָס ניט דו, דו קאָנסט דאָס בעסער פון אלעמען באַ-זאָרגן", האט געזאָגט פּאָנטאָוו.

„ווייל איך מוז טייקעף פאָרן צו אונדזערע כעווריע אַפן פראָנט, קעדיי זיי צוגרייטן צום אָפּטרעטן, ווייל איך שטעל מיך פאָר, אַז דערביי וועלן נאָך זיין שוועריקייטן", האָט געענטפערט רוקערס.

אַלע האָבן צוגעשטימט, אַז רוקערס איז גערעכט און ווייל קיין אַנדערער האט זיך ניט אַרויסגערופן, איז דער קריסט-לעכער קיפער באַפולמעכטיקט געוואָרן צו אָרגאַניזירן די נייע „נאַכטוועכטער-גאַרדע", ווי מײרינג האט מיט ביטל עס אָנגערופן.

* * *

הינטער נידערוועדס, דערווייטערט פון די הייזער און זאַוואָדן, האט דער שאָפער געלאָזן דעם אויטאָמאָביל אין פולן גאַנג. אויפן וועג האבן זיי באַגעגנט עטלעכע מאָל קליינע גרופעס אַרבעטער-סאָלדאַטן, וואס האָבן פאַרלאָזן דעם פראָנט און זיינען געגאַנגען אַהיים. דערפון האט רוקערס דערקענט, ווי נויטיק עס איז וואָס גיכער אָפּצושאַפן דעם פראָנט. וואָלט די רייכסווער בײַ אַזעלכע באַדינגונגען געמאַכט אַן אָנגריף, וואָלטן די אַרבעטער געהאַט די ערגסטע מאַפּאָלע. אָבער, גאָט צו דאַנקען, עס איז נאָך געבליבן פינף און פערציק שאָ.

פערצן טעג האָט ער מיט לייב און לעבן געאַרבעט, זיך גע-האַלטן פעסט, צונויפגעמענדיק אַלע קרעפטן און נערוון, קעדיי מיטצוהעלפן דעם זיג, קעדיי צו פאַרפעסטיקן דעם זיג, וואָס איז דערגרייכט געוואָרן — אָבער די אַנדערע זיינען שטאַרקער! פון אַלע זייטן איז עס אָנגעקראָכן די עקלהאפטע, מיעסע כאַיע, האט אויסגעשטרעקט אירע טאַפּ-פינגער, קעדיי אויסצוזויגן די קרעפטן פון דער רעוואָליוציע. וואס איז דאָס געוועזן אזוינס, ווי האָט דאָס געהייסן — ווער האט דאָס געקאָנט וויסן?

אַלץ איז געווען אומזיסט! ער האָט פרובירט זיך אָנשפּאַרן אין אויטאָמאָביל און כאַפּן אַ דרעמל. אָבער זיינע נערוון זיינען געווען צופיל אָנגעשטרענגט.

דער אויטאָמאָביל איז געפלויגן. אָנשטאָט שאַכטעס, קוילן-לאַ-גערס און שמוציקע שאַכטיאָרן-קאָלאָניעס איז אַלץ מער די נאַטור געקומען מיט איר אור-געשטאַלט. רייכע פויערים-הויפן האָבן גע-טרוימט אונטער אוראַלטע דעמבעס וועגן יענע ליכטיקע צייטן, ווען דער האָריזאָנט איז נאָך ניט געווען פאַרשטעלט מיט אַ וואַלד פון קוימענס. אַף די פעלדער האט געברינט די ווינטער-טוווע, פון די באַרג-שפּאַלטן האט דער ווינט געטראָגן דעם רויעך פון

פרישע ערד. דער אַלטער שאַכטיאָר האָט מיט דער גאַנצער ברוסט אריינגעאָטעמט דעמדראָזיקן קרעפטיקן אראָמאַט, פּילנדיק ווי דאָס פרישט אים אָפּ.

די געגנט איז געוואָרן אָרעמער, באַדעקט מיט בערגלעך. עס האָבן זיך אַרויסגערוקט זאַמדיקע פלאַכן, פאַרדעקט מיט קוסטעס און דראָבנע סאָסנע-וועלדלעך. און נאָר די בעריאָזקעס פון ביידע זייטן שאָסיי האָבן מיט זייער צאַרטער גרינקייט אריינגעטראָגן אביסל פאַרב אין דערדראָזיקער אומעטיקער געגנט.

אין דער ווייטנס איז ארויסגעשוומען א סירעקיקער קירכען-טורעם — „בולדינגראַט!"

פּלוצלינג האָט דער שאָפער מיט אַלע קרעפטן אָנגעהויבן צו טאָרמאָזירן. דער וועג איז געווען פאַרנומען: א לאַסט-אַוטאָמאָ-ביל איז אַרופגעפאָרן אַף אַ פויערים-פורל און האָט פאַרשטעלט דעם גאַנצן דורכפאָר. מיט שטריק און מיט ווינדעס האָט מען געאַרבעט אַף אופצוהויבן דעם אויטאָמאָביל. אבער רוקערס האָט געזען, אַז דאָס וועט לאַנג דויערן, איז ער אוועק צופוס. וועט אים דער שאָפער דעריאָגן וועט זיין נאָך בעסער.

אַף די גאַסן פונעם שטעטל האָט ער גלייך געטראָפן די ערשטע רויטע סאָלדאַטן מיט רויטע לענטעס אַף דער לינקער האַנט. רו-קערס האָט געמוזט מוידע זיין, אז אַזוי אָפּגעריסן און פאַרוויל-דעט ווי זיי זעען אויס האָבן זיי עס געגעבן א גוטע שטאָף פאַר די העץ-אַרטיקלען פון די בירגערלעכע צייטונגען.

פון א האָטעל אַפן מאַרק-פּלאַץ האָט זיך געהערט מוזיק און געזאַנג. ער האָט אריינגעקוקט דורך די פענצטער און האָט ניט געוואָלט גלויבן זיינע אייגענע אויגן. ער האָט דערזען א זאַל פול מיט שיקערע רויטארמייער. אייניקע האָבן געטאַנצט מיט פרויען, וואָס די קראַנקשוועסטער טיכל האָט נאָר שלעכט פאַר-דעקט זייער אייגנטלעכן באַרוף.

„און דאָס איז אונדזער רויטער פראָנט, וואָס וויל דורכוויס ווייטער קעמפן?" האָט ער צאָרנדיק געפרעגט.

„ניין, כאַווער, דאָ איז נאָר אַ עטאַפּן-פּונקט, און איצט איז

דער פונקט שוין אויך ניטאָ", האט געענטפערט אַן ארבעטער, וואס איז א פאַרכוישעכטער געשטאַנען דערביי.

רוקערס האט זיך א דריי אויס געטאָן צו אים. „דאָ דאַרף דאָך אָבער צום טייוול — — — איז דאָ אין שטאָט ניטאָ קיין קאָמענדאַנט?"

„פון היינט אינדערפרי איז שוין מער ניטאָ. דידאָזיקע דאָ האָבן אים פאריאָגט, ווייל מע האט זיי נים געגעבן קיין פראָוויאַנט", האט דער צווייטער געענטפערט.

„איז דאָס מעגלעך?—און פאַרוואס האט מען זיי ניט ארויסגעגעבן קיין פראָוויאנט, איז שוין ניטאָ קיין פראָדוקטן?" האט ער ווייטער געפאָרשט.

„ווייל זיי האבן זייער פאָסטן פאַרלאָזן".

„וואָס?—דעזערטירן?—און זיי לויפן נאָך אַרום מיט די רויטע לענטעס?"

„דאס איז גאָר קיין וואונדער ניט, כאוועך. פון דיינע פראַגן קאָן מען זעען, אז דו ווייסט ניט ווי די לאגע איז דאָ. דידאָזיקע דאָ זיינען דיסעלדאָרפער, גאָר ניט קיין שלעכטע יאָטן. איך האָב געזעען ווי זיי זיינען געגאנגען אין אָנגריף בײַ וועסטהאָפן! אָבער פרעג נאָר בײַ זיי, וואס האָבן זיי ביז איצט באקומען דער-נערונג און לוין? זאָלן זיי דיר ווייזן זייערע שטיוול. פון די-סעלדאָרף אהער איז געגאנגען אַן אווטאָמאָביל מיט שטיוול. איך אַליין האָב געפירט דעם אַווטאָמאָביל אָבער אפן וועג האט אונדז א באַנדע דעזערטירן, פונקט אזוי אָפּגעריסן און פאַר-הונגערט ווי די, פאַרהאַלטן און בארַאבעוועט. ווען איך בין גע-קומען מיט ליידיקע הענט, האט זיי געפלאצט די געדולד".

„און וואס איז דאָס פאַר א קראנקנשוועסטער?" האט געפרעגט רוקערס, ציטערנדיק מיט אַלע גלידער.

דער דיסעלדאָרפער האט א קוועטש געטאָן מיט די אַקסלען.

„פון דעם מין געפינסטו אומעטום!"

דער אלטער שאַכטיאָר האט א שפּיי געטאָן. ער האט גענוג געזעען און בײַ אים איז געבליבן נאָר איין פאַרלאנג: וואָס גי-

כער קומען צו זיינע סוופּערטרופּער! צום גליק האָט אים גראַדע אָנגעיאָגט דער אווטאָמאָביל.

די ברייטע דאָרף-גאַס, אַף וועלכער עס האָבן ארומגעשפּאַצירט הינער, איז געווען ווי אויסגעשטאָרבן. נאָר אַן אַלטיטשקע מיט עמער אף אַ קאָראָמיסלע האָט פאַרוונדערט אָנגעקוקט דעם אַוו-טאָמאָביל מיט רויטן פלאַג. באַם גאנעק פון א מויערל איז גע-ווען ארויסגעהאָנגען א פלאַג מיט א רויטן קרייז. נאָך איידער דער שאָפער האָט באַוויזן איינהאלטן דעם אווטאָמאָביל, איז שוין ארופגעשפרונגען א ווייס-געקליידעטע געשטאַלט.

„פּאָטער! — — —"

„איך האָב גראדע היינט אסאַך געטראַכט וועגן דיר", האָט גע-זאָגט מערי, קוקנדיק אַף אים מיט פייכטע אויגן.

אפּיסל אומבאַהאָלפן האָט דער אַרבעטער א קוש געטאָן זיין קינד אין שטערן. ער האָט דערזען גראָטען, וואָס איז לאַנגזאַם צוגעגאַנגען צו זיי, ניט ווענדיק שטערן באַ זייער ערשטער באַ-געגעניש.

„ברייגגסטו עפּשער אונדז גוטע נייס? אף געלט און אַף שטיוול האבן מיר זיך שוין אָפּגעוווינט צו האָפן", האָט ער געזאָגט, דערלאַנגענדיק דעם אַלטן די האַנט.

„ניט דאָס און ניט יענס, מע האָט פאַראַטן און פאַרקויפט און מיר ליקווידירן זיך; איך בין געקומען, קעדיי אייך וועגן דעם צו מעלדן, פון מילהיים וועט איר באַקומען געגויערע אָנ-ווייזונגען", האָט מיט אַ נידערשלאָגענעם קאָל געענטפערט רו-קערס. „אָבער זאָג נאָר", האָט ער פאַרקנייטשט דעם שטערן, „דו ביזט אויך געוואָרן א סאַניטאַר? מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב געהערט, אַז דו האסט די לעצטע טעג איבערגענומען די אָנפירונג פון אַן אָפּטיילונג?"

„ריכטיק, פּעטער. מיין אָפּטיילונג געפינט זיך איצטער דאָ אין רעזערוו באַם שטאַב. הינטער דער קירכע האבן מיר פאַרנומען דריי שייערס. די יאַטן עסן איצט אָוונט-ברויט און איך בין גע-קומען אַהער אַף א ווײַלע, קעדיי צו נעמען האָזמאַן-טראָפּן", האָט געענטערט גראָטע, און מערי איז געוואָרן רויט.

„אַזוי, אַזוי, דו ביזט געגאַנגען נעמען טראָפּנס. טוט דיר גע-ווים וויי דער בויך,—נו, דאָס טרעפט אַף דער מילכאָמע! און איך האב שוין געמיינט, אַז די אָנפירער פון די אָפּטיילונגען לייגן זיך איצט אלע אין די פעלד-לאזארעטן! נאָך דעם, וואָס איך האב נאָר וואָס געזעען אין בולדינגראט, מיין איך, אז דאָ איז אויך אלץ אנדערש געוואָרן".

גראָטע אַ צופרידענער, וואס ער קאָן אריבערפירן דעם שמועס אַף אַן אַנדער טעמע, האט געבעטן דערציילן, וואָס טוט זיך אין בולדינגראט און איז גלייך געוואָרן אַן אופגעקאָכטער.

„וואָס ווילסטו טאָן"? האָט געפרעגט רוקערס זעענדיק, אז גראָ-טע האָט אָרויסגענומען אַ פייפל און געגעבן עטלעכע סיגנאלן, אַף וועלכע מע האָט גלייך ערגעץ געענטפערט.

„פריער פון אַלץ וועל איך אַנטוואָפענען די כעוורע. אראָפּנע-מען באַ זיי די רויטע לענטעס און דערנאָך וועלן מיר זיך מיט זיי אָפּרעכענען. אַזעלכע כאַזערייען פאַרשפרייטן זיך שנעל ווי אַ לויפנדיקער פייער איבער טרוקענע גראָז, צום גרעסטן פאַרגע-ניגן פון דעם הער וואַטער! ערשט אייערנעכטן האָבן מיר אַנט-וואָפנט א באַנדע מאראָדערן. די כעוורע האבן אָפילע געוואָלט שיסן. וואָלט ניט די גאַנצע געשיכטע אזוי אָדער אַנדערש זיך ניט געענדיקט, וואָלט איך אַלע פערצן געשטעלט צום ווענטל. אָן דיסציפּלין קאָן מען גאָרניט מאַכן—אָבער די פאַרהעלטעניש וערן שטאַרקער און נויט ברעכט אייזן".

זיי זיינען געגאַנגען ווייטער מיט דער דאָרפישער גאַס און צו-געקומען צו דעם אָרט, וו עס האָט זיך געפונען גראָטעס אָפּ-טיילונג. די רויטאַרמייער האָבן זיך שוין אויסגעשטעלט.

„ווערסט באַלד זען, אַז בא אונדז איז נאָך דאָ אַן אָרדענונג און דיסציפּלין. פאַרענהאָרסט האט זייער צעלאָזן די אָפּטיילונג. ער האט ניט געהאַט קיין שום אינערלעכע צונויפגעבונדקייט מיט די אַרבעטער. זיי האָבן אים געפאָלגט, נאָר ווען ער איז דערביי געווען".

„און וואָס הערט זיך מיטן הער קאָמאַנדיר? אייגנטלעך ווו איז ער איצט?" האט געפרעגט רוקערס.

„איצט איז ער אָף די פאָדערשטע פּאָזיציעס. אין אים האָבן אסאך א טאָעס געהאט. וואָלטן מיר געהאט נאָך א טוץ אַזעלכע יאַטן אַף אָנפירנדיקע ערטער, וואָלטן מיר איצט גאָר אַנדערש אויסגעזעען. די רויטארמייער האבן פאַר אים דעם גרעסטן דע־רעכערעץ, ווייל ער פארלאַנגט ניט פון קיינעם מער ווי פון זיך אליין", איז געווען דער ענטפער.

„האַלאָ, דאָס איז רוקערס!—וואָס הערט מען ניס, פּעטער?— ווו זיינען אונדזערע שטיול?"—מיט דידאָזיקע אויסרופן האט די אָפּטיילונג באגריסט רוקערסן.

„אָפּטיילונג, שטילער!" האָט איבערגעריסן דעם טומל דער פי־רער. „כאווײרים! מיר מוזן ווידער מאַכן אומשעדלעך א גרופּע סאָראָדערן. אין בולדינגראט גייט אַלץ מיטן קאָפּ אַראָפּ. מע האָט אפילע פאַרטריבן דעם קאָמענדאַנט. דאָס טאָרן מיר ניט דולדן. אנארכיע אין רוקן איז ערגער ווי דער פיינט סאָרנט, ווייל זי נעמט צו בא אונדז דעם באָדן פון אונטער די פיס.—צו פיר, ציילט זיך אָפּ!"

„דו ווערסט אונדז באַגלייטן?" האט ער זיך געווענדעט צו רוקערסן.

„איך מוז אָפּריער ריידן מיט זוקראָוון, קאָנסט מיר עפּשער אימעצן מיטגעבן, ווייל אליין וועט מיר זייער שווער זיין אים צו געפינען", האָט יענער געענטפערט.

„גרופּנווייז מאַרש!—דאס איז ניט גוט, מיין אַלטער, ווייל עס איז מיר אַ שאָד יעדער מענטש. אָבער מערי קאָן דיך באַגלייטן, זי ווייס דעם וועג. גיב איבער דעם כאווער זוקראָוו, וואָס איך האב אונטערגענומען אין בולדינגראט און ער זאָל מיר גלייך צו־שיקן אין בולדינגראט ווייטערדיקע באַפעלן. וועל איך נאָך מאַכן דאָרטן אַביסל אָרדענונג, וועל איך אים גלייך צושיקן א פּאַר־בינדער".

„מערי זאָל מיך באַגלייטן? און ווער וועט בלייבן מיט אירע פּאַציענטן?" האָט דער אַלטער געפרעגט א פאַרכידעשטער. גראָסע האט געמאַכט אַ יינגלשע מינע. „איצט בין איך איר

איינציקער פאַציענט״, האָט ער געלאַכט און איז אַוועקגעלאָפן נאָך זיין אָפּטיילונג.

„אויב אַזוי, טו כאָטש אָן דעם מאַנטל״, האָט רוקערס געזאָגט און האָט דערווייל פאַרויכערט א נייע ליולקעלע.

„דאָרטן הינטן, ווו עס וואַקסן די טאָפּאָלן, איז שוין די ליפּע, אָבער מיר מוזן מאַכן אַן אומוועג, ווייל די נאָסקעס שיסן אָפּט־מאָל מיט שראַפּנעל איבערן וועג״, האָט דערקלערט מערי. דורך סאָסנע-וועלדלעך האָט זיך געדרייט א שמאָל וועגל. אַפן וועג האָט מערי דערציילט וועגן דעם לעבן דאָ און—וועגן ברודער, וואָס איז געווען א סאַניטאַר אין א צווייטער אָפּטיילונג און האָט פאַנאַנדערגעפרעגט וועגן דער מוטער, וועגן לודוויקן און וועגן אַלץ, וואָס קומט פאָר אין סווערטרופּ.

„עס איז ניטאָ וואָס צו דערציילן״, האָט קורץ געענטפערט דער פּאָטער. „עס גייט זיי ווי עס קאָן גיין אין אזא צייט, אָבער דערציל מיר איצט וועגן זיך. וואָס קומט פאָר באַ דיר מיט גראָטען?״

די יונגע מיידל האָט אראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און גאָרניט געענטפערט. איר שווייגן האָט גענוג געזאָגט דעם פּאָטער.

א געוויסע ווילע זיינען זיי ביידע געגאנגען שווייגנדיק, דער־נאָך האָט דער פּאָטער ווידער אָנגעהויבן: „דו ביזט שוין איצט אַלט איין און צוואַנציק, איך האָב גערעכנט, אַז איך קאָן זיך מער אַף דיר פאַרלאָזן, ווען איך האָב דיר געלאָזן גיין אַהער.—בעסער וואָלט געווען, ווען איך וואָלט דיר ניט געלאָזן!״

„פאַרשליס מיך דאַן אינגאַנצן... זאָל איך דעם גאַנצן לעבן באַהאַנדלט ווערן ווי א קינד?״ האָט זיך אָנגעכאַפּט מערי.

רוקערס האָט איר אָנגעקוקט א פאַרוואונדערטער. אַזוי לייד־נשאַפטלעך האָט ער זיין טאָכטער נאָך ניט געזען. „נו, נו, דאָס האָב איך ניט געמיינט. איך ווייס, איך האָב זיך מיט דיר באַ־גאנגען שטרענג, עפּשער אַמאָל צו שטרענג. עס קאָן זיין, אַז איך האָב ניט אינגאַנצן ריכטיק געהאַנדלט, אָבער איך האָב געמיינט דיין טובֿה. און צוליב דעם טאַקע וואָלט איך ניט וועלן, אַז דו זאָלסט מיט יעדן לייכטזיניקן...״

זי האָט אים ווידער איבערגעריסן. „מאַקס איז ניט קיין לייכט־זיניקער, פּאָטער! פרעג בײַ וועמען דו ווילסט, צי ער איז ניט דער איבערגעגעבנסטער, געטרייסטער אין דער גאַנצער אָפּטיילונג".

„אָבער דעריבער דאַרפסטו דאָך זיך ניט מאַקריוו זײַן אים. איך האָב געוויסע גרונטן צו האַלטן, אַז מיט פרויען איז ער זייער לייכטזיניק".

„לאָז צורו, פּאָטער", האָט געבעטן מערי, אָפּקערנדיק דעם פּאָנעם. „מאַקס איז ניט קיין שלעכטער יאַט און מיר האָבן האָלט איינער דעם צווייטן. ווען כאַסענע האָבן וועט נאָך זײַן גענוג צייט צו ריידן, ווען דאָס אַלץ וועט זיך ענדיקן".

„אָט דאָס איז דאָס טאַקע", האָט ווייך געזאָגט רוקערס און האָט זי אָנגענומען פאַר דער האַנט. „איך בין דאָך ניט קיין קליינבירגער! פון מײַנטוועגן קאָנט איר זיך ליב האָבן וויפל איר ווילט. דו ביזט איצט גראָדע אין דעם עלטער, האָגאָם עס דאַכט מיר אָפט, אַז דו ביזט נאָך אַלץ מײַן קליינע נאַרישע מיידעלע, אָבער ווי איז איצט די לאַגע? מיר מוזן זיך מיט אַלץ רעכענען. עס קאָן זײַן, אַז די רייכסווער וועט אַריינמאַרשירן, איך וועל מוזן אַנטלויפן, מאַקס אויך. און ווער ווייס ווען מיר אַלע קאָנען קומען צוריק. מיר וועט זײַן גרינגער אַוועק אין דער פרעמד, אַז איך וועל וויסן, אַז מײַן מיידל איז ניט אין קיין שווערער לאַגע".

מערי האָט אים ערנסט אָנגעקוקט. „אויב מאַקס וועט מוזן אַנט־לויפן, גיי איך מיט אים, פּאָטער!"

די סאָסנע־וועלדלעך זײַנען געוואָרן שיטערער. דורך די בוי־מער האָט זיך איצט געזען אַ ברייטע לאָנקע, דורך וועלכער עס האָט זיך געשלענגלט אַ פופציק־זעכציק מעטער ברייטע טײַך, אַ טייל פון דער לאָנקע איז נאָך געווען באַדעקט מיט וואַסער.

איבערן טײַך איז געגאַנגען אַ בריק, אָבער דער מיטלסטער טייל פון בריק איז געווען אויפגעריסן. אַף ביידע ברעגן בײַ דער בריק זײַנען געווען געדיכטע דראָט־פאַרצאַמונגען. אַף דעם ברעג, אומ־געפער בײַ אַכציק מעטער פון ברעג האָט זיך געצויגן אַף אַ לענג פון אַ צוויי הונדערט מעטער אַ שוץ־גראָבן.

„דאָס איז די גאַנצע פּאָזיציע?" האט געפרעגט רוקערס, וועלכער האט דאס אַלץ באַטראַכט, שטייענדיק הינטער א קוסט.

„צוויי קילאָמעטער ווייטער פאָראָפ טייך בא די שליוזן געפינט זיך אונדזער נאָענטסטער פּאָסט. פון רעכטס, ווו עס פאַלט אריין אַ קליין טייכל, געפינט זיך א שטאַרקע אָפּטיילונג קוילנוואַרפער; פון דאַנען קאָן מען אים נאָך ניט זען. די גאַנצע לענג ווערט בא דער נאַכט אויסגעשטעלט מיט שיסער-פּאַטרולן", האט דערקלערט מערי.

רוקערס האט געשמייכלט. „מע זעט גלייך, אַז דו האסט געהאַט א גוטן לערער. אָבער ווו זיינען אונדזערע הארמאַטן?"

„אַף אַ אַנדער פּאָזיציע פאָראָפ טייך בא דינסלאקן! דאָ האָבן מיר נאָר איין מינענוואַרפער און אינגאַנצן צוויי שאָסן צו אים", האט געענטפערט די מיידל.

„און ווו זיינען די נאָסקעס?"

„זיי געפינען זיך אַף יענער זייט טייך באַם ראַנד פון וואַלד. בא דער נאַכט גייען זיי צו נעענטער. זינט מיר האָבן געמאַכט דעם לעצטן אָנגריף האָבן זיי אויך אַוועקגעשטעלט אַ פּאָסטן בא דער בריק.—מיר מוזן איצט גיין דורך דעם גראָבן".

איינגעבויגן זיינען זיי דורכגעגאַנגען דורך דעם אָנדערהאַלבן מעטער טיפן גראָבן אונטערן שוץ פון די בערגלעך, ווו די רויט-ארמייער האָבן זיך איינגעגראָבן. אַף דער זייט בערגל האָבן זיי זיך געמאַכט פרימיטיווע ביידלעך פון ברעטער און צווייגן. פאַנטאַסטישע געשטאַלטן זיינען געלעגן אַרום קליינע פייערלעך.

ווען די סאָלדאַטן פון דער אָפּטיילונג „ליבקנעכט" האָבן דערקענט דעם כאַווער, זיינען זיי טייקעף צוגעלאָפן צו אים און פאַרוואָרפן מיט פראַגן. רוקערס האָט געקוקט אין די פאַרברוינטע פון ווינט ניט ראַזירטע געזיכטער און טיף איינגעפאלענע אויגן.

„זוקראָוו איז מיט אייך?" האָט ער ניט געענטפערט אַף די פראַגן.

„ער איז באַם טעלעפאָן". מע האט אָנגעוויזן, ווו עס געפינט זיך דער טעלעפאָן.

„וואָס, א טעלעפאָן האָט איר אויך?" האט זיך געוווּנדערט רוקערס.—„יאָ, אָבער נאָר ביז צום שטאַב. אלע געשפרעכן פון

ווייטער מוז מען איבערגעבן", האָט געענטפערט פּעדי, וועלכע האָט דאָ אויך וועגן אַלץ געוווּסט.

זוקראָוו איז געזעסן אויף אַ קאַסטן, דעם טרייבל איבערן קאָפּ און שנעל געשריבן מיטן בליישטיפט אין זיין נאָטיץ-ביכל. דער-זעענדיק די געסט איז ער געוואָרן אַביסל לעבעדיקער. „איין מאָ-מענט. מע גיט איבער א געשפּרעך מיט דעם צענטראַל-ראַט פון עסען".

„אָפּטרעטן, וואָס?" האָט שפּיל געפרעגט רוקערס, דער יונגער קאָמאַנדיר האָט נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און האָט ווייטער געשריבן שנעל.

„מיר קאָנען זיך פּאַקן!" די טרייבלעך זיינען געפלויגן מיט אַ קראַך אויף דער ערד. „באַ האַם און ליבען האָט מען שוין היינט איבערגעגעבן די פאָזיציעס. מיר גייען נאָך היינט אין אָוונט אויף בולרינגראט צוריק!"

„גראטע איז שוין דאָרטן", האָט געזאָגט רוקערס און האָט אי-בערגעגעבן, וואָס איז דאָרטן פאָרגעקומען.

זוקראָוו האָט מיר געענטפערט. „שוין פיר טעג ווי מיר קעמפן פון פאָרנט מיט דער רייכסווער און פון הינטן מיט די מאָרא-דערן. איר האָט אונדז פאַרלאָזן און דער פּראָגנאָז איז דעריבער דעמאָראַליזירט".

„איך האָב געטאָן אַלץ, וואָס איך האָב געקאָנט, אָבער ווען דו וואָלסט וויסן..."

„איך ווייס דאָס! דיך פערזענלעך מאַך איך קיין שום פאָר-וווּרף. די גאַנצע געשיכטע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַזעל-כע גרויסע האָפענונגען, גייט אונטער", האָט געענטפערט זוקראָוו.

„איך האָף, אַז פאַר דיר זיינען אויך קלאָר די סיבעס".

„מעגסט זיין רויק. גלויב מיר, פּעטער, דידאָזיקע צען טעג בירגער-קריג האָבן מיר אַ סך מער אויסגעלערנט ווי אלע פאָר-טראַגן, וואָס דו און מאַקס האָבן מיר געהאַלטן און וואָס איר קאָנט מיר האַלטן. היינט פאַר מיטאָג האָט די אָפּטיילונג „שאַכטע בעאַטע" געשיקט צו מיר אַ דעלעגאַציע מיט אַ פאָדערונג צו איבערגיין די ליפּע. און דאָס ניט געקוקט אויף דעם, וואָס נעכטן

אַ דער נאַכט האָט די אָפּטיילונג „דודא" באַ אַ שטורעם-אָנגריף צווישן דינסלאַקען און פרידריכספעלד געליטן אַ שווערע מאַפּאַלע און האָט געהאַט גרויסע פארלוסטן. די רייכסווער האָט היינט אינדערפרי באָמבארדירט דאָרסטען און האָט באַ אונדז צוגענומען די בריק איבער דער ליפּע. מיר האָבן פארלאָרן באַ אַכציק מאַן. און דער גאַנצער הערצאָגטום איז געווען אומזיסט... אָבער לאָז מיך איצט אליין, איך דארף אָפּגעבן מיינע פאראָרדענונגען. עס ווערט שוין טונקל און איך וואָלט וועלן אָפּראַמען די פּאָזיציעס נאָך איידער עס ווערט פינצטער, קעדיי אויסצומיידן צוזאַמענ-שטויסן. דער צענטראַל-ראַט האָט ספּעציעל אָנגעוואָגט וועגן דעם, און ער איז גערעכט. מע דארף זען ניט געבן דער רייכסווער קיין אויסרייד צו אָנגרייפן אונדז".

„און דו גלויבסט בעעמעס, אז זיי וועלן זיך זיך דעגנירן?" האָט דער ארבעטער מיט אַ צווייפל באַטאָנט.

„אָבער אזוי וואָלטן זיי דאָך געבראָכן דעם וואָרט", האָט זיך אָנגעצונדן זוקראָוו.

דער שאַכטיאָר האָט אַ פייף געטאָן דורך די ציין. „איין זאך האָסטו נאָך אלץ ניט אויסגעלערנט, מיין ליבער ערנסט, אַז פּאָ-ליטיק מאכט מען ניט מיט ערן-ווערטער. ווער האָט וועמען אין האנט? די רעגירונג האָט דאָס מיליטער אָדער דאָס מיליטער די רעגירונג? — צו גלויבסטו ניט, אז וואָטער און קאַביש וועלן שוין אויסגעפינען אוועלכן ניט איז שווינדלערישן פּאראגראף? וועלן מיר אָפּגעבן דאָס געווער, וועלן זיי שוין געפינען אַ טערעץ אַף אָנהויבן אַן אָנגריף. איך ווייס שוין אַפריער וואָס וועט שרייבן אונדזער אומאָפּהענגיקע פרעסע: „טייקעף דורכפירן אַן אויס-פּאָרשונג, שטרענג באשטראָפן אלע שולדיקע, פולע אנטשעדיקונג פאר די געליטענע א. א. וו." אָבער איך וועל ליבער באַצייטנס נעלעם ווערן און ראַט דאָס יעדן איינציקן".

„אָבער באַם מיליטער זאָלן דאָך זיין ציווילע קאָמיסאַרן און צוווערינג אליין" —

„קאָנסט זיך דערנאָך באקלאָגן באַ דעמדראָזיקן קיכן-קאָמיסאר

ווען מע וועט דיך דערשיסן", האָט קורץ געענטפערט רוקערס און איז אוועק צו דעם גראָבן כאַפּן אַ קוק וואָס טוט זיך.

די שאַכטיאָרן האָבן זיך שוין שווייגנדיק געפּאַקט.

פריער ווי אַלעמאָל איז געוואָרן טונקל, ווייל דער הימל האָט זיך באַדעקט מיט שווערע רעגן-וואָלקנס. אַ שטאַרקער ווינט האָט געטריבן זאַמד אין די אויגן.

דער שוץ-גראָבן איז שוין געווען ווי אויסגעשטאָרבן. נאָר אין איין אָרט האָט רוקערס געפונען אַ איינזאַמען פּאָסטן, וואָס איז געשטאַנען הינטער אויפגעלייגטע זעק מיט זאַמד. דער רויטאַרמייער איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך און אַראָפּגעקוקט אין טאָל אַראָפּ. ווען רוקערס האָט זיך דערנעענטערט האָט זיך דער באַ-דעקטער מיט אַ שמוציקן פּילצקאָפּ געווענדט צו אים. איין סעקונדע האָט רוקערס אַריינגעקוקט אינעם צעקנייטשטן פּראָלע-טאַריער-פּנים מיט גרויע ווייסע באַקן-בערד. ווייזט אויס, דער ווינט האָט אָנגעטריבן זאַמד אים אין די אויגן, ווייל איבער די באַקן האָבן אַראָפּגעפּליסט העלע וואַסער-טראָפּן — — —

בײַ אַן אָפּגערוימטן באַאָבאַכטער-פּונקט האָט זיך רוקערס אָפּ-געשטעלט. לאַנג האָט זיין בליק ארומגעבלאָנדזשעט אויף יענער זייט, וווּ די אָוונט-טונקלקייט איז שוין געהאַנגען איבערן וואַלד ווי אַ שוואַרצער וואָלקן. זיינע האַרטע פינגער האָבן זיך ווי איינגע-קראַמפּט אין פייכטן זאַמד. דאָ, דיראָזיקע ערד האָט דער פּראָלע-טאַריאַט אין שווערע קאַמפן טריט נאָך טריט דעראָבערט, אָנגע-טרונקען זי מיט זיין בלוט! אָבער פאַראַט האָט געשטערט ווייַ-טער צו איינהאַלטן זי, דעם לעצטן מאָל פאַרגייט די זון איבערן רויטן רור.

אים איז קאַלט געוואָרן, שטימען און שווערע טריט האָבן זיך דערנעענטערט. ער האָט געמוזט זיך צוריקן האַרט צו דער וואַנט קעדיי דורכלאָזן די מענטשן, וואָס זיינען פאַרביי געגאַנגען מיט אַ שווערן קוילנוואַרפער.

— „אויב זיי מיינען, אַז זיי וועלן קריגן מיין גוטן קוילנוואַרפער אַזוי, אַז זיי זאָלן דערנאָך נאָכאַמאָל קאָנען שיסן אַף אונדז, האָבן

זיי אַ גרויסן טאָעס," האָט ער געהערט ווי איינער פון די מע-נער האָט אין דער הייסן געזאָגט.

* * *

בעיס די רויטאַרמייער, וואָס האָבן אָפּגעטראָטן, זיינען געלעגן אין די קאַלטע שייערס און געפרוירן, זיינען די בירגער פון בול-דינגראַט געזעסן צופרידענע אין די וואַרעמע הייזער און גע-שעפּטשעט.

די רויטע גייען אוועק! עס ענדיקט זיך די מילכאָמע אין רור, עס נעמט אַן ענדע מיט די רעקוויזיציעס, מיטן איינקוואַרטירן סאָלדאַטן! עס קערט זיך צוריק אום אָרדענונג און רו און מע האָט שוין באַטראַכט אין דער שטיל, וואָס זאָל מען פאָדערן פון דער רעגירונג פאַרן שאָדן.

דער בירגערמייסטער האָט דורכויס געפאָדערט, אַז מע זאָל אַרויסשטעלן גאַסן-פּאַטרולן, ווייל די פינצטערע פּענימער פון די אַרבעטער-סאָלדאַטן האָבן אים ווייניק נאַכעס פאַרשאַפט, זוקראָוו האָט באַשטימט דערצו אַ גאַנצע אָפּטיילונג און נאָך אַ צווייטע מיטן אָפּטיילונג-פירער שולץ אַרויסגעשיקט אין פעלד.

## 18. קאַפּיטל

רוקערס איז נאָך דעמזעלבן אוונט אַוועקגעפאָרן אין סווער-טרופּ, קעדיי צוויילן דאָס אַרויסשיקן לאַסט-אויטאָמאָבילן, זיין סקעפּטיציזם האָט דאָך געמאַכט אַ געוויסן איינדרוק אף זוקראָוון. ער האָט זייער אופמערקזאַם פאַנאַנדערגעשטעלט די פּאָסטנס און האָט געהייסן, באַם קלענסטן פאַרדאַכט, אים אופוועקן. טויט מיד האָט ער זיך דאַן אַנידערגעלייגט, ניט אויסטוענדיק די שטיוול, אף אַ סעניק אין האָטעל, וואָס איז געווען רעקוויזירט פאַרן שטאַב.

אין דרויסן האָט געשטורעמט. „דער בעסטער וועטער אף אַן אָנפאַל," האָט ער אַ טראַכט געטאָן באַם איינשלאָפן. די מידיקייט האָט אים אָבער באַהערשט.

ער האָט געהאַט דעם געפיל, אַז ער האָט זיך נאָר וואָס אַוועק-געלייגט, ווען ער האָט דערפילט, אַז מע ציט אים שטאַרק פאַרן

פוס, צוגלייך האט אים פארבלענדט אַ שיין פון אַ לאמטערנע פאַר אים איז געשטאנען דער קליינער קיפּער מיט אַ צעטראָגענעם פאנעם.

„כאוועד זוקראוו, דאס מיליטער גייט נאָך אונדז נאָך!"

זוקראוו האט אַ שפרונג אוף געטאן און האט אַ כאַפּ געטאָן דעם רעוואָלווער-גארטל און די קארטן-טאש.

„מיר באַאָבאַכטן שוין די גאנצע נאכט. אז הינטער אונדז שיסט מען עפּעס צופיל מיט לייכט-קוילן. איצט אבער באלייכטן זיי קעסיידער די שטאָט מיט אַ פּראזשעקטער," האט דער קליינער אַן אופגערעגטער פארגעזעצט.

זיי זיינען ארויס אין גאס. דער שטורעם האט זיך איינגעשטילט, אָבער עס איז געווען זייער קאלט. אַ גלבלעכער זוים אָפּן מיזרעך-האריזאָנט האט פּאָרויסגעזאָגט דעם נאָענטן פרימארגן, אין צאפן זיינען נאך אלץ געפלויגן לייכט-קוילן איבער דער סטעפּ. ערגעץ ווו האָט אַ קריי געטאָן אַ פאַרשלאָפענער האָן, אַרום אין געווען שטיל.

„ווי שפּעט איז אייגנטלעך?" האָט געפרעגט זוקראָוו. זיין אייגענעם זייגער האָט ער פאַרגעסן אָנציען. צורלינדען, וואָס איז גראָדע אָנגעקומען, האָט אים געענטפערט.

„וואָס, עס איז שוין באלד פינף. פאַרוואָס האט איר מיך פריער ניט אופגעוועקט, ווען איר האָט דערזען עפּעס פאַרדעכטיקס? ווו איז שולץ?"

„ער איז מיט פינף מאן אוועק אין דער זייט פון דער קאלווארע-בארג אויסשפּירן און האָט מיר איבערגעגעבן די וואך. אָט דאָרטן איז עפּעס ניט אין אָרדענונג, אָט—אָט איז עס ווידער!"

ערגעץ ווו אין דער פינסטערער סטעפּ האָט אופגעבליצט אַ שיין און אַ ווייסע ריזיקע האנט האָט אָנגעהויבן צו טאַפּן די געגנט.

„דאָס קאָן זיין נאָר אף דער קאַלווארע-בארג, האָבן זיי, הייסט דאָס, אריבער די ליפּע," האָט געזאָגט צורלינדען. „זאָלן מיר אופהויבן אן אליארעם?"

„איך רעכן, אז מע דאַרף נאָך ניט, לאָמיר ווארטן ביז שולץ

װעט קומען צוריק. דער אוילאָם איז אַזוי אויך געגוג מיד", האָט זוקראַװ אים אָפּגעהאַלטן.

„הײַנט איז דער ערשטער אַפּריל, עפּעס מאַכט דער העק װאַ-טער אַן אַפּריל-שפּאַס"...

דער באַרג-אַרבעטער האָט פּלוצלינג איבערגעריסן. דער אײַנ-דערפּריעדיקער װינט האָט דערטראָגן אַ גאַנץ דײַטלעכע קנאַ-לערײַ פֿון ביקסן.

„דאָס מוז זײַן שולץ, ער איז מיסטאַמע אָף עפּעס אָנגעש-פּרונגען," האָט אױסגערופֿן צורלינדען און האָט טײַקעף אַרויס-געשלעפּט זײַן פּײַפּל.

אָבער איצט האָט ער שוין ניט באַדאַרפֿט האָבן דעם אַליאַרעם-סיגנאַל. איבער בולדינגראַטער קירכען-טורעם האָבן זיך באַװיזן װײַסע װאָלקן-קנױלן, װאָס האָבן אױפגעריסן מיט פֿײַער.

באַך—באַך—באַך!

די שראַפּנעל-קוילן האָבן געבראַזגעט איבערן דאַך. צוגלײַך האָבן זיך אַרױסגעריסן פֿון דער ערד אין דער גאַנצער לענג פֿו-נעם װעג פּעך-שװאַרצע רויך-פֿאָנטאַנען—אײנס—צװײ—דרײַ—און גאָך אַ פֿערטער! טעמפּע האַרמאַטן-קלעפּ האָבן זיך אָנגעהויבן קײַקלען איבערן שלאָפֿעדיקן שטעטל.

פֿון די טויערן האָבן אָנגעהויבן צו לויפֿן דערשראָקענע אַר-בעטער-סאָלדאַטן. אַסך זײַנען געלאָפֿן אָן ביקסן, אײניקע, װאָס האָבן געהאַט אויסגעטאָן די שפּיװול, באָרװעס אָדער אין סקאָר-פּעטקעס. די בירגער זײַנען גאָקעטע מיט אַ יאָמער געלאָפֿן באַ-האַלטן זיך אין די קעלערס.

„מע האָט אונדז פֿאַראַטן, די נאָכקעס האָבן געבראָכן דעם אָפּ-מאַך," האָבן זיך געהערט קולעס.

„ניט אַנטלויפֿן, שטײן בלײַבן, צוריק!" האָט געשריגן זוקראַװ, אַנטקעגנשטעלנדיק זיך אַ גרופּע, װאָס איז געלאָפֿן. אָבער זײַן שטימע האָט פֿאַרלאָרן דעם אױטאָריטעט. אַ שטויס האָט אים איבערגעװאָרפֿן איבער אַ קוילנװאַרפֿער.

אָף דער צאָפּן-זײַט פֿון שטעטל האָט מען שוין, װײַזט אױס,

געקעמפט. מע האָט געהערט אַ קאַנאָלעריי פון ביקסן און דער
הארטן גערודער פון קוילנוואַרפער.

פון אַ זייטיקע געסל איז אַרויסגעשפרונגען אַ גרופּע אונטער
דער אָנפירונג פון איינצעלן. די גרופּע איז באַשטאַנען פון אַ מאַן
דרייסיק און זי האָט פאַרנומען אַ פּאָזיציע אויפן ראָג גאַס.

„הערט מיין קאָמאַנדע! באַזעצן דעם בייסיילאָם!" האָט אַ געש-
ריי געטאָן זוקראָוו און האָט אַליין אַ נעם געטאָן צוויי שווערע
קעסטלעך מיט פּאַטראָנעס.—דורך אַ הויף האָבן זיי זיך אַדורכ-
געריסן אויפן בייסיילאָם, וואָס איז געלעגן הויך אויף אַ בערגל און
האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט מיט זיינע פעסטע געמויערטע פאַר-
קאַנטעס אַ זייער גוטן סטראַטעגישן שטיץ-פּונקט. אַהער האָבן זיך
באַלד צונויפגעקליבן נאָך גרופּעס, איינציקע, וואָס האָבן זיך געש-
לאָגן, אַנדערע, וואָס זיינען געלאָפן, באַלד האָבן אָנגעהויבן צו
פּויקן די קוילנוואַרפער אין פלאַנג פון דעם אָנגרייפנדיקן מילי-
טער. דאָס מיליטער האָט געמוזט מאַכן אַ פראָנט קעגן דער
קליינער פעסטונג.

אָבער עס האָט ניט לאַנג געדויערט און די אַרטילעריע פונעם
פיינט האָט קאָנצענטרירט אַ פאַרניכטנדיקן פייער קעגן בייסיילאָם.
וויענדיק האָבן די גראַנאַטן געשניטן די אַלטע בוימער און קוס-
טעס, וואָס האָבן באַדעקט דאָס בערגל. געעפנט די קוואָרים, ווי
פאַר זיי וואָלט ווייניק לעבעדיקע געווען. שטיקער ערד, צווייגן,
בלוטיקע מענטשן-גלידער, צעפּוילטע שטיקער קערפער פון לאַנג
געשטאָרבענע האָבן זיך צונויפגעמישט אין אַ געהענים-אוראַ-
גאַן. צווישן דעם אַלעם מאַציייוועס מיט אויפשריפטן: „דאָ רוט
אונטער דער שוץ פון דער הייליקער מוטער"...

מער ווי א האַלבע שאָ האָט געדונערט די אַרטילעריע קעגן דעם
בייסיילאָם. דער טורעם פון דער געמויערטער בייסיילאָם-קירכע
איז צעדרוזגעט געוואָרן און ווייסע וואָפנע-וואָלקנס האָבן זיך צו-
נויפגעמישט מיטן שוואַרצן רויך פון די גראַנאַטן, וואָס האָבן
זיך קעסיידער געריסן, און האָבן ווי מיט מאַנטל פאַרדעקט דעם
שרעקלעכן אָרט.

דאַן האָבן די סאָלדאַטן אָנגעהויבן אַ שטורעם-אָנגריף!

דאָס באַמבאַדירן דעם בייסיילאָם האָט באַפרייט פונעם סוינעס פייער די וועגן. און די ארבעטער, וואָס זיינען נאָך געווען אין שטעטל, האָבן דאָס אויסגענוצט קעדיי צו אנטלויפן. דעם פאַר-ביטערטן קאאס איבערן פאראט האָט פארביטן אַ ווילדער ייעש. אַ גרויסער טייל האָט שוין געוואָרפן דאָס געווער, קעדיי וואָס שנע-לער אוועקגיין פון אונטער דעם מערדערישן פייער.

דער אויטאָמאָביל פון שטאב, איבערגעפולט מיט אנטלויפנדיקע, האָט זיך געמאכט אַ וועג דורכן האמוין, אָן אופהער טרומייטערנ-דיק. באם שאָפער זיינען געשטאנען דריי געלאָדענע קוילנוואָרפער, וועלכע גראטש האָט מיט גרויס מי געבראכט אהער און פלוצלינג זיינען אים זיינע מענטשן צולאָפן געוואָרן.

„האַלט!“ האָט ער אַ רעווע געטאָן מיט אַ הייזעריקער שטימע, צילעוועדיק זיך מיטן קוילנוואָרפער אָפן אויטאָמאָביל, דער שאָ-פער אַ דערשראָקענער האָט אָפגעשטעלט דעם אויטאָמאָביל.

„אַלע זאלן גלייך אַראָפ פון אויטאָמאָביל, אניט צעשיס איך אייך!“

„אַרופלייגן די קוילנוואָרפער און די פאטראָנעס-קעסטלעך,“ האָט ער ווייטער אָפגעגעבן אַ קאָמאַנדע, „דערצו נאָך די פאַר-ווונדעטע, דער אויטאָמאָביל וועט וואַרטן נעבן דאָרף וועלקום. מיר גייען אַלע צו פוס און מיר דעקן דאָס אָפטרעטן!“

אַזוי איז אים געלונגען נאָכאַמאָל אופצוהאלטן אַ גרופע פון אַ מאָן צוואַנציק. מיט דער גרופע איז ער דערגאַנגען ביזן דאָרף וועלקום. דאָ האָבן אָבער די אנטלויפנדיקע רעקווירירט אלץ, וואָס האָט נאָר געקאָנט דינען צום לויפן—פערד, פורן, וועלאָסיפעדן.

דער אויטאָמאָביל מיט די קוילנוואָרפער איז געשטאנען נעבן דאָרף. גראטש האָט זיינע אייגענע אויגן נים געוואָלט גלויבן: אָפן אויטאָמאָביל איז געשטאנען מיט אַ ביקס אין האנט אַ שלאַנ-קע פרויען-פיגור.

„מערי! באנדיטקע דו, וואָס טוסטו דאָ?“

„איך גיב אכטונג אָף דיינע קוילנוואָרפער. וואָלט איך דאָ ניט געווען, וואָלטן זיי שוין לאנג געלעגן אין גראָבן און דער אוו-טאָמאָביל וואָלט שוין געווען ווייט“, האָט זי געענטפערט מיט

אזא טאן, ווי עס וואלט זיך געהאנדלט וועגן דער געוויינלעכס-טער זאך.

ס'איז פארבייגעפלויגן א מענטש אף א וועלאסיפעד.

„עס גייט קאוואלעריע", האט געזאגט דער שאפער, לאזנדיק דער מאטאר.

„זיינען מיר אלע פארלארן און די, וואס זיינען פאר אונדז, אויך" איז גראטע בלייך געווארן און האט זיך געכאפט צום פעלד-בי-נאקל, ער האט דייטלעך דערקענט צווישן די בוימער פערדישע קערפערס און ווייס-בלויע פענדלעך פון די פיקעס.

זיין פאנעם האט אנגענומען אן אויסדרוק פון פארצווייפלטער אנטשלאסנקייט.

„נעמט ארא פ די קוילנוואַרפערס! איין מאל וועלן מיר נאך שטארבן, אבער די קאפאוצעס וועלן טייער באצאלן! ווער עס וויל זיך ניט לאזן אוועקוילענען, בלייבט מיט מיר און מיר וועלן דעקן דאס אפטרעטן פון די איבעריקע".

און צום שאפער: „דו וועסט אוועקפירן די פארוואונדעטע. מערי, נעם דעם ביקס און זארג פאר דעם, אז מע זאל אייך ניט פאר-האלטן. בלייבט ניט אין סוועטערטרופ, נאר פארט גלייך איבערן גרענעץ אין באזעצטן געביט".

„איך בלייב מיט דיר, מאקס", האט געענטפערט מערי און אירע אויגן האבן זיך צעפלאקערט פון פרייד.

ער האט אנגעהויבן צו שרייען אף איר. „דו פארסט גלייך אוועק, כאפט עס דער רועך, געשווינד, דו פארהאלטסט אונדז!"

„מערי, פאר אוועק", האט ער זיך בא איר געבעטן, זעענדיק, אז זי קלייבט זיך ניט ארופגיין אפן אווטאמאביל. „דיין ארט איז בא די פארוואונדעטע, אייל זיך צו, איך בעט דיך, מיר וועלן זיך ווידער טרעפן אין סוועטערטרופ".

„ניין, מאקס, איר וועט שוין צוריק ניט קומען, דאס ווייס איך און דעריבער בלייב איך דא! איר וועט אויך האבן פארוואונדעטע און אין א נויט קאן איך זיך אויך באגיין מיט געווער!"

זי האט געגעבן א וואונק דעם שאפער, וואס האט שוין ניט גע-

ווארט מע זאָל אים דארפן איבערכאזערן און געלאָזן דעם אוו־טאָמאָביל מיט דער גרעסטער שנעלקייט.

* *
*

א ווּנדערבארער גייסט פון גרייטקייט מגקריוו צו זיין מיט זיך האט ארומגעכאפט די קליינע גרופע. צי האָבן געזיגט די בעסערע געפילן?—אָדער עפּשער האט דער ביישפּיל פון מוטיקן יונגן פירער געווירקט?—אָדער עפּעער האט זיי פארשעמט די דרייסטקייט פון דער יונגער מיידל?

די בייערישע אולאנען, וואָס זיינען געווען זיכער, אז זיי וועלן אָן מינדעסטן ווידערשטאנד אויסקערן דאָס דערפל, האבן געטריבן די פערד מיט אלע קרעפטן, און מיט אמאל גאר פון נאענטן האט זיי אָפּגעברית א גוט געצילעוועטער זאלפּ.

אַף דער לינקער זייט וואָס איז געשטאַנען אַן איינשטאָקיק הייזל, וואָס האָט, ווייזט אויס, געהערט צום דערביייִקן ציגל־זאַוואָד. אַ יונגער אויבס־גאָרטן מיט אַ נייעם געפלאָכטענעם פון דראָט פארקאן האָט ארומגערינגלט דאָס הייזל פון דריי זייטן. פון הינטן איז צום הייזל צוגעגאנגען אַ סאזשעלקע. דאָסדאָזיקע הייזל האָט גראָטע מיט זיין הייפל מענטשן פאַרנומען, ווען די אופגעהאלטענע קאוואלעריסטן זיינען צוריק געקומען, פאַר־שטאַרקט מיט אינפאנטעריע און קוילנווארפערס.

די איינוווינער פונעם הייזל זיינען שוין געווען אַנטלאָפן און די ארבעטער האָבן פאַרבאַריקאדירט מיט מעבל, בעטגע־וואנט און מאטראצן די טירן און די פענצטער. גראָטע אליין האָט פאנאנדערגעשטעלט די קוילנווארפערס אזוי, אַז זיי האָבן באַהערשט די גאַס און די גאַנצע אומגעגנט. אויסער דער מיידל איז דאָ געווען זיבעצן מענער.

פון הינטער פארקאנעס, פלויטן און בוימער האָבן די סאָל־דאטן אָנגעהויבן באשיסן דאָס הייזל, אָבער אָן קיין שום דער־פאָלג. פול מיט שרעק האָבן זיך צוגעהערט די איינוווינער פונעם דערפל צו דער ווילדער טראַסקעריי פון די קוילנווארפערס, וואָס האָבן מיט אַ קוילן־רעגן געפיצלט די קליינע פעסטונג. אָבער ווען די סאָלדאטן פלעגן האלטן, אז זיי האָבן שוין געצוווּנגען

די באַלאַגערטע צו שווייגן, פלעגט ווידער פון ערגעץ אַ לאָך אָנהויבן צו טראַסקען אַ קוילנוואַרפער און די סאַניטאַרן אַף דער לאַנקע הינטערן ציגל־זאַוואָד האָבן געהאַט גענוג צו טאָן.

אַ בייערישער פּאָלקאָווניק האָט געשפּרונגען פון דער הויט. אַרום צען אַזייגער אינדערפרי האָט ער צונויפגעקליבן זיינע סאָלדאַטן אַף דער לאַנקע הינטערן ציגל־אויוון און האָט גע־האַלטן פאַר זיי אַזאַ מין רעדע:

„איר ווילט זיין סאָלדאַטן און איר באַלאַגערט שאָען־לאַנג אַ פּאָר ספּאַרטאַקיסטן! דרעקעס זייט איר! מיט צוואַנציק אַזעלכע יאַטן, ווי די, וואָס זיצן אינעווייניק, וואָלט איך צעקלאַפּט אַ גאַנצן באַטאַליאָן אייערן. איצט הערט מיר אויף די פּוסטע קנאַקערייי, דערצו זיינען די פּאַטראָנעס צו טייער. איך וועל אייך שוין פאַר די נעז אַרויסשלעפּן פון בלאָטע! איצט וועלן מיר שטורעמען, איר פאַרשטייט? און ווער עס וועט צוריקלויפן, איידער ער וועט דאָרטן אויסלאָדן זיינע האַנט־גראַנאַטן, יענעם שיס איך אַריין אַ קויל אין הינטן“.

דערשראָקן האָבן די יונגע סאָלדאַטן געקוקט אַף די קאַסטנס האַנט־גראַנאַטן, פון וועלכע מע האָט זיי איינגעטיילט צו זעקס פּאָרציעס. אַ פּאָר עלטערע סאָלדאַטן, וואָס זיינען שוין געווען אין די לעכער באַ ווערדען און אין די אַראַגאָנען, האָבן אַרויס־רופנדיק אַרויסגעקוקט, ווי זיי וואָלטן וועלן זאָגן: „לאָמיר נאָר אָקאָרשט זען, וואָס קאָנסטו!“ דער פּאָלקאָווניק האָט פאַר־שטאַנען דעמדאָזיקן קוק און קורץ אַנטשלאָסן האָט ער זיך אַרופגעוואָרפן אַפן אַקסל אַ שטורעם־זאַק מיט האַנט־גראַ־נאַטן.

ווען דער זייגער אַף דער דאָרפישער קירכע האָט געשלאָגן צען, זיינען די סאָלדאַטן אַרויסגעשפּרונגען פון אונטער די דעקונגען און מיט אַ הורראַ־געשריי געלאָזן זיך צום הייזל. אין דער שפּיץ פון די סאָלדאַטן איז געלאָפן דער פּאָלקאָווניק, דרייענדיק איבערן קאָפּ אַ האַנט־גראַנאַטע. צולאָכעסדיק האָט פון הינטער די צעבראָקלטע ווענט פונעם הייזל אָנגעהויבן צו קנאַלן! נאָך איידער דער פּאָלקאָווניק איז איבערגעלאָפן העלפט

וועג, ווי ער איז געפאַלן מיטן פּאָנעם פּאָרויס, ווארפנדיק קראמפּהאפט מיט די פיס אין די קאָמישע רייטער־הויזן.

אומשעדלעך האָבן זיך אופגעריסן אלע געוואָרפענע האנט־גראנאטן ווייט פונעם ציל און באַלד איז דער פּלאַץ ווידער געווען ליידיק. עס זיינען נאָר געבליבן די געווענדעטע קעגן דער זון רייטער־הויזן און נאָך א האלבע טוץ אומבאוועגלעכע בינדלעך אוניפאָרמען.

דער קאָמאנדירנדיקער אָפיצער האָט צוריקגעצויגן זיינע מענטשן ווייט פון הייזל און האָט געשיקט ברייעגען אַ מינען־ווארפער. — — —

מוט שטעקט אָן פּונקט ווי פּאַכדאָנעס. אין דער היץ פון שלאַכט ווייזן אזוינע מענטשן ארויס מוסטערן פון מוט און פּאַראַכטונג צום טויט, וואָס בא אַ געוויינלעכער סיטואציע גלענצן זיי ניט מיט דרייסטקייט. אָבער זיצן אין אַ ענדגילטיק צעשמעטערטן הייזל, ניט האָבנדיק קיין שום אויסזיכט ארויס־צורייסן זיך אָדער געשאנעוועט צו זיין, זיצן שאָען לאַנג אומ־טעטיק און דערבייי געגוי וויסן,—איידער די זון וועט אונטער־גיין וועט שוין זיין נאָך אלעמען,—צו דעם מוז מען האָבן אַסאַך מער ווי די געוויינלעכע דרייסטקייט און מוטיקייט.

די פּערצן מאַן, וואָס האָבן נאָך געלעבט אין באלאגערטן הויז און געוואַרט אַפּן טויט, האָבן אים שוין ניט איינמאָל ארייגעקוקט אין פּאָנעם אריין סיי אף די שלאַכט־פעלדער פון דער וועלט־מילכאָמע, סיי אין קאַמף מיט דער סטיכיע טיף אונטער דער ערד.

די סאָלדאַטן פון הינטער זייערע פארדעקונגען האָבן זיי געזידלט, מוירעדיק געדראָט און מיטגעטיילט זיי, אז מע האָט געשיקט נאָך אַ מינענוואַרפער. וואָס דאָס באטייט, האָט יעדע־רער פון זיי פאַרשטאַנען, אָבער אויך אָן דעם האָבן זיי זיך ניט געמאַכט קיין איליוזיעס.

וואַסער האָבן זיי געהאט אינעם ברונעם, וואָס איז געווען אין פירהויז און צו שטילן דעם הונגער האָבן זיי געפונען עס־

לעכע ברויטן און א גאַנצן באַרג ברושקע. אָבער נאָך איין אָנגריף אזא און עס פליט אוועק דער לעצטער פאטראָן.

אינמיטן דעם הייזל איז געווען א פינצטערער פייכטער קוילן־קעלער. אהער האָט מען געבראַכט דעם קאָמאנדיר, וועלכער איז געווען פאַרווונדעט אין רעכטן אַקסל. דאָ האָט ער געקאָנט זיך פילן מער וויינייק זיכער פון די קוילן, וואָס האָבן אָן אופהער געלעכערט די ווענטלעך פונעם הייזל. ער איז געלעגן אויסגעצויגן אף א הויפן אַלטע קליידער, דער קאָפ זיינער איז געלעגן בא מערין אַפן שויס.

נאָכן לעצטן אָנגריף זיינען לויט זיין פאַראָרדענונג אומעטום ארויסגעשטעלט געוואָרן פאַרשטאַרקטע באַאָבאַכטונג־פאָסטנס. די איבעריקע האָבן זיך געזאָלט אויסרוען פאַר דעם לעצטן נאָך שווערערן קאַמף. איינער נאָך דעם אנדערן האָבן זיי זיך אראָפּ־געלאָזן אין קעלער. קיינער האָט קימאט ניט גערעדט. אַף שטולן, אַף קאַסטנס, אף דער ערד האָבן זיי זיך אויסגעלייגט. די שיין פון אַ קליין לעמפל האָט געמאַכט זייערע איינגעפאַ־לענע ווינקלדיקע פּנעמער נאָך מער ווינקלדיק, נאָך מער איינגעפאַלן..

אַ בלייענע בּידקייט האָט זיי אלעמען ארומגענומען, אָבער קיין שלאָף איז ניט געקומען. יעדערער האָט געפילט, אז די געדאַנקען פון אלע איבעריקע דרייען זיך אויך ארום איין פאַר־שאָלטענעם פונקט, ווי ־ מידע פערד אַפן היפּאָדראָם. אָבער קיינער האָט זיך ניט באַקלאָגט.

פלוצלינג האָט מען דערהערט אין אַ ווינקל קעלער אַ כראָ־פען, אַ כראָפּען, וואָס האָט אזוי קאָמיש דאָ געקלונגען, אז אפריער איינער, דערנאָך אלע איבעריקע האָבן זיך פאנאנדער־געלאַכט.

„וואָס איז געשעען, וואָס לאַכט איר אזוי?“ האָט מיט אַ פאַרשלאָפענער שטימע געפרעגט דער איינגעשלאָפענער, וואָס האָט זיך אופגעכאַפּט פון געלעכטער.

„אָט האָט איר אים גאָר אופגעוועקט. שלאָף רויִק ווייטער, מיין קליינער, נאָסקעס סאָלדאטן טאָרן דיר גאָרניט טאָן“, האָט

געענטפערט אַ פּאַטערלעכע שטימע, וואָס האָט ווידער ארויס־ געררופן אַ דונער פון געלעכטער.

גראָטע האָט זיך פון ווייטיק פאַרקרימט. „קינדער, מאַכט ניט קיין וויצן, ווייל ווען איך לאַך, איז ווי מע וואָלט מיר געלעכערט מיט אַ בויער דעם אַקסל".

„לאַכן איז בעסער ווי אראָפּלאָזן דעם קאָפּ און זיך גריב־ לען; לאָזט אונדז אביסל זיך אויסלאַכן", האָט געזאָגט אַ שלעזישער ארבעטער, ברענגענדיק אין אָרדענונג דאָס לעמפל.

„דו ביזט גערעכט; ווען אונדז וועלן פרעסן די ווערעם, וועט סיי ווי נעמען אַן ענדע צום פלאפלען", האָט געשפּאַסט אַ צווייטער.

„אַ רוען זאָל דאָס נעמען, ווער עפנט דאָס דעם פיסק? ווערסטו זאָגן נאָך אזא וואָרט, וועל איך דיר די ציין אויס־ האַקן", האָט זיך אופגעהויבן גראָטע.

מערי האָט אים צאַרט צוריקגעצויגן און א ווײַלע איז געווען שטיל.

דאַן האָט אַ שטימע פון אַ שווינדזוכטיקן אָנגעהויבן: „מיט פערצן יאָר צוריק בין איך געווען צווישן די פערצן שאַכטיאָרן, וואָס זיינען געווען פאַרשאָטן דריי טעג אין דער ראדבאָד. אָבער אַ מאָדנע זאַך. דעמאָלט האָב איך שרעקלעך מוירע גע־ האַט פאַרן טויט, האגאם מיר האָבן געהערט, ווי די רעטער ארבעטן, היינט אָבער בין איך קימאט ווי צופרידן".

„אין פראנקרייך", האָט אָנגעהויבן אַ צווייטער, „האָבן מיר איינמאָל געדאַרפט מאַכן אַ שטורעם־אָנגריף. אָבער ווען עס איז געקומען דער מאָמענט, האָט קיינער ניט געקאָנט ארויס פון גראָבן, ווייל יעדערער, אָנהויבנדיק פון לייטענאנט, האָט פאַר־ לאָרן די הויזן".

„איך פריי זיך פאָשעט, וואָס איך בין דאָ, סיי ווי סיי איז מיר געבליבן צו לעבן ניט מער ווי אַ יאָר צוויי", האָט ווײַ־ טער געזאָגט דער שווינדזוכטיקער.

אַן אַלטער קוילן־העקער, וועלכער האָט געפּרוּווט איינשלאָפן אָנשפּאַרנדיק דעם קאָפּ אף די קני, האָט זיך אויסגעגלייכט:

„איינמאָל קאָן מען דאָך נאָר שטאַרבן, דאָס איז ריכטיג. אונדזער הינטיש לעבן איז קוים ווערט מע זאָל וועגן דע ריידן. אָבער וואָס וועט זיין מיט מיינע פינף קליינע? אונדזער׳ פרויען וועט קיין איין מענטש גאָרניט געבן! וואָלט דאָס עלט׳ סטע כאָטש געווען אַ יינגל, וואָלט עס שוין איבעראַיאָר גע׳ קאָנט גיין אין שאַכטע״.

ער האָט גערעדט שווער מיט טעמפּע אָפּגעהאַקטע זאַצן. עס איז אויסגעקומען, ווי ער וואָלט יעדן וואָרט ערשט דורכ־ געקייט מיט זיינע געשוואַרצטע ציינער. פון ערגעץ האָט זיך דערהערט אַ קלאַנג, ווי פון אַ פאַרשטיקטן געוויין.

אַ יינגערער האָט זיך א שטעל געטאָן. „מיט אייערע קרעכצן קאָנט איר מעשוגע מאַכן א מענטשן! איך גיי בעסער ארוף. אָבער איינס מוז איך אייך זאָגן: איך האָב בלויז איין קינד, אַ ליבן פריילעכן יאטל פון צוויי יאָר. ווען איך בין אוועק, האָט מען אים גראדע צום ערשטן מאָל אָנגעטאָן אַ פּאָר הויי־ זעלעך. ער איז בא מיר ניט ווייניקער טייער, ווי בא דיר דיינע פינף! ווען ער וועט אויסוואַקסן, וועט ער ניט וויסן, ווי האָט אויסגעזען זיין פאָטער, אָבער ער וועט קאָנען מיט שטאָלץ זאָגן: מיין פאָטער איז אויך דאָרטן געווען און איז געשטאָרבן פאַר אונדזער ארבעטער־זאַך! איך וואָלט זיך איצט מיט קיינעם ניט געביטן!״

„דאָס איז א ריכטיק וואָרט״, האָט געזאָגט דער שלעזישער ארבעטער. „גיב איך נאָר אַ טראַכט וועגן יענע, וואָס מיר נעמען מיט, קומט מיר די זאַך אויס גאָרניט אזוי שלעכט״.

„איך וויים עפּעס בעסערס, כאַוויירים״, האָט גענומען אַ וואָרט דער פאַרוווּנדעטער. „אויב זיי וועט זיך איינגעבן אָפּ־ נעמען בא אונדז דאָס ביסל לעבן, אויב זיי וועט זיך אפילע איינגעבן דאָס מאָל אונדזער באוועגונג אונטערדריקן, וועט דער קאַמף נים אָפּגעשטעלט ווערן. יעדער רעוואָליוציע, איידער זי זיגט, האָט זי מאַפּאָלעס און ניצחוינעס. קארל ליבקנעכט האָט אָבער געזאָגט: די היינט באזיגטע וועלן מאָרגן זיין די זיגער! איבער מאַפּאָלעס גייט דער וועג צום זיג! אויך פון דעם איצ־

טיקן קאַמף וועט מען זיך לערנען. און אונדזער בלוט וועט זיין די באַמיסטיקונג, אף וועלכער עס וועט אויסשפּראָצן דער ענד־גילטיקער ניצאָכן".

אַ פאַרמאַטערטער האָט ער זיך צוריק אוועקגעלייגט. אַ ווײַלע איז געווען שטיל. יעדערער האָט נאָכגעטראַכט וועגן די לעצטע ווערטער. דערנאָך האָט זיך דערהערט אַ שטילע אָבער א קלאָרע מיידלשע שטימע: „עס איז ווונדערבאַר, בא דעם־דאָזיקן געדאַנק הערט מען זיך אוף צו שרעקן פאַרן טויט".

„אָרעמע קינד, דו האָסט נאָך גאָרניט געהאט פון לעבן", האָט געזאָגט מיט באַדויערונג דער אַלטער.

„אָבער איצט האָב איך עפּעס און צוליב דעם אליין האָט געלוינט צו לעבן", האָט אויסגערופן מערי.

„לאָמיר בעסער ארופגיין צו דער זון; דאָ וועט נאָך אונדז איינפאַלן דער באַלטן אַפן קאָפּ", האָט פאָרגעלייגט דער אַלטער. איינער נאָכן אנדערן האָבן זיי זיך ארויסגעקראַבקעט פון קעלער. „אָבער פאַרלירט ניט קיין קוילן אומזיסט", האָט זיי נאָכגעשריען גראָטע.

„בלייב מיט מיר, מערי", האָט ער אַ שעפּטשע געטאָן, דערפילנדיק, אז זי האָט געמאַכט אַ באַוועגונג אופצושטיין.

„ווי פילסטו זיך איצט, מאקס?" האָט זי זיך איינגעבויגן צו אים און געגלעט די באַקן.

„בעסער, מערי, עס דריקט מיר נאָר דער געדאַנק, וואָס איך מוז ליגן אומטעטיק אין דערדאָזיקער פארשאָלטענער לאָך און איך וועל ניט קאָנען זיך פאַרטיידיקן, ווען די נאָסקעס־הינטס וועלן ארייַנדרינגען", האָט ער מיט פאַרביטערונג געענטפערט.

זי האָט זיך צו אים צוגערוקט נעענטער און ער האָט פּלוצ־לינג דערפילט עפּעס קאלטעס אין דער האַנט. „ניט לעבעדי־קערהייט, מאקס!"

ער האָט פאַרשטאַנען און האָט זי אזוי פעסט צוגעדריקט צו זיך מיט דער געזונטער האַנט, אז זיין ווונד האָט אים אָנ־געהויבן שרעקלעך צו ווײ טאָן.

זי האָט צוגעפּרעסט אירע ליפּן צו זיינע.

„ווי גוט איז, מאקס, וואָס איך האָב דיר ניט געפאָלגט און איך בין דאָ געבליבן. אניט וואָלסטו גאָר איינער אליין גע־לעגן אין דעמדאָזיקן קעלער".

„און דו האָסט גאָרניט מוירע פאַרן אומקום, וואָס שטייט אונדז פאָר ?.."

אַ ווײַלע איז געווען שטיל. צוויי שווערע הייסע טראָפּן זיינען אַראָפּגעפאלן אף זיין געזיכט.

זי האָט צוגעדריקט זיין האַנט צו איר האַרץ. „אויב עס קלאַפּט שנעלער, איז דאָס נאָר פון פרייד, מאקס, וואָס איך טייל מיט דיר דידאָזיקע שאָ. די לעצטע פערצן טעג זיינען געווען די שענסטע אין מיין לעבן".

ציטערנדיק אינגאַנצן האָט ער זי צוגעצויגן צו זיך.———

* * *

נאָך איידער מע האָט אף אן אומוועג געבראַכט צו פירן דעם מינענוואַרפער, האָט אַ שלאָג־גרופּע פון זעקס מאן דורכ־געקריגן זיך צו דער הינטערשטער זייט פונעם הייזל.

דער ארבעטער, וואָס איז דאָרטן געשטאַנען אף דער וואַך, האָט זיך אופגעכאַפּט פון זיין דרעמל, נאָר קעדיי אין נאָענטסטן מאָמענט צעריסן ווערן אף שטיקלעך. די האַנט־גראנאטן, וואָס זיינען אריינגעוואָרפן געוואָרן דורך אלע פענצטער און טירן, האָבן אין אייניקע מינוטן פאַרענדיקט די פאַרניכטונג־ארבעט. דער דאַך און באלקן, די ווענט זיינען איינגעפאַלן, און וואָס עס איז געבליבן נאָך לעבעדיקס אין הויז, האָבן די סאָלדאטן, וואָס זיינען געווען העכסט אופגערעגט פון די שווערע פאַר־לוסטן און פון שנאַפּס, מיט דער הילף פון קאָלבעס, באגנעטן און רעוואָלווערן שנעל געבראַכט צום אייביקן שווייגן.

די צעריס[ע]נע קערפּער האָט מען אראָפּגעשלעפּט אַפן הויף.

אַ יונגער פריוווּיליקער האָט מיטן פוס א שטויס געטאָן אַן אָפּגעריסענעם קאָפּ. „איר הינט, וועט, שוין מער ניט קאָנען נאָכאמאָל דערשיסן מיין פּאָלקאָווניק", האָט ער געקריצט מיט די ציינער און אויסגעגלאָצט זיינע גלעזערנע אויגן.

„אַ שאָד", האָט געזאָגט אַן אָפיציר פאַרטראַכטערהייט, קוקנדיק אף די טויטע, „בעסער וואָלטן מיר זיי געלאָזן אויס־הונגערן און דאַן וואָלטן מיר געקאָנט פּרוּוון אַריבערציען אף אונדזער זייט. אַזעלכע מוטיקע כוואַרע פעלט אונדז; פון זיי מעגט איר זיך אַראָפּנעמען אַ ביישפּיל!"

דאָס איז געווען די איינציקע רעדע אַפן קייווער פון די גאָמענלאָזע זעכצן פון וועלקום, איידער מע האָט זיי אַריינגע־וואָרפן אין דעם אף שנעל אויסגעגראָבענעם ברודער־קייווער...

## 19. קאַפּיטל

שוין לאַנג האָט מען אין סווערטרופּ אַזוי וויִק ניט גע־שלאָפן. רוקערס איז שפּעט אין אָוונט געקומען צוריק פון פראָנט און האָט אין פאָלקהויז אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן דעם, אַז די רויטע אַרמיי האָט אָנגעהויבן איר מאַרש אף צוריק. נאָכדעם האָט זיך דער אויספיר־קאָמיטעט פאַנאַנדער־געלאָזן, ווי דאָס האָט געפאָדערט די רעגירונג.

אַ טיפע רעזיגנאַציע האָט אַרומגענומען אפילע די ראַדי־קאַלסטע. די באַוועגונג איז פאַרשפּילט. איצט מוז מען נאָר זען ניט געבן קיין אויסרייד אף אַריינמאַרשירן דעם מיליטער, וואָס האָט געזוכט אָפּצורעכענען זיך, נעקאָמע נעמען.

דער אָפּמאַך וועגן אַ לוין־הויסאָפּע, וואָס איז נעכטן גע־שלאָסן געוואָרן אין עסען צווישן דעם פאַרבאַנד פון די שאַכ־טעס־אייגנטימער מיט די פּראָפאַריינען, האָט געקאָנט העלפן גיכער ביײצוקומען די אַנטוישונג. די הויסאָפּע האָט געדאַרפט באַטרעפן 5,50 מאַרק אַ טאָג. דאָס איז געווען אַ נישקאָשע־דיקע הויסאָפּע, וואָס מע האָט געדאַרפט זיכער פאַרדאַנקען דעם שרעק, וואָס די שאַכטיאָרן האָבן אָנגעמאַכט אף די קוילן־באַראָנען. די אויסגעמאַטערטע פרויען פון די באַרג־אַרבעטער, וואָס האָבן אין די לעצטע שווערע וואָכן געקריגן נאָך שפּיצי־קערע אויסגעצערטערע געזיכטער, האָבן שוין אויסגערעכנט ווי וועלן זיי פאַרצירעווען מיטן גרעסערן פאַרדינסט די נייע לעכער.

אויך בא שאפולאן אין הויז האָט מען גערעכנט. די שאַ־פולאס זיינען שטענדיק געווען אָנהענגער פון אָרדענונג, דעריבער איז קיינער אין גאַנצן רור־געביט ניט געווען אזוי צופרידן מיט דער ליקווידאציע פון בירגער־קריג, ווי די שאפולאס.

זייער באלאנס האָט אויסגעזעען ניט איבעריק גוט. עמעס, פרוי שאפולא האָט פון טאָג צו טאָג געמאַכט אירע זופן אלץ מער וואסערדיק און אויסער דעם פלעגט זי געבן נאָר קאווע פון ברוקווע און דינע פענעצן ברויט מיט מארמעלאד.

„קינדער, איז דאָס אביסל א צייט; עס איז דאָך פונקט ווי בעייס אַן עמעסער מילכאָמע; זאָלן זיי שוין מאכן אַן ענדע", פלעגט זאָגן הער שאפולא, וואָס פלעגט קיינמאָל ניט פאַרשפעטיקן איבערלייענען פאַר זיינע געסט די צייטונג־ידיעס וועגן די שוועריקייטן מיט פראָדוקטן א. א. וו.

שאפולא איז גראדע געשטאנען אַפן הויף און אָפגעקליבן געפוילטע קארטאָפל, ווי עס האָבן פלוצלינג אָנגעהויבן צו יאָמערן די אליארעם־סיגנאלן.

„וואָס איז דאָרטן ווידער געשען?" שאפולא האָט זיך שוין אויסגעלערנט פונקט אזוי 'מוירע האָבן, ווי האסן, דידאָזיקע סיגנאַלן, וואָס האָבן שטענדיק אָנגעזאָגט נאָר שלעכטס. זאָלן זיי שוין אמאָל זיך בארויִקן און לאָזן די מענטשן ארבעטן. די סירענעס האָבן אָבער קעסיידער געליארעמט און דאָס האָט געצוווּנגען שאפולאן אָפווישן די הענט, אָנטאָן זיך און ארויסגיין אף דער גאַס.

די מענטשן זיינען געשטאנען גרופּעסווייז פאַר די הייזער מיט דערשראָקענע פּנעמער. די, בא וועמען ער האָט געפרעגט, האָבן געקוועטשט מיט די אַקסלען, ביז אימעצער האָט געבראכט די ידיע: „די נאָסקעס קומען!"

„דאָס איז ניט מער ווי אן ערשטער־אפּרעל שפּאַס", האָט געזאָגט שאפולא, אָבער ער האָט דערפילט ווי ער איז בלאַס געוואָרן. איז דאָס עמעס, וועלן זיך ווידער אָנהויבן שטרייקן מיט גאַסן־שלאַכטן און די כּיוועס פון זיינע קווארטיראנטן קאָן ער שוין פאַרשרייבן מיט א קויל אַפן קוימען.

געטריבן פון שרעק און נייגיריקייט איז ער אוועק צום ראַטהויז; אָבער וואָס ווייטער ער איז געגאַנגען, אלץ מער אופגערעגט זיינען געווען די מענטשן. מע האָט איינער דעם אַנדערן דערציילט וועגן פאַרעטערישן אָנפאַל בא בולדינגראט. פון אלע זייטן זיינען צוגלייך אָנגעקומען טעלעפאָנישע יעדיעס, אז די רייכסווער האָט אין ערגעץ ניט געהאַלטן די באשטי־מונגען, זי איז אריבער אַפן גאַנצן פראָנט אין אָנגריף און לאָזט ניט די רויטע ארמיי אָפּטרעטן, באשיסנדיק די וועגן מיט אַרטילעריע־פייער.

„מיר זיינען פאַראַטן! די רעגירונג, דער צענטראַל־ראַט און דער אויספירקאָם — אלע זיינען פאַרעטער, אופהענגען מוז מען זיי!"

מע האָט געזעען מענער פול מיט רעציכע לויפנדיק פון ראַטהויז צום פאָלקהויז און צוריק, זוכנדיק געווער. באַם אי־בערגאַנג איבערן באַן האָט מען אָנגעהויבן בויען א באַריקאַדע. פון אופרעגונג, האַלב־צעדרייטע פרויען, וואָס זיינען געווען אין שרעק פאַר זייערע מענער און זין, האָבן צעבראָכן אלע שויבן באַם בירגערמייסטער ליוועןקול. די ווינונג פון פראָפאַריינישן סעקרעטאַר ריזע האָט אויסגעמיטן דעמזעלבן גורל, נאָר אדאַנק דעם, וואָס באַם אַנטלאָפענען א מיליציאָנער, האָט מען ניט ווילנדיק אויסגעשאָסן און דער האַמוין ווייבער האָט זיך צע־לאָפן מיט א געשריי: „זיי זיינען שוין דאָ".

איצט האָט זיך קלאָר ארויסגעוויזן, וואָס פאַר א נאַרישקייט עס איז געווען אָפּגעטאָן מיטן פריצייטיקן פאַנאַנדערלאָזן דעם אויספיר־קאָמיטעט. עס איז קיינער ניט געווען, וואָס זאָל קאָנען באַהערשן דעם האַמוין און אָרגאַניזירן זיין אופרעגונג. וואָלטן טאַקע גלייך אריין די סאָלדאַטן, וואָלט געקומען צו אַ שרעק־לעכן בלוטבאָד צוליב דעם פלאַנלאָזן ווידערשטאַנד. אַנטלאָפענע פון פראָנט, וואָס האָבן דערציילט די גרוילן פון דער פאַנאַנ־דערגעיושעטער סאָלדאַטעסקאַ, האָבן נאָך מער פאַרגרעסערט די פאַניק. דער לעצטער צוג אַף דויסבורג איז געווען איבערגעפולט מיט אַנטלויפנדיקע.

* * *

אַרום איינס אַזייגער איז פון סוועטרטרופּ אַרויסגעפאָרן צו צאָפּן־צו אַן אַוטאָמאָביל אונטער אַ ווייסן פאַרלאַמענטאַרישן פלאַג. מיט פיל מי האט זיך איינגעגעבן דעם אומאָפּהענגיקן מיטגליד פון דער שטאָט־פּאַרוואַלטונג יעיטנער צונויפקלייבן אַ פּאַרלאַמענטאַריאַרישע דעלעגאַציע. אויסער אים זיינען געפאָרן פּרוי קאַסאַבעק און דער אַלטער דאָקטער קראַוסניק, וואָס איז געווען באַקאַנט אין שטאָט ווי אַ מענטשן־פריינט און פּאַציפיסט. דער פּערטער איז געווען — מאַרטין שאַפּולאַ.

ווייל ער איז באַקאַנט געווען אין שטאָט, ווי אַ בירגער, וואָס האָט ליב רו און אָרדענונג און אַ גוטער קריסט אויך דערצו, האָט מען זיך באַזונדערס באַמיט אים מיטצונעמען. מאַרטין שאַפּולאַ האָט אַליין ניט געוווּסט, ווי איז ער געקומען צו אַ אומזיסטער רייזע אין אַוטאָמאָביל און איז געקומען צו זיך ערשט ווען זיי זיינען שוין דורכגעפאָרן קענקערן.

זאָל דאָס זיך נאָר גוט ענדיקן! — אָבער צו וואָסער טייוול האָט ער זיך אַרומגעדרייט אַרום ראָטהויז אַזוי לאַנג ביז ד״ר קראַוסניק האָט אים געכאַפּט פאַרן קאָלנער. פאַרצווייפאָרן האָט ד״ר קראַוסניק אים אויסגעהיילט פון אַ שווערער פלייש־פאַר־גיפטונג און דעריבער האָט ער פאַר אים געהאַט גרויס דרעק־כערעק. פאַר אַזאַ הערן האָט ער זיך ניט געדאַרפט בלאַמירן און דעריבער, אַז מע האָט אַפּעלירט צו זיין בירגער־פליכט, האָט ער מאַסקים געווען.

עטלעכע קילאָמעטער נאָך קענקערן האָבן זיי אָנגעטראָפן דעם ערשטן פּאָסטן. זיי אַנטקעגן האָבן זיך אַרויסגעשטעלט דראָענדיקע ביקסן.

„וואָס, איר ווילט אונטערהאַנדלען? — איר זייט געקומען מיט אַ טאָג צו שפּעט! איצטער אונטערהאַנדלען מיר נאָר דערמיט!“ האָבן געשריען די סאָלדאַטן, קלאַפּנדיק איבער די האַנט־גראַנאַטן.

„איר האָט ניט קיין שום רעכט פאַרשפּאַרן אונדז דעם וועג. מיר פאַרלאַנגען, אַז איר זאָלט אונדז טייקעף דורכלאָזן צום

קאָמאַנדירנדיקן גענעראַל, אַניט וועט איר זיין פאַראַנטוואָרטלעך", האָט געזאָגט יעיטנער מיט אַן ערנסטער שטימע. אף די סאָל־דאַטן, וואָס זיינען געווען געוווינט צו אַ גראָבער באַהאַנדלונג, האָט יעיטנערס פאַרהאַלטן זיך געמאַכט אַן איינדרוק. זיי האָבן געמאַכט פריי אַ דורכפאָר צווישן די דראָט־פאַרצאַמונגען, און מיט צוויי סאָלדאַטן אף די טרעפּלעך איז דער אויטאָמאָביל אריינגעפאָרן אף אַ הויף אין נאָענטסטן דערפל.

בעיס איינער פון די סאָלדאַטן איז געגאַנגען מעלדן, האָבן זיך ארום אויטאָמאָביל אופגעקליבן צעררייצטע סאָלדאַטן, וואָס האָבן געדראָט און געזידלט די פאַסאַזשירן פון אויטאָמאָביל.

„מיין גאָט, וואָס איז דאָס פאַר אַ מענטשן, פון דאַנען גייען מיר שוין ניט ארויס קיין לעבעדיקע", האָט געקרעכצט פרוי קאַסאַבעק, ווען די סאָלדאַטן האָבן געזידלט מיט די נידע־ריקסטע זידל־ווערטער. שאַפולאַ, וואָס האָט אומזיסט זיך באַמיט צו מאַכן זיין דיקן קערפּער, אַז מע זאָל אים ניט ארויסזען, האָט געטאָן אַ נײַדער א' דעם פאַל, אויב ער וועט ארויס לעבעדיק.

פון דער הויז איז ארויס אַן אָבערלייטענאַנט, וואָס האָט זיך גאָרניט געאײַלט, האָגאַם ער האָט געזען די באַדראָטע לאַגע פון די פאַרלאַמענטיאָרן.

„העי אָבערלייטענאַנט", האָט צו אים אַ-געשריי געטאָן יעיטנער. „מיר זיינען פאַרלאַמענטיאָרן און מיר ווערן דאָ באַ־דראָט, איך פאָדער אייער שוץ".

„וואָס זוכט איר?" האָט געפרעגט דער אָפיצער מיט אַ ביטל־טאָן, אריינרוקנדיק די הענט טיף אין די קעשענעס.

יעיטנער האָט מיט דער האַנט אָפּגעוואָרפן אָן אַ זייט אַ באַגנעט, מיט וועלכן מע האָט אים געפּאָכעט פאַרן פּאָנעם און האָט אַ געשריי געטאָן: „איך פאַרלאַנג איר זאָלט אונדז באַ־האַנדלען ווי פאַרלאַמענטיאָרן, נעמט צו אייערע סאָלדאַטן!"

„אָ, איר רעדט דאָך גאָר ווי אַ קאָמאַנדיר. ווער זייט איר אייגנטלעך, וואָס איר האָט די האָזע צו ריידן מיט אזא טאָן?" האָט זיך צעשריען דער אָפיצער.

„מיין פאמיליע איז יעיטנער, מיטגליד פון דער סווערטרופער שטאָט־פאַרוואלטונג; דאָס זיינען בירגער פון דער שטאָט: דאָק־טער קראוסניק, האָטעל־אייגנטימער שאפולא, מיטגליד פון דער שטאָט־פאַרוואלטונג פרוי קאסאבעק".

„פון וועלכער פאַרטיי", האָט זיך אָנגעכאַפּט דער אָפיצער.

„מיר קומען ניט לויט דער באפולמעכטיקונג פון וועלכער ניט איז פאַרטיי, נאָר אין נאָמען פון אלע פרידלעכע איינ־וווינער", האָט געענטפערט דאָקטער קראוסניק און האָט פעסט אָנגעקוקט דעם אָפיצער דורך זיינע שאַרף געשליפענע ברילן־גלעזער.

דער אָפיצער האָט געלאַכט בייז: „עס איז שוין מער ניט נויטיק, איר זאָלט זיך באמיען, מיר גייען שוין אליין אין סווערטרופ און דאָרטן וועלן מיר מיט די הערן אונטערהאַנדלען פערזענלעך".

„אָט קעגן דעם פּראָטעסטירן מיר טאקע. איר האָט ניט קיין רעכט צו מארשירן ווייטער. די אָפּמאכן פון ביליעפעלד און מינסטער..."

ווי לויט א קאָמאַנדע האָבן די סאָלדאטן אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער. יעיטנער האָט זיך ניט געלאָזן אראָפּפירן פון וועג. „די ארבעטער־מיליטער גייט צוריק, דאָס געווער ווערט אָפּגעגע־בן, דער אויספיר־קאָמיטעט איז פאנאנדערגעלאָזן, אין סווער־טרופּ איז פולשטענדיק רויִק. איר האָט ביכלאל ניט געהאט קיין רעכט אין קיין פאַל איבערטרעטן די ליניעס פריער ווי מאָרגן צוועלף אזייגער".

„איך דאַנק אייך זייער, הער ראטמאן, פאר דעם וואָס איר האָט מיר אופגעקלערט", האָט געזאָגט דער אָבערלייטענאנט, פאַרנויגנדיק זיך מיט א סארקאסטישן שמייכל. „אָבער מיר ווייסן ניט וועגן קיין שום אָפּמאַכן! מיר זיינען סאָלדאטן און מיר טוען אַלץ נאָר לויטן באפעל פון אונדזער העכערער מאַכט".

„איר טאָרט דאָך ניט האנדלען קעגן די באשלוסן פון דער רעגירונג, אויסער דעם האָט דאָך די מיליטער־מאַכט אונטער־

געשריבן דעם אָפּמאַך״, האָט געזאָגט פּרוי קאַסאַבעק מיט אַ וויינענדיקע שטימע.

„עס טוט מיר זייער לייד, גנעדיקע פרוי, וועגן דעם איז אין מיין באַפעל אַ וואָרט ניטאָ, און איר מוזט זיך באַקלאָגן אין מינסטער״, האָט כיטרע געענטפערט דער אָפיצער.

יעיטנער האָט זיך ארומגעזען, אַז דאָ וועט ער אייגנטלעך מער גאָרניט אופטאָן און האָט דורכויס פאַרלאַנגט מע זאָל זיי פירן צום גענעראַל.

„ווער דאַרף דאָ באַשטימען: איר אָדער איך?״ האָט זיך צעשריען דער אָפיצער אזוי, אז שאפּולא איז שיר ניט אראָפּ־געפאַלן פון זיין פלאַץ. „מיר ווען אייך שוין אָפּגעווינען צו קאָמאַנדעווען! מיר זאָרגן פאַר דעם עס זאָל זיין רו און אָר־דענונג, דערלויבט אייך צו זאָגן — — אזא מין כוצפּע! — — — אייגנטלעך דאַרף איך אייך גלייך שטעלן צום ווענטל״.

„דערלאַנג זיי צום ווענטל!״ האָבן אָנגעהויבן צו רעווען די אַלדאטן, און איינער פון זיי האָט געפּרוווט אופרייסן די טיר אווטאָמאָביל.

„מיר זיינען אין אייער רעשוס, איר קאָנט טאָן אַלץ, פאַר ...ס איר ווילט נעמען אף זיך די פאראַנטוואָרטלעכקייט, אָבער ... קאָן אייך קאָסטן צו טייער. מיר קומען צו אייך פריייווייליק ... פאַרלאמענטיאָרן, איר האָט קיין שום רעכט ניט אונדז אזוי באַהאַנדלען״, האָט געזאָגט דער דאָקטער קראוסניק, שאַטעלנדיק זיך.

דער אָפּיצער האָט אַ ווונק געטאָן צו זיינע מענטשן. „וואָס איז דאָס אייגנטלעך מיין אייסעק? זאָל זיין עקסעלענץ אליין אַנטשיידן. פאַרבינדט זיי די אויגן און פירט זיי אָפּ צום שטאַב״, האָט ער געזאָגט מיט אַ געענדערטן טאָן און האָט זיך אויס־געדרייט.

„אָבער איר גיט אונדז מיט א וואַך, הער אָבערלייטענאנט, אייערע מענטשן זיינען צו אופגערעגט״, האָט אים נאָכגעשריען יעיטנער, וואָס האָט זיך דערמאָנט וועגן דערשיסונגען „באם

אַנטלויפן". פיר סאָלדאטן האָבן אָנגעלאָדן זייערע ביקסן, ארומ־געזעצט די באַגנעטן און פאַרבונדן זיי די אויגן.

„שטעלט זיך ניט אָן אזוי פיל אף די טרעפלעך, מיינע הערן, דער אווטאָמאָביל וועט ניט אויסהאַלטן", האָבן זיי דער־הערט דעם קאָל פון שאָפער. פון די געשרייען און פון דעם, וואָס דער מאָטאָר האָט שווער געאַרבעט, האָבן זיי פאַרשטאַנען, אז זיי באַגלייט מער ווי פיר מאַן. קיינער האָט ניט געגעבן קיין גראָשן פאר זיין לעבן. ווען דער אווטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט און מע האָט בא זיי אף א ווײַלע אראָפּגענומען די בינדעס פון די אויגן, זיינען זיי געווען הינטער אַ שייער.

„קוקט נאָר דאָס אָן, איר וועט באַלד אויך קומען אהין", האָט צו זיי געשריען איינער פון די סאָלדאטן, ווייזנדיק אף דער וואַנט, בא וועלכער עס זיינען געלעגן זעקס אָדער אַכט טויטע קערפּער, אין א טייך בלוט. פרוי קאסאבעק האָט אַ געשריי געטאָן און געפאַלן אין כאלאָשעס. די דריי מענער זיינען אויך ניט געווען אימשטאנד אַ וואָרט אויסריידן.

אין צען מינוט ארום האָבן זיי ווייטער דערהערט אַ געשריי ארום זיך. דאָס מאָל האָט מען בא זיי ניט אראָפּגענומען די בינדעס פון די אויגן, אָבער זיי האָבן געהערט ווי איינער פון די וואַך־סאָלדאטן איז אוועק מעלדן. דערווייל האָבן זיי איבער־געלעבט שוידערלעכע מינוטן. זיי האָבן דייטלעך געהערט ווי די סאָלדאטן גרייטן זיך אראָפּנעמען די פיר „ספּארטאקיסן" פון אווטאָמאָביל און דערשיסן זיי. דער אָבערלייטענאנט האָט אָבער, ווייזט אויס, געגעבן די באַגלייטער זייערע אַ שאַרפע אינסטרוקציע. אַ טאָפּעלער אויסגעשריי האָט זיי געוויזן, אז צוויי וואָס האָבן מער ווי אלע אָנגעגריפן, זיינען פאַרוווּנדעט געוואָרן מיט די באַגנעטן. נאָכדעם איז געוואָרן אביסל רויִקער.

זיי האָבן ניט געוווּסט, צי עס זיינען אריבער מינוטן אָדער שאָען ביז זיי האָבן ווי גאָר פון ווייטן דערהערט אַ שטימע אין מ׳זורעך־פּרייסישער דיאַלעקט: „דער הער גענעראַל־מײַאָר זאָגט זיך אָפּ אייך אופצונעמען אָדער אָפּשיקן ווייטער, ווייל

ער באקומט זיינע באפעלן דירעקט פון גענעראל קאביש. איך מוז אייך גלייך אָפּשיקן צוריק!״

מארטין שאפולא האָט פאַרשטאַנען נאָר דעם זין פונעם לעצטן וואָרט: „צוריק״. וועט מען זיי ניט דערשיסן! ער וועט צוריק דערזעען סווערטרופּ און ער האָט זיך אזוי דערפרייט פון דעמדאָזיקן געדאַנק, אז ניט געקוקט אף דעם, וואָס זיינע פיס האָבן געציטערט, וואָלט ער אוועק אַ טענצל.

נאָר איין זאַך איז נאָך בא אים געלעגן אף דער נעשאָמע, וואָס ער האָט דעמאָלט אויסגעהאנגען אַ רויטע פאָן. ווען די סאָלדאטן וועלן קומען אין סווערטרופּ און אַ גוטער שאָכן וועט אים פאַרמאַסערן, וועט עס זיך ניט גוט ענדיקן.

ווען ער איז אין אָוונט צוריק געקומען אונטער זיין דאַך, האָט ער זיך טייקעף געמוזט לייגן אין בעט פון אופרעגונג. פרוי שאפולא האָט זיך אָבער גלייך גענוצט צו דער ניי־מאשין אופצוניייען אַ נייע פאָן.

אין סווערטרופּ זיינען דערווייליע ארומגעגאַנגען די סאַמע ווילדע קלאַנגען. עס זיינען ארומגעגאַנגען קלאַנגען וועגן בלוטיקע אָנפאַלן, קאַמפן און עקזעקוציעס. עס איז אויך ארומגעגאַנגען אַ קלאַנג, אז א דיוויזיע ענגלענדער מארשירט, קעדיי צו שיצן די נייטראליטעט פון דער 50־קילאָמעטער זאָנע, אין וועלכער די שטאָט איז אויך אריין. מע האָט געגלויבט אין דעם—דער ווונטש איז געווען דער פאָטער פון געדאַנק.

מיירינג האָט אָרגאניזירט גרופּעס, קעדיי אופצורייסן די שאַכטעס, ווען דאָס מיליטער וועט זיך דערנעענטערן. פארנאכט איז אָנגעקומען פון עסענער צענטראַל־ראַט אַ טעלעפאָנישער באפעל, ניט צו דערלאָזן בעיין אויפן קיין ווידערשטאַנד און אַקטן פון סאבאָטאזש, קעדיי ניט געבן קיין בארעכטיקונג פאַרן אריינמאַרש פון מיליטער. גלייך נאָכדעם האָט זיך מיירינג מיט נאָך זעקס גענוצט אין אַן אווטאָמאָביל און איז אוועקגעפאָרן אין עסען, קעדיי צו ארעסטירן דעם „פארעטערישן צענטראַל־ראַט״. מער האָט מען וועגן אים ניט געהערט.

דער פירער פון דער ארבעטער־מיליץ, וואָס איז געגרינדעט

געוואָרן לויט דער פאַראָרדענונג פון דער רעגירונג, איז דער־ווייל ארומגעלאָפן פון הויז צו הויז, קעדיי צונויפקלייבן זיינע מענטשן און באזעצן די פונקטן, וועלכע זיינען געווען באַדראָט פון די סאבאָטאזש־אַקטן. ווען זעקס ארבעטער מיט ווייסע לענטעס אף די אַרבל, באוואָפנטע מיט ביקסן, זיינען געקומען אף דער שאכטע „בעאטע", האָבן זיי געפונען די טויערן פון דער שאַכטע באַזעצט פון בארגארבעטער־פרויען.

„גייט ווו אנדערש", האָבן די פרויען צו זיי געשריען, „מיר וועלן דאָ שוין אליין אופפאַסן. פון וואָס וועלן מיר לעבן, אויב די כעוורע וועלן אופרייסן די שאכטעס?"

* * *

פעטער רוקערס האָט וועגן די אלע געשעענישן זייער ווייניק געהערט און נאָך ווייניקער געזעען. שוין ווען ער איז געפאָרן צוריק פון פראָנט האָט ער זיך געפילט ניט גוט. מיט גרויס מי האָט ער אין פאָלקהויז אָפגעגעבן אַ באריכט. פרוי רוקערס, וואָס איז געווען אוף ביז איינס אזייגער און געזעסן אַ פאַרזאָרגטע וועגן איר מאַן און צוויי קינדער, איז דערשראָקן געוואָרן פונעם אויסזעען פון איר מאן. עס האָט אויסגעזעען, ווי עס וואָלט נאָכדעם, ווי מע האָט פאנאנדערגעלאָזן דעם אויספיר־קאָמיטעט, זיך אויך פאנאנדערגעלאָזן דער קערפּער און די נעשאָמע פון דעם אומדערמידלעכן אַלטן. ער איז אריין א מידער און אַ צעבראָכענער, די באַקן איינגעפאַלן, די אויגן האָבן געגלאַנצט פון פיבער. „די פאַרשאָלטענע נערוון האָבן זיך ווידער צעשפילט", האָט ער בארויִקט זיין פרוי, וואָס האָט אים געהאָלפן זיך אויסטאָן. עסן האָט ער קימאט ניט געגעסן.

עס זיינען אָבער געווען, ווייזט אויס, ניט נאָר די נערוון. אין בעט האָט ער אָנגעהויבן צו הוסטן און צו באקלאָגן זיך אף שווערקייט און ווייטיק אין אלע גלידער. ער האָט זיך מיסטאָמע צוגעקילט, פאָרנדיק באנאכט אין אָפענעם אווטאָמאָביל. פרוי רוקערס איז צוריק אופגעשטאַנען, האָט אופגעקאָכט טיי און אים איינגעוויקלט די ברוסט. עס איז געווען צוויי אזייגער באנאכט. אינדרויסן האָט געשטורעמט א קאַלטער ווינט.

שרעקלעכע געדאַנקען האָבן באַהערשט די איינזאַמע פרוי. ווי זיינען דאָס איצט די קינדער? אין דערביַיִקן קאַמער האָט געכאָרכלט דער קאַליקער לודוויג און לעם איר האָט זיך אומ־רויִק געוואָרפן איבערן בעט דער קראַנקער מאַן. זי האָט פאַר־האַנגען דעם לאָמפ מיט אַ צייטונג־בלאַט, קעדיי דער שיין זאָל אים ניט שטערן. ערשט פאַרטאָג איז ער איינגעשלאָפן.

דער טערמאָמעטער, וואָס זי האָט געליען בא אַ שאָכנטע, האָט געוויזן 39,8 גראַד היץ. זי האָט געוואָלט רופן אַ דאָקטער, אָבער רוקערס האָט זיך אַקשאָנעסדיק אָפּגעזאָגט פון אַ דאָקטער. „עס נעמט זיך נאָר פון דער אופרעגונג פון די לעצטע טעג. איצט, ווען איך בין רויִק, רופט עס זיך אָפּ. לאָז מיר נאָך שלאָפן", האָט ער זי באַרויִקט.

פרוי רוקערס האָט אוועקגעזעצט דעם קאַליקן אין קיך, ער זאָל ניט שטערן דעם קראַנקן צו שלאָפן. אומזיסט האָט זי זיך געבראָכן דעם קאָפּ, ווי נעמט זי עפּעס בעסערס אָפּצוקאָכן פאַר אים. אין דער היים האָט זי ניט געהאַט קיין זאַך, אויסער גערשטענע גרויפּן.

ווען די סירענעס האָבן אָנגעהויבן צו פייפן אַרום צוועלף אַזייגער, האָט זיך רוקערס אויפגעהויבן און געפרעגט, וואָס באַטייט דאָס. זי האָט אים איינגערעדט, אַז דאָס איז דער לעצ־טער סיגנאַל צום אָפּגעבן דאָס געווער, אָבער דאָס האַרץ אירס האָט שיר ניט געפּלאַצט באַ דעם ליגן. זי האָט פאַרגעפילט עפּעס שרעקלעכס. דער קראַנקער האָט זיך אָבער באַנוגנט מיטן ענטפער, אויסגעדרייט זיך צום וואַנט און ווידער איינגעשלאָפן. אַף די שפּיץ פינגער איז זי אַרויסגעלאָפן אין גאַס און דאָרטן זיך דערוווּסט, אַז די רייכסווער קומט אָן. דער אָטעם האָט איר פאַרכאַפּט, ווען זי האָט אַ טראַכט געטאָן וועגן אירע קינדער, וועגן דעם קראַנקן מאַן, וועגן זיין זיכערקייט. ער האָט איר קיינמאָל ניט געזאָגט וועגן דער מעגלעכקייט, אַז אים וועט אויסקומען אַנטלויפן, קעדיי ניט צו באַאומרויִקן זי אומזיסט. אָבער אינסטינקטיוו האָט זי געפילט, אַז ער מוז אַנטלויפן. ער איז אָבער קראַנק! ווי וועט ער לויפן?

פּלוצלינג איז איר עפּעס איינגעפאַלן און זי איז אוועקגעלאָפן צו דער פאַרוואַלטונג־געביידע פון דער שאַכטע, קעדיי צו נעמען אַ קראַנקן־שיין, אָבער די קאָנטאָר איז געווען פאַרמאַכט — עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ שטרייק.

— וואָס זאָל זי טאָן?

אַ ווײַלע איז זי געשטאַנען פאַרטראַכט. דערנאָך איז זי אוועקגעלאָפן ווייטער. זי וועט פּרוּוון ברענגען אַ דאָקטער אָן אַקראַנקן־שיין. זי האָט אין דערהיים קיין געלט ניט, נאָר זי וועט שפּעטער ברענגען אַ שיין אָדער אָפּצאָלן. וועט דער דאָקטער ניט געפינען קיין ערנסטע זאַך, מוז פעטער גלייך אוועק.

פון האַלבן וועג האָט זי זיך אומגעקערט אַהיים נאָכאַמאָל אַ קוק טאָן אַפן קראַנקן. ער איז נאָך אַלץ געלעגן מיטן פּאָנעם צום וואַנט און האָט פון שלאָף עפּעס געברומט. ווען זי האָט ארופגעלייגט איר האַנט אף זיין הייסן שטערן, האָט ער אַ דערשראָקענער זיך אַ הויב געטאָן.

„האנעס און מערי זיינען שוין געקומען?“ האָט ער געפרעגט מיט אַ פאַרשלאָפענעם קאָל. דערהערנדיק איר ענטפער האָט ער זיך ווידער אָפּגעקערט און ווייטער אָנגעהויבן צו ברומען.

פרוי רוקערס האָט געבעטן איר שאָכנטע, זי זאָל פון צייט צו צייט אריינקוקן צום קראַנקן און איר אָנגעזאָגט גאָרניט צו דערציילן דעם קראַנקן. ●ייל פון בויגן איז זי געפלויגן צום דאָקטער פון דער שאַכטע. לאַנג האָט געדויערט ביז מע האָט איר געעפנט. דער דאָקטער האָט זי אופגענומען באַ דער טיר און דערוויסנדיק זיך, אז זי האָט קיין געלט ניט און ווער זי איז, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו קומען, — ווייל אלע שטרייקן ווידער! — — —

די שאָכנטע האָט איר געראַטן גיין צום דאָקטער קראַוסניק, וועלכער האָט זי געהיילט אפילע אומזיסט, ווען זי האָט געהאַט אַ מאַפּל. ער וועט געוויס קומען. אָבער באַ דעם דאָקטער האָט מען איר געזאָגט, אז דער דאָקטער איז אוועקגעפאָרן מיט אַ דעלעגאַציע צום גענעראַל און ער וועט געוויס קומען זייער

שפּעט. מע האָט פאַרצייכנט איר אדרעס און איר צוגעזאָגט אַלץ דאָס גוט.

אַהיים איז זי געגאַנגען אַביסל רויִקער. אַ דעלעגאַציע איז געפאָרן צום גענעראַל, עס וועלן פאָרקומען אונטערהאנדלונגען, איז די געפאַר שוין קלענער אַביסל.

רוקערס האָט אין אָוונט אויסגעטרונקען אַ גלאָז גראָג, האָט זיך גוט דורכגעשוויצט, האָט דערנאָך געבעטן די זופּ, פון וועלכע ער האָט זיך פריער אנטזאגט, און דערנאָך האָט ער פעסט און רויִק דורכגעשלאָפן די נאַכט. די פרוי איז אויך די נאַכט געווען קימאט די גאַנצע צייט אויף. אינדערפרי ארום זעקס, ווען זי האָט זיך אופגעכאַפּט פון איר אומרויִקן דרעמל, איז איר בליק קוידעמקאָל געפאַלן אף די בעטן אין קאמער: זיי זיינען געווען ליידיק, די קינדער זיינען נאָך ניטאָ.

פלוצלינג האָבן די שויבן אָנגעהויבן צו בראַזגען און עס האָט זיך דערהערט אַ טעמפּער דונער.

האַרמאטן?

זי האָט דערהערט, ווי איר מאַן האָט זיך אַ הויב געטאָן פון בעט און זיך צוגעהערט.

נא — — — ווידער צוויי מאָל דער באקאנטער דונער.

„מעטא, דו שלאָפסט? די קינדער זיינען נאָך ניט גע־קומען?"

זי האָט אָנגעהויבן מוירעדיק צו וויינען. אין דער ווייטן האָט ווידער געדונערט. און ערשט איצט האָט זי זיך געכאַפּט: „גאָט מיינער, דאָס גייען די נאָסקעס".

זי איז אראָפּגעשפּרונגען, זיך שנעל אָנגעטאָן, געעפנט די לאָדנס און וויינענדיק געפאַלן דעם מאַן אַפן האַלדז.

„פעטער, די קינדער!.."

זיינע אויסגעאַרבעטע הענט האָבן זי צאַרט געגלעט איבערן קאָפּ. „זיי וועלן קומען צוריק, באַרויִק זיך, מעטא, זיי זיינען דאָך סאניטארן".

זי האָט זיך ווידער פאנאנדערגעוויינט. „אָבער דו, פעטער? דו מוזט אוועק! וועלן זיי קומען און דיך געפינען, וועלן זיי

דיר גלייך שיסן. אויב עס איז שוין איצט ניט צו שפעט? אָ, גאָט, פעטער, פעטער!״

ער האָט צאַרט אראָפּגענומען אירע הענט פון האלדז און אריינגעקוקט אין איר פאַרוויינט געזיכט. „דו זעסט געשפענסטער, מעטא. איך האָב ניט וואָס צו אַנטלויפן! איך האָב נאָר אויסגעפילט מיין כויוו און איך פיל ניט קיין שום שולד. פאַר דעם, וואָס איך האָב געטאָן, בין איך גרייט יעדער צייט צו ענטפערן״.

אף דער גאַס האָבן זיך דערהערט שטימען, און פרוי רוקערס האָט אף גיך געעפנט די פענצטער. „די נאָסקעס זיינען שוין דאָ און שליסן אָפּ אלע ארויסגאנגען פון שטאָט מיט דראָטפאַרצאַמונגען״, האָט מען זיי צוגערופן.

* * *

שאָענלאַנג האָבן געדונערט די האַרמאטן אף קענקערן, פאַרוואַנדלענדיק די ארבעטער־הייזער און שאכט־געביידעס אין כורוועס. קיינער האָט ניט געוווּסט, פאַרוואָס קומט דאָס פאָר, ווייל קיין ווידערשטאנד האָבן די קענקענער שאכטיאָרן ניט געשטעלט, דאָס געווער האָבן זיי נאָך נעכטן אין אָוונט אָפּגעליפערט אין סווערטרופער ראָטהויז. — — —

די יאַם־בריגאדע לעווענפעלד האָט ארומגערינגלט די שטאָט און האָט ארויסגעשטעלט הארמאטן אף דער ראטינגער־גאַס לעם ראָטהויז און קעגן די טויערן צו די שאכט־געביידעס. לויט אַ באשטימטן פּלאַן זיינען געמאַכט געוואָרן רעוויזיעס אין די הייזער גאַס נאָך גאַס און עס זיינען פאָרגעקומען אַרעסטן. האָט מען אין ערגעץ געפונען געווער אָדער אמוניציע־טיילן, פלעגט מען ארעסטירן אלע מענער עלטער פון פערצן יאָר. זיינען די מענער ניט געווען, פלעגט מען אָן איבעריקע צערעמאָניעס צונעמען פרויען, עלטערן אָדער קינדער.

„מע וועט אלעמען דערשיסן״, פלעגן ענטפערן די סאָלדאטן אף די פראגן פון די באַומרויִקטע קרויווים. די ארעסטירטע פלעגט מען טרייבן מיט קאָלבעס אין דער שטאָטישער ברויעריי און גלייך איז איבערן שטאָט אוועק די שרעקלעכע יעדיע, אז

די יאַם־בריגאַדע פירט דורך פעלד־געריכטן און מאַסן־דער־שיסונגען.

די סווערטרופער רעאַקציאָנערן האָבן דערווײַלע פרייער אָפּ־געאָטעמט. גלײַך זײַנען די בירגערלעכע און געשעפט־הײַזער באַדעקט געוואָרן מיט שוואַרץ־ווײַס־רויטע פאָנען און מיט פּלאַקאַט־פלאַגן. דער בירגערמײַסטער ליוועקול, וואָס איז פּלוצלינג פון ערגעץ ארויסגעשווומען, האָט מיט אַן אומגלויבלעכער שנעלקייט צונויפגענומען אַ „בירגער־קאָמיטעט אף אופנעמען די באַפרייער".
די בירגער, וואָס האָבן איבערגעלעבט אזא שרעק, האָבן גאַנץ גערן געעפנט דעם בײַטל און די באַהאַלטענע זאַפּאַסן, און פאַר די באַפרייער איז באַלד צונויפגעקליבן געוואָרן גאַנץ גרויסע סומעס געלט און מאַטאָנעס. גימנאַזיסטן און גימנאַזיסטקעס האָבן אַף אַ געוועט מיט די הערן און דאַמען פון דער „געזעלשאַפט" געשלעפט פאַר די „העלדישע קעמפער" בלומען, ציגאַרן, שאָקאָ־לאַד, קאָניאַק און קאָלערליי פּראָדוקטן.

באַזונדער לעבעדיק איז געווען אין האָטעל „מאַקסלאָהער האָף", ווו מע האָט אײַנגעאָרדנט אף קוואַרטיר די אָפיצערן. די טעכטער פון די בירגער, אויסגעפּוצטע לעקאָוועד אזא יאָנ־טעוו, האָבן זיך געײַלט אהער, קעדיי צו באַוווּנדערן די העלדן, דריקן זיי די הענט און מיט אַ ציטער אין האַרצן אויסהערן פון זיי נאָכאמאָל וועגן די גרוילן פון די רויטע.

דער שענקער האָט אופגעעפנט דעם ווײַן־קעלער. די באַ־פרײַונג פון די רויטע האָט מען דאָך געמוזט ווי געהעריק פײַערן. ווײַן האָט זיך געגאָסן און עס האָבן זיך באַלד דער־הערט שיקערע קוילעס „דײַטשלאַנד, דײַטשלאַנד, איבער אלעס" און נאָך אנדערע נאַציאָנאַלע לידער.

דורך די אָפענע פענצטער און טירן האָט זיך דאָס געזאַנג און די שיקערע קוילעס דערטראָגן ביז די טונקעלע שטאָלן און קעלערס פון דער שכײַנעסדיקער ברויערײַ, ווו העכער דרײַ הונדערט מענער, פרויען און האַלב־דערוואַקסענע קינדער האָבן אין פּאַכעד געוואַרט אף זייער גוירל.

„וואָס האָבן זיי צו מיר, איך האָב דאָך אָרגאַניזירט די

אַרבעטער־זיכערקייט־מיליץ לויטן אופטראָג פון דער רעגירונג און פון בירגערמייסטער. דריי מאַן אַף טויזנט איינוווינער, אַזוי איז געווען אַ פאַראָרדענונג! פאַר דעם קאָן מען דאָך מיך ניט באַשטראָפן! ווער ווייס, צי וואָלטן אָן דעם געבליבן גאַנץ די שאַכטעס און דער וואָקזאַל און דאָס געוועזער אין ראָטהויז?״ דאָס האָט דער באַרגאַרבעטער קיפּער שוין צום צוואַנציקסטן מאָל איבערגעכאַזערט פאַר זיין שאָכן און ניט געקאָנט זיך אַלץ באַרויִקן.

„אַף אַ הויף אין דער ליכט־גאַס האָבן זיי היינט אינדערפרי דערשאָסן פיר מאַן פון דער אַרבעטער־מיליץ״, האָט דערציילט אַ שאַכטיאָר פון „בעאַטע״ אַ צווייטן מיט אַ צעשפּאָלטענער נאָז.

„דאָס איז אומעגלעך, דאָס איז אומגעזעצלעך, דאָס איז קעגן די פאַרזיכערונגען פון דער רעגירונג, וועלכע איז בּיכלאַל קעגן פעלד־געריכטן״, האָט געשריען אַן אופגערעגטער קיפּער.

„מאַכן זיי דאָס טאַקע אָן פעלד־געריכטן. די פיר האָט מען פּאַשעט גענומען פון דער שטאָטישער שפּאָר־קאַסע, וווּ זיי זיינען געשטאַנען אַף דער וואַך, און אָן קונצן אַריינגעפירט אין הויף און געשטעלט צום ווענטל. איך וווין אין דעמדאָזיקן הויז און איך האָב קעגן דעם פּראָטעסטירט. זיי האָבן מיך גלייך צַפּן אָרט אַרעסטירט און איך דאַרף דאַנקען דעם באַשעפער, וואָס זיי האָבן מיך גלייך ניט געשאָסן״, האָט דערקלערט דער אַרבעטער.

גראָדע האָט זיך געעפנט די טיר און צוויי נייע זיינען אַריינגעפלויגן.

„איך פּראָטעסטיר, איך בין אומגעזעצלעך אַרעסטירט, איך פאָדער מע זאָל מיך טייקעף אָפּפירן צום געריכט־אָפּיצער״, האָט געשריען איינער, וואָס איז אומגעפאַלן פונעם זעץ מיט דער פוס, וואָס ער האָט געכאַפּט פון סאָלדאַט, און ער האָט זיך געלאָזן גיין צו דער טיר, ניט געקוקט אַף דעם, וואָס מע האָט אים אַנטקעגן געהאַלטן אַ באַגנעט.

„ווּעסט נאָך האָבן דעם פאַרגעניגן, דערווייל מוזטו האָבן

געדולד, די הערן עסן איצט מיטאָג", האָט געלאַכט אַ רויע שטימע.

„אַנטשולדיקט", האָט געזאָגט אַ גוט געקליידעטער יונגער־מאַן אין פענסנע, „מע האָט מיך היינט אינדערפרי ארויסגענומען פון בעט און איך ווייס נאָך אַלץ ניט פאַרוואָס? קאָן איך עפּשער כאָטש עפּעס קריגן עסן, איך וואָלט געזאָלט באַצאָלט".

„עסן?" — דער פעלדפעבעל, וואָס איז דאָ, ווייזט אויס, געווען דער עלטערער שליסער, האָט געמאַכט אַ באַליידיקט געזיכט. „צו וואָס דאַרפט איר נאָך עסן? אזוי פיל האָבן מיר דאָך ניט, אַז מיר זאָלן קאָנען אייך אומנוציק פיטערן. די שאָ, וואָס איז אייך נאָך געבליבן צו לעבן, וועט איר שוין אזוי אויך אויס־האַלטן".

אַ צופרידענער פון זיין וויץ, האָט דער טאַליען באַאָבאַכ־טעט די ווירקונג פון זיינע ווערטער, צום געיאָמער און געוויין.

„מיר זיינען דאָך נאָך ניט פאַרמישפּעט", האָט מיט פאַר־צווייפלונג אויסגערופן אַן אַלטע פרוי.

דער פעלדפעבעל האָט זיך אָנגעכמורעט. „דאָס איז נאָר אַ פאָרמעלע זאַך, דאָס גייט בא אונדז אַלץ זייער שנעל. אלע, וואָס זיינען דאָ, וועלן דערשאָסן ווערן", און ער האָט פאַר־קלאַפּט די טיר.

קיפּער איז ווי פאַרגליווערט געשטאַנען בא דער וואַנט. זיין בליק איז געפאַלן אף איינעם פון די ניי אָנגעקומענע, אף דעם, וואָס האָט אזוי דרינגענדיק געדאַרפט האָבן דעם געריכט־אָפּיצער.

„מיין גאָט, איר זייט אויך דאָ, הער אָווערזאַט", האָט ער אַ דערשראָקענער אויסגערופן.

„דאָס איז אַ טעות, וואָס וועט זיך באַלד אופקלערן", האָט יענער געפּרוּווט אַ שמייכל טאָן זאָרגלאָז, אָבער דאָס האָט זיך אים וויניק וואָס איינגעגעבן.

„עס דאכט מיר, אז די מיספאַרשטייעניש איז אף דיין זייט, און איך בין אזא גוילעם און איך בין דיר נאָכגעגאַנגען צום

וואָלף אין די לאפּעס״, האָט געזאָגט אַ צוגעשיר באַקאַנטע שטימע.

„דו ביסט אויך דאָ, רוקערס, ווי קומסטו אהער, איך בין געוועזן זיכער, אז דו האָסט שוין לאנג געמאכט די פּלייטע?" האָט געפרעגט קיפּער אַ פאַרכידעשטער.

„יע, ווי אזוי בין איך אהער געקומען", האָט געברומט רוקערס, ווארפנדיק אף אָוועדזאטן אַ בליק פון פאַראַכטונג, „ווייל איך בין א אידיאָט! פון אייערנעכטן בין איך געלעגן קראנק אין דערהיים, אזא מין גריפּע, עפּשער א קאָפּ־גריפּע, ווייל מיט אַ נאָרמאלן פארשטאנד וואָלט איך ניט געקראָכן צום לייב אין נאָרע".

און ער האָט דערציילט ווי ער האָט זיך גראדע געקליבן אָנטאָן, ווען אָוועדזאַט מיט נאָך עטלעכע ארבעטער זיינען צו אים ארייננגעפאַלן. „איצט וועט מען זען, צי רוקערס געהערט אויך צו יענע פאַכדאָנישע לידערס, וואָס קאָנען נאָר עפּענען אַ פּיסק", האָט אים געוואָרפן איינער, בא וועמען מע האָט ארעסטירט אַ זון. שוין אַ צייט ווי זיי לויפן ארום, קעדייי צונויפקראצן עטלעכע אָנגעזעענע פּערזאָנען, וועלכע זאָלן גיין צום גענעראל פּראָטעסטירן קעגן דער באַזעצונג און קעגן דער ווילקיר־הערשאפט פון דער סאָלדאטעסקא. יעיטנערן האָט מען ניט געקאָנט געפינען און קיין אנדערן אויך ניט. וועמען מע האָט געפונען אין דערהיים, האָט קיינער ניט געוואָלט גיין.

„גיי ניט, פּעטער. דו וועסט שוין ניט קומען צוריק, באהאַלט זיך בעסער", האָט זיך געבעטן מעטא רוקערס און ניט ווילנדיק דערמיט באשלאָסן דעם גורל פון איר מאן. די מענער האָבן זיך אלע פאנאנדערגעלאַכט און אָוועדזאט האָט געזאָגט מיט פאַראַכטונג: „יע, אזוי זיינט איר אלע שרעקלעך ראַדיקאַל, איר האָט גרויסע פּיסקעס און מער גאָרניט! קומט צו עפּעס, באַהאלט איר זיך הינטער די קליידלעך פון די ווייבער. און אונדז סאָציאַל־דעמאָקראטן זידלט איר ווי פאכדאָנים. אָבער אויב אזוי, גיי איך אליין".

פּעטער רוקערס איז געוואָרן נאָך בלאַסער, האָט אָנגעטאָן

זיין הוט, האָט אַ קוש געטאָן די ווייב, וואָס האָט געוויינט, און איז אוועק מיט זיי. באם ארייננאַנג אין „מאקסלאָהער האָף", האָט מען זיי אופגעטמען מיט אן אויסרוף: „אף אייך ווארטן גיר טאַקע" און מע האָט זיי ארעסטירט.

אָווערזאט האָט מיט צאָרן אַ קלאַפּ געטאָן מיטן פוס: „הערט שוין אוף די אידיאָטישע פלאפלעריי, אונדז וועט קיינער גאָר־ניט טאָן. מע וויל אונדז נאָר אביסל אָנסט־אַשען, מער גאָר־ניט, פאַרשטאַנען? זאָל איך נאָר האָבן די מעגלעכקייט זיך דורכריידן מיט די געהעריקע מאַכט־פערזאָנען!"

קיפער האָט גערן געהערט אזעלכע בארויִקנדיקע ווערטער. אויך די איבעריקע האָבן זיך צוגערוקט, קעדיי צו הערן, וואָס זאָגט דער באקאנטער פירער פון די סאָציאליסטן.

„איך וועל מיט דידאָזיקע הערן זיך דורכריידן אביסל ערנסטער און איך וועל זיי מאַכן אופמערקזאם אף דעם, אז זיי באנעמען זיך אומגעזעצלעך. איך האָב בא זיך דעם גענויעם טעקסט פון די אָפּמאכן אין ביליעפעלד און מינסטער ווי אויך קאָמענטאריעס צו זיי פון זעווערינגן, מייליכן און בארערן", האָט פאָרגעזעצט אָווערזאט און האָט זיך אליין באגייסטערט מיט די אייגענע ווערטער. „דאָס זיינען דאָך ניט קיין שטיקלעך פאַפּיר, כאוויירים! לאָמיר נאָר אקאָרשט זען, צי דידאָזיקע הערן וועלן וואַגן איבערטרעטן די געזעצן? צי געוואַלט איז ווירקלעך העכער פאַר רעכט? — איך זאָג אייך, כאוויירים, זיי וועלן ניט וואַגן!"

אין א האַלבע שאָ ארום האָט מען געעפנט די טיר און מע האָט ארויסגערופן קיפערן, אָווערזאטן און רוקערסן. אונטער אַ וואַך פון זעקס סאָלדאטן האָט מען זיי אָפּגעפירט צום „מאקסלאָהער האָף", ווו באם ארייננאַנג האָט זיי באגריסט אַ געשריי פון אַ גוט־געקליידעטן האמוין. עס האָבן זיך געהערט אויסרופן: „דאָס זיינען זיי טאקע, שטעלט זיי צום ווענטל!" די סאָלדאטן האָבן געמוזט ארויסשטעלן זייערע ביקסן, קעדיי זיי זאָלן איבערהויפּט קאָנען דורכגיין, זיי האָבן אָבער ניט געקאָנט שטערן אַ קיי־סיקן בירגער א שפּיי צו טאָן אָווערזאטן אין פּאָנעם.

אונטן אין קאָרידאָר האָבן זיי געמוזט וואַרטן עטלעכע מינוט ביז וואנען אַן אָפיצער איז געגאַנגען מעלדן וועגן זיי. דערווײַלע זיינען פארביי זיי דורכגעגאַנגען א מאסע מענטשן: אָפיצערן, סאָלדאטן און ציוויליסטן, צווישן די לעצטע אסאַ גוט באקאנטע פּענעמער. אָבער אף די אלע פּענעמער האָט מע געקאָנט זעען נאָר האס, נייגיריקן שפּאָט.

פלוצלינג האָט אָווערזאט שטיל א געשריי געטאָן. דעמדאָ־ זיקן גרויען ראָק, וואָס גייט צוזאמען מיט א העכערן אָפיצער אראָפּ פון די טרעפּ, קען ער דאָך? מיין גאָט, דאָס איז דאָך ריזע, אַ גומער שטערן האָט אים אראָפּגעבראַכט.

„ריזע—עמיל!—גאָט צו דאנקען, וואָס דו גייסט דאָ גראדע פארביי!"

„אָווערזאט? — — — וואָס איז געשעען, איך האָב באלד א וויכטיקע באראטונג", האָט זיך אָפּגערופן יענער.

„צי דען זעסטו ניט, עמיל,—מיר זיינען אָן קיין שום גרונט ארעסטירט און מיט אונדז נאָך הונדערטער, וואָס זיצן אין דער ברויערײַ! מע וויל אונדז אלעמען דערשיסן", האָט זיך גע־ שטיקט פון אופרעגונג אָווערזאט.

„דאָס איז אַן אומזין, מע סטראשעט אייך בלויז, זיי דער־ שיסן קיינעם ניט", האָט מיט א שמייכעלע באמערקט ריזע.

„יע, יע", האָט זיך ארייגעמישט קיפער, „אפריער האָט מען געזאָגט, אז עס וועלן איבערהויפּט ניט זיין קיין פעלד־ געריכטן און היינט אינדערפרי האָט מען פון אונדזער אָרטיקער געזעצלעכער מיליץ דערשאָסן אף דער ליכט־גאס אָן קיין שום פארהער פיר מאן".

„וועגן דעם האָב איך שוין געהערט. דאָס איז דאָך אָבער ניט געווען קיין פעלד־געריכט, דאָס איז דאָך ניט מער ווי אַ מיספארשטייעניש פון די סאָלדאטן, וואָס האָבן אָנגענומען די מענטשן פאר רויטארמייער. מע פירט וועגן דעם איניען אַן אונטערזוכונג", האָט דערקלערט ריזע.

„אונטערהאנדלונגען מיט די ארעסטירטע זיינען פארבאָטן", האָט געזאָגט א סאָלדאט, אָפּשטויסנדיק דעם סעקרעטאַר,

„בלייב מיט אונדז, עמיל, זיי וועלן אונדזווירקלעך שטעלן פאר א פעלד־געריכט", האָט זיך אָוועראָאט געבעטן, זעענדיק, אז רייזע קלייבט זיך אוועקגיין.

„באַרויִק זיך, לויט דער נייסטער פאַראָרדענונג פון דער רעגירונג, באשטייט דער געריכט פון איין אָפיצער, פון איין סאָלדאַט און פון איין ארבעטער־פארטרעטער. ווי אַן ארבעטער־פארטרעטער בין איך באשטימט פאר סווערטרופּ, מיר וועלן זיך דאָס באלד קאָנסטיטויִרן. האָסטו ניט וואָס מוירע צו האָבן. איך וועל זיך באמיען אלץ צו טאָן, קעדיי אייך טייקעף באפרייען. אָבער איצט מוז איך שוין גיין", און ער האָט זיך צוגעיַילט אָגיאָגן זיין באגלייטער.

דער אָפיצער, וואָס איז געגאַנגען מעלדן, איז געקומען צוריק און די דריי ארבעטער האָט מען אריינגעפירט אין אַ גרויסן צימער. די סאָלדאטן האָבן זיך אויסגעשטעלט בא די פענצטער און טירן און דער אָפיצער האָט געמאָלדן: „די דריי ארעסטאנטן זיינען דאָ!"

באם טיש איז געזעסן אַ הויכער עלטערער אָפיצער מיט קורצגעשוירענע גרויע האָר. זיין גלאט ראזירטער אומבאוועגלעכער פּאָנעם האָט געמאכט דעם איינדרוק פון א געשניצטער מאסקע, צו וועלכער מע האָט צוגעקלעפּט איבער די אויגן־לעכער ענגע־לעכע הערלעך. הינטער אים איז געשטאנען א יונגער לייטענאנט מיט א פּאָרטפעל אין האנט. דאָס איז, ווייזט אויס, געווען דער אדיוטאנט, וועלכער האָט מיטן גרעסטן דערעכערעץ אונטערגעכאַפּט יעדע באוועגונג, יעדן וואָרט פון זיין שעף.

דריי פּאָר ברענענדיקע אויגן האָבן אומזיסט געזוכט אַ שפור פון מענטשלעכע געפילן אין דידאָזיקע פאַרגליווערטע געזיכטער. אָבער דאָס גאַנצע האָט ווירקלעך ניט אויסגעזען ווי אַ פעלד־געריכט, מע האָט געוואָלט מיסטאָמע אינסצענירן אַ פאַרהער.

„ווער איז קיפּער?" האָט זיך דערהערט פון הינטערן טיש א טויטע שטימע. דער געפרעגטער איז ארויסגעטראָטן צוויי טריט פאָרויס. „קיפּער, הער גענעראל—יאָהאנעס קיפּער?"

„זייט איר דאָס דער מאכער בא די באוואָפנטע ארבעטער?"

האָט געפרעגט די אומהיימלעכע מאַסקע, לאַכלוטן ניט באַ־וועגנדיק זיך.

„ניין, הער גענעראַל, איך האָב נאָר לויט דער פאַראָרדע־נונג פון דער רעגירונג און לויטן אופטראַג פונעם הער בירגער־מייסטער אָרגאַניזירט די אָרטיקע אַרבעטער־מיליץ, דריי מענטשן אַף טויזנט איינוווינער. ווען די מײַרינג־כעוורע האָבן געוואָלט אופרייסן די שאַכטעס, האָבן מיר—"

„ענטפערט נאָר אַף דעם, וואָס איך פרעג אייך! איר זייט דאָך געווען אויך אין אויספיר־קאָמיטעט? — — — נו!" — — — שאַרף ווי אַ מעסער האָט געקלונגען דאָסדאָזיקע „נו", — ווען קיפּער, אַ דערשראָקענער, האָט ניט גלייך געענטפערט.

„און איר האָט אויך אַרויסגעגעבן געווער, ריכטיק?"

„יע, אָבער נאָר לויט דער פאַראָרדענונג פונעם הער בירגערמייסטער ליוועקול — — — איך וועל דאָס אָבער זיכער מער ניט טאָן, הער גענעראַל", האָט וויינענדיק צוגעגעבן דער געפרעגטער, אופכאַפּנדיק דעם קאַלטן בליק פון דער טויטער מאַסקע.

„דערצו וועלן מיר אייך קיין געלעגנהייט מער ניט געבן. דער צווייטער — ווי הייסט ער דאָרטן — אָווערזאַט!" — דער אַדיו־טאַנט האָט אויסגעזוכט אין זיין ליסטע און האָט געמאַכט אַ נאָטיץ. אָווערזאַט האָט צונויפגענומען אַלע קרעפטן און איז צוגעגאַנגען צום טיש.

„איידער איך וועל ענטפערן אַף אייערע פראַגן, וואָלט איך וועלן וויסן, מיט וואָס פאַר אַ רעכט האָט איר אונדז אַרעס־טירט, מיט וואָס פאַר אַ רעכט פאַרהערט איר אונדז און פרוווט זיך אונדז אָנסטראַשען? איר האָט קיין שום רעכט ניט—"

„דאָס וועלן מיר זען! — איר זייט דאָך אויך געווען אין אויספיר־קאָמיטעט?" אָווערזאַט האָט געהאַט באַשלאָסן ניט צו ענטפערן, איצט אָבער האָט זיך באַ אים אַרויסגעריסן ווי פון אונטער אַ צוואַנג.

„דער אויספיר־קאָמיטעט איז פאַנאַנדערגעלאָזן געוואָרן דעם 31־מאַרט".

„אָבער היינט אינדערפרי זייט איר דאָ געווען מיט אַ דעלעגאַציע?"

„יע — אָבער ניט פון אויספיר־קאָמיטעט — מיר זיינען דאָ געווען ווי פּריוואַטע מענטשן", האָט זיך געפּלאָנטערט אָוועראָזאָט. „איך בין דאָך מיטגליד פון דער שטאָט־פּאַרוואַלטונג און פּאָרזיצער פון דער סווערטראָפּער אָרגאַניזאַציע פון דער מערהייטלעכער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי", האָט ער צוגעגעבן, קעדיי זיינע ווערטער זאָלן האָבן מער וואָג.

דער גענעראַל האָט דורכגערעדט זיך שטילערהייט מיט זיין אַדיוטאַנט. „האָט איר זיך געזאָלט פאַרנעמען מיט אַנדערע זאַכן און ניט מישן זיך אין אָט די געשעפטן. איך וועל מוזן אייך אויך הייסן דערשיסן!"

אָוועראָזאָט האָט געפּרוּווט אַ שמייכל טאָן, נאָר אין האַלדז האָט אים עפּעס אַ שטיק געטאָן. „פּרובירט נאָר, איר האָט דערצו קיין שום רעכט ניט".

קיין איין מוסקול האָט זיך ניט באַוועגט אויף דעמדאָזיקן געזיכט, נאָר דער אַדיוטאַנט האָט איראָניש געשמייכלט, און מיטאַמאָל האָט דער סאָציאַל־דעמאָקראַט דערפילט, אַז דאָ שפּאַסט מען גאָרניט. רעכט און געזעץ זיינען אָן צווייפל געווען אויף זיין זייט, אָבער יענע האָבן געהאַט די מאַכט. אַ בליק אין פאַרשטיינערטן פּאָנעם פון דעם סאָלדאַט האָט אים געזאָגט, אַז עס איז גענוג איין ווונק פון גענעראַל, מע זאָל אים טייקעף דערשיסן. אָבער גאָט צו דאַנקען, כאָווער ריזע איז דאָך דאָ אין הויז!

דער גענעראַל האָט זיך געווענדעט צום דריטן: „איר זייט דאָס דער באַוווּסטער רוקערס?"

רוּיִק האָבן באַגעגנט די אויגן פון אַלטן שאַכטיאָר דעם גענעראַלס אויגן. קימאַט אַ גאַנצע מינוט האָבן איינער אַפן אַנדערן געקוקט, דאַן האָט דער גענעראַל געזאָגט, באַטאָנענדיק יעדן וואָרט: „דאָ האָבן מיר געכאַפּט די ווערטפולסטע רויב, איר זייט איינער פון די ערגסטע אופהעצער!"

„נו, וואָס האָט איר צו זאָגן?״ האָט ער געפרעגט, זעענדיק, אז רוקערס באטראכט אים נאָך אלץ.

„איך?״ — רוקערס האָט זיך ווי אופגעכאפט. ער האָט געהאט אַ געפיל ווי די גאַנצע געשיכטע וואָלט אים גאָרניט אָנגעגאַנגען.

„יע, יע, אייך וועט מען נאטירלעך אויך דערשיסן!״

רוקערס האָט מיט פאראכטונג א לאַך געטאָן. „וואָס זאָל איך זאָגן? — פאַרטיידיקן זיך? — פאַר אלץ, וואָס איך האָב געטאָן, בין איך גרייט צו טראָגן די פאראנטוואָרטלעכקייט, נאָר פאַר אַן עמעסן געריכט. איר זייט דען ריכטער? העכסטנס קאָנט איר אונדז דערמאָרדן, דערצו האָט איר די מאַכט. אָבער זייט רויִק. פאַר יעדער ארבעטער, וואָס איר וועט דערמאָרדן, וועט גענומען ווערן אַ טויזנטפאַכיקע נעקאָמע פון אייך און אייער קלאס!״

„איר האָט געענדיקט?״

„נאָך ניט״, האָט אויסגערופן דער ארבעטער, קעמפנדיק מיט דער שוואכקייט, וואָס ער האָט דערפילט. „דאָס מאָל האָט זיך אייך איינגעגעבן, אָבער ניט מיט אייערע אייגענע צעפוילטע קרעפטן, נאָר מיט דער הילף פון די פארבינדעטע, וואָס איר האָט געפונען אין אונדזערע אייגענע רייען. די ארבעטערשאפט וועט אָבער פון דעם זיך לערנען, וועט וואקסן און וועט צוריק קומען, אין דעם קאָנט איר זיין זיכער, מיין הער גענעראַל!״

„יעזוס, מאריא און יאָזעף, איך בין אומשולדיק״, האָט געקוויטשעט קיפער, פאַלנדיק אף די קני.

„דאָס איז ניט קיין פעלד־געריכט, דאָס איז גלאט אַ מאָרד״, האָט איצט געשריען אָווערזאט, וועלכער האָט זיך מער ניט געקאָנט באהערשן.

דער גענעראל האָט זיך אופגעהויבן. „וועגן רעכט און געזעץ האָט איר אויך ניט געפרעגט און איר האָט זיך איינגעפירט אייערע אייגענע, איצט מאַכן מיר אונדזערע. אָרדענונג מוז זיין!״

אָווערזאט האָט מיט קאעס אַ זעץ געטאָן מיט דער פוס.

״יזראכט זיך נאָכאמאָל, הער גענעראל, עס וועט אייך נאָך

פאַרדריסן. איך בין אַן אָנהענגער פון דער רעגירונג, איך בין אויך ניט דער ערשטער בעסטער פאַרטיי־כאַווער!! איך האָב פריינט — מיינע פאַרטיי־כאַווירים אין דער רעגירונג וועלן בא אייך פאָדערן א רעכענונג".

דער אָפיצער האָט א קוועטש געטאָן מיט די אַקסלען. „יענע קאָנען זיך טאַקע באקלאָגן, אָבער אייך וועט דאָס שוין ניט נוצן. מיר מוזן ווייזן א ביישפיל און מיר וועלן אים ווייזן — פירט זיי אוועק".

ווי עפּעס גאָר ווייט האָבן זיי געהערט ווי א טיר האָט זיך פארמאכט און עס האָט זיך דערהערט אַ שיקערער געזאנג. קיפּער איז נאָך אלץ געשטאנען אף די קני און מיספּאַלעל געווען צו אלע הייליקע. א בלאַסער האָט זיך אָווערזאט אָנגעשפּאַרט אָן א טיש און אפילע רוקערס האָט זיך געמוזט צוזעצן, ווייל די קני האָבן זיך בא אים אונטערגעהאַקט.

ער האָט געקוקט אף דעם כאַווער מיט אַ מידן שמייכל, ווי ער וואָלט וועלן זאָגן: „נו, מיין אלטער, בין איך ניט גערעכט געווען, וואָס זאָגסטו איצט?" —

אָווערזאט האָט אומזיסט אָנגעשטרענגט זיין מויעך. זיין לוסט צום לעבן האָט אים געטריבן צו האלטן דאָס אלץ פאַר אַ גרויזאמען וויץ, אָבער בעסער ווי אלץ וואָלט געווען, ווען ריזע וואָלט ארײַן און געמאכט אַן ענדע צו דער שלעכטער קאָמעדיע.

אָבער אויב ער וועט ניט קומען? אויב ער האָט וועגן זיי פאַרגעסן? — — — ער איז דאָך געוויס נאָך דאָ אין הויז און איז ערגעץ אף א זיצונג אין דער צייט, ווען זיי לעבן איבער די טייוולשע טויט־שרעק. וואָלט ער זיך נאָר געקאָנט מיט אים פאַרבינדן? איבערשיקן אים א צעטל? אָבער די פאַרגליווערטע פּענעמער פון די סאָלדאטן האָבן איידעס געזאָגט, אז דאָס איז אומעגלעך.

„שרייען נאָך הילף?.." ווען אלע דריי וואָלטן געשריען, וואָלט ער געמוזט דערהערן. אָבער אויב דאָס איז ניט מער ווי אַ שפּאַס? — און ער האָט זיך שוין פאָרגעשטעלט די בייזע אויגן

צופרידענע פענעמער פון די אָפיצערן. ניין, דאָס איז אלץ אַן אומזין, און בא אים אין מויעך האָט זיך אלץ איבערגעכאָזערט דער זאַץ: „זיי וועלן ניט וואַגן!..“

אָבער זיי האָבן דאָך געוואַגט! אַ אָפיצער אין אַ שטאָ־לענעם העלם האָט געעפנט די טיר און מע האָט זיי שנעל אַראָפּגעפירט פון די טרעפּ. אַפן גאַס איז געשטאַנען אַ לאסט־אווטאָמאָביל מיט אַ געלאָדענעם קוילנוואַרפער. הינטער אַ גע־דיכטן מיליטערישן קאָרדאָן איז געשטאַנען אַ גרויסער האַמוין, וואָס האָט זיך צוגעקוקט, ווי מע פירט ארויס די דריי אַרבע־טער־פירער. אומזיסט האָבן זיי געזוכט באקאנטע אין האַמוין.

קיפערן, וואָס איז געווען ווי מעשוגע, האָבן די סאָלדאַטן געמוזט אופהויבן אַפן אַווטאָמאָביל. אָווערזאט האָט זיך ניט געלאָזן. „ווו פירט מען אונדז. איך פּראָטעסטיר!“

„שפעטער, קאמעראד, איצט האָבן מיר קיין צייט ניט, מיר פאָרן אגעוו ניט ווייט“, האָט געענטפערט איינער און אָווערזאט האָט באשלאָסן, אַז מע פירט זיי פּאָשעט איבער אין אַן אַנדער אָרט. די פענצטער פון האָטעל זיינען געווען פול מיט מיליטער און ציווילע, וואָס האָבן געקוקט אַף דעם ווי אַף אַ פאָרשטעלונג דורך בינאָקלען.

„דאָרטן אַפן צווייטן שטאָק, — איז דאָס ניט געווען די שפּי־ציקע באָרד און דער פליך פונעם כאווער?“ — אָבער די סאָל־דאטן, וואָס זיינען ארוף אַפן אַווטאָמאָביל, האָבן אים פאַר־שטעלט. ווען ער־האָט ווידער אַ קוק געטאָן, איז שוין דער פלאַץ געווען ליידיק. די סאָלדאטן האָבן זיך אַרומגעזעצט ארום זיי מיט געלאָדענע ביקסן. דער אַווטאָמאָביל איז אוועק.

„איז דאָס דער סאָף?“

נעמענדיק אין באטראכט די אומשטענדן און די וואַרעמע פרילינג־זון, איז דאָס פעטער רוקערסן אויסגעקומען אַביסל ניט וואַרשיינלעך. זיין הארט לעבן, וואָס איז געווען פול מיט זאָרגן, מיט צאָרעס, מיט קאַמף און ווידער מיט קאַמף איז דורכגעפלויגן פאַר אים. ווי וועט דאָס איבערטראָגן זיין פרוי?— און זיינע קינדער?—איז מיט זיי ווירקלעך גאָרניט געשען?..

אַ מאָדנע זאַך, גראדע איצט איז אים איינגעפאַלן, אַז האַנעס,
ווען ער איז געווען אַ קליין ייִנגל, האָט ליב געהאַט צו שפּילן
זיך אין אַ שוסטער. — — —

ער האָט אַרויסגענומען זיין ליולקעלע און האָט זי אָנגע-
הויבן צו סמאָטשקען, ניט פאַרויכערנדיק. זאָלן זיי זען, אַז
ער האָט ניט מורא! טויזנטער זיינען פאַר אים דעמדאָזיקן
שוועלן וועג דורכגעגאַנגען. טויזנטער וועלן אים נאָך מוזן דורכ-
גיין, איידער די פאַרייניקטע קראַפט פונעם פראָלעטאריאט וועט
מאַכן אַן ענדע צו אלע מערדערייען און צו אלע פעלד-
געריכטן.

זיין בליק איז געפאַלן אַף זיין סאָציאַל-דעמאָקראַטישן כאַווער
לויטן גורל, וואָס איז געזעסן אַ פאַרגליווערטער און געקוקט
פאָרויס. עס האָט געקאָנט געשען, אַז ער אליין וואָלט גע-
טראָגן די מאַרטירער-קרוין און וועגן רוקערסן און זיינע כאַווי-
רים וואָלט מען געקאָנט זאָגן, אַז זיי האָבן זיך פארוקט אין
אַ ווינקל, און אלע לעקציעס פון די רור-קאַמפן וואָלטן אין
אַ גרויסער טייל ארונטערגעריסן געוואָרן. —

זיין געזיכט איז געוואָרן אַנטשלאָסענער. ניין, ער שטאַרבט
ניט אומזיסט, האַגאַם דער טויט אַף אַ באַריקאַדע וואָלט אים
צען מאָל ליבער געווען...

אַ סאָלדאַט האָט געזען ווי ער סמאָטשקעט די קאַלטע
ליולקע און האָט אים דערלאַנגט אַ פּאַפּיראָס. רוקערס האָט אַ
קוק געטאָן אַף דעם פּאַפּיראָס—אַפּן סאָלדאַט, וואָס האָט אים
שוין אונטערגעטראָגן אַ אָנגעצונדענע שוועבעלע—און האָט גע-
וויזן זיין ווילן און באַזיגט דעם כיישעק, און דער פּאַפּיראָס
איז אַוועקגעפלויגן אַף דער גאַס.

„איצט וועלן זיי מיט אונדז אוועקפאָרן אַף לינקס צו דער
טפיסע און דאַן וועלן זיי אונדז זאָגן: „אַף היינט האָט איר
שוין גענוג געהאַט שרעק", איז אים פלוצלינג איינגעפאַלן אין
זינען—אָבער דער אַוטאָמאָביל איז אַוועק אַף רעכטס ארויס
פון שטאָט צו די ליים-גריבער. — — —

# 20. קאַפּיטל

דער הייסער שטיקנדיקער אַווגוסט־טאָג האָט זיך דערנעענ־טערט צו זיין ענדע. פון אספאלט און פון די דעכער איז גע־גאַנגען אַ דאַמף פונעם נאָרוואָס דורכגעגאַנגענעם רעגן, וואָס האָט אָבער לאַכלוטן ניט אָפּגעקילט די לופט. אין אַן אָפענעם פענצטער פון אַ קליינער קאַפע איז געזעסן אַ יונגערמאַן, פאַר־טיפט אין לייענען די „סאָציאַליסטישע רעפּובליק". ער האָט ניט באמערקט, אַז אַ פאַרבייגייער — לויט די קליידער, ווייזט אויס, אַ דורכרייזנדער פרעמדער — איז געבליבן שטיין און האָט אים אויכמערקזאַם באַטראַכט. סאָפקאָלסאָף האָט דער יונגערמאַן אויפגעהויבן די אויגן פון דער צייטונג און האָט זיך געטראָפן מיט די אויגן פון דעם, וואָס איז געשטאַנען אַף דער גאַס און אַ צופרידענער שרעק איז איבערגעפלויגן איבער זיין פּנים.

— „גראָטע — מאקס — ביזטו דאָס ווירקלעך?"

דער אַנדערער האָט אים מיט אַ שמייכל דערלאַנגט די האַנט. „גוטן אָוונט, ערנסט! שוין לאַנג ניט געזעען און דאָך גלייך דערקענט!"

זוקראָוו האָט אָנגעקוקט זיין גאַסט מיט אַן אָפענעם מויל. „ביזטו אופגעשטאַנען טכיעס האַמייסים? — אומעטום האָט מען דערציילט, אַז דו ביזט געווען צווישן די זעכצן כאַוויירים, וואָס האָבן באַ וועלקום געדעקט דעם צוריקמאַרש און וועלכע זיינען דערנאָך ווי געפאַנגענע דערשאָסן געוואָרן".

„דאָס ערשטע איז ריכטיק, דאָס צווייטע, ווי דו זעסט אליין, נאָר אין אַ טייל. איך בין געווען פאַרוווּנדעט — אָט דאָ זע נאָר, די רעכטע האַנט איז אומבאַוועגלעך — אָבער דעם שלעכטן נעמט דער טייוול ניט", האָט געענטפערט גראָטע, צוזעצנדיק זיך.

„זעסט אָבער שלעכט אויס! און באַ די שלייפן ביזטו שוין גאַנץ גרוי געוואָרן", האָט באַמערקט זוקראָוו, וואָס איז נאָך אַלץ ניט געקומען צו זיך פון אומדערוואַרטקייט.

„אין דעם זאָל שולדיק זיין אַ צעשעדיקטער נערוו, עפּשער

אויך... איך האָב אַסאַך דורכגעמאַכט!״ — פאַרגליווערט איז ער אַ ווײַלע געזעסן שטיל, ווי פאַר זײַנע גײַסטיקע אויגן וואָלטן פאַרבײַגעגאַנגען די שרעקלעכע בילדער פון דער פאַרגאַנגענהייט.

„און ווי ביזטו פון דאָרטן אַוועק? האָסט ניט קיין כּיישעק צו דערציילן?״ האָט אים אופגעמוטערט זוקראָוו. יענער האָט אים געענטפערט, ווי ער וואָלט זיך כּון שלאָף אופגעכאַפּט. „יאָ, גאַנץ פּאָשעט, אָבער ווי אַזוי האָסטו זיך אַרויסגעקריגן אין יענעם פאַרשאָלטענעם פּרימאָרגן פון בולדינגראַט?״

„קיין סאַך איז ניטאָ וואָס צו דערציילן און מיט וואָס זיך צו באַרימען איז אויך ניטאָ וואָס״, האָט געזאָגט זוקראָוו. „איך בין נאָך אַדהאַיאָם אין קאַעס אף זיך. מיר האָבן זיך ניט גע־דאַרפט בלינדערהייד פאַרלאָזן אַף די צוזאָגן און אָנעמען בעסערע פאָרזיכט־מיטלען. רוקערס האָט מיך געוואָרנט. אָבער ווער האָט זיך געקאָנט פאָרשטעלן אַזאַ נידערטרעכטיקן אָנפאַל״.

„אין בירגער־קריג גילטן אַנדערע קלאָלים. איצט האָסטו זיך שוין געוויס אויסגעהיילט פון דײַנע אילוזיעס?״

„אויסגעהיילט האָב איך זיך שוין, אָבער מיר האָבן געמוזט דערפאַר זייער טײַער באַצאָלן״, האָט ערנסט פאָרגעזעצט זוקראָוו. „אַ מאַן זעכציק—אַכציק האָבן פאַרנומען דאַן דעם בײַסיילעם. גלײַך האָט מען אונדז אָנגעהויבן צו באַשיסן מיט 10,5 גראַנאַטן. די גרעסטע טייל פון אונדזערע זײַנען שוין געווען דעמאָראַ־ליזירט און האָבן מער געטראַכט וועגן באַהאַלטן זיך, ווי וועגן פאַרטיידיקן. די באָמבאַרדירונג איז געווען פּאָשעט מוירעדיק. מענטשן, וואָס האָבן דעם בײַסיילעם געזעען אין אַ פּאָר טעג אַרום, דערציילן, אַז ער איז אינגאַנצן געווען צעגראָבן פון די גראַנאַטן. ווען די סאָלדאַטן האָבן גענומען דעם בײַסיילעם מיט אַ שטורעם־אָנגריף זײַנען שוין אַלע קוילנוואַרפערס געווען צע־שעדיקט. אַלעמען, וועמען זיי האָבן גענומען לעבעדיק, האָבן זיי טייקעף אַפּן אָרט דערשאָסן.

ווי אַזוי האָב איך זיך אַרויסגעכאַפּט פון דעמדאָזיקן גיהנעם. ווייס איך אַליין ניט גענוי. איך בין געלאָפן איבער פעלדער, לינקס און רעכטס זײַנען געפאַלן די, וואָס זײַנען געלאָפן מיט

מיר צוזאַמען. איך בין דערלאָפן ביז אַ גראָבן, דורך וועלכן איך בין ביז העלפט אין וואַסער דורכגעגאַנגען ביז אַ וואַלד, דאַן מיטן וואַלד, ביז אַ איינזאַם פויעריש הייזל. איך האָב בײַ זיי געבעטן אַ וועלאָסיפּעד, זיי האָבן מיר ניט געוואָלט געבן, ביז זיי האָבן ניט דערזעען מיין בראַונינג. עס האָט זיך גע־האַנדלט וועגן מיין לעבן און איך בין געווען אַף אַלץ פעיִק. שפּעטער אַביסל האָב איך זיך צונויפגעטראָפן מיט אַ גרופּע פון רעקלינגהאַוזען. צוזאַמען זיינען מיר אַריבער איבער דער גרענעץ, ווו די ענגלענדער האָבן אונדז אַנטוואָפנט און אָפּגעטראַנספּאָר־טירט אין קעלן. דאָרטן האָב איך זיך דערוווּסט, אַז בײַ דידאָ־זיקע שלאַכטן איז אויך דער מוטיקער „דודאָ“ געפאַלן. איך האָב גלייך אָפּגעשיקט דעם וועלאָסיפּעד די פויערים מיט אַן אַנטשולדיקונג־בריוו.

אונדזערע זיינען דאָ געווען עטלעכע טויזנט מאַן, פון ריינ־לאַנד און פון וועסטפאַליע. די ענגלענדער האָבן אונדז באַהאַנדלט גאַנץ אָנשטענדיק, האָבן אונדז גוט דערנערט און געלאָזן זיך פריי באַוועגן. ביסלעכווייז איז דער אוילעם זיך פאַנאַנדערגע־גאַנגען. אַ טייל איז אַוועק אין סאאַר־געביט, אַ טייל האָבן ריזיקירט און אַוועק אַהיים, אַנדערע ווידער זיינען אַריינגע־טראָטן אין פרעמדן־לעגיאָן. איך האָב גלייך געקריגן אַרבעט אין אַ כעמישער פאַבריק, איך האָב אַ נישקאָשעדיקן געהאַלט און איך קאָן זיך ניט באַקלאָגן. אין קעלן איז, פאַרשטייט זיך, הונדערט מאָל בעסער ווי אין פאַרויכערטן „ברונעם“.

אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אַף דער האַנט, האָט גראָטע אופ־מערקזאַם אויסגעהערט. „און ווי ביזטו געשטימט פּאָליטיש? דו האָסט דאָך דעמאָלט אין סווערטרופּ אריינגעטראָטן אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַרטיי“.

זוקראָוו האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. „דאָס איז אַמאָל געווען, ליבער מאַקס. ווען מען אַנדערש האָבן מיר צו פאַרדאַנקען יענע שרעקלעכע מאַפּאָלע, אויב ניט דערדאָזיקער פאַרטיי? ווי וואָלט איצט אויסגעזען די דייטשישע אַרבעטערשאַפט, ווען די־דאָזיקע מענטשן וואָלטן זי ניט פאַראַטן בײַ דעם קאַפּ־פּוטש?—

ווען איך דערמאָן זיך נאָר, מיט וואָס פאַר אַן אימפעט האָבן זיך אונדזערע שאַכטיאָרן אַ לאָז געטאָן קעגן דער קאפּ־באַנדע? — דער שפּייכלער באַ דער „דייטשישער ערד" איז דאָך גענומען געוואָרן קימאַט מיט ליידיקע הענט. און וויפל קאָר־באָנעס זיינען געפאַלן? — און פאַרוואָס? — קיין איינער פון די זיבעצן ביליעפעלדער פונקטן, אַף וויפל זיי זיינען געווען גע־ווענדט קעגן די האקנקרייצלער, — איז ניט אויסגעפילט געוואָרן. די קאפּאָוצעס גייען ארום פראַנק און פריי מיט אָרדענס, אַמטן און גוטע פענסיעס. אָבער אונדז, וואָס האָבן געקעמפט פאַר דער רעפּובליק, קעגן די פּוטשיסטן, פאַרפאָלגט מען, אַרעסטירט מען און עס איז דאָ אַזאַ כאַווער ווי עבערט, וואָס שרייבט אַפילע אונטער טויט־שטראָפן קעגן אַרבעטער! טפוי, צום טייוול! — און די אַרבעטערשאפט נעמט עס אָן ווי די געוויינ־לעכסטע זאַך אין דער וועלט? — קיינעם פון די מערדער איז נאָך אַ האָר פון קאָפּ ניט געמינערט. פאַר די דערמאָרדעטע, פאַר רוקערס, אָווערזאט, קיפּער, קאסאבעק, פאַרן אַלטן העוועלמאַן האָט מען זיך נאָך ניט נויקעם געווען".

„וואָס רעדסטו, דעם אַלטן העוועלמאַן אויך?" האָט אַן אופגעציטערטער געפרעגט גראָטע, וואָס האָט אויך גוט געקענט דעם אַלטן דינער פון דער לאַבאָראַטאָריע.

„ווייסט דאָס נאָך ניט? וועל איך דיר דערציילן. זיין איי־ניקל איז בעייסן שלאַכט אין סווערטרופּ דערהאַרגעט געוואָרן און דער אַלטער איז אַראָפּ פון זינען. ער האָט קעסיידער געמורמלט: „פינף זין האָבן זיי מיר דערשאָסן און איצט די קליינע האַנכען אויך!" מע האָט אים צוגענומען אין שפּיטאָל, אָבער ווי אַ רויקן מעשוגענעם האָט מען אים ארויסגעלאָזן. ווען ער האָט דערזען פאַרן טויער פון דער „דייטשישער ערד" אַ מיליטער־וואַך, האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אַף זיי מיט די פויסטן. זיי האָבן אים גענומען און צעמיימעסט ווי אַ פאַרשיוון הונט, שפּעטער האָט מען געפונען זיין צעשניטענעם קערפּער אַפן בייסיילעם".

גראָטע האָט פעסט צוזאַמענגעפּרעסט די ליפּן, די קנייטשן

אַף זיין געזיכט זיינען נאָך שאַרפער געוואָרן און ער האָט גע־קוקט פאַרגליווערט פאָרויס.

„זעסטו", האָט ווידער אָנגעהויבן זוקראָוו, אַ זופ טוענדיק פון זיין גלאָז, „דאָס אַלץ איז געשעען און קיין האָן האָט אַפילע אַ קריי ניט געטאָן. עס איז אומגעקומען אַפילע דער אָרעמער אָווערזאט, וואָס איז דאָך זיכער קיין ראַדיקאַל ניט געווען — מע זאָגט, אַז ער איז געווען אַ גרויסער קעגנער פון די באָלשעוויקעס! — און וואָס טוען זיינע אייגענע כאוויירים? — זיין פריינט ריזע, וואָס האָט אונדז שטענדיק געוואָרפן שטעקנס אין די רעדער און האָט אונדז פאַרלאָזן אין אַ אַנטשיידענעם מאָמענט, איז דאָך געווען בייזיצער אין פעלד־געריכט! און ווייסטו ווו איז ער איצט? אַ לאנדראט אין האנאָווער! — אַזוי מאַכט זיך אַ מענטש אַ קאַריערע! איך קאָן מיט זיי ניט מיט־גיין און איך וויל ניט אַפילע ווי אַ פּאַסיווער פּאַרטיי־מיטגליד באַטייליקן זיך אין אַזעלכע נידערטרעכטיקייטן. מיר ווערן די שיידעמאנער..."

גראָטע האָט אַף אים אופמערקזאַם אַ קוק געטאָן. „ביזטו איצטער אינגאַנצן אינדיפערענט?" — זוקראָוו האָט געשמייכלט פאַרלעגן: „איך האָב טאַקע געהאט באַשלאָסן זיך ניט קימערן וועגן קיין זאַך. אָבער אַזוי לייכט גייט מען ניט אַוועק פון דער פּאָליטיק. קימערט מען זיך ניט וועגן איר, קימערט זי זיך וועגן אונדז! מיט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי האָב איך געענדיקט! די אומאָפּהענגיקע? — זיי זיינען גאָר קאָמיש! זיי ווייסן איין זאַך — פירן אונטערהאַנדלונגען און זיי וואָלטן „גערן געוואָלט" אָבער אין „סאַמעטענע הענטשקעס" און זיי זיינען אויך ניט ווייניק שולדיק אין אונדזער מאַפּאָלע. — די קאָמוניסטן? — די פּאַרטיי איז צו קליין, זי זאָל קאָנען עפּעס דערגרייכן און דערצו... אַזאַ גינסטיקע געלעגנהייט, ווי בא דעם קאַפּ־פּוטש, וועט זיך שוין קיינמאָל ניט אומקערן! יע, די רוסן, דאָס איז גאָר אַן אַנדער כעוורע, אין דייטשלאנד איז די זאַך האָפּענונגלאָז!"

„אין דעם ביזטו זיך טויע און איך קען דיך — דו וועסט

ניט לאַנג בלייבן פּאַסיוו", האָט געזאָגט גראָטע מיט אַ זיכערע שטימע. זוקראָוו האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

גראָטע האָט זיך צוגערוקט נעענטער צו אים און האָט אָנגעהויבן מיט אים איינצוטיינען, ווי ער פלעגט עס טאָן אַפטמאָל פריער.

„איך האָב ניט שטודירט פילאָזאָפיע פון ביכער, נאָר אין קאַמף בין איך דערגאַנגען צו אַזאַ מין פילאָזאָפיע: מיר דאַרפן דעראָבערן די גאַנצע וועלט און אומעטום איינפירן אַ נייע, בעסערע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג, דאָס איז אַזאַ קאָלאָסאַלע אויפגאַבע, וואָס איז נאָך קיינמאָל ניט געשטעלט געוואָרן, זינט די וועלט עקזיסטירט! ווי זשע קאָן מען פאַרצווייפלט ווערן, אויב דער בוים פאַלט ניט אום פון איין קלאַפּ? — עס עקזיסטירן ניט אַזעלכע לערן־ביכער, וואָס זאָלן ווייזן, ווי מע דאַרף אָן פעלערן מאַכן אַ סאָציאַלע רעוואָליוציע און אַזעלכע ביכער וועלן קיינמאָל ניט זיין, ווייל יעדע רעוואָליוציע קעמפט זיך אַליין דורך אַ וועג און לערנט זיך פון אירע אייגענע פעלער, מאַפּאָלעס און ניצחונעס. די רוסן האָבן אָנגעהויבן אין 1905; מיר האָבן אָנגעהויבן אין 1918 און היינט האָבן מיר נאָך דערווייל ניט מער ווי 1920". — — —

אַ פאַרכידעשטער האָט זוקראָוו אָנגעקוקט זיין כאַווער. „ווי לאַנג זאָלן מיר נאָך וואַרטן? איך באַוווּנדער דיך, דאָס הייסט, ניט אַזוי דיין פּערספּעקטיוו, ווי דיין אויסגעהאַלטנקייט און געדולד! איך האָב דאָס ליידער ניט".

„אָבער דאָס זיינען די וויכטיקסטע עלעמענטן, אין וועלכע מיר נויטיקן זיך. דערמאָן זיך, וויפל געדולד האָבן מיר געמוזט האָבן מיט דיר, איידער דו האָסט זיך באַפרייט פון דעם אומזין פון דעמאָקראַטיע?" האָט געזאָגט גראָטע רויִק.

„באַ מיר נעמט זיך דאָס פון מיין דערציִונג; מיינע עלטערן זיינען געווען עכטע קליינבירגער; דאָס מוזטו שוין אַנטשולדיקן", האָט זיך פאַרטיידיקט זוקראָוו.

„איך וויים דאָס אַלץ, אָבער דו ווילסט ניט אַנטשולדיקן

קיין אַנדערן, וועלכער איז דאָך אויך אַזוי ווי דו דערצויגן געוואָרן. דו ביסט אומטאָלעראַנט".

„וואָס זשע זאָל מען טאָן?" האָט זוקראָוו געפרעגט, פאַרוי־כערנדיק אַ פּאַפּיראָס.

„דערציען, אופקלערן, אַרבעטן", האָט גראָטע אויסגערופן אַזוי הויך, אַז אַ פּאָר מיידלעך, וואָס זיינען פאַרבייגעגאַנגען, האָבן זיך אומגעקוקט.

„די אומאָפּהענגיקע ס. פּ. וועט גאָר אין גיכן אריבערגיין אין דער געשיכטע, ווייל אַפן קאָנגרעס אין האלע וועט זיכער די מערהייט זיין פאַר אַריינטרעטן אין דריטן אינטערנאַציאָנאַל. אַזוי וועלן געשאַפן די באַדינגונגען פאַר אַ פּראָלעטאַרישער מאַסן־פאַרטיי און פאַר צוקונפטיקע בעסערע פּראָלעטאַרישע פּאָליטיק", האָט דערקלערט גראָטע מיט אַ טאָן פון זיכערקייט.

„ליידער, האָט דאָס געפעלט אין דער פאַרגאַנגענער עפּאָכע; אַסאַך פּאַרטייען, אַסאַך קעפּ, אַסאַך דייעס. איינער האָט ניט געטרויט דעם צווייטן, באקעמפט דעם צווייטן; קיינער איז ניט געווען גענוג אַווטאָריטעט, צו אָרגאַניזירן די ריזיקע מאַסן־קרעפטן", האָט ביטער געזאָגט זוקראָוו.

גראָטע האָט געשמייכלט: „דו האָסט, מיין אַלטער, אַסאַך אויסגעלערנט; מיר זיינען שוין גאָרניט אַזוי ווייט איינער פון אַנדערן!"

זוקראָוו האָט אים מאָדנע אָנגעקוקט און האָט דערנאָך אויך אָנגעהויבן צו שמייכלען: „עס קאָן זיין, אַז מיר וועלן זיך נאָך צוזאַמענטרעפן, ווען דאָס אַלץ וועט אַוועקגיין אין דער געשיכטע!"

גראָטעס פּאָנעם האָט זיך אַ קרים געטאָן: „איך האָב קיין צייט ניט צו גריבלען זיך אין דער פאַרגאַנגענהייט. איך טאָר דאָס ניט אויך, אניט..."

„מיין גאָט, מיר באָלבען און וועגן דיר ווייס איך נאָך גאָרניט", האָט זיך דערשראָקן אַ כאַפּ געטאָן זוקראָוו.

„וועל איך דיר קורץ דערציילן", האָט געזאָגט גראָטע, אָנשפּאַרנדיק דעם שטערן אַף דער לינקער האַנט, ווי ער וואָלט

געמוזט די ערינערונגען, וואָס ער האָט מיט געוואלט פאַריאָגט פון זיך, ווידער צוזאמענקלייבן. ער האָט אָנגעהויבן שטיל מיט אַ טרוקענעם קאָל:

„זיבעצן מאַן מיט דריי קוילנוואַרפערס האָבן מיר זיך אַריינגעוואָרפן אין אַן איינזאם שטייענדיק הייזל בײַ וועלקום, קעדיי אופצוהאַלטן די בייערישע אולאנען. מיר זיינען געווען קימאט צען שאָ באלאגערט, מיר האָבן אָפּגעשלאָגן אַ ריי אָנגריפן און האָבן מיט אונדזערע קוילנוואַרפערס בלאָקירט דעם וועג. איך בין שווער פאַרווונדעט געוואָרן אין אַקסל און עט־לעכע שאָ בין איך אָפּגעלעגן אין קעלער. מערי רוקערס האָט מיך צוגעזעען, ביז — — —"

„וואָס?—מערי איז געווען מיט אייך?—ווייסטו, הייסט דאָס, ווו זי איז?"

גראָסע האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. „זי וואָלט געקאָנט אַנטלויפן, אָבער זי האָט ניט געוואָלט. זי איז געווען גראדע מיט מיר אין קעלער, ווען עס האָט זיך דערהערט אויבן אַן אופרייס, ווי אַ דונער. צום אָנהויב האָב איך געמיינט, אַז דאָס זיינען געווען מינעס, אָבער שפּעטער האָב איך זיך דער־ווּסט, אַז דאָס זיינען געווען נאָר האַנט־גראַנאַטן. איך האָב געוואָלט ארויסגיין פון קעלער, קעדיי וואָס טייערער פאַרקויפן מיין לעבן, אָבער די טיר פון קעלער איז שוין געווען פאַר־שאָטן. דאָס הויז האָט קיין אַנדער קעלער ניט געהאט און דעריבער האָבן מיך די נאָסקעס ניט געפונען.—אַף מאָרגן האָבן מיך די אַרבעטער פון ציגל־זאַוואָד אָפּגעגראָבן און האָבן מיך אויסבאַהאַלטן פון די ווייסע און פון שפּיאָנען".

„און מערי? זי איז אויך גערוואַטעוועט געוואָרן?—איז זי טויט? אָדער זי איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער סאָלדאטעסקא?—אין וועסטפאליע זיינען זיי באַגאַנגען שרעק־לעכע שאנדטאטן קעגן רויטע קראַנקנשוועסטער".

פול מיט שמערץ האָט זוקראָוו געפּאָרשט די פּיינפולע געזיכט־שטריכן פון זיין פריינט און כּלוצלינג איז אים אינגאַנצן קלאָר געוואָרן די מוירעדיקע טראַגעדיע, ווען גראָסע האָט מיט

מאַטערניש אַרויסגעקוועטשט פון זיך: „זי וועט שוין ניט קומען צוריק; — זי איז געשטאָרבן באַ מיר אַף די הענט; — זי איז טויט!..“

ער האָט פאַרדעקט די אויגן מיט דער האַנט און אַ טיפער זיפץ האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיין האַרצן. זוקראָוו האָט אומזיסט געבראָכן זיך דעם קאָפּ, זוכנדיק אַ טרייסט־וואָרט און — האָט געשוויגן.

פּלוצלינג האָט גראָטע געפרעגט, ניט אַראָפּנעמענדיק די האַנט פון די אויגן: „דו האָסט דאָך זי אויך ליב געהאַט?“

זוקראָוו איז רויט געוואָרן און אַ געפיל פון ווייטיק האָט אים אָנגענומען באַ דער ערינערונג. „צוליב איר בין איך אַמאָל אין קאַעס געווען אַף דיר, מאַקס! געדענקסט אַמאָל, בעייסן שטרייק אַף דער שאַכטע „בעאטע“, האָסטו מיר אַמאָל געזאָגט, אַז אין אַ באַפריינדעטער פאַמיליע, אויב מע האָט ניט בעדייע כאַסענע צו האָבן, הויבט מען ניט אָן צו פירן קיין פריינט־שאַפט מיט קיין מיידל. איך האָב דאָס פאַרשטאַנען. שפּעטער האָב איך אייך ביידן באַאָבאַכטעט בעייסן געבורט־טאָג פון פרוי רוקערס. דו האָסט זיך אויסגעלייגט אַף דעם פּלאַץ, פון וועלכן דו האָסט מיר אַן אייצע געגעבן אַוועקצוגיין“.

גראָטע האָט אַף אים ערנסט אַ קוק געטאָן. „דו ביזט געווען אומגערעכט, ערנסט. דו האָסט — וויניקסטנס דעמאָלט — זיך באַצויגן צו דער זאַך ניט ערנסט, דעריבער האָב איך דיר די אייצע געגעבן אין אייער ביידנס אינטערעס — אליין ביך איך ניט געווען פאַראינטערעסירט. באַ מיר איז דאָס געקומען שפּעטער, ווי אלעמאָל אין אַזוינע פאַלן — פּלוצלינג. אָבער ווער זאָגט דיר, אַז איך האָב זיך ניט באַצויגן ערנסט צו דער זאַך“.

זוקראָוו איז אַנטשוויגן געוואָרן. גראָטע, וועמען עס איז, ווייזט אויס, געווען אנגענעם צו ריידן וועגן דער פאַרשטאָר־בענער, האָט פאָרגעזעצט מיט אַ לייכט וויברירנדיקער שטימע: „דאָס איז געווען אַ ליבע מוטיקע יאַטיכע און זי האָט געקאָנט ווערן אַ גוטער קאַמף־כאַווער, ווי אונדזער איינער דאַרף האָבן, זי איז געשטאָרבן מוטיק, ווי זי האָט מוטיק צוזאַמען מיט אונדז געקעמפט. — זאָלטן מיר ביידע לעבעדיק אַוועקגעגאַנגען...“

ער איז אַ ווײלע אַנטשוויגן געוואָרן און איז געזעסן פאַר־זונקען אין שמערצלעכע זיכרוינעס. דערנאָך האָט ער אויסגע־גליכן די אײנגעבויגענע פיגור און זײן פּאָנעם האָט באַקומען אַ האַרטן אויסדרוק:

„עס האָט ניט געדאַרפט אַזוי זײן, אָבער איצט איז פאַר־פאַלן! אויך איר נאָמען שטײט אַף יענער לאַנגער ליסטע, וואָס מיר וועלן אַמאָל דערלאַנגען צום אָפּרעכענען זיך. און אַז דער טאָג זאָל קומען, פאַר דעם אַרבעט איך קאָלזמאַן איך וועל האָבן בלוט אין די אָדערן!"

„האָסטו זיך כאָטש אין דײן געזונט פאַרבעסערט?" האָט געפרעגט זוקראָוו, קעדײ בײטן דעם שמועס.

גראָטע האָט באַוועגט זײן קראַנקן אַקסל. „מיט דעם איז דאָ געענדיקט. ער וועט שוין מער ניט קאָנען באַדינען קײן וואלץ־שטול. ביז נעכטן בין איך געלעגן אונטער אַ פרעמדן נאָמען אין דיסעלדאָרף אין דער קליניק פון אַ דאָקטער, וואָס סימפּאַטיזירט אונדז. די וווּנד האָט זיך פאַרהײלט. דערווײלע קאָן איך נאָך צו עפּעס טויגן אין מײן איצטיקן פאָטערלאַנד, עפּשער שפּעטער וועל איך שוין ניט טויגן".

מיט טיפער היספּײלעס האָט זוקראָוו געקוקט אף דעם יונגן קאָמוניסט, וואָס האָט, ניט געקוקט אַף די אַלע גרוילן, וואָס ער האָט דורכגעלעבט, דאָך געהאַלטן זיך פעסט און איז געווען אַפּילע פעיִק צו לאַכן. די, וואָס בויען די צוקונפטיקע מענטש־הײט, דאַרפן זײן אַזעלכע.

„נו, און איצטער, וואָס רעכנסטו, מאַקס צו טאָן? בלײבסטו אין קעלן?" האָט ער געפרעגט.

גראָטע האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

„איך בין מיד פון וועג, די נאַכט האָב איך פאַרבראַכט אין פאָלק־הויז אַף זעווערינג־גאַס און איך קלײב זיך איצטער פּאַמעלעך אַוועקגײן צום וואָקזאַל, ווּ עס ליגט מײן באַגאַזש". ער האָט אַ קוק געטאָן אַפן זײגער: „איך האָב נאָך אַ האַלבע שאָ צײט. מײן צוג גײט אָפּ זיבן מינוט נאָך נײן. איך פאָר אין רײן־געביט. דאָרטן האָב איך אַמאָל געאַרבעט, ווען איך

בין אַלט געווען אַכצן יאָר. דאָרטן באַ מיינע אַלטע פריינט וועל איך זיך אויסרוען, באַגלייט מיך ביזן וואָקזאַל".

„געוויס, וועסט אָבער עפּשער בלייבן באַ מיר איבער נאַכט? איך האָב אַ פּראַכטיק צימער אויבן אין לינדענבערג. עפּשער קאָן איך דיר מיט עפּעס דינען? עפּשער דאַרפסטו געלט? זאָג מיר, שטער זיך ניט!"

„איך דאַרף ביכלאַל זייער ווייניק, איך האָב זיך שוין פון לאַנג אָן אויסגעלערנט פאַרדינען צום לעבן אין וועג, איך האָב זיך אויסגעלערנט צו געבן זיך אַן אייצע", האָט געענט־פערט גראָטע. „און וואָס אָנבאַלאַנגט דיין צימער, וועלן מיר דאָס אָפּלייגן ביז האַרבסט, ווען עס וועט זיך אָנהויבן די זאַמלונג פון וויינטרויבן, וועל איך זיך שוין אַראָפּיאַווען. און פאַר דיינע געלט האָב איך אויך אַן אָרט. איך וועל דיר געבן דעם אַדרעס פון דער פרוי רוקערס, וועלכע מע האָט, פאַר־שטייט זיך, גלייך נאָכן טויט פון רוקערסן, אַרויסגעוואָרפן פון איר וווינונג אין דער אַרבעטער־קאָלאָניע. האַנס איז מיט עס־לעכע וואָכן צוריק געקומען, אָבער קיין אַרבעט קריגט ער ניט און זיי לעבן זאַלבעדריט מיט ליודוויגן אין שווערער נויט".

„איך וועל דאָס מיט פאַרגעניגן טאָן!" האָט געזאָגט זוקראָוו, וואָס איז בעעמעס געווען צופרידן דערמיט, וואָס ער קאָן העלפן זיינע אַלטע פריינט.

„מע האָט מיר געראַטן פאָרן אין רוסלאַנד, נאָר וואָס וועל איך דאָרטן מאַכן? קיין ספּעציאַליסט בין איך ניט און פאַר דער רויטער אַרמיי טויג איך איצט אַפילע אויך ניט", האָט געזאָגט גראָטע. „האַרבסט־צייט, זאָגט מען, וועט זיין אַ גרויסע אַמניסטיע פאַר די רור־קעמפּער. דאַן וועל איך זיך אומקערן אין „ברונעם". עס איז געוויס פאַראַן אַסאַך בעסערע ערטער, אָבער מיטן גאַנצן האַרצן בין איך דאָרטן. מע וועט ווידער דאַרפן אָנהויבן פון אָנהויב, אָבער דאָס וועט שוין לאַנג ניט דויערן. דער באָדן איז גוט באַמיסטיקט מיט אַרבעטער־בלוט. אַ סך האָבן זיי געהאַט מיינענדיק, אַז זיי האָבן פאַרלאָשן

די רורער סרייפע מיט אַרבעטער־בלוט. אַפּן אָרט פון איין געפּאַלענעם וועלן אופשטיין טויזנטער נייע".

זיי זיינען ארויס אַף דער גאַס. דאָס רוישיקע קעלנער נאַכט־לעבן האָט זיי ארומגענומען. איבערן אספאלט האָבן זיך באַוועגט מאַכנעס מענטשן, וואָס האָבן געזוכט פאַרגעניגן. עלע־גאַנטע מענער און צוגעפּאַרבטע גאַסן־פרויען, קעלנער בירגער און אויסלענדער; צווישן זיי גלאַט ראזירטע ענגלענדער אין לעדערנע רעקלעך און היטלען מיט ברייטע דאשעקס. פון די אָפענע קאַפע־פענצטער האָט זיך געטראָגן מוזיק, בונטע פלאַ־קאַטן האָבן צוגעזאָגט אַ פריילעכן צייט־פאַרברענגען.

דער באַן איז נאָך ניט געווען. האַנט באַ האַנט זיינען זיי דערגאַנגען ביזן סאָף פון דער באַן־פלאַטפאָרמע און זיינען אַוועק ווייטער. אונטן אין די שווארצע ריין־כוואַליעס האָבן זיך אָפגעשפיגלט די פייערן פון די ברעג־גאַסן און פון די בריקן.

„זע, דאָרטן קומט עפּעס אָן!" האָט געזאָגט גראָטע.

ער האָט אופגעהויבן די לינקע האַנט און האָט געוויזן אַף צאָפן, ווו עס האָבן זיך געקײַקלט פינצטערע שטורעם־וואָלקנס, פאַרצויגענע מיט אַ רויטן אָפגלאַנץ, ווי מיט אַן אָפגלאַנץ פון אַ גראַנדיעזער סרייפע. די פייערן האָבן זיך אָפגעשפיגלט אין וואַסער, וואָס האָט געשוימט באַ אַ דאַמפער. אין דער ווייטנס האָט מען געהערט ווידערקאָלן פון אָנוואַקסנדיקן שטורעם.

עס האָבן זיך געהערט דויערנדיקע פייפן פון די דאַמפערס. אַ גרויסער שלעפּ־דאַמפער מיט רויטע און גרינע לאמטערנעס, וואָס האָט מיטגעשלעפּט אַ גאַנצע ריי בארקעס, געלאָדענע מיט קוילן, איז קוים צוגעקומען צום האַפן ראַנגלענדיק זיך מיטן שטראָם.

---

